# קאַפּיטל איינס

דער גרויסער פּאַלאַץ פֿון די „הענגענדיקע גערטנער”, וואָס נבוכדנאצר האָט געבויט אין בבל, איז נישט באַשטאַנען פֿון איין פּאַלאַץ, נאָר איז געווען אַ קייט פֿון פּאַלאַצן, וואָס האָבן זיך געצויגן פֿון דעם אויסגאַנג פֿון דער פּראָצעסיע־גאַס ביז אַרויף צום טורעם־טעמפּל פֿון בעל מרודך, וואָס מען האָט גערופֿן על־סעגילא. נבוכדנאצר האָט געגעבן זיינע פּאַלאַצן דעם אָנבליק פֿון אַ קייט בערג, וואָס זאָלן זיין ווייב דערמאָנען אָן דער באַרגיקער מדינה פּרס־און־מדי, פֿון וואַנען זי איז געקומען. מעכטיקע שטומע ווענט האָבן זיך געהויבן איין אַ רינג פּאַליסאַדן איינער איבער די אַנדערע. באַדעקט מיט פֿיגורן פֿון חיות, טיגערס, לייבן, איינגע־פֿרעגטע אין קאָלירטע גלאַזירטע קאַכליעס, האָבן די ווענט מיט זייער שווערער אָנשרעקנדיקער מאַסע געשטיגן אַרויף אין די הימלען, געריסן זיך מיט זייערע פּיראַמידישע הייכן איין אָן אַנדער וועלט־אַריין. שטיין־פֿיגורן פֿון שטיראָקסן און לייבן, אומגעהייערע חיות מיט מענטשן־פּנימער און מיט אַסיריש־געקניפּטע בערד, זענען געשטאַנען ווי אַ שטומע וואַך, אָנגעוואַרפֿנדיק זייערע שאָטנס אויף דעם פֿעלדזן־שטיין פֿון די ברייטע און הויכע טרעפּ, וואָס פֿירן אין פּאַלאַץ־אַריין.

אַלץ, וואָס איז דאָ געווען, איז געמאַכט און געשאַפֿן געוואָרן אויף אָנצוזאָגן אַנגסטיקע פּחדים, צו דערדריקן דעם פֿאַרבייגייער מיט דער מוראדיקער מעכטיקייט און גדלות פֿון נבוכדנאצר און בבל. אייגנטלעך, נישט די גרויסקייט פֿון בבל זענען די חיה׳שע ריזן מיט די מענטשלעכע פּנימער באַשטימט געווען לכתחילה אויסצודריקן, נאָר אשור׳ס מאַכט און אשור׳ס אכזריות. דאָס האָט זיי נבוכדנאצר געשלעפּט פֿון נינוה, דער שטאָט ביי די ברעגן פֿון טייך חדקל, ווו זיי האָבן באַוואַכט די טעמפּלען פֿון אשור, קיין בבל צו באַוואַכן דעם אשתרת־טעמפּל און זיין אייגענעם פּאַלאַץ.

מיטאַמאָל זענען די כמורע שטומע ווענט און די אומהיימלעך־באַשאָטנטע טרעפּ פֿאַרשוווּנדן, און עס איז געווען ווי נאָך אַ קלעטערן איבער שפּיציקע בערג, וואָס מאַטערט־אויס און צעקאַליעטשעט די פֿיס, קומט דער וואַנדערער אָן צו אַן אָאַזיס אין אַ ראָם פֿון גריןגראָז. עס הערשט זיך דאָס שטילע רוישן פֿון לעבעדיק־לויפֿנדיקע ריטשקעלעך צווישן געדיכטע קוסטן און ביימער און גרינע בלעטער־קרוינען. דאָס זענען די הענגענדיקע גערטנער, וואָס געפֿינען זיך אויף די דעכער־פּלאַטאָס פֿון נבוכדנאצר׳ס פּאַלאַצן־בערג. פּאַוועס און אויסטערלישע שטרויס־פֿייגל

שפּאַצירן איבער די גראָז־פּעלדער, געפּלעקטע מיט שאָטנס פון די ביימער, און אַרומפּלאַטערנדיקע טויבן לאָזן זיך אַרונטער צו שטילן זייער דורשט אין דעם לויטערן וואַסער פון שווים־באַסיינען, באַהאַלטענע אונטער חופּות פון הענגענדיקע גירלאַנדן־בלומען. שמאָלע קאַנאַלעכלעך, אויסגעלייגט מיט גרינעם קאַכל, ציען זיך, ווי אָדערן, אין דער ברייט און אין דער לענג פון דער גאָרטן־שטאָט. וואָרום אַ גאַנצע שטאָט שפּרייט זיך אויס איבער די פּלאַטאָס פון נבוכדנאצר׳ס פּאַלאַצן־בערג, אויסגייענדיק ערגעץ ווייט אין דער געדיכטעניש פון קלאָמבן־בלומען און קוסטן, וואָס פון דאָרט איז דערגאַנגען דאָס אָנגענעמע רוישן פון לויפנדיקע וואַסערן, וואָס פאַלן און ניזערן אין טיפקייטן אַרונטער.

דאָס אַלץ, סיי די גערטענער, סיי די שווים־באַסיינען, האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט געהאָנגען אויף קייטן אין דער לופטן, ווייל מען האָט קיין ווענט נישט אָנגעזען און פון דער ווייט האָט זיך געוויזן אַן אויסבליק אויף דער אומענדלעך־אויסגעשפּרייטער שטאָט בבל, מיט דער מעכטיקער פעסטונג־וואַנט, וואָס נעמט זי אַרום, ווי אַ קייט, מיט דעם ים ענג־צוזאַמענגעדריקטע דריי־פיר־שטאָקיקע הייזער פון ערד און קאַלך, פון צווישן וועלכע עס הייבן זיך אַרויס די הויכע טורעמס פון אירע טעמפּלען; מיט אירע אָן־אַ־שיעור־דיקע קאַנאַלן־אָדערן, וואָס ציען זיך פון דעם טייך פּרת, דורך די מויער־גראָבנס, אין שטאָט אַריין. עס איז געווען ווי מען זעט פון אַ הויכן באַרג אַן אויסבליק פון אַ שטאָט, וועלכע ליגט אויף אַ ווייט־אויסגעשטרעקטן פלאַכלאַנד טיף אין דער נידער.

בבל אַליין האָט נישט פאַרמאָגט קיין אייגענע בוי־מאַטעריאַלן. נבוכדנאצר האָט געמוזט אָנקומען צו אַנדערע לענדער צו קאָנען בויען די גראַנדיעזע בנינים, מיט וועלכע ער האָט באַרייכערט בבל. אַ חוץ דעם נאַטירלעכן אַספאַלט, וואָס די קלעפּיק־ליימיקע ערד, געברענט אין דער הייסער זון, האָט געשאַפן, דער פאַפּיר־ווייכער פאַלמע און די ראָר־שטעקנס, וואָס זענען געוואַקסן אויף די זומפּיקע פלאַכן, האָט בבל נישט פאַרמאָגט קיין אַנדערע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך געפאָדערט אויף אויפצושטעלן אַ מאַסיוון בנין. האָלץ איז דאָרט געווען אַזוי זעלטן און דערפאַר אַזוי חשוב׳דיק, אַז די בבל׳ער האָבן אין זייערע רעליגיעזע הימנען פאַרגליכן דאָס לייב פון זייערע געטער צום צעדערבוים. אַלץ, וואָס איז געשטאַנען אין דעם פעסטונג־פּאַלאַץ, האָט געמוזט געבראַכט ווערן פון אַנדערע לענדער און פּראָווינצן. איטלעכער שטיין, וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין די בנינים, איז געשלעפּט געוואָרן פון שקלאַפן, איינגעשפּאַנטע ווי לאַסט־חיות, דורך דעם מדבר פון די פעלדזן־באַרגיקע געגנטן, וואָס נבוכדנאצר האָט איינגענומען. איטלעכער באַלקן פון צעדערהאָלץ, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן אַ סופיט אין אַ בבל׳שן בנין, איז געטראָגן געוואָרן פון מלחמה־געפאַנגענע — פון די וועלדער פון לבנון, איבער דעם מדבר פון דמשק, ביז צום אויסגוס פון טייך פּרת, און פון דאָרט געבראַכט מיט

שלעפּ־שיפן צו די ברעגן פון בבל, צו דעם נבוכנאצר־פּאלאץ, וואָס דער טייך האָט אַרומגערינגלט. איטלעכער לאַפּיס־לאַזולי, וואָס האָט באַצירט א וואַנט אין פּאַלאַץ, איז געבראַכט געוואָרן מיט מס־אָפּצאָל פון באַזיגטע מלכים און געלייגט צו די פיס פון דעם מלך דעם זיגער.

סרגון דער מעכטיקער, דער מלך פון אשור, האָט פאַרטריבן ישראל אין גלות, און זיין זון, סנחריב, האָט חרוב געמאַכט בבל, צעשטערט זי און פאַרוויסט „פון גרונטפעסט ביזן געזימס". נבו־פּלאסר, דער מלך פון בבל, האָט חרוב געמאַכט און פאַרטיליקט אשור (זיין זון, נבוכדנאצר, האָט א תל געמאַכט פון ירושלים און פאַרטריבן יהודה פון זיין לאַנד). די גרויסע האָרן פון נינוה מיט זייערע לאַנגע, געקניפּטע בערד, האָבן געשלעפּט נישט נאָר די ריזן־געטער פון זייערע טעמפּלען, די משונה׳דיקע שטיראָקסן און לייבן, נאָר אויך מאַסיווע פעלזן־בלאָקן, מירמלשטיינערנע קאָלאָנעס, אַלע־באַסטער־פיגורן, שטאַבעס גאָלד און זילבער, דאָס גאַנצע אָן־אַן־ערך׳דיקע עשירות, וואָס אשור האָט אָנגערויבט אין אירע אכזריות׳דיקע מלחמות פון די פעלקער פון דער וועלט, — פון די ברעגן פון חדקל, איבער דעם זאַמדיקן מדבר, ביז צו די ברעגן פון פרת, — צו באַצירן און פאַרשענערן נבוכדנאצר׳ס פּאַלאַץ אין בבל. די פעניקישע האָרן פון צור און צידון, געשפּאַנט ווי לאַסט־פערד אין די צעדער־שטאַמען פון לבנון, טראָגנדיק נאָך אַלץ זייערע פאַרביקע קליידער, האָבן געקערט מיט זייערע בערד דעם שטויב פון מדבר, שלעפּנדיק דאָס בוי־געהילץ, וואָס נבוכדנאצר האָט באַדאַרפט פאַר זיין פּאַלאַץ. די איינוווינער פון אינדזל קיפּרוס, שורות און שורות מענטשן־קייטן, האָבן אויף זייערע פלייצעס געטראָגן זעק מיט קופּעראַרץ פאַר די שוועלן און די טויערן פון נבוכדנאצר׳ס בנינים. ווי די יידן האָבן די הייליקע כלים פון זייער בית־המקדש, וואָס נבוכדנאצר האָט חרוב געמאַכט, געמוזט ברענגען קיין בבל, אַזוי האָבן אויך די פעלקער געמוזט טראָגן די גאָלדענע כלים פון זייערע טעמפּלען, די קיזלשטיין־מאַסיוון פון זייערע געטער — אין מס־אָפּצאָל צום נצחונ׳דיקן מלך פון בבל. פון דעם קאַספּישן ים, איבער די בערג אַררט אין אַרמעניע, ביז צו די אינדזלען פון יוון האָט דערגרייכט נבוכדנאצר׳ס קיניגרייך, און אַלץ, וואָס האָט געאָטעמט אונטער דעם שאָטן פון זיין שווערד, האָט געהערט צו אים. זיי, זייער ווייב און קינד, זייער האָב און גוטס. מיט זיין חסד האָבן זיי געלעבט, אונטער זיין מידת־הדין האָבן זיי זיך געפּלאָגט. אין זיין גרימ־צאָרן זענען זיי אומגעבראַכט געוואָרן. פאַר אים לעבן, אים דינען און פאַר אים שטאַרבן.

ווי א גרויסע שפּין, וואָס כאַפּט אריין אין איר געוועב הונדערטער איינזעקטן און ברואים און נאָגט זייער חיות אויס, ביז וואַנען זייערע גופים ווערן צעקרישלט פאַר טריקעניש אין איר שפּינגעוועב, אַזוי האָט אויך נבוכדנאצר׳ס פּאַלאַץ געהאַלטן טויזנטער און טויזנטער שקלאַפן געפאַנגענע פון אַלע פעלקער און לענדער, וועלכע האָבן באַזאָרגט אלע הצטרכות׳ן פון

נבוכדנאצר׳ס הויזגעזינט. אַלע שפּיל־ברונימער און שווים־באַסיינען, די אַלע געוויקסן אין די הענג־גערטענער איבער דער קייט פּאַלאַצן זענען גענערט געוואָרן פון דעם טייך פּרת, וואָס איז געלאָפן אַרום דעם פּאַלאַץ. אינעווייניק, אין די בייכער פון די פּאַלאַצן, האָבן זיך געפונען אַן א שיעור שקלאַפן־קוואַרטירן, וואַרשטאַטן, געפענגענישן און מאַטער־קאַמערן, איינגעטיילט אין שטייגן, וואָס זענען געבונדן געווען איינע מיט דער אַנדערער דורך טרעפּן־לייטערס איבער דער גאַנצער הייך פון די בנינים. פון די טיפע קעלערס ביז אַרויף צו די דעכער, אויף וועלכע עס האָבן גערוט די רינגען פון דער גאָרטן־שטאָט, זענען הונדערטער און טויזנטער שקלאַפן־אַרבעטער מיט אויסגעשטאָכענע אויגן געווען איינגעשפּאַנט אין די גרויסע רעדער, וואָס האָבן דורך מעכאַנישע פּאָמפּעס, איינגעשטעלט פון אסירישע אינזשינירן, געצויגן דאָס וואַסער פון טייך אין באַסיינען, פון שטאָק צו שטאָק, ביז צו די וואַסער־רערן אין די הענגענדיקע גערטנער. לאַנגע רייען אַנדערע שקלאַפן האָבן געהאַלטן אין איין קלעטערן איבער די טרעפּן־לייטערס, שלעפּנדיק אויף די פּלייצעס ערד און פּרוכפּער־מיסט פאַר די גערטענער. די וואַסער־שעפּערס האָט מען אויסגעשטאָכן די אויגן, אַז זיי זאָלן נישט וויסן ווו זיי געפינען זיך. און אַזוי האָבן זיי אין זייער געשפּאַן געדרייט דאָס ראָד אין דער אייביקער נאַכט, ביז וואַנען זייערע קערפּערס, ווי די קערפּערס פון אינזעקטן אין דעם שפּינגעוועב, זענען צעקרישלט געוואָרן, די ביינער צעשאָטן, צעשטויבט אין דעם דריי פון ראָד, צו ווערן באַלד פאַרביטן מיט אַנדערע קערפּערס, וואָס מען האָט איינגעשפּאַנט אין די רעדער אויף זייער אָרט.

פאַר דער שקלאַפן־אַרבעט האָט מען באַנוצט דאָס רוב אַלטע לייט, וועלכע האָבן שוין געהאַט אָוועקגעגעבן זייערע כוחות אויף אנדערע שווערע אַרבעטן. דאָס דינען ביי די וואַסער־פּאָמפּעס איז געווען דער סוף אין דער לאַנגער קייט פון שקלאַפן־אַרבעט, וואָס דער געפאַנגענער האָט געהאַט צו טאָן. די ייִנגערע און שטאַרקערע האָט מען גענוצט פאַר גראָבן קאַנאַלן, וואָס נבוכדנאצר האָט אַדורכגעצויגן מיט זיי די שטאָט בבל און א גרויסן טייל פון דער פּראָווינץ. נאָך דעם ווי דער שקלאַף האָט געהאַט אויסגעשעפּט זיינע כוחות ביים גראָבן קאַנאַלן, אָדער קלעפּן ליים, אָדער טראָגן ציגל און אַספאַלט צו די בוי־פּלעצער, האָט מען אים גענומען אין די אַרבעט־קאַמערן אין פּאַלאַץ. פאַר דער אַרבעט האָט מען באַנוצט נאָר די נישט־מסוגל׳ע שוואַרצע אַרבעטער, וואָס זענען נישט פעאיק געווען פאַר עפּעס אַנדערש. עס האָבן אָבער אין די בייכער פון נבוכדנאצר׳ס בנינים זיך געפונען נאָך אַנדערע קאַמערן פאַר איידעלע מלאכות, וואָס מען האָט פאַר זיין באַדאַרפט האָבן געניטע, פאַכמעניש־אויסגעלערנטע אַרבעטער־שקלאַפן.

דאָ האָבן זיך געפונען די אָנצאָליקע אייל־פּרעסער און בשמים־מישער, וואָס זייערע פּראָדוקטן זענען אַזוי פיל געברויכט געוואָרן פון די

אסירישע פריזירערביים קאַרבן די בערד און קרויזן די קעפּ פון די בבל׳שע שררות, וואָס זענען געשטאַנען פאַרן קעניג; שפּינערס און וועבערס פון דער פּרעכטיקער קאָלירטער וואָל, וועלכע האָט באַרימט געמאַכט די בבל׳שע מאַנטלען אין אַלע קעניגלעכע הויפן; מעטאַל־גיסערס און אויסקלאַפּערס פון כלערליי כלים, ווי וואַזעס און בעכערס אין גאָלד, זילבער און קופּער; ציזעלירערס אין עלפאַנטביין און לאַפּיס־לאַזולי, יוּוועלירער־מייסטערס אין צירונג פאַר נבוכדנאצר׳ס קעבסווייבער אין זיין גרויסן האַרעם; די אַנטצאַ־ליקע אסירישע שטיינשניידער און יווניש סקולפּטאָרן, וועלכע האָבן אין רעליעפן אויסגעהאַמערט סצענעס פון נבוכדנאצר׳ס נצחונות און געיעג אויף חיות; מייסטער־גלאַזירער און עמאַלירער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען צו מאָדעלירן גראָטעסקע חיות, ווי גאַזעלן מיט קעפּ פון שלאַנגען, און מייסטערישע געיעג־סצענעס אין גלאַזירטע בונטפאַרביקע קאַכליעס; לעדער־אַרבעטער און רימערס, וועלכע האָבן געמייסטערט זאָטלען, פערד־געשפּאַ־נען; סאַנדאַלן־בייערס, שווערד־שמידן, א חוץ די קוכערס, די בעקערס און די וויינמאַכערס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די אייבערשטע קאַמערן, נאָענט פון די געמאַכן גופא פון פּאַלאַץ. די שטאַלמייסטערס, מיט די אַנטצאַ־ליקע פערד־שטאַלן, און דרעסירער פון חיות, וואָס נבוכדנאצר האָט באַנוצט פאַר זיינע רייטוועגן אין געיעג, האָבן זיך געפונען אין די גרויסע לאַגערן אַרום דעם פּאַלאַץ, מיט די פיל קאַזאַרמעס, וווּ עס האָט זיך אויפגעהאַלטן זיין שטאַרקע לייב־וואַך.

דער ריכטיקער פּאַלאַץ האָט זיך ערשט אָנגעהייבן אין דעם געביט פון די געקינצלטע הענג־גערטנער. טעראַסן, געפורעמט ווי פּיראַמידן, פּירקאַנטיקע בנינים, שטומע, אָן פענצטער, געהאַפטן איינע מיט דער אַנדע־רער, האָבן דאָ זיך געהייבן אַרויף, דאָ זיך אַרונטערגעלאָזט, אויפן שטייגער פון אַ קייט בערג. דאָ און דאָרט האָט אַ מעכטיקער לייב, אויסגעהאַקט אין שטיין, געשראָקן מענטשן מיט זיין אָפענעם מויל און שאַרפע קרעלן פון אַ בייזע אָדער אַ ווינקל פון אַ געביידע אַרויס. ברייטע נידעריקע טרעפּ, באַשטעלט ביי די זייטן מיט אַ שטומער וואַך פון חיה׳שע פיגורן, האָבן געפירט אַרויף צו די אויפגעפּראַלטע שווערע טירן פון צעדער און פּימסן־האָלץ, באַדעקטע מיט קופּער־רעליעפן, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט סצענעס פון געיעג. די געמאַכן אינעווייניק האָבן געוויזן פיר ליים־געטינקעוועטע ווענט, באַלויכטן פון אייל־בעקנס, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויף זיילן פון אַלעבאַסטער אונטער אַ באַלקן פון צעדערהאָלץ.

די ווענט זענען נישט געווען נאַקעט. ערשט דאָ אויף די ווענט זענען געווען אויסגעהאַמערט אין רעליעפע בילדער, וואָס גלאָריפיצירן נבוכדנאצר׳ס נצחונות סיי אין געיעג אויף חיות, סיי אין מלחמה. איין רעליעף־בילד ווייזט ווי זיינע חיילות, אין שטרענגער מיליטערישער פאָר־מאַציע, באַפּאַנצערטע, באַוואָפנטע מיט פיילנבויגנס, שטייען פאַר דער באַלאַגערטער פעסטונג פון אַ שטאָט, אַנדערע אַטאַקירן די פעסטונג מיט

אייזערנע מויער־ברעכערס, קלעטערן אויף לייטערס, האַקן־אַרונטער קעפּ פון שונא׳ס חייל׳ס־לייט אויף יענער זייט מויער, שטורעמען מיט שטורעמבעק די טויערן פון דער פעסטונג, צילן זיך מיט אָנגעצויגענע פיילנבויגנס אין שונא. א צווייט וואַנט־בילד אין באַרעליעף ווייזט א סצענע פון סנחריב׳ס חייל׳ס־לייט אין קופּערנע געטורעמטע העלמען, אויף דער וואַך איבער לאַנגע רייען מלחמה־געפאַנגענע, געבונדענע איינער אָן אַנדערן מיט א קייט אויפן האַלדז, ווי זיי קניען פאַר מלך נבוכדנאצר, וואָס זיצט אויף זיין טראָן. נבוכדנאצר האַלט דעם פוס אויפן נאַקן פון שונא, וואָס ליגט אויסגע־צויגן פאַר אים מיטן פנים צו דער ערד, בשעת די אַנדערע געפאַנגענע, אַלע אויף די קני, שטרעקן אין טויט־שרעק די הענט ארויף צום טראָן. סצענעס פון שליחים, וואָס ברענגען דעם קעניג מס־אָפּצאָל, קאָנטריבוציע. אויך זיי, די שליחים, ליגן אויסגעצויגן פאַר נבוכדנאצר׳ס טראָן, מיט די פנימער און די אָרעמס אויף דער ערד, און די מתנות־ברענגער הינטער זיי האַלטן אָנגעברייט אַוועקצוגעבן דעם גרויסן קעניג שטאַבעס גאָלד, טייערע כלים, אויסדרעסירטע חיות, קליידער אויף הענגער־שטאַנגען. רעליעף־בילדער, וואָס ווייזן דעם באַזיגטן שונא ווי ער ווערט געטריבן אין גלות־אריין. אָט שלעפּן די גרויסע לייט פון אשור אין א געשפּאַן פון שטריק שטיינערנע שטיראָקסן פון זייערע טעמפּלען אין נינוה קיין בבל.

ניין, נבוכדנאצר, ווי א יורש־עצר, ווען ער האָט געהאָלפן זיין פאָטער איינגעמען נינוה, האָט נישט באַהאַנדלט אַזוי אכזריות׳דיק דעם באַזיגטן שונא, ווי די אסיריער האָבן דאָס באַוויזן צו טאָן. ער האָט נישט אָפּגעהאַקט די הענט און די פיס פון די אסירישע קריגספירער און שררות; נישט געלאָזט זיי קריכן, ווי די חיות, אויף אַלע פיר, שלעפּנדיק אין א געשפּאַן פון שטריק דעם גאָט בעל־מרודך אַליין, וואָס זיי, די אסיריער, האָבן אַרויסגענומען פון זיין טעמפּל אין בבל און געבראַכט אים קיין נינוה. אַזוי האָט זיך אויפגעפירט סנחריב, ווען ער האָט חרוב געמאַכט די שטאָט בבל „פון גרונטפעסט ביזן געזימס״. נבוכדנאצר האָט נאָר געלאָזט זייערע הויכע קעפּ מיט די געקאַרבטע בערד ביטחון מיט שטריק צו זייערע קני ווי מען בינדט א ווילדן אָקס, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט מקיים זיין און אויפשטעלן דאָס בילד פון ישעיה הנביא, וואָס ער האָט אויסגעמאָלט אין זיין נביאות־זאָגן אויף סנחריב׳ן בעת יענער איז געשטאַנען ביי די טויערן פון ירושלים: „...דרום וועל איך אריינטון מיין רינג אין דיין נאָז, און מיין צאַם אין דיינע ליפּן״. געשפּאַנט זיי, ווי מען שפּאַנט ווילדע אָקסן, און די ריזיקע שטיין־מאַסיוון פון זייערע געטער, האָט נבוכדנאצר זיי געשלעפּט פון נינוה קיין בבל.

די געמאַכן, וואָס זייערע ווענט האָבן דערציילט פון דער גלאָריע פון גרויסן קעניג נבוכדנאצר, זענען איצט אָנגעפילט מיט די אַדללייט פון בבל און אַן א שיעור פּרינצן, וואָס זענען געווען אונטער בבל׳ס הערשאַפט.

שוין דעם דריטן טאָג גייט־אָן דער גרויסער פּעסט, וואָס בלשאצר, יורש־עצר און מיטהערשער פון בבל, האָט געפּראַוועט פאַר גימיל, דער ערשטער קדשה פון דער געטין אישתר.

קיינער פון די געסט, גערופענע צו דער סעודה, האָט נישט געטאָרט פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ מיטן אייגענעם ווילן. די גרויסע לייט פון בבל און פון די פּראָווינצן זענען דאָרט קלאַסירט לויטן ראַנג און שטאַנד, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין דער מלוכה. די פאָדערשטע זאַלן, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן פאַר דעם פּרוזדור צום קעניגסטראָן־זאַל, זענען געווען פאַרנומען פון קלענערע באַאַמטע, אויפזעער, ממונים איבער מדינות, חייל־פירערס, וואָס זענען געשטאַנען ווייט אַרונטער אין דער רשימה פון דעם קעניגס אויסגעווײלטע פּרינצן פון בלוט.

באַגנאָדיקטע און דערהייבענע מס־צאָלנדיקע הערשער פון מדינות, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן אין קעניגס הויף ווי לעבעדיקע משכנות; אָפּגעקליבענע ליבלינג־ווייבער פון קעניגס האַרעם, הויכגעשטעלטע כהנים פון בל־מרודך, כהנים־סריסים פון דער געטין אישתר, הויכע מיליטער־לייט, וואָס זענען געשטאַנען אין חסד ביים קעניג, די אלע, וואָס האָבן געהאַט דאָס רעכט צוצושרייבן אויף זייערע חותם־שטעמפּלען „פּריינט פון גרויסן קעניג", האָבן זיך געפונען אין טראָן־זאַל.

דער יורש־עצר בלשאצר אליין איז האַלב־געזעסן, האַלב־געלעגן אויף זיין טראָן־בעט אונטער דעם גאָלדענעם באַלדאַכין, וואָס נבוכדנאצר האָט אַוועקגענומען פון די מלכים פון אשור. רעכטס און לינקס פון טראָן האָבן צוויי יונגע שוואַרצהויטיקע באַקעטע שקלאַפן געהאַלטן אויף גאָלדענע קייטן — איינער א דרעסירטן לייב, דער אַנדערער — א טיגער. הינטער דעם טראָן האָבן צוויי גרויסע לייט פון בבל, „פּריינט פון קעניג", פאַרנומען זייער פּלאַץ פון קעניגלעכע פעכער־האַלטערס, פּאַסנדיק אין גלייכע באַוועגונגען מיט גרויסע פעכערס איבער דעם קעניגס קאָפּ. און צופוסנס פון טראָן־בעט איז געזעסן דעם קעניגס אָפיציעל ווייב: זי האָט געהאַלטן פאַרן קעניג א גאָלדענעם בעכער, וואָס דער שר־המשקה, א יונגער בחור מיט לאַנגע געקרויזטע לאָקן, אָן א סימן פון באָרד, א האַלב־נאַקעטער, א פּרינץ פון קעניגלעכן בלוט, א וואַסאַל פון קעניג, האָט פון צייט צו צייט אָנגעפילט מיט ווייַן פון א גראַציעז־געפורעמטן גאָלדענעם קרוג.

פון ביידע זייטן טראָן זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין סימעטריי־שער פאָרמאַציע צוויי רייען אסירישע חייל־פירערס. פאַרגליווערטע, נישט אַ ריר צו טון מיט קיין אבר, נישט א פּינטל צו טון מיט קיין אויג, מיט שווערדן אויפן דיך און קורצע שטעקעלעך מיט קופּערנע סקיווקעס אין די הענט, וואָלט מען זיי, מיט זייערע אסיריש־געצירטע בערד און לאָקן, געקאָנט, דאַכט זיך, אָננעמען פאַר נאָך א רעליעף־בילד אויף דער וואַנט, ווי א טייל פון דעם שטיין־געהאַקטן בילד, וואָס האָט פאַרנומען די וואַנט איבער דעם טראָן.

די מסובים זענען שוין געווען אַזוי מיד פון דער דריי־טאָגיקער נישט־איבערגעריסענער סעודה, אַז זיי האָבן, צאַפּלענדיק זיך מיט אַלע אברים אויף זייערע ליגשטולן, זיך אָנגעטון א כוח צוצוקנאַקן מיט די פינגער אָדער צופּליעסקען מיט די הענט צום ריטם פון די לאַנגע אויסגעצויגענע מעלאָדיעס, וואָס האַרפן־שפּילערינס האָבן אויסגעקלימפּערט פאַרן קעניג. זיי האָבן אויך מיט אַלע זייערע כוחות געמיט זיך בייצוקומען דעם גבור־שלאָף, וואָס איז זיי באַפאַלן. די מורא פאַרן קעניגס אומגענאָד האָט זיי געהאַלטן וואַך, און זיי האָבן אַפילו געזוכט איבערצויאָגן איינער דעם אַנדערן אין געמאַכטער התלהבות, אין עקסטאַז פאַר די פיל פּאַנטאָמימע־שפּילן, סיי פון א רעליגיעזן, סיי פון א וועלטלעכן כאַראַקטער, וואָס זענען פאַר זיי אויפגעפירט געוואָרן. זיי האָבן געמוזט אויסהערן ליבע־שירים, באַלאַדן, וואָס באַזינגען געטער־העלדן, די מעשה וועגן בל־מרודכ׳ס מלחמה אַנטקעגן זיין מוטער טיאַמאַט, אָדער די מעשה וועגן גילגאַמאַש, וועלכער בויט א שיף אויף צו ראַטעווען זיך פון דעם מבול, וואָס קומט אויף דער וועלט ; מעשות און גבורות פון אַנדערע געטער, פאַרגעשטעלט פון שווישפּילער אין מאַסקעס און קאָסטיומען. די געסט זענען דאָך אַזוי אויסגעמוטשעט געוואָרן פון די פיל פאַרשטעלונגען, פון טרינקען און עסן, פון אויפזיין, אַז זיי זענען, ווי געפּענטעטע, לסוף פאַרט געפאַלן אין דער נעץ פון דעם גבור־שלאָף. נאָר אָט האָבן די העראָלדן אויסגערופן, אַז אויפן באַפעל פון קעניג וועט גימיל־אישתּר, ערשטע קדשה פון אישתּר׳ס טעמפּל, פאַרשפּילן די געטין ווי זי נידערט אַראָפּ אין דער אונטערוועלט און קעמפט דאָרט אויס דעם קאַמף מיט דער קעניגין פון דער אונטערוועלט, האַדעס, אין איר ווילן אַרויפצוברענגען פון דעם שאָטן פון טויט איר ברודער און מאַן תמוז, כדי די וועלט זאָל זיך באַנייען מיט נייעם פרילינג און נייעם לעבן.

דער אויסרוף פון די העראָלדן האָט אַרויסגעבראַכט די מסובים פון זייער אַפּאַטיע און מידקייט. א שרעקעדיקע אומרואיקייט האָט דורכגעצויגן פון שטול צו שטול צווישן די געסט, באַזונדער צווישן די כהנים פון בל־מרודך, נאָך שטאַרקער און קענטיקער — צווישן די כהנים־סריסים פון דעם טעמפּל פון אישתּר, צוליב דעם וואָס דער יורש־עצר פּראָפּאַנירט די עבודה פון אישתּר, און לאָזט זי אויספירן אַנשטאָט אין אישתּר׳ס טעמפּל — אין זיין אייגענעם פּאַלאַץ. דאָך זענען אַלע שטיל געוואָרן, פאַרגליווערט אין טויט־שרעק, ווען פאַרן קעניגס טראָן זענען מיטאַמאָל אויפגעקומען נאַקעטע שקלאַפן מיט לאַנגע בלאַנקענדיקע מעסערס אין די הענט, חיילס־לייט אין פאַנצערן, באַוואָפנטע מיט שפּיזן. אויך די שקלאַפן, וואָס האָבן געהאַלטן די חיות־רעות אויף אַ קייט, האָבן געמאַכט א שריט פאַרויס און זיך געשטעלט פאַרן קעניגס טראָן, אַזוי ווי גרייט אויפצונעמען דעם קעניגס באַפעל. די כהנים האָבן זיך ביסלעכווייז באַרואיקט. דאָס גרויסע שפּיל פון דעם ריטואַל פון דער געטין אישתּר האָט זיך אָנגעהויבן.

א גרויסער פּאַרהאַנג האָט זיך פאַנאַנדערגעעפנט, און אַלע אין טראָן־זאַל האָבן דערזען פאַר זיך נישט־געוועזענע הויכע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אין א טיפע גראָטע אַרונטער. פון דער הויך האָט פון די טרעפּ אַראָפּגעלאָזט זיך אישתר. זי איז געווען איינגאַנצן, פון קאָפּ ביז צו די פיס, איינגעהילט אין א שוואַרצן שלייער. נאָך א לאַנגער דין־געוועבטער שלייער איז אַראָפּגעהאָנגען ביי איר פון קאָפּ. מיידלעך און פרויען פון פאַרשיידענעם עלטער, מיט צעלאָזטע האָר, אויך געהילט, ווי אישתר, אין שוואַרצע שלייערן, האָבן אַרומגערינגלט די געטין און אויסגעבראָכן מיט א יללה־דיק געוויין, שלאָגנדיק זיך מיט די פויסטן אין די אויפגעדעקטע בריסטן. טייל האָבן געהייבן די בלויזע אָרעמס איבער די קעפּ, געשטרעקט זיי מאָמענטנווייז אַלץ העכער אַרויף, ווי זיי וואָלטן וועמען געזען אָנ־קומען פון דער הייך. און אַזוי, שפּרייזנדיק פּאַמעלעך, אין געמאָסטענעם ריטם, איבער די טרעפּ, האָבן זיי נישט אויפגעהערט קלאָגן. און די בלינדע האַרפן־שפּילערינס, וואָס שקלאַפן־באַדינערס האָבן זיי געבראַכט צו די טרעפּ, האָבן באַגלייט אויף די האַרפן דעם כאָר קלאָגערינס.

„ער איז געגאַנגען, ער איז געגאַנגען
צום בוזים פון דער ערד,
און די טויטע מערן זיך אין לאַנד.
מענטשן זענען באַדריקט אין צער,
די ערד איז וויסט.
דער שטיראָקס שפּרינגט נישט נאָך דער קו,
דער אייזל בייגט זיך נישט איבער דער אייזלטע,
עס שלאָפט דער מאַן אין זיין בעט,
עס שלאָפט דאָס ווייב פאַר זיך אליין".

ווען דער כאָר פון די ווייבער איז שטיל געוואָרן, האָט זיך געלאָזט הערן דאָס קול פון גימיל־אישתר:

„אָ, לאָז מיך וויינען איבער די שטאַרקע, וואָס האָבן
פאַרלאָזט זייערע ווייבער,
אָ, לאָז מיך וויינען איבער די מיידן, וואָס האָבן פאַרלוירן
דאָס האַלדזן פון זייערע מענער!
איבער דעם איינציקן זון לאָז מיך טרויערן,
וואָס איידער זיין טאָג איז געקומען,
איז ער אוועקגענומען געוואָרן פון אונז".

אַזוי האָט זיך געצויגן א לאַנגע ריי קלאָג־לידער, וואָס האָבן באַוויינט דאָס פאַרשווינדן פון דער ליבע פאַר מענטש, חיה און צומח, ביז אישתר איז אָנגעקומען פאַר א שטאַרקן, פאַרשלאָסענעם טויער, וואָס האָט נישט צוגעלאָזט צו דער גראָטע.

זי האָט זיך געוואָרפֿן מיט איר שטאַרקן קערפּער אויף דעם טויער און מיט אירע נאַקעטע הענט געקלאַפּט, געקלאַפּט:

„עפֿן דעם טויער, עפֿן מיר דעם טויער!
ווערסטו נישט עפֿענען, אַזוי צעברעך איך אים,
און נעם אַרויס אַלע טויטע, און זיי זאָלן די לעבעדיקע עסן,
וואָרום מער פֿון די לעבעדיקע זענען די טויטע".

א שומר באַווייזט זיך, אַנגעטאָן ווי איינער פֿון די מלאכי־חבלה, אין א געהאַמערטן העלם, און זאָגט צו איר:

„האַלט־איין, צעשטער נישט דעם טויער. אָט גיי איך מעלדן דער קיניגין האַדעס וועגן דיר".

אין א ווייל אַרום קומט דער שומר צוריק צו דער אויסוואָרטנדיקער אישתר:

„נאָך וואָס ביסטו געקומען צו די טויערן פֿון טויט?".

אין ענטפֿער הערט זיך דער כאָר פֿון די פֿרויען און מיידלעך איבער די טרעפּ אונטער דער געטין־קדשה:

„אָ, לאָז מיך וויינען איבער די מענער, וואָס מוזן זייערע
פֿרויען פֿאַרלאָזן,
לאָז מיך וויינען איבער די פֿרויען, וואָס די מענער זענען פֿון
זייערע אָרעמס געריסן,
לאָז מיך וויינען איבער דעם שוואַכן קינד, וואָס גייט־אַוועק
איידער זיין צייט קומט".

עס הערט זיך פֿון אינעווייניק פֿון דער גראָטע א קול. עס רעדט די קיניגין פֿון דער אונטערוועלט:

„עפֿן איר דעם טויער און פֿאָלג־אויס די אַלטע געזעצן פֿון דער אונטערוועלט".

דער שומר עפֿנט דעם טויער ברייט פֿאַר אישתר:

„טרעט־אַריין, האַריבנטע, די אונטערוועלט מעג דיך באַגריסן", — און ער גייט־צו צו איר און נעמט־אַרונטער דעם שלייער, וואָס האָט צוגעדעקט איר קאָפּ.

„נאָך וואָס, שומר, נעמסטו אַרונטער דעם שלייער פֿון מיין קאָפּ?".

„אַזוי זענען די געזעצן פֿון דער אונטערוועלט. דו מוזט דיך זיי אונטערוואַרפֿן, אויב דו ווילסט קומען אין דער נאַכט־אַריין".

דער שומר פֿירט זי אַדורך דורכן ערשטן טויער. אָבער באַלד וואַקסט־אויס א צווייטער טויער פֿאַר איר.

דער שומר גייט־צו צו איר, נעמט אַרונטער דעם דיקן שוואַרצן שלייער, וואָס באַדעקט איר לייב.

„נאָך וואָס, שומר, נעמסטו דאָס באַדעקנס אַרונטער פֿון מיין לייב?".

„אַזוי זענען די געזעצן פֿון דער אונטערוועלט, און דו מוזט דיך זיי

אונטערוואַרפֿן".

אַזוי פֿירט זי דעם שומר פֿון איין טויער צום אַנדערן. ביי איטלעכן טויער, איידער ער עפֿנט אים, נעמט ער אַראָפּ פֿון איר אַן אַנדער טייל פֿון איר הלבשה. ביי דעם לעצטן טויער בלייבט זי שטיין, אַ נאַקעטע, נישט מער ווי מיט אַ פֿאַרטעך אויף די לענדן.

אָבער אויך דאָס טיכל איבער די לענדן מוז זי אָפּטון פֿון זיך, און מיט דעם בלויזן צודעק פֿון אירע לאַנגע כוואַליעדיקע האָר, פֿירט זי דער שומר אַדורך דורך דעם לעצטן געעפֿנטן טויער — און אישתר פֿאַרשווינדט. אַ שווערע שטילקייט שטעלט זיך איין מיט אישתר'ס פֿאַרשווינדן. די ווייבער און מיידלעך, וואָס זי לאָזט הינטער זיך, צעשפּרייט איבער די הויכע טרעפּ הייבן־אָן זינגען, חזר'ן־איבער דאָס קלאָגליד פֿון פֿריער, נאָר דאָסמאָל שטיל, זייער שטיל:

„אישתר איז פֿאַרשוווּנדן, אין אונטערוועלט געניִדערט.
עס שפּרינגט נישט מער דער שטיראָקס אויף דער קו,
דער אייזל בייגט זיך נישט איבער דער אייזלטע,
נישט דער מאַן איבער זיין ווייב.
עס שלאָפֿט דער מאַן אין זיין בעט,
און דאָס ווייב פֿאַר זיך אַליין".

און מיטאַמאָל הערט זיך פֿון אינעווייניק אין דער גראָטע אישתר'ס קול אין אַ טריאומפֿירנדיקן אויסגעשריי:

„אָ, תמוז, מיין יוגנט־געליבטער,
מיין מאַן און מיין ברודער,
איך וואַש מיט ריינעם וואַסער זיין לייב,
איך זאַלב אים מיט גוטן אייל,
מיט צירלעכע קליידער באַקלייד איך אים,
אויף דער פֿלייט פֿון לאַפּיס־לאַזולי מעג ער שפּילן".

אַ טיפֿע שטילקייט האָט זיך ווידער איינגעשטעלט. די כהנים פֿון אישתר, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, האָבן זיך אויפֿגעהייבן, זענען צוגעגאַנגען צו די טרעפּ פֿון דער גראָטע און געשטעלט זיך פֿאַר דעם אָפֿענעם טויער.

פֿון דער גראָטע האָט זיך געהערט ווידער אישתר'ס קול:

„איך האָב אַרויפֿגעטון פֿאַרב אויף מיינע אויגן פֿאַר דיר,
געאיילט די אַקסלען מיט דעם זיסן געשמאַק פֿון צעדערבוים,
מיין לייב באַקליידט מיטן שימער פֿון מיין פֿאַטער ציִנס לבנה־ליכט,
מיין קאָפּ געקרוינט מיט אַ דיאַדעם־קרוין.

מיין לייב איז דופטיק ווי דער צעדערבוים,
צו מאכן פריילעך דיין הארץ, מיין קינד, געליבטער מיינער,
תמוז מיין ברודער,
וואָס וועקט זיך פון שלאָף מיט אלע געוויקסן באַנאַנד,
פון דער מוטער־נאכט, פון דער מוטער־טויט,
און קומט־צוריק צו מיר פון יענער זייט טייך".

די כהנים־סריסים האָבן זיך געשפּאָלטן אין צוויי רייען און געמאכט א ווארע פאר אישתר־גימיל ווי זי איז איצט מיט פאמעלעכע טריט, אין ריטם מיטן צושפּיל פון די הארפן־שפּילערינס, ארויסגעקומען פון דער גראָטע־ארויס.

און אנדער אישתר האָט זיך איצט געוויזן. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן א גאָלדענע ברייטע טיארע. איר לייב האָט אַרויסגעשימערט פון צווישן די פּאסמעס גאָלדיק־פלאקערדיקע, ווילד־צעשאָטענע האָר. אירע בריסטן א־רייַנגעטון אין גאָלדענע ברוסט־שילדן, און א גאָלד־געהאָפטענער, מיט שטיינער באַזעצטער גארטל האָט באהאלטן אין שאנד. אירע אויגן זענען אויפגעריסן געווען מיט טונקל־גרינער פארב, שווערע אוידיינגען האָבן זיך געבאָמבלט פון אירע אויערן, און ברייטע בראזלעטן און פיסריינגען האָבן געקלימפּערט אין איר גאנג אויף אירע הענט און פיס.

די כהנים־סריסים האָבן זי געפירט אין א פּראָצעסיע און זי אוועק־געזעצט אויף א גאָלדענעם טראָן־שטול, וואָס איז געווען אָנגעברייט פאר איר. באַקעט ביזן גארטל, מיט ווייסע שערצן אויף די לענדן, די אויגן געפארבט גרין, האָבן די כהנים פון דער געטין אישתר געריכערט בשמים אויף דעם דרייפוס־מזבח, וואָס איז געשטאנען לעבן דער טראָן־שטול. זיי האָבן געבויגן די קני פאר איר, געשטרעקט אין געבעט די הענט צו איר און געזונגען אין כאָר:

„אָ, אישתר, וואָס דו באשענקסט די געטער מיט דיין ליבע,
גיב אונז איבער זייער געבאָט און זייער רצון.
טאָכטער, געפורעמט פון גאָט צין און גאָט שמש,
פון לבנה און זון איז דיין לייב געוועבט,
ליכט פון טאָג און נאכט באהעלט דיך.
אָ, אישתר, דערהייב דיך צו דער ממשלה איבער אלע געטער!
דו ביסט די שטראַליקסטע צווישן זיי,
שטערן, אישתר, ביסטו גערופן,
אין געשיך פון צין און שמש שטייגט דיין גלאַנץ.
דיין פאקעל העלט אין מיטן הימל.
קיניגין פון הימל ביסטו גערופן.
דאָס פאָלק זאָל דיך באוווּנדערן,
קוקן אין דיין ליכט, א מתנה פון די געטער,
און אויפשטראַלן אין דיין שיין".

נאָך די כהנים האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָצעסיע פון אלע גרויסע לייט צום טראָן פון אישתר־גימיל.

צוערשט איז בלשאצר אליין, אין זיין גאָלדענעם מאנטל, אין זיין געטורעמטער קרוין, ארונטער פון זיין ליג־טראָן. ער האָט געבויגן די קני פאר איר, האָט גענומען א הויפן בשמים און געוואָרפן אויף דער גאָלדענער בראָטפאן. נאָכן קיניג זענען געקומען די שררות פון בבל, „די פריינט פון קיניג", די פעכער־האלטערס, די ממונים איבער מדינות, די חייל־פירערס, די פרינצן פון בלוט, די פרעמדלענדישע פרינצן, וואָס צאָלן מס, די אלע, וואס עס איז זיי געגעבן דער רשות צו קעמען זייערע בערד אין דריי־פאלדיקע לאָקן. איטלעכער האָט געטראָגן מיט צערעמאָניע און געבויגן זיין קני, ווען ער איז צוגעקומען נאָענט צו דער נאַקעטער אישתר אויף איר טראָן, וואָס איר לייב איז געווען אזוי העל און האָט ארויסגעשטראלט מיט זיין ווארעמען ווייס־ראָזיקן קאָלאָריט פון דעם שטראָם רויטע האָר, גלייך זי וואָלט באמת געווען געוועבט פון זון־ און לבנה־שטראלן. אירע ברייטע פעסטע היפטן האָבן געשאפן דעם איינדרוק פון א טאָרסאָ, וואָס רוט אויף א פּיעדעסטאל פון אלעבאסטער, און די ראָזיקע העלקייט פון איר הויט, באַפרייט פון דעם שטראָם האָר, האָט אַרויסגעשיקט פון זיך א תאווה׳דיקן רייץ, וואָס האָט געבונדן די מענער צו זיך.

# קאַפּיטל צוויי

זי איז געווען אַ שם־דבר, אין בבל, דאָס ווייב גימיל, איינע פון די זעלטנסטע רויטהאָריקע פרויען אין בבל, וואָס די בבל׳ער האָבן געגאַרט נאָך איר, וואָס הויכע שררות זענען געווען להוט צו נעמען זי פאַר אַ קעבס־ווייב אין האַרעם. אַ טאָכטער פון איינעם פון נבוכדנאצר׳ס חייל־פירערס, וואָס האָט אָבער פאַרלוירן זיין פרעסטיזש און אָנזען ביי די איצטיקע מוש־לים פון בבל, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אַן אַנדערע דינאַסטיע, האָט גימיל נישט געקאָנט רעכענען אויף אַ שררה, אַ נאָענטן צו מלכות, וואָס זאָל זי וועלן נעמען ווי זיין רעכטלעך ווייב. צו־שטאָלץ אין איר יחוס צו זיין איינע פון פיל קעבסווייבער אין אַ האַרעם, איז זי אַרויסגעגאַנגען לתרבות רעה. פון איר פריער יוגנט־אָן האָט זי דערקענט אין זיך דעם מאַגישן כוח, וואָס זי האָט געהאַט איבער מענער, און זי האָט געשטרעבט דאָס צו ראַפינירן. זי פלעגט אַרויסגיין צו די אָפענע אַרבעט־פּלעצער, ווו שקלאַפן־אַרבעטער, אָנגעטריבן פון שוטרס רוט, האָבן געגראָבן קאַנאַלן, געשלעפּט שווערע משאות, געבויט בריקן און נאָך אַזעלכע אַרבעטן. זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט מיט איר גאַנצער פאַרשאַרטער נאַקעטקייט אַנט־קעגן די אַרבעטער, אויסגעשטעלט פאַר זיי אירע שטאַרקע היפטן, אירע אַנטוויקלטע אָנגעפילטע בריסט, געמאַכט חצופישע באַוועגונגען — און זי האָט געשעפּט גרויס הנאה צו זען ווי די קלעפּ און די שמיץ, וואָס האָבן געערגנט פון דעם שוטרס באַטיק אויף דעם שקלאַפס קאָפּ, זענען נישט שטענדיק געווען בכוח אָוועקצורייסן זיין פאַרכאַפּטן בליק פון אירע ווייבע־רישע רייצן. אין דעם לייַדן, אין דעם פּיין פון די אָרעמע אויסגעהונגערטע שקלאַפן האָט זי אפשר געשטילט איר געפיל פון נקמה פאַר דעם גאַנצן מענלעכן מין.

אַזוי האָט די יונגע גימיל אָנגעהייבן. און די גלוטיקע גלוסטונג, וואָס איר צייטיק לייב האָט אַרויסגעהויכט פון זיך ווי אַ שווערן ריח, פאַרשאַרפט דורך איר אַראָגאַנטער באַנעמונג צום מענלעכן מין, אירע עקזאָטישע פּערפומען, אירע שטודירטע קאָסמעטישע מיטלען, האָט איר באַלד געשאַפן אַ שם צווישן די שררות אין בבל. מען האָט זיך געיאָגט נאָך אירע חסדים, און זי האָט זיך געלאָזט טייער באַצאָלן פאַר דעם. זי האָט אויך געוווסט אויסצונוצן אירע חסדים צו געווינען פאַר זיך אַ פּלאַץ צווישן די גרויסע לייט און די מאַכטהאָבנדיקע. מיט דער צייט איז זי באַוווסט געווען איבער גאַנץ בבל ווי איינע פון די געזוכטסטע קורטיזאַנעס, אַזוי ווייט, אַז אויך די כהנים פון בל־מרודך האָבן געוואָרפן אַן אויג אויף

איר, און דער כהן־גדול האָט פּאַרטראַכט צו קריגן זי פאַר א קדשה אין זיין טעמפּל.

דער יורש־עצר בלשאצר אליין האָט זי באַמערקט און איז גרייט געווען אַריינצונעמען זי אין זיין האַרעם. גימיל האָט אָבער געפּילט א טיפע פיינטשאַפט צו די איצטיקע הערשער פון בבל, די אוזורפּאַטאָרס פון דער מאַכט, וועלכע האָט רעכטלעך געהערט די יורשים פון נבוכדנאצרן, און זי האָט אָנגעווענדעט כלערליי תחבולות אויסצוצבלייבן פון בלשאצרס רשות. דערווייל האָט די מעכטיקע כהנים־קאַסטע פון בל־מרודך אויסגעשפּרייט א נעץ צו פאַנגען זי פאַר זייער טעמפּל, און גימיל, בישט צו קאָנען זיך געבן אן עצה קעגן די כהנים, האָט בלית־ברירה זיך איבערגעגעבן אין דעם רשות פון יורש־עצר. בלשאצר האָט זי, ווי א באוואָרעניש קעגן די כהנים פון גאָט מרודך, איבערגעגעבן אין רשות פון די כהנים־סריסים פון אישתר. פאַר דעם טעמפּל פון אישתר, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ריטואַל פון קדשות, איז גימיל געווען א גאָר גרויס געווינס ווי א צוציאונגס־קראַפט פאַר מענער, אכפּערערס פון דער געטין אישתר, וועלכע זענען געווען דער עיקר־קוואַל פון הכנסה פאַרן טעמפּל.

אייבער פון די געבאָטן אין דעם קולט און אין דעם ריטואַל פון דער געטין אישתר איז געווען, אז איטלעכע גלויביקע פרוי, וואָס קומט אין טעמפּל אריין צו דער עבודה, זאָל, ווייניקסטנס, איין מאָל אין איר לעבן זיך איבערגעבן א פרעמדן מאַן. אָפּגעזען פון איר יחוס און איר עלטער, האָט א פרוי געמוזט זיצן, א פאַרשטעלטע, אין דעם טעמפּל, אויסגעשטעלט אויף די בישט־איבערקלייבערישע בליקן פון פרעמדע מענער. דער מאַן, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אייבער א פרוי און געוואָלט זי נעמען, האָט געוואָרפן, ווי א צייכן, א זילבער־שטיק אָדער אן אנדער ווערטיקן חפץ אין איר שויס אריין, און די פרוי האָט דעמאָלט געמוזט זיך אונטערגעבן דעם מאַנס ווילן. דאָס געלט איז געהאַלטן געוואָרן פאַר הייליק, באַשטימט ווי אָפּגאָב פאַר דער געטין.

א חוץ דעם מין געצוווּנגענע זנות, וואָס די כהנים פון דער געטין אישתר האָבן איינגעפירט, האָבן אין טעמפּל באַך געדינט שטענדיקע קדשות. אין דעם יום־טוב פון פרילינג, ווען אישתר גייט־אַרונטער אין דער אונ־טערוועלט לויזצומאַכן תמוז׳ן פון די פּענטעס פון שלאָף און אים ברענגען צוריק צו דער ערד, אז ער זאָל דאָרט באַנייען דאָס פרוכפּערדיקע לעבן, זענען אין דעם טעמפּל, לכבוד דעם ווידערגעבוירענעם תמוז, געפּראַוועט געוואָרן, מיט דעם אָנטייל פון די קדשות, אָרגיעס פון זנות.

גימיל, ווי א קדשה אין טעמפּל, האָט געזאָלט אריינברענגען מער התלהבות פאַר דעם קולט פון זנות צווישן די ווייבער, וואָס זענען געקומען באַקלאָגן תמוז׳ן, אז זיי זאָלן טיילן אין א העכערער מאָס די עמאָציעס, וואָס באַוועגן דעם ניי־אויפגעלעבטן גאָט. גימיל האָט גוט געשפּילט די ראָלע פון דער געטין אישתר, און זי האָט סיי די מענער, סיי די ווייבער

מיטגעריסן אין איר עקסטאַז. עס איז געווען ווי די געטין וואָלט זי איינס־פּירירט מיט טמאַ׳דיקן גייסט. זי פלעגט זיך באַגייסטערן אין איר שפּיל, ביז וואַנען זי איז אוועקגעפאַלן אין א טראַנס, האָט געפיבערט ספּאַזמאַטיש מיט איר גאַנצן בליענדיקן קערפּער, געקוקט מיט ווילדע אויגן ערגעץ אין דער הוילקייט און אָנגעהייבן דעקלאַמירן הימנען צו דער געטין. פאַר־שטעלנדיק אזוי די פייערדיקע עמאָציעס פון דער געטין אישתר אין איר באַהעפטן־זיך מיט איר באַנייטן, צום לעבן אויפגעשטאַנענעם תמוז, האָט זי אָנגעשטעקט מיט איר התלהבות די ווייבער, און זיי זענען געקומען צו לויפן אין טעמפּל אריין אויפן בייז וווּנדער פון דער קדשה, וועלכע פּערזאָ־ניפיצירט אזוי לעבעדיק די געטין אישתר. די כהנים האָבן זי געקרוינט מיט אַן אָרעאָל פון גלאָריע. די ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ בבל, אַז די געטין אישתר האָט זיך באַזעצט אין דער קדשה גימיל, און די כהנים האָבן נישט פאַרזאַמט צו באַשטימען זי פאַר דעם אָראַקל, דער פּירזאָגערין פון דער געטין.

גימיל, דער אָראַקל, האָט געהאַט גרייטע ענטפערס פאַר די ווייבער, וואָס זענען געקומען אָנפרעגן זיך ביי דער געטין וועגן קינדער האָבן, וועגן דער פרוכפּעדדיקייט פון זייערע בהמות, וועגן גערעטעניש פון זייערע קאָרנפעלדער, וועגן רפואות פאַר קראַנקייטן. זי האָט ארויסגעזאָגט די ענטפערס אין א זינגענדיקן מאַנאָטאָן, וואָס האָט געציטערט פון טיפן געפיל, אין א טונקעלן לשון, וואָס האָט זיך געלאָזט טייטשן אזוי און אנדערש, אויף יאָ און ניין, אַז מען האָט געקאָנט זען באַשיינפּערלעך, אַז אישתר האָט זיך באַזעצט אין איר ווי א דיבוק. דער קולט פון דער געטין אישתר האָט אזוי ארום געוווּנען נייע מאַסן אכפּערערס אין דעם פאָלק פון בבל, אָפּציענדיק אָנהענגער פון די אנדערע טעמפּלען, אפילו פון דעם טעמפּל פון גרויסן בל־מרודך.

די כהנים פון בל־מרודך, אייפערזיכטיק אויף די כהנים־סריסים פון דער געטין אישתר, האָבן געזוכט תחבולות ווי אזוי אריינצוקריגן גימיל אין זייער טעמפּל אריין: א קדשה, א באַזעסענע פון דעם הויכן גייסט פון אַן אָראַקל, האָבן זיי געהאַלטן מיט רעכט, געהערט צום גרויסן גאָט מרודך; און אויב זי וועט נישט אריבערגיין צו זיי מיט איר אייגענעם גוטן ווילן, וועלן זיי זיך אויך נישט אָפּשטעלן פאַר געוואַלט. זיי האָבן דאָך דערוויייל זיך צוריקגעהאַלטן פון געוואַלט־מיטלען, וואָס זיי האָבן אפילו געהאַט א רעכט דערויף, ווייל דער רשות איז זיי געגעבן געוואָרן פון געזעץ מקדיש צו זיין יעטוועדע פרוי, וואָס זיי וועלן אויסקלייבן, צו זייער גאָט. דער יורש־עצר, וואָס האָט אריינגעגעבן גימיל פאַר א קדשה אין דעם טעמפּל פון דער געטין אישתר, כדי ער זאָל האָבן א צוטריט צו איר, וואָס עס וואָלט אים אָפּגעזאָגט געוואָרן, ווען גימיל וואָלט געווען איינגעשלאָסן מיטן גאָט מרודך אין על־סעגילא. ער, בלשאצר, דער מעכטיקער פּאַטראָן פון דער קדשה, האָט צוריקגעהאַלטן די הענט פון די כהנים פון צו טון איר געוואַלט.

די גרויסע לייט פון בבל, די געדופענע אין קעניגלעכן פאלאץ, האָבן אַלע געקניט מיט רעווערענסן פאַר דער געטין אישתר, וועו אפילו דער הייליקער ריטואל איז נישט אָפגעריכט געוואָרן, ווי תמיד, אין אישתר׳ס טעמפל, נאָר אין דעם פאלאץ פון דעם יורש־עצר ווי א פריוואטער אונ־טערהאלט. טייל מורמלענדיק, אין פראָטעסט קעגן דער פארשוועכונג פון ריטואל, אנדערע — אין גוטן ווילן, מיט חשק, ווייל זיי זענען געפאנגען געוואָרן אין דער נעץ פון דער קדשה׳ס אויסערגעוויינטלעכע רייצן און חנ׳ען.

צוויי גרופעס צווישן די געדופענע גערוסט האָבן זיך דאָך צוריקגעהאל־טן און נישט געבויגן די קני פאר דער געטין אישתר, נישט געוואָרפן זיך מיטן פנים פאר איר טראָן, נישט געדויכערט קיין בשמים אויף איר מזבח.

איין גרופע, היפש אין צאָל, איז באשטאַנען פון בל־מרודכ׳ס כהנים, מיט זייער כהן־גדול שראצר־בל בראש. אָפגעזונדערט פון אלעמען אין איין גרופע, זענען זיי געזעסן שטייף און קאלט מיט זייערע לאנגע געקארבטע בערד, אין זייערע פיראמידן ־ פאָרעמדיקע מיצן, אין זייערע קאָלירטע שערצן. זיי האָבן געוויזן אָפענעם ווידערווילן פאר דער לעסטערונג פון דעם ריטואל פון דער געטין אישתר, וואָס איז פון קדמונים פאַרהייליקט געווען ביים פאָלק פון בבל.

דער כיטרער בלשאצר האָט גאנץ גוט געוווסט, אז נישט צוליב דער פארשוועכונג פון דעם הייליקן ריטואל קרימען זיי זיך אזוי, די כהנים פון בל־מרודך, מאכן אומצופרידענע גרימאסן, האלטן זיך צוריק פון דער עבודה. זיי ווערן אויפגעפרעסן פון קנאה איבער דעם פרסום, וואָס די קדשה גימיל געווינט פאר דעם טעמפל און די כהנים פון אישתר. פון בלשאצר׳ס אויג איז נישט פארהוילן געווען די ביטערקייט, וואָס דער כהן־גדול פון בל־מרודך, דער מעכטיקער שראצר־בל, ווייזט ארויס גאנץ אָפן פאר אלע סריסים. אָט זיצט ער דאָרט, אָן אָפגעגאָלטער ביז צו דער הויט פון זיין גרויסן קאָפּ, קוקט בייז און שטעכעדיק מיט די ברייט־צעעפנטע אויגן, נאקעטע פון ברעמען (ער איז דער איינציקער, וואָס איז משמש דעם גאָט, טאָר ער, בכן, נישט האָבן קיין האָר, אז קיין כינה זאָל, חלילה, נישט פאלן פון די האָר אויפן גאָט). ער איז בייז, דער כהן־גדול, וואָס עס איז אים נישט געלונגען צו פאנגען די שיינע גימיל און זי האלטן אָפגעשלאָסן מיטן טויטן גאָט אין זיין גאָלדענעם חדר אין דעם טעמפל על־סעגילא. נאָר ער אליין, דער כהן־גדול, וואָלט געהאט דאָס רעכט אריינצוקומען אין דעם קדשי־קדשים. ווו דער גאָט געפינט זיך, צו באקומען פון דער פרוי דעם אָראקל, די ידיעות, וואָס דער גאָט פארטרויט איר. ער אליין, שראצר־בל, וואָלט פארבליבן מיט איר ביחידות ווי דער פארטרעטער פון דעם גאָל־דענעם גולם. בלאשאצר האָט געקוואָלן פון נחת וואָס ער האָט אריינ־געקראָגן די שיינע גימיל אין זיין רשות, איידער די כהנים פון בל־מרודך האָבן זי געפאנגען, — נאָך א נצחון, וואָס ער האָט אָפגעהאלטן איבער

זיינע קאָנקורענטן און שונאים, מיט וועלכע זיין פאָטער און ער זענען גאָרנישט געווען שווה־בשווה, זינט זיין פאָטער, דער מלך נאַבוניד, האָט אָנגעהויבן פראָטעזשירן אַנדערע געטער און זיי געבראַכט קיין בבל, כדי אָפּצושוואַכן די השפעה פון די כהנים פון בל־מרודך איבער דעם פאָלק פון בבל.

נאָך א גרופּע איז געווען אין טראַן־זאַל ביים גרויסן פעסט, וואָס האָט דערצערנט דעם קעניג בלשאצר פאַר זייער האַלטן זיך צוריק פון דער עבודה און דער אָפענער אומצופרידנקייט, וואָס זיי האָבן זיך דער־וועגט אַרויסצוווייזן. פאַר דער גרופּע האָט ער נישט געהאַט קיין אָפּשיי, ווי פאַר די אַלמעכטיקע כהנים פון בל מרודך, און איז אפילו גרייט גע־ווען זיי צו באַשטראָפן גלייך אויפן אָרט.

אין א ווינקל פון טראַן־זאַל זענען געווען אויסגעזעצט אויף בכבודיקע אָנלען־שטולן די שרים פון די גולי־יהודה, מיט די פרינצן פון קעניגלעכן בלוט בראש, וואָס עס איז זיי געגעבן געוואָרן דער רשות און אפילו גע־לייגט געוואָרן אויף זיי ווי א חוב בייצוזיין ביי איטלעכער פייערונג אין קעניגלעכן הויף, זינט אוויל־מרודך, דער זון פון מלך נבוכדנאצר, האָט באפרייט יהויכין, דעם מלך פון יהודה פון תפיסה און אים צוריק דערהיי־בן צו זיין קעניגלעכן כבוד איבער אלע אַנדערע פרינצלעכע וואַסאַלן, וואָס האָבן זיך געפונען ביים קעניג אין בבל.

זיי האָבן באַווינט א פּאַלאַץ ביים איינגאַנג אין דער פּראָצעסיע־גאַס ביי דעם אישתר־טויער, און דער קעניגלעכער הויף האָט באַזאָרגט אַלע זייערע הצטרכותן. קיין מלך פון יהודה, וואָס האָט פאַרנומען דעם כסא־המלכות, האָט מער נישט געלעבט, דערפאַר האָבן די זין און אייניק־לעך, די אלע, וואָס שטאַמען פון דעם קעניגלעכן בלוט פון בית־דוד, גע־האַט אין בבל דעם סטאַטוס פון פרינצן, און אַזוי זענען זיי באַהאַנדלט געוואָרן דורך די אַלע רעוואָלוציעס און איבערקערענישן, וואָס זענען פאָר־געקומען אין דעם קעניגלעכן הויף, סיי ביי דער קורצער ממ־שלה פון נרגל שראצר, אָדער רב ־ מג, נבוכדנאצר'ס חייל־פירער, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין דער מלחמה קעגן יהודה, סיי ביי דער איצטיקער הערשאַפט פון מלך נאַבוניד און זיין זון, בלשאצר. און דווקא אין דער צייט פון דעם איצטיקן רעזשים איז צו די פרינצן פון בית־דוד, די אָנגעזעענע שרים פון די כהנים און די לוויים צווישן די גולי־בבל צוגעקומען א נייער סאָרט יידישע שררות, וואָס האָבן צוגלייך מיט די יחסנים פון די בני־דוד, אויב נישט נאָך אין א העכערן גראַד, נהנה־געווען פון אלע פרינצלעכע רעכט און פריווילעגיעס. דאָס זענען געווען פרינצן פון גרויסהאַנדל, באַנקירן, פאַדריאַטשיקעס, סו־חרים אין אימפּאָרט און עקספּאָרט. אַזוי האָט די וואַסער־שפּעדיקע קאָלאָ־ניע תל־אביב, וואָס די נביאים, ירמיהו און יחזקאל, האָבן געהאָלפן מיט זייער נביאישן וואָרט אין איר אויפבלי און וווקס, אַנטוויקלט א ברייטן עק־

ספּאָרט־האַנדל אין אַגראַר־פּראָדוקטן, אין איילן און ווײַנען, געפֿירט דורך דעם וואַסער־וועג פֿון טייך כבר און זײַנע קאַנאַלן, און געשאַפֿן אַ נײַעם סוחרישן עלעמענט צווישן די בני־הגולה. עס איז דאָרט געווען אַן עלע־מענט סוחרים, וואָס דער קעניגלעכער הויף גופא, מיט די העכסטע מושלים בראש, האָט געשטיצט. מלך נאַבוניד אַליין און נאָך מער דער יורש־עצר בלשאצר זענען בײַדע געווען אָפֿענע אָדער שטילע שותּפֿים אין די געשעפֿטן און אונטערנעמונגען פֿון ייִדישע פּאַדריאַטשיקעס, בעלי־בתּים פֿון הײַזער, שיף־באַזיצערס. דאָס חשיבֿות פֿון סוחרים־שטאַנד איז, בכן, אַזוי הויך געווען, אַז די סוחרים זענען געשטאַנען אויף איין פֿוס מיט די ייִדי־שע פּרינצן, די פֿאָרשטייער פֿון די בני־הגולה אין קעניגלעכן הויף.

אויך געפֿינען זיך דאָ, בײַ דעם גרויסן פֿעסט אין בלשאצרס פּאַלאַץ, די ברידער נבֿא־גד און מרדכי־גד, פֿון דער באַרימטער עקספּאָרט־פֿירמע „די מוראָשוס פֿון ניפּפּור", דער שיף־מאַגנאַט מלכּיה־גבֿרא און דער שקלאַפֿן־הענדלער אמא־בר, וואָס פֿירן די גרויסע געשעפֿטן פֿאַרן יורש־עצר. אין זייערע פֿיל־קאָלירעדיקע מאַנטלען, מיט שווערע רינגען אויף די פֿינגער און חותם־קייטן אויפֿן האַלדז, פֿאַרנעמען זיי פּלעצער פֿון כּבֿוד אין דעם טראָן־זאַל, אינאיינעם מיט די פּרינצן פֿון בית־דוד, די פֿאָרשטייער פֿון די כּהנים און די בני־יהוידע, די פֿאָרשטייער פֿון די לוויים. צווישן די ייִדישע פּרינצן נעמט זיך אויס דער יונגער פּרינץ זרובבֿל, זון פֿון שאלתּיאל, אייניקל פֿון מלך יהויכין. זרובבֿל איז שוין געבוירן געוואָרן אין בבֿל און איז אויפֿגעצויגן געוואָרן, אונטער דעם קעניגס שוץ, אינאיינעם מיט אַנדערע בבֿלישע פּרינצן.

די בני־הגולה האָבן פֿון נבֿוכדנאצרס צײַטן אָן מיט גרויס מסירת־נפֿש אויסגעקעמפֿט פֿאַר זיך די פּריווילעגיע צו האַלטן זיך אָן דער אמו־נה, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך פֿון זייער היים, פֿרײַ, להיפּוך צו אַלע אַנדערע געפֿאַנגענע פֿון פֿרעמדע מדינות, פֿון צו דינען די געטער פֿון בבֿל. פֿיל גולים זענען, צוליב דער געטרײַשאַפֿט צו דער אמונה פֿון זייערע עלטערן, פֿאַרברענט געוואָרן אין קאַלך־אויוונס, געוואָרפֿן געוואָרן אין לייבן־גריבער, אומגעקומען דורך אַנדערע מיתות משונות. דאָס האָט אָבער נישט געבראָכן דעם מוט פֿון די לעבנגעבליבענע, ביז זיי האָבן, לסוף, נאָך אונטער נבֿוכדנאצרס ממשלה, געוווּנען פֿאַר זיך דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אין אייגענע קאָלאָניעס, צו האַלטן זיך צוזאַמען אין קהילות אין די שטעט, צו פּראַווען זייערע אייגענע ימים־טובֿים, צו בויען זייערע אייגענע בתּי־כּנסיות. מיט די בתּי־כּנסיות, די ערשטע, וואָס ייִדישע גולים האָבן אַמאָל געבויט אין גלות, זענען אויך געשאַפֿן געוואָרן די ערשטע תּפֿילות אין גלות, תּפֿילות, וואָס האָבן אויסגעדריקט געטרײַשאַפֿט צום גאָט פֿון ישׂראל, בענקשאַפֿט נאָך ירושלים, האָפֿענונג און הייסע ווונטשן פֿאַר אַ גיכער גאולה. דווקא דאָ, אין גלות, האָבן זיי זיך געקלאַמערט מיט זייערע וואַרעמע הערצער אָן דעם גאָט פֿון ישׂראל, געהאַלטן זיך פֿעסט אָן זײַנע

געבאָטן, וואָס זיי האָבן זיי געהאַט פאַרלאָזט און פאַרגעסן בשעת זיי זענען געזעסן אויף זייער אייגענער ערד.

דערפאַר זענען זיי אַזוי אויפגערודערט געוואָרן אין זייער האַרץ, אַזוי פאַרציטערט און אַנגעשראָקן, ווען זיי האָבן געזען ווי דער מלך פאַרוואַנ־דלט דעם אונטערהאַלט, צו וועלכן זיי זענען גערופן געוואָרן, אין אַ ריטואַל פאַר דער עבודה־זרה פון דער געטין אישתר. וואָס זיי זענען פריי געווען, זינט אוויל־מרודכס צייטן, פון אָנטייל צו נעמען אין דעם, אָדער אפילו נאָר בייצוזיין דערביי. און זיי האָבן נישט פאַרפעלט צו ווייזן די ביי־טערקייט אויף זייערע פּנימער, וואָס דער מלך און זיינע שרים האָבן דאָס אויך נישט פאַרפעלט צו באַמערקן.

„איך זע, אַז אַלע, וואָס זענען פאַרזאַמלט דאָ, הערן פון פיל מדינות און פעלקער אין אונזער גרויסן קעניגרייך, גיבן אָפּ כבוד דער מוטער פון די געטער, דער קעניגין פון הימל, אישתר. נאָר נישט די פּרינצן פון יהודה, וואָס האַלטן זיך צוריק, און אַזוי אויך די אַנדערע עבֿרים" — רופט אויס דער קעניג בלשאצר.

די פּרינצן פון יהודה זענען בלייך געוואָרן פאַר שרעק, און אַזוי די אַלע, וואָס זענען געזעסן הינטער זיי. די קעלן פאַרקלעמט, די ליפּן שטייף פאַרשלאָסן, די הערצער שלאָגנדיק אין אַלאַרם, זענען זיי געבליבן זיצן, פאַרשטיינטע, אויף זייערע ערטער, נישט צו וויסן וואָס צו ענטפערן.

זרובבל האָט געקוקט אויף זיין פאָטער שאלתיאל, דעם עלטסטן פון בית־דוד. זיין יוגנטלעך פּנים האָט אָפּגעשפּיגלט דעם פלאַם פון כעס. וואָס האָט געפלאַקערט אין זיין האַרץ. וועט דער עלטסטער פון בית־דוד אויפ־הייבן זיין קול און זאָגן אין נאָמען פון זיינע אָבֿות, מלך דוד און מלך שלמה, דעם קעניג בלשאצר דאָס וואָרט, וואָס וועט אָפּקלינגען פאַר אַלע נאָכקומענדיקע דורות? ניין, דער עלטסטער פון בית־דוד האָט גע־שוויגן. די רוט פון קעניג נבוכדנאצר, וואָס האָט געפּאַסעוועט דעם רוקן פון זיין זיידן, דעם מלך יהויכין, האָט געדריקט אויף דעם געמיט פון זיין פאָטער, געבויגן זיין רוקן צו די פיס פון קעניג בלשאצר, ווי זיין, שאל־תיאלס, פאָטער איז געלעגן צו די פיס פון קעניג נבוכדנאצר. דער יונגער זרובבל האָט זיך דערמאָנט אין אַן אַנדער יונגנמאַן, וואָס האָט זיך דער־וועגט צו נעמען די נקמה פון גאָט אין די אויגן פון די בני־ישראל. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער נקמה פון פּנחס בן־אליעזר. און אַזוי האָט ער, זרובבל, זיך דערוועגט צו רעדן אין דעם נאָמען און אין פּנים פון די זקני־ישראל, וואָס זענען געזעסן מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ און פאַר־שטעלטע פּנימער, פאַרשטיינטע פון בלשאצרס ווערטער:

„גרויסער קעניג, מעג מיר, דעם ייִנגסטן פון מיין פאָטערס הויז, באַ־שערט און באַווילִיקט זיין צו רעדן אין נאָמען פון מיין פאָטער און די זקני־ישראל? דער גרויסער קעניג אוויל־מרודך אַליין האָט אונז, עבֿרים פון די גולי־יהודה, באַווילִיקט דעם רשות אויסנצובלייבן פון דער עבודה

פאַר די געטער פון בבל און צו ריכטן אונזער אייגענע עבודה פאַר דעם גרויסן גאָט פון די עברים״.

„צוויי מאָל האָסטו דיך פאַרזינדיקט, פּרינץ פון יהודה — האָט זיך אָנגערופן דער קעניג מיט באַהערשטן איינגעהאַלטענעם צאָרן — האָסט דיך דערוועגט אָנצורופן אוויל־מרודך גרויס אין דעם דאַזיין פון קעניג נאַ־בוכדנ׳ס יורש־עצר און זיינע גרויסע אָבות. האָסט דיך אויך דערוועגט אָנצורופן דעם גאָט פון די עברים גרויס אין דעם דאַזיין פון דער גרויסער געטין, דער מוטער פון די געטער, דער קעניגין פון הימל, אישתר, און אין דעם דאַזיין פון די כהנים פון אונזער גרויסן גאָט בל־מרודך. זעץ דיך אויף דיין אָרט, פּרינץ פון יהודה, פון מיין ווילן און מיין משפט וועסטו שפּעטער געוואויר ווערן. נאָר אויב די עברים, שרים פון בבל און אירע פּראָווינצן — רופט־אויס דער קעניג — ווילן נישט אָנטון כבוד דער גרוי־סער געטין אישתר, ווי עס קומט איר, זאָל זייער גאָט אליין קומען און צוטראָגן מס־אַפּצאָל דער גרויסער געטין, שאַצמייסטער מתרדת!״.

פון צווישן דעם קעניגס מקורבים האָט זיך אויפגעהייבן דער שאַצ־מייסטער מתרדת אין זיין גאַנצער פּרעכטיקער טראַכט, מיט דער קייט פון זיין אַמט הינטער דער געקאַרבטער באָרד, און זיך געשטעלט, א טיף־געבייגטער, פאַרן טראָן:

„וואָס איז דיין ווילן, גרויסער קעניג?״.

„נעם אַרויס פון די שאַצקאַמערן די גילדערנע און זילבערנע כלים, וואָס מיינע גרויסע אָבות האָבן געטראָגן אין טריאומף פון דעם בית־המקדש אין ירושלים, און ברענג זיי אַהער. און די פּרינצן פון יהודה און די כהנים פון דעם גאָט פון יהודה וועלן דעמפן בשמים פאַר דער גרויסער געטין אישתר און טרינקען פון איר כבוד וועגן פון זייערע בעכערס״.

א שטיל געשטיקט יללה׳דיק געוויין איז דערגאַנגען פון דעם עק זאַל, ווו די יידישע מסובים זענען געזעסן.

איינער נאָכן אַנדערן זענען זיי אַריינגעטראָטן, די חיילס־לייט, גע־פירט פון דעם שאַצמייסטער, באַלאָדענע מיט גילדערנע און זילבערנע כלים, — פאַנען, קרוגן, וויין־בעכערס. אין א פייערלעכן פּראָצעסיע־גאַנג, מיט פּאַמעלעכע געמאָסטענע טריט, האָבן זיי צוגעטראָגן די כלים צו א לאַנגן, מיט פּרוכת׳ן איבערגעדעקטן טיש, און זיי אויסגעשטעלט אַנטקעגן דעם טראָן פון דער קדשה, אישתר־גימיל.

דאָס שימערדיקע גאָלד און זילבער פון די כלים מיט זייערע אויס־טערלישע פאָרעמס, האָבן פאַרכאַפּט יעדעס אויג. קיינער פון די מסובים האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזעלכעס אין קיין קעניגלעכן הויף, אין קיין טעמפּל. אָנגעשפּאַרנט פון נייגיריקייט צו באַטראַכטן פון דער נאָענט די כלים פון דעם באַרימטן פרעמדן גאָט פון די עברים, וואָס קיינער האָט נישט געזען זיין געשטאַלט, נאָר זיין רום האָט זיך געטראָגן איבער אַלע פעלקער, האָבן די מסובים זיך דערוועגט צוצוקומען נעענטער צו דעם

טיש, וואָס האָט געהאַלטן אויף זיך די כלים פון דעם מיסטעריעזן בית־המקדש אין ירושלים.

נאָר די עברים אליין האָבן אויפגעהייבן די פאָלעס פון זייערע מאַנטלען און פאַרשטעלט זיך מיט זיי די פּנימער, אויס מורא צו פאַרשוועכן, חלילה, מיטן בליק די הייליקייט פון די כלים. און א געשטיקטע יללה האָט ווידער אויסגעבראָכן אין דעם עק זאַל.

בלשאצר האָט זיך אויפגעהייבן אין זיין גאַנצער הייך, איז זיין געטורעמטער קאָנוס־פאָרמיקער קרוין, איז אויך צוגעגאַנגען מיט פּאַמעלעכע טריט צום טיש אויסגעקליבן פאַר זיך איינעם פון די פיל בעכערס, אים אויסגעשטרעקט אין דער זייט פון דעם שר־המשקה. און ווען דער שר־המשקה האָט אָנגעפילט דעם בעכער מיט וויין, האָט בלשאצר אים אויפגעהייבן אנטקעגן דער קדשה גימיל און אויסגערופן אויף א הויך קול:

„פאַר דער קעניגין פון הימל, מוטער פון אלע געטער, הייב איך דעם בעכער פון דעם גאָט פון די עברים פאַר דיין גלאָריע, פאַר דיין כבוד!".

נאָר איידער ער האָט נאָך צוגעטראָגן דעם בעכער צו די ליפּן, האָט ער דערהערט הינטער זיך א גערודער און אן אויפריר. א גערויש און א מורמל פון שרעק האָט, ווי א ווינט, דורכגעצויגן איבער דעם גאַנצן געמאַך. דער קעניג האָט זיך ארומגעקוקט און דערזען ארויסגעזעצטע גרויסגעוואָרענע אויגן, אלע, שטאַרנדיק מיט וווּנדער, געווענדעט צו איין פּונקט. אויף דער וואַנט, אונטער דעם רעליעף־בילד, וואָס ווייזט נבוכדנאצרן אויף זיין טראָן, מיט די שרי־הטבחים, ווי זיי האַקן־אָפּ קעפּ פון יידישע געפאַנגענע און וואַרפן זיי צום קעניגס פיס, האָבן פינגער פון א מענטשלעכער האַנט געשריבן אויף דער נאַקעטער ליים־וואַנט אין א פרעמדער שריפט. די האַנט פאַרשווינדט, נאָר די שריפט בלייבט אויף דער וואַנט, פאָדערט פּיתרון.

בלשאצר איז בלייך געוואָרן אונטער זיין געטורעמטער העלם־קרוין, די קני האָבן געקלאַפּט ביי אים איינס אין אַנדערן, ער האָט זיך געוואַקלט צום פאַלן. פּונקט אַזוי זענען אויך געטראָפן געוואָרן אלע זיינע גרויסע לייט, אלע מסובים. א פּאַנישער פּחד איז זיי באַפאַלן, און אויפגעריסענע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט שטום אין חלל. דער בעכער איז געפאַלן פון קעניגס האַנט. ער האָט מער נישט געזען די קדשה גימיל. ער, ווי אלע זיינע מסובים, האָבן פאַרגעסן אין איר. די בלאָנדזשענדיקע אויגן זענען געבליבן הענגען אויף דער מיסטישער שריפט, וועלכע האָט זיך ארויסגעהייבן שאַרף און בולט פון דער וואַנט, ווי אויסגעהאַמערט פון אייזן. שטום און שווייגנדיק האָט זי געמאָנט באַשייד, אַנטפּלעקונג פון דעם סוד, וואָס זי באַהאַלט אין אירע צייכנס.

„ווו זענען מיינע שטערן־זעערס, מיינע צויבער־שפּרעכערס?" — האָט בלשאַצר הויך אויסגערופן.

זיי זענען שוין דאָרט געווען. זיי זענען שטענדיק געשטאַנען מוכן־

ומזומן אויפן קעניגס באפעל. קיין פעסט אָדער אונטערהאַלט, קיין עבודה אָדער ספּאָרט־שפּיל איז נישט אונטערגענומען געוואָרן אין קעניגלעכן הויף איידער מען האָט זיך נישט פריער אָנגעפרעגט ביי די שטערן־זעערס, וואָס די מזלות זאָגן־צו פאַר דעם קעניג. די שטערן־זעערס זענען דערפאַר שטענדיק נאָענט פון קעניג, טרעטן קיינמאָל נישט אָפּ פון אים.

שוין שטייען זיי, אין זייערע פאַנטאַסטישע הויכע מיצן, טייל באַ־שטעקט מיט הערנער, אין פאַרביקע קליידער, קוקן זיך שאַרף איין אין דער שריפט, האָבן א שקלא־וטריא צווישן זיך, קאָנען נישט קומען צו קיין מסקנה. און דער קעניג מיט אַלע זיינע משרתים שטייען דערוויל אָן אַן אָטעם, אומגעדולדיק צו הערן דעם באַשייד. לסוף טרעטן די שטערן־זעערס אָפּ פון דער וואַנט, וואַרפן זיך מיט די פּנימער צו דער ערד פאַרן קעניג:

„דער פּיתרון פון דער געשריפטס איז פאַרהוילן פון אונז, גרויסער קעניג".

„די כשדים!" — האָט דער קעניג אויסגערופן אין א ווילדן אויסגעשריי.

די כשדים, אין שטערן־מאַנטלען באַקליידט, האָבן געבראַכט מיט זיך אויף אַן אַלאַבאַסטער־טאַץ א פרישן לונג־און־לעבער, אָקאָרשט אויסגע־שניטן פון א לעבעדיקער בהמה. זיי האָבן געפּאָרשט די ליניעס פון דער שריפט, פאַרגליכן זיי מיט די אָדערן־געוועבן אין דעם לונג־און־לעבער. זיי האָבן אויך א הייסן וויכוח צווישן זיך, א שקלא־וטריא, ווי די שטערן־זע־ערס, און קאָנען אויך נישט קומען צו קיין מסקנה. לסוף קומען זיי אויך צו צום קעניג, וואַרפן זיך מיט די פּנימער צו דער ערד פאַר אים.

„דער באַשייד פון דער שריפט איז פאַרהוילן פון אונז, גרויסער קעניג".

„אַפּווישן! אַפּמעקן!" — רופט־אויס דער קעניג — „אויב דער פרעמ־דער גאָט וויל נישט אַנטפּלעקן זיין סוד פאַר אונז, זאָל ער פאַרשווינדן. מיר האָבן אונזערע אייגענע געטער. מיר האָבן אונזערע געטער, וואָס זענען שטאַרקער פון אים. שרים פון בבל, לאָמיר אַלע פאַרערן און אָפּ־פערן די גרויסע געטין אישתר, די קעניגין פון הימל".

און אָט שטייען שוין שקלאַפן מויערער און פּרווון מיט שלייף־שטיינער אָפּרייבן די שריפט פון דער וואַנט. די שריפט לאָזט זיך נישט אָפּמעקן, פאַרטינקעוועט זיי דעם פלעק מיט ליים.

„צוריק צו אונזער געטין!" — רופט־אויס דער קעניג.

אָבער דעם קעניגס רוף איז שוין געווען א רוף אין א הוילע פּאַס. איט־לעך אויג איז געווען אָנגעהאָנגען אויף דער וואַנט, ווו די שריפט האָט דורך דעם פייכטן טינק אַרויסגעוויזן זיך מיט איר ערשטער קלאָרקייט און בו־לטקייט. וואָס געדיכטער און דיקער די שיכט ליים, וואָס די שקלאַפן האָבן געלייגט אויף איר, אַלץ בולטער און אַלץ מאָנענדיקער איז זי. דאַכט זיך, פאַרגעקומען, און זי האָט געשטאַרט, ווי א שליח פון הימל, און געפּאָדערט באַשייד. איטלעך הארץ איז געווען געליימט מיט שרעק פאַר דעם אומבאַ־ווּסטן, און איטלעך אויג איז געווען צוגעקלעפּט צו דער וואַנט.

„וועט מיר קיינער נישט זאָגן קיין באשייד? איז נישטאָ קיינער, קיי־נער, וואָס זאָל מיר דערקלערן דעם טייטש פון דער שריפט?" — האָט דער קעניג אויסגעשריגן אין פארצווייפלונג. — „איך מוז דאָך עס וויסן. מיר מוזן אלע וויסן, וואָס די שריפט מאָנט פון אונז" — האָט דער קעניג גע־שטרעקט די הענט צו זיינע שררות.

פלוצלונג איז פון די אינעווייניקסטע געמאכן ארייַנגעטראָטן, באגלייט פון אירע באדינערינס, א זייער אלטע פרוי. זי איז געווען דין און אויס־געדאַרט ווי א מומיע. די באדינערינס האָבן זי מער געטראָגן ווי זי איז געגאנגען מיט איר אייגענעם כוח. דער טראָן־זאל האָט אויפגעציטערט ביי איר ארייַנקומען, און די גרויסע שרים פון בבל, די חייל־פירערס, אפילו די כהנים האָבן זיך אויפגעהייבן פון די ערטער און זי באגריסט מיט טיפן פארנייג, ווארום זי איז געווען די אלטע קעניגין, דאָס ווייב פון אוויל־מרודך, די איינציקע, וואָס איז נאָך פארבליבן צווישן די לעבעדיקע פון דער אלטער דינאַסטיע פון גרויסן נבוכדנאצר. די נייע הערשער האָבן זי געשוינט און זי געלאָזט לעבן, ווען זיי האָבן פארכאפט די מאַכט.

מען האָט צוגעפירט די אלטע קעניגין צו קעניג בלשאצר. זי האָט אָנגעהויבן מיט א קלאָר קול:

„שיק נאָך דניאלן. ער וועט דיר זאָגן דעם פיתרון פון דער שריפט".

„ווער איז דניאל?" — פרעגט דער קעניג פארוואונדערט, — „וואָס קאָן מיר אויפקלערן דאָס, וואָס די שטערן־זעערס און די כשדים האָבן נישט געקאָנט אויפקלערן?".

„ער איז א מאן, וואָס דער גייסט פון הייליקן גאָט רוט אויף אים. דאָס, וואָס די שטערן־זעערס, די צויבער־שפּרעכערס און די כשדים האָבן נישט געקאָנט פותר זיין, האָט ער דאָס געטאָן. ער האָט פותר געווען די חלומות פון דיין פאָטער, דעם גרויסן נבוכדנאצר".

ווען די אלטע קעניגין האָט ארויסגעזאָגט דעם נאָמען „דניאל", האָבן די עלטסטע פון די מסובים, וועלכע האָבן נאָך געדינט אונטער נבוכ־דנאצרן, זיך דערמאָנט אין דעם וואונדערלעכן מאן פון זייער צייט.

„אָ, דאָס איז דער, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן אין א ברענענדיקן קאלך־אויוון, און ער איז ארויס פון דאָרט אן אומבאשעדיקטער. אין דער גרוב מיט לעבעדיקע לייבן, האָט ער מתפלל געווען צו זיין גאָט, און די לייבן האָבן געקניט צו זיינע פיס".

„דניאל, דאָס איז דער, וואָס האָט דעם קעניג פותר חלום געווען".

„דניאל, דער קליגסטער פון אלע מענטשן, ער לעבט נאָך?".

„דניאל, דניאל", — האָט זיך געהערט פון אלע זייטן און אלע ווינקלען.

„און ווו קאָן איך אים געפינען?" — פרעגט דער קעניג.

„ער איז איינער פון זיי", — ווייזט די אלטע קעניגין אין דער זייט פון די עברים.

„זיי? די עברים?“.

„יאָ. זיי ווייסן ווו אים צו געפינען“.

„פּרינצן פון יהודה, ווייסט איר, ווו דניאל געפינט זיך, וואָס קאָן מיר געבן דעם פּיתרון פון דער געהיימער שריפט?“.

„ער געפינט זיך צווישן אונז, אין פּרינצלעכן הויף, ביי די טויערן פון גרויסן מויער, ער מיט זיינע תלמידים, די נביאים. זאָל דער קעניג שיקן מיט אונז באַגלייטערס, וועלן מיר אים ברענגען אַהער“.

„איך וועל שיקן נאָך אים מיין טראָג־שטול, אין פּורפּל וועל איך אים אָנקליידן, א גילדערנע קייט אויפן האַלדז וועל איך אים אָנטון, און ווי א דריטער אין דער מלוכה וועט ער געוועלטיקן, אויב ער וועט קאָנען איבערלייענען דאָס געשריפט און מיר מאכן וויסן דעם פּיתרון דערפון“, — רופט אויס דער קעניג.

עטלעכע שרים פון בבל זענען אוועק מיט די פּרינצן פון יהודה אין שליחות פון קעניג צו ברענגען דניאל'ן אין קעניגס הויף אריין אויף דעם קעניגס טראָג־שטול.

זיי זענען געבליבן אלע אויף זייערע ערטער, פאַרשטיינערט פון נישט־וויסן, וואָס די שריפט אויף דער וואַנט האלט פאר זיי. אלע האָבן זיי איצט פאַרגעסן אין דער קדשה אישתר. אויך בלשאצר האָט נישט מער געפּרוווט ברענגען די מסובים צוריק צו דער קדשה. די כהנים פון אישתר האָבן זיך פאַרשטעלט פון די אויגן פון עולם מיט טיכער־פאַרהאנגען.

לסוף האָבן די פּרינצן פון יהודה און די שליחים־באַגלייטערס אריינגעפירט אַן אלטן מאן, איינגעהילט אין ווייסן. פון זיין אקסל און ארויף האָט ער זיך אויפגעהויבן פון דער גרופּע יונגעלייט, זיינע תלמידים, וואָס האָבן אים אזוי ענג ארומגערינגלט, ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט צולאָזן, אז א פרעמדער גוף אָדער האנט זאָל אים באַרירן. די אויגן זיינע זענען כמעט געווען איינגעהילט אין שאָטן פון זיינע לאנגע ווייסע ברעמען. דער קאָפּ איז ביי אים געווען באדעקט מיט א ווייסן דעקטוך, און די ווייסקייט פון זיין באָרד האָט ארויסגעהעלט אנטקעגן דער ווייסקייט פון זיין קלייד.

„קום, דו געטלעכער מאן, וואָס דער גייסט פון די געטער איז אין דיר, קום, איך האָב געהערט, אז קיין זאך איז נישט פאַרהוילן פון דיר. קום, מאך מיר וויסן דעם פּיתרון פון דער שריפט. איך וועל דיך אין פּורפּל אָנקליידן, א גילדערנע קייט אויף דיין האלדז אָנטון און ווי א דריטער אין דער מלוכה וועסטו געוועלטיקן“.

„דיינע מתנות זאָלן בלייבן ביי דיר, און דיינע באלוינונגען גיב אַן אנדערן“, — האָט דער אלטער מאן אוועקגעשאַרט פון זיך די גילדערנע קייט, וואָס דער קעניג האָט אים אנטקעגנגעטראָגן. — „אָבער די געשריפטס וועל איך דעם קעניג איבערלייענען און דעם פּיתרון וועל איך אים מאכן וויסן“.

מען האָט צוגעפירט דעם אלטן מאַן צו דער וואנט. ער האָט לאנג געקוקט אויף דער שריפט. דערנאָך האָט ער געווענדעט דאָס פּנים צו דעם אויסגעבלייכטן, מיט א קלאַפּעדיק האַרץ אויסוואַרטנדיקן בלשאצר.

„אנטקעגן דעם האַר פון הימל האָסטו דיך דערהייבן, און די כלים פון זיין הויז האָט מען געבראַכט פאַר דיר, און דו, און דיינע גרויסע לייט, און דיינע קעבס־ווייבער האָבן וויין געטרונקען אין זיי. דעם גאָט, וואָס דיין נשמה איז אין זיין האַנט, האָסטו נישט געאַכפּערט. דאָס איז דאָס געשריפטס. וואָס איז דאָ אָנגעצייכנט געוואָרן: „מנא מנא תקל ופרסין". און דאָס איז דער פּיתרון פון דער זאַך: מנא, גאָט האָט אָפּגעציילט דיין מלוכה, און האָט זי געענדיקט; תקל, דו ביסט געוווגן געוואָרן אויף א וואָגשאָל, און ביסט געפונען געוואָרן פעלנדיק; פּרס, דיין מלוכה ווערט צעטיילט און אוועקגעגעבן צו פּרס".

בלשאצר, א פאַרציטערטער, קוקט שטום אויף זיינע גרויסע לייט; די גרויסע לייט, אויך אין הוילער ציטערניש, קוקן אים אָן. און איידער ער ווייסט נאָך וואָס צו זאָגן אָדער צו טאָן, ערשט א דערשראָקענער און אָן אָפּגעהעשעטער שליח רייסט זיך אין זאַל אריין, וואַרפט זיך מיטן פּנים פאַרן קעניג און רופט־אויס:

„אדוני מלך, כורש איז אריבער דעם טייך חדקל ביי דער שטאָט ארבעלא און גייט אויף בבל!".

עס איז געוואָרן א בהלה. די שררות פון בבל האָבן פאַרלאָזט זייערע ערטער פון כבוד. זענען געשפּרונגען און געקראָכן, אין זייער פּאַראַדנער הלבשה, מיט זייערע געקעמטע בערד, איינער איבערן אנדערן. עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: „צו די רייטוועגן!". דאָס האָבן די חייל־פירערס געשריגן אין גרויס צעטומלטקייט און זיך געדרענגט ארום דעם מבולבל־געוואָרענעם קעניג. אנדערע האָבן געררופן: „צו די מויערן! צו די מויערן!". טייל האָבן, אָן שום רשות, פאַרלאָזט דעם טראָן־זאַל, געלאָפן אין אלארם אהיים, אין די פּראָווינצן, אָפּצוראַטעווען זייער האָב־און־גוטס, צו שיצן זייערע אייגענע. אויס סדר, אויס מורא פאַר מלכות, אויס דיסציפּלין, וועלכע איז אזוי דעספּאָטיש־האַרט געהאלטן געוואָרן אין בבל. א טויטלעכער פּחד איז אַלעמען באַפאַלן. א פאַרגליווערטער אין אנגסטן, האָט בלשאצר געהערט די רופן פון זיינע חייל־פירערס — „צו די רייטוועגן! צו די מויערן!" — נאָר עפּעס אליין צו באַשטימען איז ער נישט געווען בכוח. און אין דעם אויפרודער, אין דער פּאַניק, וואָס האָט אַלעמען ארומגעכאַפּט, האָבן די גרויסע לייט פון בבל פאַרזען גאָר דעם געשלעג, וואָס האָט מיטאַמאָל אויסגעבראָכן צווישן די כהנים און בל־מרודך און די כהנים פון דער געטין אישתר. דער אויסגאַנג פון דער שלאַכט איז געווען, אז די כהנים פון מרודך, שטאַרקערע און אויך גרעסער אין צאָל, האָבן מנצח געווען די כהנים פון אישתר, האָבן אוועקגערויבט פון זיי די קדשה גימיל און זי אוועקגעטראָגן אויף די אַקסלען צום טעמפּל פון בל־מרודך.

# קאַפּיטל דריי

אין איינעם פון די קרומע פעסטונג־געסלעך ארום דער גרויסער שטאָט־טישער מויער־וואנט האָבן זיך אין מיטנבאכט צוויי שאָטנס באוויזן אויף דעם לבנה־באלויכטענעם טויער. די שאָטנס, אָפּגעוואָרפן פון צוויי מענטש־לעכע פיגורן, איינער א לאנגער, אן אויסגעצויגענער, דער צווייטער — א קורצער און א דיקער, האָבן זיך געשארט, ווי די מענטשן, מיט לאנג־זאמע טריט, סודותדיק און פאַרזיכטיק, און צוויי שטימעס האָבן בעת־מעשה זיך געהערט אין א שטילן מורמלען:

„ווער, זאָגט מען, איז דער נביא? פון וואנען קומט ער? ווו איז ער געווען ביז איצט? וואָס האָט ער געטאָן? ווער קען אים?" — האָט דער הויכער, אין א שווארצן מאנטל איינגעהילטער מאן געפרעגט זיין דיקלע־כן מיטגייער, אין א טאָן פון אומגעדולד און גרויס נייגיריקייט.

„מען ווייסט נישט, ווער ער איז, פריינץ זרובבל. מען ווייסט אויך נישט, פון וואנען ער קומט. קיינער קען אים נישט. פלוצלונג איז ער אויפ־געגאנגען צווישן די גולי־בבל. מען ווייסט נאָר, אז ער רופט זיך ישעיה, אויפן נאָמען פון דעם גרויסן נביא ישעיה, וואָס איז געווען אין יחזקיהו'ס צייטן, און ווי יענער, רעדט ער אויך אין נאָמען פון יהוה'ן: יהוה האָט אים געזאָגט, יהוה האָט אים באפוילן. דאָס וואָרט פון יהוה'ן איז אין זיין מויל אזוי ווי ביים גרויסן נביא ישעיה.

„וואָס זאָגן מענטשן אויף אים? ווער איז ער, ישעיהו?

„טייל זאָגן, אז ער איז טאקע דער נביא ישעיה, וואָס יהוה האָט אומ־קערט צוריק צום לעבן און געשיקט אים צו ברענגען זיין וואָרט פון נחמה און אמונה צו די גולי־בבל. אנדערע זאָגן, אז דער גייסט פון ישעיה האָט זיך באזעצט אין אים. אלע גלויבן דאָך אין אים, אז ער איז דער שליח פון יהוה'ן, אזוי ווי ער זאָגט אויף זיך, ווייל עס איז שווער אים נישט צו גלויבן ווען מען הערט אים רעדן".

זרובבל האָט זיך שטייפער איינגעהילט אין זיין שווארצן מאנטל, האָט געשוויגן א ווייל און דערנאָך זיך אָנגערופן:

„און ער האָט דיך געשיקט צו מיר מיר זאָגן, אז שריה בן־מחסיה לעבט נאָך און ער האָט ביי זיך די מגילה, וואָס ירמיהו האָט געשיקט מיט אים אין גלות אריין?".

„אזוי איז עס, פירשט פון יהודה. זיין זון, נריה בן שריה, וועט האלטן א שיפל אונטער דעם טויער פון געסל, וואָס וועט אונז פירן צו זיין פאָטער. דער פאָטער זיצט אין א ליימן הייזל ביים ברעג פון טייך פרת".

„פארוואָס האָבן מיר ביז איצט נישט געוווסט, אז דער שר שריה בן־מחסיה, וואָס האָט געבראַכט ירמיהו׳ס מגילה אין גלות, האָט געקענט און געזען דעם אומגליקלעכן מלך פון יהודה, צדקיהו׳ן, האָט געקענט און געזען דעם גרויסן נביא ירמיהו. ער איז מיט אונז, און מיר האָבן דערפון נישט געוווסט ?״.

„מען האָט אים אויסבאהאלטן פון די בבלער, פון אונזערע אייגענע מוסרים, וואָס קאָנען אים איבערגעבן אין די הענט פון אונזערע פייניקער. ער האָט זיך באזעצט אין א ליימען הייזל אויפן ברעג טייך — אָפּצוואַרטן דאָרט די צייט פון דער גאולה, ווען עס וועלן מקויים ווערן דעם נביא׳ס רייד. וועסט עס הערן פון אים אליין, פחת יהודה״.

זיי זענען לסוף צוגעקומען צו דעם מויער, דעם אינעווייניקסטן מויער, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן דעם טייך פּרת פון דער שטאָט, ווו דער גרויסער דרויסנדיקער מויער אַרום דער שטאָט האָט אָפּגעשלאָסן דעם אנדערן ברעג טייך. דער טייך פּרת איז געווען פאַרבונדן מיט דער שטאָט דורך א ריי קאַנאַלן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון טייך אונטערן מויער דורך בריק־געוועלבן אין שטאָט אריין און געשפּרייט זיך איבער דער שטאָט אין א געוועב פון וואסער־וועגן. א חוץ דעם, האָט איטלעך געסל געהאַט א צו־גאַנג צום טייך דורך א קליינעם טויער, וואָס איז געווען באוואכט פון שומרים, אויפזעערס איבער דעם וואסער־פאַרקער.

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין טויער מיט א הילצערנעם קלאַפּער.

„ווער גייט ?״.

„עפן־אויף דעם טויער פאַר דעם פירשט פון יהודה, זרובבל, און זיין באַגלייטער, ישוע בן־יוצדק״.

דער טויער האָט זיך געעפנט.

א שיפל האָט זיך געוויגט, געוואשן זיך אין די וועלן, אָנשלאָגנדיק זיך אָן די שפּאַנבאַלקנס פון דער וואַנט. א מאַן, וואָס זיין געהאַמערטע, שוואַרץ־בערדיקע פיזיאָנאָמיע און זיין ברייטפּלייציקע פיגור האָבן זיך אויסגעשניטן אין דעם לבנה־ליכטיקן חלל, האָט זיך אויפגעשטעלט אין שיפל און געהאָלפן פירשט זרובבל און זיין באַגלייטער, ישוע, זון פון כהן־גדול יוצדק, אריינ־שטייגן. שטום, נישט אויסצורעדן קיין וואָרט, האָט ער זיך גענומען גלייך צו די רודערס. ער האָט אריינגעפירט דאָס שיפל אין איינעם פון די קאַ־נאַלן, וואָס האָט זיך אָפּגעצווייגט פון טייך. אדורכגעשניטן א שטיק פון ברייטן קאַנאַל, האָט ער פאַרקערעוועט דאָס שיפל אין א שמעלערן אָפּ־צווייג, אין א ריטשקעלע, וואָס האָט זיך פאַרלוירן צווישן די פעלדער, און האָט, נאָך עטלעכע מינוט רודערן, אָפּגעשטעלט דאָס שיפל ביי א ליים־געקלעפּט הייזל, וואָס האָט זיך געהאַלטן האַרט ביים וואסער.

אויף דער שוועל פון הייזל האָט זיי אָפּגעוואַרט נריה, דער זון פון שריה. ער האָט באַגריסט דעם פירשט מיט א טיפן פאַרבייג און אים געהאָלפן ארויסשטייגן פון שיפל.

„נריה בן שריה?" — פרעגט פירשט זרובבל.

„יאָ. מיין פאָטער וואַרט אויף אייך אינעווייניק".

נריה בן־שריה האָט אריינגעפירט די געסט אינעווייניק אין דעם שטי־בל, וואָס איז געווען קוים באלויכטן פון אן ערדענעם אייל־לאָמפּ.

„מיין פאָטער וואַרט אויף אייך אויף זיין געלעגער, אין זיין ווינקל. ער בעט פארגעבונג ביים פירשט, וואָס ער האָט נישט געקאָנט ארויסקומען דעם פירשט מקבל־פנים זיין. ער איז קראנק אויף די פיס און קאָן נישט שטיין אויף זיי פאַר אלטקייט".

אויף א באנק־בעטל, איבערגעדעקט מיט שעפסן־פעל, איז געלעגן א בינטל ביינער, צוזאמענגעהאלטן דורך א פארמעט־איינגעשרומפּענער, מיט קנייטשן געקארבטער הויט. דאָס בינטל ביינער האָט זיך אָנגעטון א כוח אויפצוזעצן זיך, וואָס נאָך א ווייל האָט אים אין דעם צוגעהאָלפן זיין זון, און עס איז אים געלונגען. ער האָט מיט שווערקייט צוגעלייגט זרובבל׳ס האַנט צו זיינע ליפּן און אָנגעהייבן דווקא אין א קלאָר לשון:

„פרינץ פון יהודה, ביטער איז געווען דער כוס, וואָס גאָט האָט אונז דערלאַנגט דורך דער האַנט פון נביא: צו קושן די רוט, וואָס האָט אונז גע־שמיסן; שלום צו מאַכן מיטן פייניקער, וואָס האָט אויסגערויבט אונזער בית־המקדש, אויסגעליידיקט ירושלים פון אירע בעסטע קינדער און זי איבער־געלאָזט פארוואַרלאָזט ווי א וואַכביידל אין פעלד. נאָך דעם ווי נבוכדנאצר האָט אזוי אכזריות׳דיק באהאַנדלט דיין זיידן, דעם איידעלן מלך יהויכין, וועלכער האָט מיט צוטרוי זיך איבערגעגעבן אין זיין האַנט מיט זיין גאַנצער משפחה — פון וועגן דעם שלום פון זיין שטאָט, אים געהאַלטן ווי א חיה־רעה אין א תפיסה־שטייג זיין גאַנץ לעבן לאַנג, האָט אין אונזער האַרץ מער קיין שלום נישט געקאָנט וווינען. נישט גענוג איז נבוכדנאצר׳ן געווען דאָס גאָלד און דאָס זילבער, וואָס ער האָט ארויסגענומען פון דעם אוצר פון בית־המקדש; נישט גענוג די כלים פון גאָט, נישט גענוג דאָס עשירות פון אונזער לאַנד, נישט גענוג אונזערע בעסטע זין, אונזערע שענ־סטע טעכטער, אונזערע בכבודיקסטע לייט, אונזערע געניטסטע בעלי־מלאָ־כות, אונזערע חכמים, וואָס ער האָט זיי אלע איינגעשפּאַנט ווי לאַסטפערד אין דעם וואָגן פון זיין מלוכה, נאָר ווי א חיה, וואָס פארצוקט, האָט ער אויס־געזויגן אונזער בלוט אין שווערער מס־צאָלונג, וואָס ער האָט געלייגט אויף אונדז. און זיין דורשט האָט זיך נישט געשטילט ביז ער האָט נישט אויסגע־פירט, אז אונזער מלך יהויקים אליין זאָל אים ברענגען די לעצטע טייערע איילן, וואָס זענען נאָך פארבליבן אין בית־המקדש, די פורפלנע פרוכת׳ן, דעם רעשט גאָלד און זילבער. און מלך יהויקים, כדי צו שטילן נבוכדנאָ־צר׳ס חיה׳שן דורשט, האָט אליין גענומען דאָס לעצטע ביסל אייל, וואָס איז איבערגעבליבן, דעם אייל, וואָס שמואל הנביא האָט מיט אים געזאַלבט זיין, יהויקים׳ס, עלטער־זיידן דוד, דעם זאלב־אייל פאַר אלע מלכים פון בית־דוד, און ער האָט עס אליין געבראַכט קיין בבל. איך בין געווען דער אָנפירער

פון דעם מלכ׳ס קאראוואן, וואָס האָט געפירט דורכן מדבר די מתנות, די קאָנטריבוציע פארן מלך פון בבל. דענסטמאָל איז געקומען צו מיר מיין ברודער ברוך בן־נריה, סופר פון נביא ירמיהו, און האָט מיר איבערגעגעבן א מגילה פון נביא, אז איך זאָל זי פאָרלייענען פאר מלך יהויקים און פאר אלע גולים, ווען איך וועל אָנקומען קיין בבל, און דערנאָך די שריפט אריינוואַרפן אין טייך פּרת, כדי דער טייך זאָל זיין אן עדות אויף בבל׳ס בראָך, וואָס דער נביא האָט פאָראויסגעזאָגט. נאָר איך האָב עס דענסטמאָל נישט געטאָן.

דער אלטער האָט געשוויגן א ווייל. ער האָט געקוקט מיט א שטומען בליק אין דער ווייטנס, ווי ער וואָלט פון דאָרט ארויסגעשעפּט א בילד, און ער האָט ווייטער גערעדט:

„הלוואי וואָלטן מיינע אויגן זיך געווען פארשלאָסן, איידער זיי האָבן צוגעזען ווי דוד־המלך׳ס אייניקל ליגט אויסגעצויגן מיטן פּנים צו דער ערד און שטרעקט מיט זיינע ציטערדיקע הענט דאָס גאָלדענע קריגל אייל פון בית־המקדש צו נבוכדנאצרן, וואָס זיצט אויף זיין טראָן.

„ניין, נישט די שנאה צו בבל האָט געשפּאָלטן מיין הארץ מיט טרויער און יאוש, נאָר די קנאה פאר ישראל און די תשוקה נאָך ישראל׳ס גאולה. אָבער דער אייל פון מיין בטחון אין גאָט פון ישראל האָט געהיילט די ריצן און שפּאלטן אין מיין הארץ, און איך האָב זיך געזאָגט: נישט דער באָרטן פון טייך פּרת זאָל זיין דער עדות פאר דער הבטחה פון גאָט, נאָר איך אליין זאָל זיין א לעבעדיקער עדות פאר דער גאולה. און איך האָב נישט אריינגעוואָרפן די מגילה מיט ירמיהו׳ס טרייסט־ווערטער אין טייך אריין, ווי דער נביא האָט מיר אָנגעזאָגט, נאָר איך האָב זי אָנגעהאָנגען און זי געטראָגן, ווי לוחות, אויף מיין הארץ. און איך האָב געשווירן אן אייביקע שבועה, אז איך זאָל מיט עקשנות איינהאלטן מיין לעבן, אזוי לאנג ציען מיינע טעג מיט דעם לעצטן אָטעם־שעפּ, ביז די צייט וועט קומען און די הבטחה פון גאָט, געשריבן מיט א פעדער פון פייער דורך דעם נביא׳ס אָטעם, וועט נישט מקוים ווערן, און איך זאָל זיין דער עדות פון דער גאולה, ווי איך בין געווען דער עדות פון דעם חורבן.

„און גאָט האָט מיך געלאָזט אזוי לאנג לעבן. ער האָט געשטארקט מיינע לענדן און אונטערגעהאלטן מיינע נירן. ער האָט געשלאָסן מיין הארץ מיט רייפן, ווי א בעדנער רייפט א טון, אז עס זאָל זיך מער נישט שפּאלטן. ער האָט באפוילן: לעב! און איך האָב געלעבט. ער האָט באפוילן: זע! און איך האָב געזען מיט מיינע אויגן און איינגעזאפּט דורך זיי דעם כוס פון ביטערקייט ביז צום דעק״.

דער אלטער שריה בן־מחסיה האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אָפּצוכאפּן דעם אָטעם. פירשט זרובבל, א פארכאפּטער פון דעם, וואָס ער האָט געהערט, האָט געזאָגט אומגעדולדיק:

„דערצייל מיר פון אלץ, שריה בן־מחסיה, דערצייל, איך וויל אלץ וויסן".

„זרובבל, פירשט פון יהודה, מיינע אויגן האָבן געזען ווי מען האָט געבראַכט צדקיהו'ן, מלך פון יהודה, זיינע זין און זיינע קרובים קיין רבלה צום משפט פאַר נבוכדנאצר'ן. נבוכדנאצר איז געזעסן אויף זיין לאַגער־טראָן, און דער רב־טבחים האָט געבראַכט פאַר אים דעם מלך און זיינע זין, איינעם נאָכן אַנדערן. זיי האָבן גענומען דעם מלך פון יהודה, אים צוגעבונדן צו איינעם פון זייערע רייטוועגן און גענייט אים צוצוזען ווי דער רב־טבחים האַקט־אָפּ די קעפּ פון זיינע זין, איין קאָפּ נאָכן אַנדערן, טראָגט־צו איטלעכן בלוטיקן קאָפּ פאַרן טראָן, האַלט אים הויך און וואַרפט אים דערנאָך צו נבוכדנאצר'ס פיס. אַזוי האָבן זיי געשאָכטן די שרים פון יהודה: איינער האָט געשאָכטן, א צווייטער האָט צוגעטראָגן דעם קאָפּ פאַרן קיניג, א דריטער האָט געציילט די קעפּ, וואָס מען האָט אָפּגעהאַקט. און דער מלך פון יהודה, צדקיהו, איז געשטאַנען, א געבונדענער צום וואָגן, און האָט עס אלץ צוגעזען. דערנאָך האָבן זיי אים אויסגעשטאָכן די אויגן, אז ער זאָל אין זיין אייביקער נאַכט מיטנעמען מיט זיך דאָס לעצטע, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען: די קעפּ פון זיינע זין ווי זיי פאַלן אין שטויב. מען האָט דעם מלך צדקיהו געבונדן און אים געשלעפּט קיין בבל מיט די אַנדערע יידישע געפאַנגענע. איך בין געווען א יונגער מענטש, געזונט און שטאַרק, פיין אין אויסזען, האָבן זיי מיך געשוינט און אויסגעהאַלטן צו טאָן פאַר זיי ארבעט פון שקלאַפן. זיי האָבן מיך באַשטימט פאַר איינעם פון די אויפזעערס אין דעם לאַגער פאַר געפאַנגענע, האָבן איבערגעגעבן אין מיין רשות דעם בלינדן מלך, געלייגט אויף מיר דאָס אחריות צו ברענגען אים א לעבעדיקן קיין בבל. איך האָב באַדאַרפט ערבן זיין פאַר זיין לעבן. איך האָב גענומען אויף זיך די עובדה מיט ווייטיק. דאָך בין איך געווען גליק־לעך, וואָס גאָט האָט איבערגעגעבן אין מיינע הענט דעם אומגליקלעכן מלך פון יהודה, אז איך זאָל אים אָפּהיטן און משמש זיין.

„און עס איז געווען איינמאָל, אויפן וועג, ווען מיר האָבן איין נאַכט גערוט אין מדבר. די בבלישע חיילס־לייט, די שוטרים איבער אונז, האָבן אונז אויפּאמאָל פאַרלאָזט, ווי זיי פלעגן עס אָפטמאָל טאָן — צו גיין דינען זייערע עבודה־זרות, צו פראַווען סעודות פאַר זייערע געטער — און איבער־געלאָזט די שמירה פון לאַגער אויף מיין אחריות. איך האָב צונויפגענומען די זקנים פון יהודה, האָבן זיי אויסגעזעצט אַרום דעם בלינדן מלך, וואָס איך האָב אים אויפן וועג לויז־געמאַכט פון די קייטן, האָב אַרויסגענומען דעם נביא'ס מגילה און זי פאָרגעלייענט".

דאָ האָט דער אלטער שריה זיך אויפגעזעצט אויף זיין געלעגער. זיין אלט געקנייטשט פּנים האָט אויפגעלעבט. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט לעבעדיקע פייערלעך. עס האָט אויסגעזען ווי דער אלטער איינגע־שרומפּענער גוף האָט זיך באַנייט, באַקומען א פרישן קוואַל לעבן. ער האָט

אויסגעשטרעקט די הענט, און זיין בליק איז געווען פאראנקערט אין אן אנדער וועלט, וואס נאר ער אליין האט זי געזען, און ער האט אנגעהויבן לייענען פון דער מגילה אויף אויסגווייניק מיט א שטארק קול:

„פארצערט האט מיך, צעדריקט האט מיך
נבוכדנאצר, דער מלך פון בבל.
ווי א כלי האט ער מיך אויסגעליידיקט,
ווי א קראקאדיל האט ער מיך פארשלונגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דערום זאגט גאט:
זע, איך קריג דיין קריג
און איך וועל נוקם־זיין דיין נקמה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי האט געזאגט גאט פון צבאות:
איינגעווארפן וועלן איינגעווארפן ווערן
די ברייטע מויערן פון בבל,
און אירע הויכע טויערן
וועלן אין פייער אנגעצונדן ווערן".

און פאר זיך האט דער אלטער שריה צוגעגעבן מיט א טרויעריק קול:

„און דו זאלסט נישט מורא האבן,
מיין קנעכט, יעקב, זאגט גאט,
און נישט אנגסטן, ישראל,
ווארעם זע, איך העלף דיך פון דער וויט,
און דיין זאמען פון לאנד פון זייער געפאנגענשאפט.
יעקב וועט ווידער זיין רואיק און זיכער,
און קיינער וועט נישט שרעקן.
ווארום איך בין מיט דיר, זאגט גאט, דיך צו העלפן.
איך וועל פארלענדן
אלע פעלקער, וואס איך האב דיך אהין צעשפרייט,
אבער פון דיר וועל איך קיין פארלענדונג נישט מאכן.
איך וועל דיך שטראפן לויט גערעכטיקייט,
אבער פארטיליקן וועל איך דיך נישט פארטיליקן".

„און עס איז געווען ווי זיי האבן אויסגעהערט די ווערטער פון ירמיהו'ן, וואס איך האב זיי פארגעליינעט פון דער מגילה אין דער נאכט, אזוי האט א גרויס געוויין אויסגעבראכן צווישן די שרים און די זקנים און אויך פון דעם מלך'ס ליידיקע אויגן־לעכער האבן גערונען טרערן פון בלוט. און זיי האבן געזאגט איינער צום אנדערן: זעט, גאט שיקט אונז דורך דעם נביא זיין ווארט פון נחמה און הבטחה, אז מיר זאלן דאס מיט אונז אין

גלות געמען. לאָמיר צוריקקערן צום גאָט פון ישראל מיט אונזער גאנצן הארצן און אָפּוואשן מיט אונזערע טרערן אין בבל די זינד פון ירושלים, — און ער וועט אונז צוריקקערן".

דער אלטער איז אנטשוויגן געוואָרן. זרובבל האָט אויך גאָרנישט גע־זאָגט. נאָך א ווייל האָט פון דעם באנק־בעטל זיך ווידער געהערט דאָס אלטע, אָבער קלאָרע קול:

„איך האָב געוווּסט דענסטמאָל, אז איך טראָג מיט זיך די בשורה פון דער ישועה אין גלות אריין, די הבטחה און די האָפענונג, און אז איך מוז דאָס אָפּהיטן ביז די צייט וועט קומען".

„פון וואנען ווייסטו אָבער, שריה, אז די צייט איז געקומען? ווער האָט עס געזאָגט?" — האָט זרובבל געפרעגט.

„דער נביא האָט עס געזאָגט", — האָבן פאָטער און זון געענטפערט אין איין קול.

„וועלכע נביא?".

„דער אריבערגעקומענער. ער איז געקומען צו מיר פלוצלונג, ווי מיטן שטורעם־ווינט, און האָט געזאָגט צו מיר: שריה בן־מחסיה, די צייט איז געקומען. צי־ארויס פון טייך די מגילה, וואָס ירמיהו האָט דיר געגעבן. און שיק נאָך זרובבלן, אייניקל פון מלך יהויכין, וואָס איז מיט די בני־הגו־לה, און לייען זי פאָר פאר אים".

„אָבער, אין גאָטס נאָמען, ווער איז ער, דער נביא, וואָס אלע הערן זיך צו צו זיין וואָרט? ווער קען אים? ווער ווייסט פון אים? וואָס פאר א נס האָט ער באוויזן? וואָס פאר א צייכן האָט ער געגעבן, אז ער איז טאקע געשיקט פון גאָט? אפשר, גאָט באהיט, איז דעם שטנס האנט אין דעם, כדי צו פארפירן, דאָס פאָלק מיט א פאלשער האָפענונג און דעם לעצטן שארית פון ישראל, חלילה, צו פארניכטן? עס זענען נאָך נישט אויסגעגאנגען קיין פולע זיבעציק יאָר, וואָס ירמיהו האָט אונז געהייסן אויסוואַרטן אין זיין בריוו, וואָס ער האָט אונז געשיקט מיט אלעשה'ן. ערשט נאָך זיבעציק יאָר גלות וועט קומען די גאולה, און ביז דענסטמאָל, האָט אונז דער נביא אָנגעזאָגט, זאָלן מיר פארבלייבן אונטערטעניק און זוכן דעם שלום פון דעם לאנד, וואָס מיר זענען אהין פארטריבן געוואָרן. און דאָ קומט א פרעמדער, וואָס קיינער האָט אים נישט געקענט נעכטן, הייסט אונז בוגד־זיין, חלילה, אין אונזער קיניג, אין אונזער לאנד, וואָס איז גוט צו אונז, וועקט אין פאָלק האָפענונג פאר דער צייט, — און אלע לאָזן זיך מיטרייסן, הערן זיך צו צו זיין וואָרט, ווי ער וואָלט געווען א מלאך פון הימל. בא־דענקט זיך וואָס איר טוט".

„אויך דו וועסט זיך לאָזן מיטרייסן, אויך דו וועסט זיך צוהערן צו זיין וואָרט, ווי צום וואָרט פון א מלאך, וואָס גאָט האָט געשיקט פון הימל, ווען דו וועסט נאָר זען זיין פנים און הערן אים רעדן", — זאָגט דער אלטער.

„יאָ, איך וויל זען זיין פנים און איך וויל הערן זיין וואָרט", — זאָגט

דער פירושט — „ווו געפינט זיך דער נביא?".

„ווו ער געפינט זיך, ווייסן מיר נישט. אַט קומט ער און אַט פאַר־שווינדט ער. ער רעדט אין די שבתים אין די בתי־כנסיות. דעם שבת, וואָס געווען, האָט ער גערעדט אין דעם בית־הכנסת פון די ברידער פון בית־לחם. דעם שבת, וואָס קומט, וועט ער, הער איך, זיין ביי די בני בית־אל, וואָס געפינען זיך אַט דאָ נישט ווייט, אין לאגער פון די ציגל־מאכער, אויף יענער זייט מויער".

„ער קומט צו די בני בית־אל, די בני שומרון, די עובדי־העגל, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער יחוס־בריוו, ווייסן נישט מער פון זייער פאָטערס הויז און פון זייער אָפּשטאַם און האָבן זיך אויסגעמישט מיט די גויים, וואָס סנחריב האָט געבראַכט אַהער פון ארם־נהרים? ווי קומט ער דווקא צו זיי? זיי זענען נישט מער פון די בני־ישראל", — לאָזט־אויס פירושט זרו־בבל.

„דער נביא זאָגט, אַז אויך צו זיי, צו די פאַרשטויסענע שאָף פון ישראל, האָט אים גאָט געשיקט זיי צוריקברענגען צום גאָט פון ישראל און יעקב. אויך אויף זיי האָט זיך גאָט דערבאַרעמט און האָט אָפּגעווישט זייערע זינד. „די טויבע הערן און די בלינדע וועלן זען".

„איך וויל אים זען און איך וויל אים הערן, און צו די בני־שומרון וועל איך גיין, ווען דער נביא וועט רעדן פאַר זיי".

# קאַפּיטל פיר

ווען נבוכדנאצר האָט פאַרטריבן די בני־יהודה אין גלות, האָבן זייבע באַצוויינגער געגנויט דעם רעשט שרים פון יהודה, וואָס ער האָט געלאָזט לעבן, צו טראָגן אין גלות אַריין זעק מיט ערד היינטער דעם בלינדן מלך צדקיהו. די כהנים האָבן גענומען די ספרי־תורות, וואָס זיי האָבן געוואָלט אָפּראַטעווען פון פאַרניכטונג, האָבן אויפגעגנייט זעק פון די יריעות, האָבן אָנגעפילט די זעק מיט ערד פון ירושלים און באַלאָדן מיט זיי די פירשטן פון יהודה, וואָס זענען געגאַנגען אין גלות. אַזוי האָבן די שרים פון יהודה, מיט די כלים פון בית־המקדש, מיטגעטראָגן מיט זיך אין גלות אַריין יריעות פון ספרי־תורות און ערד פון ירושלים.

אַז זיי זענען אָנגעקומען קיין בבל, האָבן די בני־יהודה די ערשטע זאַך אויפגעבויט פון דער ערד פון ירושלים אַ באַהאַלטענעם בית־הכנסת, האָבן איינגעגעבן אַהין די ספרי־תורות, וואָס זיי האָבן צוריק אויפגעגנייט, און אַרייגעזעצט אַהין די זקני־ישראל, די כהנים און די לוויים, אַז זיי זאָלן פאַרשן די תורה פון גאָט און פאַרשפרייטן זי צווישן פאָלק.

דער בית־הכנסת, אָדער ווי זיי האָבן אים גערופן — בי־כנישתא, איז געווען דער ערשטער פון די אַלע בתי־כנסיות, וואָס די בני־הגולה האָבן אויפגעשטעלט אין די פאַרשיידענע ערטער, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט. אַלע געשטעלט מיט דער פאָדער־וואַנט אַנטקעגן ירושלים, מיט אַ טפח ירושלימער ערד און אַ יריעה פון אַן אָפּגעראַטעוועטער ספר־תורה אין איטלעכן בית־הכנסת! און אַ כהן, אַ לוי, אָדער אַ תלמיד פון אַ נביא, וואָס זיי האָבן אָנגערופן זקן, האָבן זיי אַרייגעזעצט אין איטלעכן בית־הכנסת — צו לייענען פאַר זיי שבת און יום־טוב פון משה'ס תורה, צו זינגען מיט זיי קאַפּיטלעך פון די שירי־דוד.

שוין אין נבוכדנאצר'ס צייטן האָבן די גולי־יהודה, ווי נאָר עס איז זיי געגעבן געוואָרן אין בבל דער רשות פון פרייער באַוועגונג, גענומען „בויען הייזער און פלאַנצן גערטנער", וואָס ירמיהו האָט זיי דאָס אָנגעזאָגט, ווי אַ געבאָט פון גאָט, אין דעם בריוו, וואָס ער האָט זיי געשיקט אין גלות.

אָן האָפענונג אויף אַ גיכער גאולה, האָבן זיי גענומען איינשטעלן און שאַפן פאַר זיך אַ היים אין דער פרעמד. דערמוטיקט פון דער מלוכה, וואָס האָט געשטרעבט צו באַזעצן דאָס ליידיק־ליגנדיקע לאַנד, וואָס איז עלול געווען פאַר לאַנדווירטשאַפט, האָבן די גולי־יהודה, ערד־אַרבעטער פון דער היים, געגרינדעט קאָלאָניעס. זיי האָבן דאָ געפונען אַ פּיל רייכער, מער פרוכפּערדיק אַקערלאַנד, רייכער אין וואַסער, ווי די שטיינערדיקע

בערג פון יהודה. זיי האָבן אויך געפונען אין בבל אַ גרעסערן מאַרק און בעסערע קאָמוניקאַציע דורך די וואַסער־וועגן פון טייכן און געגראָבענע קאַנאַלן. די תנאים זענען אַזוי אַרום געווען גינציק פאַר דעם וווּקס און אויפבלי פון נייע קאָלאָניעס, וואָס די בני־הגולה האָבן גערופן מיט נעמען פון זייער אַלטער היים. אַזאַ קאָלאָניע פון יידישע ערד־אַרבעטער האָט זיך געפונען ביי דער באַרימטער אַלטער שטאָט ניפור. נישט ווייט פון בבל, האָט ניפור געהאַט אַ דירעקטע פאַרבינדונג דורך אַ קאַנאַל מיט דער קרוינשטאָט, און עס האָט נישט גענומען לאַנג, ווען שיפן, געלאָדן מיט קאָרן, האָניק, וויין, וואָל און פיל אַנדערע פּראָדוקטן פון יידישער אַרבעט, האָבן געזעגלט פון די פּאָרטן פון ניפור אויפן וועג קיין בבל. אַנדערע יידישע קאָלאָניעס זענען אויפגעקומען ביי די גרויסע זאַלץ־טאָלן, ווו עס האָט זיך קאָנצענטרירט די פּראָדוקציע פון זאַלץ. דערצויגן דורך דעם היימישן שטייניקן באָדן פאַר שווערער מי, האָבן די בני־הגולה געקראָגן אַ שם איבערן לאַנד פאַר גוטע ערד־אַרבעטער און זייערע סחורות האָבן געפונען אַ גרייטן אָפּזאַץ.

אָבער עחד־אַרבעט און פּי־אויפּצי איז נישט פאַרבליבן די איינציקע מלאכה פון די בני־הגולה. מען טרעפט זיי מיט דער צייט אין גרויסע צאָלן צווישן אַלע פאַכן בעלי־מלאכות, ווי קופּערגיסערס און שטיינשניידערס, ציגל־מאַכער, אַרבעטער אין האָלץ און נאָך אַזעלכע פיל־פאַרשפּרייטע פאַכן אין דעם לאַנד פון שטענדיקער בויאונג.

דאָס גרויסע מעכטיקע לאַנד, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ האַלבע באַקאַנטע וועלט, האָט געשאַפן גרויסע מעגלעכקייטן פאַר האַנדל צווישן לענדער. קאָנטראָלירט פון אַ שטאַרקן רעגירונג־אַפּאַראַט, האָט דער האַנדל געבליט אין בבל מער ווי אין וואָסער אַנדער אָרט. בבל איז געווען די גרויסע רייכע שטאָט, די הונגעריקע חיה, וואָס איר מויל האָט געהאַלטן אין איין שלינגען, נישט צו ווערן קיינמאָל זאַט. בבל האָט באַדאַרפט דאָס זיידנס פון פּערסיע, דעם קופּעראַרץ פון קיפּרוס, דאָס געהילץ פון לבנון, איילן און עלפאַנטביין פון אינדיע. די בני־הגולה האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין האַנדל און זענען באַלד געוואָרן גרויסע קאָנקורענטן פאַר די כשדים און די פעניקיער.

נאָך נבוכדנאצר׳ס טויט, ווען זיין זון, אוויל־מרודך, האָט פרייגע־לאָזט מלך יהויכין פון תפיסה און געגעבן די בני־הגולה מער־ווייניקער רעכט אויף אויטאָנאָמיע, האָבן זיי אָנגעהייבן ברענגען אַ סדר אין די ענינים פון רעליגיע. דער יידישער מלך, זיינע קינדער, די מקורבים למלכות, אַזוי אויך די פאָרשטייער פון די כהנים און די לוויים, האָבן זיך אַלע געפונען אין דעם פּאַלאַץ, לעבן דעם אישתר־טעמפּל, וואָס אוויל־מרודך האָט זיי אָוועקגעגעבן. דעם קיניגס הצטרכותן זענען באַזאָרגט געוואָרן פון אוויל־מרודכ׳ס טיש, און אויך די בני־הגולה האָבן צוגעזען דעם אַלטן פיל־געליטענעם קיניג. אַרום דעם קיניג, כל־זמן ער האָט געלעבט, און

אַרום זיינע זין — נאָך זיין טויט — האָט זיך געשאַפן אַ צענטער פון גייסטיקער פירערשאַפט פאַר די בני־הגולה. אַ גרויסן טייל אין דעם האָבן פאַרשטייט זיך, געשפילט די נביאים. יחזקאל אין זיין צייט האָט, ווי משה, מיט זיינע הענט אויפגעהאַלטן דעם איינפאַלנדיקן בנין פון ישראל. איינער אַליין האָט ער, ווי אַ ריז, געקעמפט קעגן דער עבודה־זרה, וואָס איז עלול געווען, ווי אַ חיה־רעה, צו פאַרצוקן דאָס שעפעלע ישראל סיי אין יהודה, סיי אין גלות. אויך דער אַלטער נביא דניאל, וואָס האָט, אינאיינעם מיט עטלעכע פון זיינע תלמידים, זיך געפונען אין קיניגלעכן פּאַלאַץ, האָט פיל משפיע געווען די גולי־בבל. פון דעם פּאַלאַץ איז אַרויסגעגאַנגען די גייסטיקע אויטאָריטעט, וועלכע האָט געהאַט די דעה אין דעם רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די בני־הגולה.

דעמאָלט האָבן די גולי־בבל געלייגט דעם יסוד פאַר דער וווּנדער־לעכער אינסטיטוציע, וועלכע האָט באַקומען דעם נאָמען בית־הכנסת, אַ מין קליינער בית־המקדש, וואָס קאָן איבערגעפירט ווערן פון אָרט צו אָרט. דער גאָט פון ישראל איז נישט צוגעבונדן צו איין אָרט, ווי אַ בל־מרודך איז צוגעבונדן צו בבל, אָדער אשור צו נינוה. דער גאָט פון ישראל איז דער גאָט פון דער וועלט. די גאַנצע ערד איז פול מיט זיין כבוד, און „אין יעטוועדער אָרט, וווּ איך וועל מאַכן דערמאָנען מיין נאָמען, וועל איך קומען צו דיר און וועל דיך בענטשן".

אָן אַ מזבח, אָן קרבנות, האָבן זיי געפונען אַ נענטערן וועג צו גאָט. די תפילות זענען געוואָרן זייערע קרבנות. זיי האָבן נישט פאַרמאָגט קיין פיל תפילות, נישט מער ווי אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים, וואָס די לוויים האָבן זיי געדענקט נאָך פון די טעג, ווען זיי האָבן געזונגען אין בית־המקדש. און די לוויים האָבן שבת און יום־טוב געזונגען די קאַפּיטלעך תהלים אין בית־הכנסת. עס זענען צווישן זיי אויפגעשטאַנען משוררים, וועלכע האָבן געשריבן נייע קאַפּיטלעך תהלים, אַרויסזאָגנדיק דאָס באַדריקעניש פון זייערע נשמות, זייער בענקשאַפט נאָך ציון און נאָך ירושלים. די תפילות האָבן זיך שנעל פאַרשפּרייט צווישן אַלע בני־הגולה, און איטלעכע קליינע עדה האָט זיי געזונגען און געזאָגט אין איר אייגענעם בית־הכנסת. די כהנים האָבן פאַרגעלייענט די געבאָטן פון תורת־משה, די ריטואַלן פון די ימים־טובים, ווי עס איז פאַרשריבן געווען אין דעם ספר, וואָס דער מלך יאשיהו האָט געפונען אין בית־המקדש און וואָס איז אַריבער אין דעם רשות פון די פּרינצן פון יהודה. מיט ווייניק תפילות, אָן מזבחות און אָן קרבנות, האָבן זיי דאָך פאַרמאָגט אַ פיל טיפערן און פיל שטאַרקערן חיזוק, וואָס האָט זיי געהאַלטן צוזאַמען. דאָס איז געווען זייער אמונה אין דעם גאָט פון ישראל. ניין, דער גאָט פון ישראל איז נישט געמאַכט אויס גאָלד, זילבער, שטיין אָדער בראָנז, וואָס אַ שונא וואָלט אים געקאָנט צעברעכן, מיטשלעפּן מיט זיך אין גלות אריין, ווי די בבל'ער האָבן דאָס געטאָן מיט די געטער פון אשור. דעם גאָט פון ישראל קאָן מען נישט זען,

מען קאָן אים נישט אָננעמען און מען קאָן אים נישט נעמען געפאַנגען. זיין בית־המקדש קאָן מען צעשטערן אין ירושלים, נאָר די גאנצע ערד איז זיין בית־המקדש, ווי דער הימל איז זיין וווינונג. און ווי דער גאָט פון ישראל איז נישט־צעשטערלעך, אַזוי איז אויך זיין פאָלק ישראל נישט־צעשטערלעך. „איך וועל מאַכן א פאַרלענדונג פון אַלע פעלקער, וואָס איך האָב דיך צווישן זיי צעשפּרייט, אָבער פון דיר וועל איך קיין פאַרלענדונג נישט מאַכן; איך וועל דיך שטראָפן לויט גערעכטיקייט, אָבער פאַרטיליקן וועל איך דיך נישט פאַרטיליקן".

און זיי נעמען־אָן באהבה די שטראָף, וואָס גאָט האָט געשיקט אויף זיי. בייקן, זיי זאָגן, חלילה, נישט אויף זייער גאָט, אז ער טוט אומרעכט. זיי נעמען אויף זיך די שולד. גאָט איז גערעכט, זיי זענען אומגערעכט. זיי זענען געווען שלעכט, האָט זיי גאָט געשטראָפט. נבוכדנאצר האָט איינגענומען ירושלים נישט דערפאַר, ווייל זיין גאָט מרודך איז שטאַרקער, חלילה, פון דעם גאָט פון ישראל, ווי די אסיריער האָבן געגלויבט. נבוכדנאצר איז נאָר געווען א שטעקן אין גאָטס האַנט. וואָרום זיי האָבן גוט געדענקט די ווערטער, וואָס ירמיהו האָט זיי געזאָגט אין נאָמען פון גאָט:

„וואָרום אַזוי האָט גאָט געזאָגט: פאַרוואָר, ווען זיבעציק יאָר ווערן פול אויף בבל, וועל איך זיך דערמאָנען אָן אייך און וועל מקיים זיין מיין גוטן צוזאָג — אייך אומקערן צו דעם דאָזיקן אָרט (קיין ירושלים). וואָרום איך ווייס די טראַכטונגען, וואָס איך טראכט וועגן אייך, זאָגט גאָט, טראכטונגען פון שלום, און נישט צום בייזן, כדי אייך צו געבן א תכלית און א האָפענונג. און איר וועט מיך רופן, און איר וועט גיין און מתפלל זיין צו מיר, און איך וועל צוהערן צו אייך. און איר וועט מיך זוכן און געפינען, אז איר וועט מיך פאָרשן מיטן גאַנצן האַרצן. און איך וועל זיך לאָזן געפינען פון אייך, זאָגט ער, און איך וועל אומקערן אייער געפאַנגענשאַפט, און איך וועל אייך איינזאַמלען פון אַלע פעלקער און פון אַלע ערטער, וואָס איך האָבן אייך פאַרשטויסן אַהין".

און דאָס האָבן זיי געדענקט. אויף דעם האָבן זיי געהאָפט, און אויף דעם האָבן זיי געוואַרט.

—*—

דאָס בית־הכנסת פון די בני בית־אל איז געלעגן אונטער דעם גרויסן מויער פון דער שטאָט בבל, אין דעם ישוב פון די ציגלמאַכער. די עדה פון די בני בית־אל איז געווען א געמישטע: עס זענען געווען צווישן זיי סיי בני־יהודה, סיי בני־ישראל, וואָס סנחריב האָט פאַרטריבן פון שומרון. עס איז נישט געווען קיין סוף און קיין ערך צו די שקלאַפן־הענט, וואָס נבוכדנאצר האָט באַדאַרפט האָבן פאַר די בוי־פּראָיעקטן און די קאַנאַל־גראָבונגען, וואָס ער האָט אונטערגענומען. שוין זיין פאָטער, וואָס האָט אָנגעהייבן בויען דעם גרויסן מויער פון בבל, האָט צוזאַמענגע־בראַכט פון אַלע פּראָווינצן, וואָס ער האָט איינגענומען, די געזונטסטע

שיכטן און געבראַכט זיי קיין בבל צו טאָן פאַר אים די עבודת־פּרך. זיין זון, וואָס האָט ממשיך געווען דעם פּאַטעטיש בוי־פּראָיעקטן, האָט ממש אויסגעליידיקט די איינגענומענע פּראָווינצן פון אַלע אַרבעט־פעאיקע מענטשן, וואָס ער האָט זיי געבראַכט קיין בבל צו גראָבן קאַנאַלן, אַקוועדוקטן, צו בויען פעסטונג־מויערן, פּאַלאַצן, טעמפּלען פאַר די געטער.

נבוכדנאצר׳ס אַמביציע איז געווען צו מאַכן פון בבל אַ צווייט מצרים. דער פּרת איז אָבער נישט געווען קיין נילוס. דער פּרת האָט נישט געהאַט, ווי דער נילוס, די פּעריאָדן פון אַרויסגיין פון זיינע ברעגן, פאַרפלייצן דאָס לאַנד אַרום און דאַרט איבערלאָזן, נאָכן צוריקפלייץ, אַ שליימיקע שיכט, וועלכע האָט געמאַכט די מצרישע ערד פעט און פּרוכפּערדיק. האָט נבוכדנאצר פאַרטראַכט צו שאַפן פאַר דעם נידעריקן פלאַכן באָדן פון זיין לאַנד אַ קינסטלעכע באַוואַסערונג־סיסטעם דורך אַן אַרטעריע־נעץ פון גרויסע און קליינע קאַנאַלן. פאַר דעם האָט ער באַדאַרפט האָבן אַלע אַרבעטער־הענט, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט קריגן פון זיינע באַצווונגענע פּראָווינצן. און עס איז געווען, ווען ער האָט איינגענומען נינוה און געטאָן מיט דער שטאָט, וואָס תגלת־פּלסר און זיין אייניקל סנחריב האָבן אַמאָל געטאָן מיט בבל, צעשטערנדיק זי „פון גרונטפעסט ביזן געזימס״, האָט ער פאַרטריבן אַלע אַרבעט־פעאיקע פון נינוה און גאַנץ אשור קיין בבל. אין דעם דאָזיקן שטראָם געפאַנגענע איז געווען פאַרמישט אַ גרויסע צאָל געפאַנגענע פון ישראל, וואָס סנחריב האָט זיי געהאַט פאַרטריבן קיין אשור, ווען ער האָט איינגענומען שומרון.

אין דעם לויף פון דער צייט, וואָס צווישן גלות אשור און גלות בבל האָבן די בני־ישראל פון שומרון זיך געהאַט אַזוי אויסגעמישט מיט די בני־אשור, אַז עס איז זיי נישט געווען מער צו דערקענען. נישט פאַרוואָרצלט אין דעם קולט פון יהוה׳ן, אָן דער טראַדיציע פון אַ בית־המקדש, אָן דעם אידעאַל פון אַ משיח, וואָס ישעיה האָט משפיע געווען מיט אים די בני־ישראל, אָן דער השפּעה פון אַ ירמיהו, וואָס זאָל זיי מיטגעבן אין גלות אַריין בטחון און הבטחה אויף דער גאולה, זענען זיי שנעל פאַרפלייצט געוואָרן אין דעם ווירבלשטראָם פון די גויים, וואָס זיי האָבן געלעבט צווישן זיי.

ווען נבוכדנאצר האָט אַ גרויסן טייל פון זיי געבראַכט ווי אַסירישע שקלאַפן־הענט קיין בבל, זענען זיי צום ערשטן מאָל געקומען אין מגע־ומשא מיט די גולי־יהודה. אָן אַלטע פאַרזשאַווערטע סטרונע פון אַ פאַרנאַכלעסיקטער האַרף האָט אָנגעהייבן אויסשפּילן אָן אַלטן פאַרגעסענעם ניגון און געוועקט אין האַרץ ביי זיי אַלטע זכרונות, וואָס זענען געלעגן פאַרשאָטן אונטער בערג אַש פון אַן אויסגעלאָשענעם פייער. עס האָבן אָנגעהייבן אַרויפשווימען אין זכרון מעשות, וואָס זייערע עלטערן האָבן זיי אַמאָל דערציילט, וועגן אַ קולט פון יהוה׳ן, וואָס זיי האָבן געסדר׳ט אין דער אַלטער היים; פון אַ גרויסן מלך, ירבעם בן־יואש, וואָס האָט רעגירט

איבער זיי; פון נביאים, וואָס גאָט פלעגט שיקן צו זיי; פון די אבות אברהם, יצחק און יעקב; פון א יציאת־מצרים; פון א משה׳ן און א יהושע׳ן. אן אַלטער אינסטינקט, ווי דער אינסטינקט פון א חיה פאַר איר סטאַדע, האָט זיך געוועקט אין זיי. זיי האָבן אָנגעהייבן זיך טוליען צו דעם עלטערן ברודער יהודה, וואָס דער קולט פון יהוה׳ן, ירושלים און דעם בית־המקדש זענען נאָך געווען אַזוי וואַך אין אים. צו טרינקען פון יידישן קוואַל זענען זיי געקומען, ווי אַ דאַרשטיקע הינדין, „אַרעמע און באַדערפטיקע, זוכן זיי וואַסער”.

אויף קיין זאַך זענען די גולי־יהודה נישט געווען אַזוי אייפערזיכטיק ווי אויף זייער יחוס. זיי האָבן זיך שוין מער נישט גערופן אויף די נעמען פון די שבטים, נאָר אויפן נאָמען פון פאָטערס משפחה. ציטערנדיק צו פאַרלירן זייער אידענטישקייט, האָבן זיי אָפּגעהיט ווי אן אויג אין קאָפּ זייער יחוס־בריוו, דעם אָפּשטאַם פון זייער משפחה, און נישט פאַרטראָגן קיין איינעם צווישן זיי, וואָס האָט נישט געקאָנט אויפווייזן, אז ער שטאַמט־אָפּ פון די בני־ישראל. די אָרעמע שומרונער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אויפווייזן זייער יחוס, זענען געהאַלטן געוואָרן אין חשד, אז זיי שטאַמען־אָפּ פון גוים, און זיי זענען נישט געקומען אין דעם כלל פון די בני־יהודה.

אָבער זיי, די פאַרבענקטע און פאַרחלשטע פון די בני־ישראל, האָבן אָנגעהייבן נאָכטון די בני־יהודה. די בני־יהודה האָבן אין גלות בבל זיך פאַראייניקט אין קהילות, לויט זייער משפחה־יחוס, האָבן די בני־ישראל, די גולים פון שומרון, זיך אויך געהאַלטן צוזאַמען אין א באַזונדערע קהילה. די בני־יהודה האָבן געבויט פאר זיך בתי־כנסיות, וווּ זיי זענען אין די שבתים און ימים־טובים זיך צוזאַמענגעקומען אַהין צו זינגען בציבור קאַפּיטלעך תהלים, אויפן שטייגער פון די לוויים אין בית־המקדש — האָבן זיך אזוי אויך געפירט די בני־ישראל. די בני־יהודה האָבן זייערע בתי־כנסיות און זייערע קהילות גערופן אויפן נאָמען פון שטעט און געגנטן אין דער אַמאָליקער מולדת, ווי בני בית־לחם, בני־לוד, בני־ענתות, בני־יריחו; האָבן די בני־ישראל זייער קהילה און זייער בית־כנסת אָנגערופן מיטן נאָמען פון דער שטאָט, וועלכע איז געווען דער צענטער פון דעם קולט פון יהוה׳ן מקדמונים און פאַרבונדן נאָך מיטן נאָמען פון יעקב אבינו, — בית־אל.

—*—

עס איז געווען דאָס בית־הכנסת פון טעפּערס און גלאַזיר־אַרבעטער פון דער עדה „בית־אל”, וואָס האָבן געהאַט זייער ישוב אין דעם טאָל פון ציגלמאַכערס. עס איז געווען אַן עדה פון גולי־יהודה מיט א געמיש פון גולי־ישראל, וועלכע האָבן זיך מצרף־געווען צו זיי. עס איז געווען שבת, און די יידן זענען געווען די איינציקע אין גאַנץ בבל, וואָס עס איז זיי פון מלכות געגעבן געוואָרן דער זכות אָפּצוהיטן דעם יידישן טאָג פון רו. דאָס בית־הכנסת, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער פון ישוב, איז, ווי

אַלע אנדערע וווינונגען זייערע, געווען א לאַנגע קאַמער, פיר ווענט פון ראָר־שטעקנס, באַקלעפּט מיט ליים און אַספאַלט, מיט א דאַך פון פּאַלמען־צווייגן, מיט געוועבטע פאָרהאַנגען פאַר א טיר. זיי זענען אלע אויסגעזעצט געווען אויף דער ערדענער פּאָדלאָגע, מיט די באָרוועסע פיס אונטער זיך. די הלבשה זייערע איז באַשטאַנען פון זאַק־העמדער און ווייסע טיכער, אַרומגעבונדן ארום די קעפּ. די מער פאַרמעגלעכע האָבן געטראָגן טוניקעס אין אלערליי קאָלירן, און דאָ און דאָרט האָט זיך געזען איינער אָדער צוויי, וואָס זענען געווען איינגעהילט אין שוואַרצע היליעס, מיט רינגען אויף די הענט, מיט א חותם־צילינדער אָנגעהאַנגען אָן דעם קאָלירטן גאַרטל. זייערע אָפּגעברענטע טונקעלע פּנימער, די שטעכעדיקע, קורצע אָדער לאַנגע, ווייסע אָדער שוואַרצע, צעווילדעטע קעפּ האָר און בערד, זייערע אויגן, באַשירעמט מיט געדיכטע ברעמען, אָפענע גליענדיקע אויגן, זייערע דינע לאנגע פינגער, — אלץ אין זיי איז געווען צוגעצויגן, ווי מיט א מאַגנעט, צו דעם מאַן, וואָס איז געשטאַנען פאַר זיי. זיי האָבן צוגעהערט זיינע רייד מיט זייערע אויערן, אויגן, מיט די שפּיצן פינגער, מיט אלע פּאָרעס פון זייערע גופים, וואָס זענען געווען וואַך, אויפגעמונטערט, צעוואַרעמט פון התלהבות.

דער מאַן, וואָס איז געשטאַנען פאַר זיי, איז געווען א יונגער און א קרעפּטיקער, ווי אויסגעשניטן פון איין שטיק צעדערהאָלץ, און אויך טרוקן אזוי ווי האָלץ. די ביינער האָבן זיך ביי אים שאַרף אַרויסגעשניטן פון זיין טונקעלער הויט מיט אזא בולטקייט, גלייך צווישן די ביינער און דער הויט וואָלט נישט געווען ביי אים קיין שיכט פליישׁ אָדער פעטס; לויטערביין און הויט, א באַקליידעטער סקעלעט. די ברענענדיקע גרויסע אויגן זענען ביי אים געזעסן טיף אונטערן הויכן שטערן, דאָס פּנים איינגעראַמט אין אַ קורצער, קרעפּטיקער שוואַרצער באָרד. ער האָט געהאלטן ביידע הענט, צוזאַמענגעפלאָכטן אין זייערע ביינערדיקע פינגער, אויסגעשטרעקט צום עולם, וואָס איז געזעסן צו זיינע פיס, צונויפגעדריקט, צוזאמענגעגאָסן אין איין גוף. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו אים מיט איין לייב, מיט איין נשמה. וואָס האָט ער גערעדט צו זיי?

ער האָט נישט גערעדט. עס איז געווען ווי א שטורעמווינט וואָלט געקומען און אָנגעכאַפּט דאָס הויז ביי אַלע זיינע פיר ווינקלען און עס א טרייסל געגעבן. עס איז געווען א שטורעמווינט, באַגלייט מיט א מעכטיקן אויסגעשריי פון טריאומף. עס איז געווען ווי אלע מלאכים וואָלטן מיטגע־קומען מיט אים, און זייער געזאַנג הערט זיך אין זיין געשריי. און זיין געשריי איז געווען ווי דאָס געשריי פון א דונער, וואָס קומט נישט צו דערשרעקן, נאָר ווי א דונער, וואָס טראָגט מיט זיך דעם אויסגעשריי פון טרייסט און הילף.

„נחמו, נחמו, עמי...“

א קול רופט: „ראַמט־אָפּ אין מדבר דעם וועג פון יהוה'ן. יעטוועדער

טאָל זאָל דערהויבן ווערן, און יעטוועדער באַרג און הויך זאָל דערנידערט ווערן; און דאָס קרומע זאָל ווערן גלייך".

„אויף א הויכן באַרג גיי דיר אַרויף, בשורה־אָנזאָגערין פון ציון. הייב־אויף, האָב נישט מורא, זאָג צו די שטעט פון יהודה: אָט איז אייער גאָט!"

און דאָ קומט דאָס וואָרט, וואָס די עדה יידן האָבן קיינמאָל פריער נישט געהערט:

„זע, גאָט דער האַר קומט א מעכטיקער, און זיין אָרעם געוועלטיקט פאַר אים".

ניין, ניין, נישט צו סטראַשען זיי, נישט אַרונטערצולאָזן דעם אָרעם איבער זייערע קעפּ און זיי צעשמעטערן, ווי א האַמער צעשמעטערט שטיי־נער, אזוי ווי די נביאים פלעגן זיי שרעקן.

ניין, מיין האַר גאָט קומט מיט מעכטיקייט.

„ווי אַ פּאַסטוך, וואָס פיטערט זיין סטאַדע, אין זיין אָרעם קלייבט ער אויף די לעמער, און טראָגט זיי אין זיין בוזעם, די זויגעדיקע פירט ער פּאַמעלעך".

ווער האָט אַמאָל גערעדט צו זיי אזעלכע רייד? וועלכער נביא האָט זיי אַמאָל אזוי געטרייסט? ניין, יהוה איז נישט קיין גאָט פון נקמה. ער שטייט נישט איבער זיי מיט א רוט, גרייט אויף זייערע לייבער אַרונטער־צורעגענען מיט שמיץ פאַר יעטוועדער זינד, יעטוועדער פאַרברעך, יעטווע־דער עוולה, אזוי ווי די נוגשים און שוטרים איבער זיי, וואָס זענען שופטים איבער זיי און יאָגן זיי אָן צו דער אַרבעט. יהוה איז א פּאַסטוך, זייער פּאַסטוך, וואָס פירט זיי איבער שטילע וועגן, ביי רואיקע וואַסערן. יהוה איז מיט זיי. ער ווייסט דעם גורל פון יעדערן פון זיי און נעמט זיך אָן פאַר זיי. די שוואַכע לעמעלעך, וואָס זענען מיד פון וועג, טראָגט ער אויף זיין אָרעם, ער האַלט זיי ביי זיין בוזעם, און ער פירט די זויגעדיקע מיט פּאַמעלעכע טריט.

טרערן האָבן ארויסגעזעצט פון זייערע אויגן, אַריינגערונען אין די קארבן פון זייערע געשפּאָלטענע אָפּגעברענטע פּנימער, געפאַלן אין זייערע פאַרקאַלטנטע פאַרווילדעטע בערד־אַריין.

וואָס האָט ער געזאָגט? א גייסט, ווי א וואָלקן פון הימל, האָט זיי אויפגענומען אויף זיינע פליגל און דערהויבן זיי איבער אלע נידעריקייטן.

„פארוואָס זאָלסטו זאָגן, יעקב, און זאָלסטו רעדן, ישראל: פאַר־באָרגן איז מיין וועג פון יהוה, און פון מיין גאָט איז מיין משפט אוועק".

זיי, וואָס זיי זענען דער שטויב פון דער ערד אונטער די פיס פון די פעלקער, — זיי האָט גאָט אויסדערוויילט.

„און דו, ישראל מיין קנעכט, יעקב, וואָס איך האָב דיך אויסדער־וויילט, דער זאָמען פון אברהם, מיין ליבהאָבער, וואָס איך האָב דיך אָנגע־נומען פון די עקן ערד, און פון אירע ברעגן דיך גערופן, און געזאָגט צו

דיר: מיין קנעכט ביסטו, איך האָב דיך אויסדערוויילט און דיך נישט פאַראַכט; זאָלסט נישט מורא האָבן, איך בין מיט דיר... זאָלסט נישט מורא האָבן, וואָרום יעקב, הייפעלע ישראל, איך העלף דיך, זאָגט גאָט, און דיין אויסלייזער איז דער הייליקער פון ישראל... די אָרעמע און באַ־דערפטיקע זוכן וואַסער און עס איז נישטאָ. זייער צונג איז פאַרטריקנט פון דאָרשט. איך, יהוה, וועל זיי ענטפערן; איך, גאָט פון ישראל, וועל זיי נישט פאַרלאָזן. איך וועל עפענען שטראָמען אויף הויכע ערטער, און קוואַלן אין מיטן פון טאָלן...״

ער גיט זיי אָנצוהערן, אז די ישועה איז נאָענט, אז די גאולה קלאַפּט שוין אָן אין זייער טיר. אימיצער גייט, אימיצער קומט.

„איך האָב דערוועקט פון צפון, און ער איז געקומען, פון זונאויפגאַנג דעם, וואָס רופט מיין נאָמען; און ער גייט אויף פירשטן ווי אויף קויט, און ווי א טעפּער טרעט ער ליים״.

זיי קוקן אייגס דאָס אַנדערע אָן מיט צעשראָקענע אויגן. וועמען מיינט ער? מיינט ער כורש׳ן, וואָס גייט אויף בבל?

נאָר דער נביא איז שטיל געבליבן. א פאַרשטאַרטער, ווי א שטיי־נערנע סטאַטוע. זיינע אויגן קוקן ערגעץ אין דער זייט. ניין, נישט דאָ. זיי שטופּן־אַדורך וועגט און מויערן, זיי בויערן זיך איין אין פרעמדע ווייטע וועלטן. ער קוקט א פאַרשטאַרטער און זיין בליק וואַנדערט, וואַנדערט איבער צייטן און וועלטן. צעפירט פאַר אים זענען די גרענעצן פון צייט. דער עבר, הווה און עתיד ווערן אייגס, און ער שעפּט פון דאָרט ארויס א חזיון.

דער נביא האָט זיך א וואַקל געטון אזוי ווי צום פאַלן. זיין גאַנצער קערפּער האָט א ציטער געגעבן, ווי א פרעמדע אומגעזעענע האַנט וואָלט אים אָנגערירט. זיין פּנים איז בלייך געוועזן, אָן לעבן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו זען דאָס, וואָס ער זעט, און פון זיין מויל האָבן אָנגעהייבן אַרויסקומען ווערטער, ווי א גייסט וואָלט ארויס־גערעדט פון אים, מיט א נידעריק קול און זינגענדיק, ווי א קינד, וואָס זינגט פאַר זיך:

„אָט איז מיין קנעכט, וואָס איך לען אים אונטער, מיין אויסדער־וויילטער, וואָס מיין זעל באַגערט. איך האָב ארויפגעטון מיין גייסט אויף אים, א משפּט צו די פעלקער וועט ער אַרויסלאָזן. ער וועט נישט שרייען און נישט הילכן, און נישט לאָזן הערן אין גאַס זיין קול. אָן איינגעבראָכן שטעקל וועט ער נישט צעברעכן, און א טונקעלן קנויט וועט ער נישט פאַרלעשן. לויטן אמת וועט ער אַרויסלאָזן א משפּט. ער וועט נישט מאַט ווערן און נישט געבראָכן ווערן, ביז ער וועט טון אויף דער ערד גערעכ־טיקייט; און איבזלען וועלן וואַרטן אויף זיין תורה.

„אזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר, וואָס האָט באַשאַפן די הימלען און זיי אויסגעצויגן, וואָס האָט אויסגעשפּרייט די ערד מיט אירע שפּראָ־

צונגען, וואָס גיט אָטעם דעם פאָלק אויף איר, און א גייסט די, וואָס גייען אויף איר: איך, גאָט, האָב דיך גערופן אין גערעכטיקייט, און איך וועל אָננעמען דיין האַנט און וועל דיך היטן, און דיך מאַכן פאר א בונד מיט די פעלקער, פאר א ליכט פון די אומות; צו עפענען בלינדע אויגן, ארויס־צוציען פון געפענגעניש דעם געפאַנגענעם, פון תפיסה די, וואָס זיצן אין פינצטערניש. איך בין יהוה, דאָס איז מיין נאָמען; און מיין כבוד וועל איך צו קיין אַנדערן נישט געבן, און מיין לויב — צו קיין געצן. דאָס פריערדיקע, זע, איז אָנגעקומען, און נייעס וועל איך אָנזאָגן; איידער עס שפּראָצט אַרויס, וועל איך עס אייך מאַכן הערן".

דער נביא האָט אויפגעהערט רעדן. ער איז געבליבן שטיין מיט פאַרשלאָפענע אויגן און געשוויגן.

א געמורמל, ווי א שטיל רוישן פון ים, איז אַדורך דורך דעם עולם.

„וועמען מיינט ער? וועמען זאָגט ער אָן? זאָל דאָס זיין כורש? א פרעמדן וועט יהוה אָננעמען פאַר דער האַנט?"

„חלילה, ניין. מיין כבוד וועל איך צו קיין אַנדערן נישט געבן, האָט ער געזאָגט, און מיין לויב צו קיין געצן".

„האָסט דאָך געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט: קיין איינגעבראָכן שטעקל וועט ער נישט צעברעכן. ער וועט נישט זיין ווי די מלכים פון אשור און בבל, וואָס פאַלן־אָן אויפן שוואַכן. ער וועט זיך אָננעמען פאַרן שוואַכן און באַדריקטן, ער וועט אים באַפרייען".

„ער וועט אלע פעלקער ברענגען צו גאָט פון ישראל".

„פאַר אַ בונד מיט די פעלקער, פאַר א ליכט פון די אומות וועט גאָט מאַכן — משיח".

„די גאולה קומט... די גאולה".

„אַלע אינדזלען זוכן דעם גאָט פון ישראל".

און מיטאַמאָל האָט איטלעכער אָנגענומען די האַנט פון זיין שכן, און אזוי ווי זיי זענען געזעסן אויף דער ערד, האַנט אין האַנט, געהאַלדזט און געהאַרצט, האָבן זיי אָנגעהייבן זיך שאָקלען, איין נשמה, איין רוח און איין לעבן אין פיל לייבער. און זיי האָבן אָנגעהייבן מורמלען, זינגען און וויינען מיט א נידעריק, אָבער פייערדיק קול:

„על נהרות בבל שם ישבנו..."

א מאן האָט זיך אויפגעשטעלט פון עולם, א הויכער, אין א שוואַרצן מאַנטל איינגעהילט, און זיין טוניקע, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פון הינטער דעם מאַנטל, איז געווען געוועבט אויס זילבער־פעדים. און די בני בית־אל האָבן אין דער טוניקע און אין דעם רינג, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיין פינגער, דערקענט, אז ער איז פון דעם פירשטלעכן הויז פון יהודה. און דער עולם האָט געמאַכט א וואַרע פאר אים. ער איז צוגעגאַנגען צום נביא, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף זיין אָרט אומבאַוועגלעך.

„ווער ביסטו, פרעמדער?"

דער נביא האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט אָנגעקוקט דעם מאַן. אין זיין טוניקע, אין זיין רינג האָט ער אויך דערקענט, ווער עס שטייט פאַר אים.

„א שליח פון דער בשורה פון גאָט פון ישראל צו זיין פאָלק ישראל אין בבל״.

„וואָס איז דיין צייכן, אז דו ביסט טאקע א שליח פון גאָט פון ישראל?

„דאָס וואָרט, וואָס יהוה לייגט אין מיין מויל, איז דער צייכן פון מיין שליחות״ — זאָגט דער נביא. — „גאָט זאָגט־אָן דורך מיר דאָס, וואָס קומט, וואָס וועט געשען״.

„דיינע בשורות זענען ליידיקע לאָגלען, וואָס קיין וואַסער איז נישטאָ אין זיי, נאָר ווינט. ירמיה האָט אונז געגעבן א צייכן. ער האָט אויס־געזעצט א צייט. די זיבעציק יאָר זענען נאָך נישט פאַרפולט. דו פארלויפסט די צייט און דו שלעפסט־מיט ישראל. זע, נביא, דו שפּילסט דיך מיט פייער. דיין וואָרט, אויפן אָרט פון טרייסט, קאָן ווערן א שטריק אויפן האַלדז פון ישראל — צו פאַרשלעפּן זיי אין דעם אָפּגרונט פון פאַרניכטונג״.

„ווער קאָן אים אויסזעצן א צייט? דער, וואָס באַשאַפט די צייט, קאָן משנה זיין די צייט. די צייט איז געקומען. די שעה איז דאָ. ישראל וועט ווערן אויסגעלייזט און וועט זיך צוריקקערן צו זיין אָרט, וואָס יהוה האָט אים פון דאָרט פאַרטריבן און אויך דו, זרובבל, ביסט אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין א כלי פון גאָט פאַר דער זאַך״ — האָט דער נביא איינגע־עגבערט זיין בליק אין זיין פנים.

„איך?!״ — האָט זרובבל אויסגערופן.

# קאַפּיטל פינף

דער מאַן וואָס רופט זיך ישעיה איז דערצויגן געוואָרן צווישן די שפּאַלטן פון די הרי־יהודה, וועלכע האָבן מיט זייערע שטיינערנע בערג־ווענט געצויגן זיך ווי אויסגעשטרעקטע העלדזער און אויסגעצויגענע אָרעמס צו די הימלען אין געבעט. ווי אַנטרונענע אָדלערס האָבן זיך די רעשט פון דעם דלת־העם געזעצט אין די שפּאַלטן, אין די לעכער — אין די אָפּגרונטן פון די באַרג־ווענט און מיט זייערע נעגל געקלאַמערט זיך צו די אָרעמע נחלאות, וואָס זייערע עלטערן האָבן איז טעראַסן־אָפּצוימען פאַרפלאַנצט צווישן די בערג־ציין און זיך נישט געלאָזט פאַריאָגן.

ווי יעדעס יידיש קינד האָט זיך שמואל בן שלמה פון הויז פון אשר, (ווי דאָס יינגל האָט זיך גערופן) דערצויגן און גרויס געוואָרן מיט דער האָפענונג אויף דער גאולה, מיט וועלכער דער שארית ישראל האָט געלעבט; מיט דער הבטחה, וואָס ירמיה האָט זיי געגעבן, אז נאָך זיבעציק יאָר וועט גאָט ווידערקערן די פאַרטריבנשאַפט פון ישראל און יהודה צו זייער לאַנד. ווי יעדעס יידיש קינד האָט ער נאָך דעם ווי זיין פאָטער האָט אים געלערנט לייענען „שמע” פון דער תורה — האָט ער פון א מגילה פון ישעיה׳ס נבואות, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין זיין פאָטער׳ס הויז, געלערנט פון אויסווייניק דעם חזיון פון גרויסן נביא: „און פיל אומות וועלן גיין און וועלן זאָגן, קומט און לאָמיר אויפגיין צום בארג פון יהוה, צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב, און ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגן און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן, א פאָלק וועט נישט הייבן קיין שווערד...”

די האָפענונג אויף דער גאולה, נישט נאָר פאַר ישראל אליין, נאָר פאַר אַלע אומות אין דער וועלט, דורך דעם קומען פון א משיח, וואָס וועט ברענגען אלע פעלקער צום באַרג פון גאָט, און איינפירן דעם אייביקן שלום, איז דעם קינד דערנערט געוואָרן מיט זיין מוטערס מילך. פון די משיח׳עשע שטעלן, וואָס זאָגן־אָן די גרויסע האָפענונג פון נביא און אויסגעשריבן גע־וואָרן אויף איינצלנע מגילות־בלעטער פון וועלכע מען האָט צוזאמען מיט דעם „שמע” געלערנט די קינדער לייענען — איז דאָס יינגל געוואויר געוואָרן פון א משיח׳שע געשטאַלט, וואָס וועט משנה טבע זיין נישט נאָר פון מענטשן, נאָר אויך פון חיות. „עס וועט א ריטל ארויס פון שטאַם פון ישי, און א צווייג פון זיינע וואָרצלען אויפשפּראָצן. עס וועט רוען אויף אים דער גייסט פון גאָט... ער וועט משפּטן מיט גערעכטיקייט די אָרעמע און מיט יושר די געדריקטע פון לאַנד. א וואָלף וועט הויזן מיט א שעפּס און אַ לעמפּערט מיט א ציגעלע וועט הויערן. א קו און א בער וועלן זיך

פיטערן, א קליין יינגעלע וועט אָנפירן מיט זיי. א לייב ווי א רינד וועט עסן שטרוי, א קינד וועט זיך שפילן אויפן לאָך פון אַ שלאַנג, זיי וועלן נישט בייז טון און נישט פארדארבן... וואָרום די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט...״

מיט די חלומות פון אייביקן שלום — איז גרויסער פרייד פון דער יצירה — איז דאָס יינגל ארומגעשפרונגען ווי א יונגער הירש איבער די שפיצן בערג פון יהודה. ער האָט אין די שאָטנדיקע טאָלן פון די בערג ארונטער געזען דעם חזיון פון ישעיהו, ווי א לעמפערט מיט א ציגעלע הויזן צוזאמען — און א יינגל פירט זיי און פיטערט זיי. איבער די הויכע קילע בערג־שפיצן זעט ער ווי עס קומען־אָן מיט דעם אָנציען פון בלאָע זילבער־באַזוימטע וואָלקנס, מחנות מענטשן — פעלקער פון לענדער, וואָס מוזן וווינען דאָרט ווייט, ווייט אונטער די בערג, ביי ברעגן פון אומבאַקאַנטע ימים. זיי קומען אָן צו שוועבן איינגעבעטע אין די טוי־רויכענדיקע וואָלקנס, וועלכע ווארפן זייערע ווייכע שאָטנס איבער די ווענט פון די בערג. זיי שוועבן און לענקען און שווימען אין דעם בלויען לאזור הימל־ים ווייטער, צו דעם באַרג, וואָס באַהאַלט זיך איצט אין די שלייערן פון וואָלקן־געוועב. ער ווייסט וואו־אַהין זיי ציען זיך און צילן. צו יענעם באַרג פון גאָט, וואָס איז פארהוילט אין דעם שלייער פון מענטשנס אויג. דאָס איז דער בארג פון גאָט — ירושלים, וואָס דער נביא האָט נביאות געזאָגט.

אָפטמאָל, ווען ער ליגט אויסגעצויגן אויף דעם שיפּוע פון באַרג, באַהאַלטן צווישן קליינע קוסטעס און פיטערט די אָרעמע קליינע סטאַדע שאָף, וואָס מען האָט אים אָנפאַרטרויט, וואַרפט ער זיין בליק דורך אן עפענונג פון אן אָפּגרונט אין טיפן טאָל ארונטער. זעט ער אזוי ווי אין א כמאַרע — א קוועלנדיק ריטשקעלע, וואָס האָט זיך מיטאמאָל אויפגעעפנט פון א שטיין־שפּאַלט און לאָזט זיך קאסקאדיש ארונטער אין א גריבער אויסגעבעטענער קאָריטע, אין א פרוכטבאַר גרין־פארשאָטנט לאָנקע־פעלד. ווייס־געוואַשענע שעפּסן פיטערן זיך אין דעם רייכן הויכן גראָז. די מוטער־שאָף באגלייט די קליינע, נאָר־וואָס געוואָרפענע, אין שאָטן פון באַצווייגטע ציפּריסן ביי ביידע זייטן ברעג פון רוינדיקן, קוועלנדיקן וואַסער־ריטשקעלע. ער הערט דאָס רוישן פון וואַסער־געלויף איבער די שטיינער פון דעם וואַסער־פּולס און עס דאַכט זיך אים אויס, אז ער זעט דעם חזיון פון דעם געזאַנג פון דוד, וואָס ער האָט געלערנט פון דער מגילה פון אויסנווייניק — „גאָט איז מיין שעפער, און גאָרנישט וועט מיר פעלן, אין הויכע גראָזן לאָזט ער מיך רוען, ביי מנוחה׳דיקע וואסערן פירט ער מיך״. און ווען ער ברענגט אהיים זיין סטאַדע שאָף, זאָגט ער צו זיין מוטער:

„אמי, איך האָב געזען ווי גאָט פיטערט די מענטשן אויף גרינע לאָנקעס ביי מנוחה׳דיקע וואסערן״.

„וו האָסטו געזען ווי גאָט פיטערט די מענטשן אויף גרינע לאָנקעס, ביי מנוחה׳דיקע וואסערן ?״

„דאָ, אונטן, אין טאָל ביי די מי־מנוחות, ווי דוד המלך זינגט. איך האָב עס געזען דורך די שפּאַלטן פון די בערג".

„אזוי ווי יוסף ביסטו א בעל־חלומות, מיין זון".

„נישט נאָר ווי גאָט פּיטערט די מענטשן אויף גרינע לאָנקעס, נאָר איך האָב אויך געזען ווי די וואָלקנס קומען צו ברענגען אויף זייערע פליגלען אלע אומות פון דער וועלט — צו דעם באַרג פון גאָט, ווען זיי קומען אָנצוציען פון יענער זייט טאָל און שוועבן צו די בערג פון ירושלים. אזוי ווי דער נביא ישעיהו האָט פאָרויסגעזאָגט. פיל זאכן זעט מען אין די בערג פון יהודה, מוטער".

„די צייט איז נאָך נישט געקומען, מיין זון. דאָס הויז פון יעקב שטייט פארלאָזט. פרעמדע זענען געקומען אין זיין נחלה. פאַרנעמסטו נישט די שטים פון רחל, וואָס וויינט אויף אירע קינדער, דאָס געוויין, וואָס קלינגט אָפּ אין די בערג? אזוי ווי דער נביא האָט אונז געזאָגט: „רחל וויל זיך נישט טרייסטן אויף אירע קינדער, וועלכע זענען נישטאָ", זאָגט די מוטער.

„יאָ מאמע, איך הער אויך די שטים פון געוויין פון רחל, אזוי ווי דער טאטע האָט מיך געלערנט אין דער מגילה פון ירמיהו, וואָס אונזער עלטער־פעטער ברוך האָט אונז איבערגעלאָזט. אָבער באלד דערויף הער איך די שטים פון גאָט, וואָס שאַלט־אָפּ אין די בערג: „אזוי זאָגט גאָט, הייב־אויף דיין שטים פון געוויין און דיינע אויגן פון טרערן, וואָרום עס איז דאָ א לוין פאר דיין מי, זאָגט גאָט. דיינע קינדער וועלן צוריקגיין פון לאנד פון פיינד", וואָס דער נביא זאָגט.

„אזוי הערסטו די שטימע פון גאָט ווי ער טרייסט מוטער רחל?", פרעגט די מוטער.

„יאָ, און אויך אנדערע שטימען הער איך".

„וואָס פאַראַ אנדערע שטימען הערסטו?"

„שטימען, וואָס איך פאַרשטיי, און אזעלכע, וואָס איך פאַרשטיי נישט — טיילמאָל רופן זיי מיך".

„זיין רופן דיך ביי דיין נאָמען?"

„טיילמאָל רופן זיי מיך ביי מיין נאָמען: שמואל, שמואל — אזוי ווי די שטים, וואָס האָט גערופן דעם נביא שמואל אין הויז פון אלי, ווען ער האָט געדינט אין משכן".

„זאָג עס נישט איבער, מיין קינד, ברענג עס נישט איבער דיינע ליפּן", רופט די מוטער אין שרעק.

„פארוואָס מוטער, איך הער די שטים רופן".

„א בעל חלומות ביסטו תמיד געווען, מיין קינד, ווי יוסף".

„אָבער איך הער זי, מאַמע, ווען איך גיי אין די בערג ארויס, הער איך די שטים רופן — זי קומט ווי פון א שפּאַלט פון א בארגוואַנט ארויס, טיילמאָל גייט זי אויף פון טאָל אַרויף, איך מוז עס זאָגן, זיי הייסן מיך טון",

„וואָס הייסן זיי דיך טון ?"

„איך זאָל גיין קיין ירושלים, אין הויף פון בית־המקדש. דאָרט געפינט זיך א הייל, אין וועלכע עס האַלטן זיך אויף די בני נביאים. איך זאָל גיין אין דער הייל און אָנשליסן זיך צו די בני נביאים".

„איך שרעק מיך, מיין זון ; זאָג עס נישט, מיין קינד".

„איך מוז עס זאָגן, מוטער, זיי הייסן מיך, די שטימען, גיין קיין ירושלים, צו די בני נביאים".

„איך וועל עס פארטרויען דיין פאָטער, נאָר דו שוויג, מיין קינד. זאָג עס נישט פאַר מענטשן, זיי וועלן דיר נישט גלויבן. א בעל־חלומות ביסטו שטענדיק געווען, מיין קינד".

ווען שלמה פון הויז פון אשר, זיין פאָטער, האָט עס געהערט, האָט ער גערופן זיין זון און אים געזאָגט :

„נאָר שלעכטע חלומות חלומסטו, און פאַלשע קולות הערסטו. דו קענסט נישט אויפגיין קיין ירושלים".

„פאַרוואָס, פאָטער ?"

„זייט גאָט האָט זיין הויז חרוב געמאַכט און האָט איבערגעגעבן זיין פאָלק אין די הענט פון זיינע פיינד, וואָס זוכן זיין נפש — האָט ער פארוואָרפן די שטאָט ירושלים ; צו די אומווירדיקייטן פון די גוים האָט ער זי איבערגעגעבן. נישט דיין זיידעס פוס, נישט דיין פאָטערס פוס האָבן באטרעטן די שטאָט. דאָס הויז פון גאָט שטייט פאַרלאָזט, צעשטערט און חרוב. שדים און רוחות האָבן זיך באזעצט אין איר. און דאָס אָרט, וואָס גאָט האָט באוויזן, האָט ער איבערגעגעבן אין די הענט פון משחית. איין גרויסער גיהנום איז דער הר מוריה געוואָרן, געצן און אָפּגעטער וווינען אין איר. די גוים זענען געקומען אין דער נחלה פון גאָט און האָבן אויפּגעשטעלט מזבחות פאַר זייערע אומווירדיקייטן. דער פוס פון דיינע עלטערן האָבן נישט באטרעטן איר און אויך דיינע פיס זאָלן ירושלים נישט באַטרעטן. דאָ מוזן מיר זיצן, אין די שפיצן פון די בערג, זיך באהאַלטן ווי די ראָבן, און ווי די ראָבן פארטריבן פון זייער נעסט, אזוי מוזן מיר זיצן און טרויערן אויף אונזער חורבן. ביז דער גרויסער טאָג פון גאָט וועט קומען און ער וועט פארגעבן די זינד פון אונזערע עלטערן און רייניקן ירושלים פון דער טומאה פון די גוים און וועט צוריקברענגען זיין פאָלק אין זיין נחלה־אַריין".

„אָבער פאָטער, איך הער דאָך די שטימען רופן : גיי־אויף קיין ירושלים, דאָרט אין בית המקדש אין א הייל געפינען זיך באהאַלטן די קינדער פון נביאים, שליס דיך אָן אין זיי".

„עס איז נאָר דיין אויסטראַכטונג, און שמואלן האָסטו דיך דערזען, ווייל שמואל איז דיין נאָמען און ווי ער ווילסטו זיין. און דו הערסט שטימען, וואָס רופן אין דיר אליין. וואַרט־אָפּ די זאַך. ווען גאָט האָט עפּעס וואָס פאַר צו טון מיט דיר, וועט ער דיר וויסן לאָזן אין דער צייט.



34170

דערוויייל זיך דאָ מיט אונז. גיי אין דער הייל וווּ אריה בן זכריה זיצט און פאַרנעם פון אים דאָס וואָרט פון גאָט, וואָס ער האָט געגעבן צו די נביאים, פון די שריפטן, וואָס ער האָט מיט זיך אין דער הייל״.

—*—

אין דעם קליינעם פון פּאַלמען־צווייגן און באַמבוס־שטאַנגען צוזאַמענגעפלאָכטענעםביידל איז געזעסן אין אָן אָפּהאַנג פון א באַרג אין די הרי־יהודה די פאַמיליע פון שלמה בן אשר פון שבט יהודה, און גענערט זיך פון גרינס און פון ווייַנגאָרטן, וואָס ער, שלמה בן אשר, האָט באַאַרבעט אין דעם טאַראַסן־שטח פון זיין נחלה, און פון דער קליינער סטאַדע שאָף, וואָס האָבן זיך געפּיטערט צווישן די באַרג־שטיינער. שלמה בן אשר האָט באַלאַנגט צו די אבלי־ציון. נאָך דעם חורבן בית המקדש זענען איינצלנע משפחות פון די קציני העם אין ירושלים (וועלכע זענען געווען אויף דער זייט פון ירמיהו) כדי צו ראַטעווען זיך פון נבוכדנאצר׳ס שווערד — אַנטלאָפן אין די הרי־יהודה. זיי זענען אריין צווישן דעם דלת־העם, אויסגעמישט זיך מיט דער אָרעמקייט, געלעבט פון דער אַרבעט פון זייערע הענט. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער פרייד אין לעבן. זיי האָבן געטרויערט אויפן חורבן פון בית המקדש און אויסגעוואַרט מיט דאַרשטיקייט די ישועה פון דער גאולה.

זיי האָבן זיך צונויפגעקליבן אין געהיים און געטרויערט צוזאַמען. כדי צו באַרעכטיקן דעם פּסק־דין און קיין שום תרעומות אויף דעם רבונו של עולם זאָל זיך נישט אריינגנבענען אין זייערע הערצער, האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין דערמאָנען אין די זינד פון יהודה און אירע קעניגן. זיי האָבן געהאַלטן אין איין איבערחזרן די שטראָפרייד פון די נביאים, פון ירמיהו, יחזקאל, און אויסרעכענען די מעשים תעתועים און די פאַרברעכנס פון די קצינים פון יהודה, פון די אַריסטאָקראַטן און קעניגן קעגן די אָרעמע און דלת־העם.

אין די פאַרנאַכטן — אין די אָוונטן — אין שפּאַלט פון שטיין, ביים ליכט פון צווייגן־פייער, האָבן זיך פאַרזאַמלט די אבלי־ציון און דאָס ייִנגל האָט זיך צוגעהערט צו די שרעקלעכע זאַכן, וואָס האָבן זיך אָפּגעטאָן אין ירושלים; וואָס האָבן געבראַכט צום חורבן פון בית המקדש. צווישן די שטראָף־רייד פון די נביאים, צווישן די קנות און איכות פון ירמיהו, איז ער געוווּיר געוואָרן פון דער פּלאָג און פּייניקונג, וואָס די נביאים האָבן זיך אויסגעליטן. ער האָט געהערט פון מויל פון אריה בן זכריה, דעם עלטסטן פון די אבלי ציון, וואָס האָט נאָך געדענקט די צייטן פאַרן חורבן בית המקדש, ווי דער קעניג צדקיהו האָט דעם נביא ירמיהו געלאָזט אריינוואַרפן אין גרוב פון בלאָטע, אז ער זאָל פאַרזינקען ווערן אין דער זומפּ, ווי אויך וועגן אַנדערע מעשים תעתועים, וואָס די מלכי ישראל ווי די קציני העם האָבן אָפּגעטאָן. נאָך דעם ווי דער מלך האָט געוווּנען די קציני־העם זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין זיין עגיפּטישער פּאַרטיי, אז מיר זאָלן מאַכן

און אויפשטאַנד קעגן בבל — האָט דערציילט אריה בן זכריה.

כדי צו געווינען דאָס פאָלק מיט זיך, האָט ער געמאַכט אַ בונד מיט קצינים, אַז זיי זאָלן באַפרייען זייערע יידישע קנעכט, וואָס זיי האָבן איינגעשפאַנט אין שקלאַפנטום פאַר די הויכע צינזן און מסים, וואָס זיי האָבן געלייגט אויף זיי, און געהאַלטן זיי פאַרשקלאַפט, זיי מיט זייערע ווייבער און זייערע קינדער, נישט געקוקט אויפן געבאָט פון משה צו באַפרייען זיי נאָך זעקס יאָר. מיר אַלע האָבן געמיינט, אַז אַ נייע צייט הייבט זיך אָן, אַ פאַרברידערונג פון פאָלק פון אַלע שיכטן. אָבער באַלד האָבן זיי צוריקגעכאַפּט, אַרויסגעשיקט זייערע שוטרים און אַרויסגעשלעפּט זייערע באַפרייטע קנעכט, זייערע ווייבער און קינדער און ווידער זיי איינגעשפאַנט אין פאַרשקלאַפונג. עס איז געווען דעמאָלט, ווען ירמיהו איז געקומען פאַרן מלך און ער האָט אים פאַרויס געזאָגט זיין סוף אין נאָמען פון גאָט דערפאַר וואָס איר האַלט נישט משה׳ס געזעץ פון שמיטה: „איך וועל אייך איבערגעבן אין די הענט פון אייערע פיינד און די, וואָס זוכן אייערע לעבנס, און אייערע נבלות וועלן זיין צו שפּייז פאַר די פייגל פון הימל, און פאַר די בהמות פון דער ערד. און צדקיהו דעם מלך פון יהודה און זיינע הערן וועל איך איבערגעבן אין די הענט פון זייערע פיינד, אין די הענט פון דעם חייל פון מלך בבל, וואָס גייט־אויף איבער אייך״...

נישט בלויז קעגן די אָרעמע פון פאָלק האָבן זיי זיך פאַרבראָכן, די אומווירדיקייט פון די גויים האָבן זיי געטאָן. זיי האָבן אויפגעשטעלט מזבחות צו מולך. האָט דען נישט מנשה דער זון פון יחזקאל געבראַכט זיין איינגענעם זון אין טאָל פון גיהנום און פאַרברענט אים אויפן מזבח פאַר מולך? אויך אין אונזער צייט האָט עס מלך צדקיהו געטאָן, און זיינע שרים האָבן עס געטאָן. ווען די שווערד פון נבוכדנאצר איז שוין געלעגן אויף זייער האַלדז, האָבן זיי זיך נישט געווענדעט צום גאָט פון אברהם, אַז ער זאָל זיי העלפן, נאָר צום גאָט מולך, ווי דער נביא ירמיהו האָט עס אַליין געזען, און ער האָט זיי געוואָרנט דערויף: „זיי האָבן אַריינגעשטעלט זייערע אומווירדיקייטן אין דעם הויז, וואָס איך האָב גערופן מיין נאָמען אויף אים — צו פאַראומרייניקן. זיי האָבן געבויט במות צו בעל, וואָס איז אין גיהנום, צו פאַרברענען זייערע זין און זייערע טעכטער צו מולך. „ישעיהו׳ן האָט מנשה דורכגעזעגט אין צווייען פאַר דער שטראָף, וואָס ער האָט געזאָגט, ירמיה׳ן האָבן זיי געוואָרפן אין גרוב פון אַ זומפּ און געוואָלט אים פאַרהונגערן צום טויט. זאָל זיך גאָט מרחם זיין אויף אונז? ווי און ווינד צו אונז״ — קלאָגט אריה בן זכריה.

„זענען די גויים בעסער פון אונז? פאַרוואָס נעמט ער נקמה פון אונז? — ער מאָנט־אויף יעדע זינד פון אונזערע הענט און אונז אַליין האָט ער פאַרטריבן פון אונזער ערד — וואָס זענען מיר ערגער פון זיי?״ — האָט ווער געפּרוּווט מליץ יושר זיין אויף יהודה.

„פאַרוואָס מיר זענען ערגער פון זיי? נאָר אייך אַליין קען איך פון

אלע משפחות פון דער ערד. דורך דעם וועל איך פון אייך אלע אויפפאַ־
דערן פאַר אלע אייערע זינד" — האָט דער נביא געזאָגט אין נאָמען פון
גאָט — האָט געדונערט דער אלטער אריה בן זכריה — דערויבער איז די
שטאָט איבערגעגעבן צו דער שווערד און הונגער פון מלך בבל".

„און דאָך זעט, וואָס גאָט זאָגט וועגן דער שטאָט, וואָס איז איבער
די זינד פון די, וואָס זענען מקריב זייערע קינדער פאַר מולך — איבערגע־
געבן צו שווערד, הונגער און קראַנקהייט פון מלך בבל. אזוי זאָגט דער
נביא: „איך וועל אייך איינזאמלען פון אלע לענדער, וואָס איך האָב אייך
דאָרט פאַרטריבן אין מיין צאָרן, אין מיין גרויסן כעס, און איך וועל אייך
צוריקפירן צו דעם דאָזיקן אָרט און איר וועט זיצן זיכער. איר וועט מיר
זיין א פאָלק און איך וועל אייך זיין פאַר גאָט".

„יאָ, ווען מיר וועלן צוריקקערן צו אים מיט אונזער גאנץ הארץ,
אזוי ווי דער נביא זאָגט ווייטער: „און איך וועל אייך געבן איין הארץ
און איין וועג מורא צו האָבן פאַר מיר אלע טעג, אייך גוט צו טאָן און
אייערע קינדער נאָך אייך — און איך וועל פאַרשניידן מיט אייך אן איי־
ביקן בונד, איך וועל זיך נישט אָפּנייגן פון זיי, גוט צו טאָן זיי, און מיין
אימה וועל איך געבן אין זייערע הערצער, נישט אָפּצוקערן פון מיר" —
רופט אויס אריה בן זכריה — „קומט, לאָמיר אלע צוריקקערן זיך צו אונ־
זער גאָט מיט אונזער גאנץ הארץ, און לאָמיר בעטן צו אים מוחל צו
זיין די זינד פון אונזערע אָבות און ער אליין זאָל קומען אונז העלפן. נאָר
דורך זיין האנט און נישט דורך א בשר ודם זאָלן מיר געהאָלפן ווערן.
קומט, לאָמיר זיך מודה זיין פאַר אונזער גאָט".

און די גאנצע עדה פון די אבלי ציון — מענער, ווייבער און קינדער —
האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד, געהויבן די הענט צום הימל און א
גרויס געוויין און געשריי האָט זיך געהערט אין דער נאכט: „זיי אונז
מוחל פאַר אונזערע זינד; אונזערע עלטערן האָבן געגעסן אומרייפע טרויבן
און אונזערע ציין זענען זויער". זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין
זייערע בריסטן, געגומען הויפנס ערד און געוואָרפן אויף זייערע קעפּ.

אין דער שטילער אויסגעשטערנטער נאכט איבער די שפּיצן בערג פון
יהודה האָט זיך געהערט א קלאָגן, ווי דאָס קלאָגן פון שאקאלן און היע־
נעס, וואָס ווינען אין די בערג און וואָיען אין דער נאכט.

— * —

צווישן די אבלי ציון אין די הרי־יהודה איז ער געזעסן און גרויס־
געוואָרן. ער איז געגאנגען צו אריה בן זכריה אין זיין הייל אריין און האָט
געלערנט פון אים די שריפטן פון די נביאים פון אויסנווייניק. די אבלי
ציון האָבן אין דער הייל געהאט אויסבאהאלטן די שריפטן, וואָס האָבן
זיך געפונען צווישן זיי — דאָס נביאות פון ישעיהו, וואָס איז געזאמלט
געוואָרן אין די צייטן פון יחזקאל, די שריפטן פון ירמיהו, וואָס ברוך זיין
מזכיר האָט געזאמלט, די תולדות פון די אָבות און אויך די מעשים פון

ששת ימי בראשית און אלע מגילות און קאפיטלעך תהילים און די שיר המעלותן.

ער האָט געטרונקען פון דעם קוואל פון בביאישער טרייסט — און געלאָשן מיט זיי דאָס פייער פון כעס און קנאה פון גאָט. אין די אָונטן האָט ער זיך באטייליקט אין די צוזאמענקונפטן פון די אבלי ציון אין די שפאלטן פון די בערג. אָבער דאָך האָט ער נישט געקענט זיך טיילן מיט דעם טרויער פון די אבלי ציון, און נישט געקענט באשולדיקן די עלטערן פאר דער שטראָף, וואָס די קינדער ליידן. ער האָט נישט געקענט פארגע־מען די קנאה פון גאָט, וואָס פאָדערט־אויף פאר יעדע זינד — דורך שטראָף, הונגער, גויט, שווערד און פאַרדאַרבונג.

זיינע לערער זענען געווען די בערג פון יהודה. ווי שטרענג, ווי אומרחמנות'דיק די בערג האָבן געקענט זיין, האָט ער דאָך געזען אין זיי דעם חסד פון גאָט, וואָס איז אויסגעשפרייט איבער זיין באשאף: אויף דער קליינער סטאדע שאָף און רינדער, וואָס איז געווען אונטער זיין האנט, ווי די מוטער־שאָף באלעקט אירע קליינע, וואָס זי האָט אָפּגעוואָרפן, ווי זי שפרייט אויס אירע פיס און שטרעקט־אויס אירע בריסטן אין מויל פון אָפּגעוואָרפענעם שעפעלע, וואָס שטייט קוים אויף זיינע שוואכע פיס; ווי די בארג אָדלער ברענגען אין זייערע מיילער דאָס טעגלעכע שפייז — די שלענגלעך און ווערעמלעך — צו זעטיקן די קליינע אין די בעסטן; און די מנוחה און די שלווה פון די וואלד־בערגלעך; ווי די וואָלקנס, ווי אָפּ־געצוואָגענע שעפסן־סטאדעס ציען זיך איבער די ברייטע ליכטיקע הימל־פעלדער און זיי ווארפן זייערע זינגענדיקע שאָטנס ווי געוועבטע שלייערן איבער די בארג־שפּיצן; ווי די גרין־גראָזיקע טאָלן־פעלדער לויכטן דורך די בערג־שפאלטן פון טאָל־ארויף; די גרויסע פרייד פון דער יצירה, וואָס זינגט א מזמור פון דאנק און לויב צו גאָט — האָט זיין יונג געמיט אָנגע־פילט מיט ליבע, מיט פרייד, מיט דאנקבארקייט צו דעם יוצר. קיין אָפּשרע־קנדיקן תוכחה'דיקן עונש, וואָס די נביאים זאָגן פאָר, אז גאָט האלט אָנגע־ברייט פאר זייער פארשולדיקונג, האָט ער בשום אופן, נישט קוקנדיק צו דעם אימת הכבוד, נישט געקענט צושרייבן צום באשאפער פון דער וועלט.

דער באשאפער פון דער וועלט איז דער גאָט פון ישראל. דער גאָט פון ישראל קען נישט זיין אכזריות'דיק און קנאה'דיק און נקמה־דורשטיק. ער איז מלא רחמים; ער איז דער באשאפער פון די באשעפענישן און האָט באשאָנקען מיט זיין ליבע זיין גאנצן באשאף. און דער מענטש איז זיין בחיר יצירה — ער האָט אים באשאפן אין זיין געשטאלט, און וויל אים באשענקען מיט זיין מידה — פון ליבע און רחמנות — און ברענגען אים צו זיך. האָט ער אויסגעקליבן ישראל — אז ער זאָל זיין א נס לגויים. דערפאר צווינגט ער ישראל צו גיין אין זיין וועג. דערפאר שטראָפט ער ישראל און מאָנט אויף פון אים פאר אלע זיינע זינד. אָבער קיינמאָל פאר־געסט ער אים נישט, קיינמאָל פארוואָרפט ער אים נישט — ווי ער זאָל זיך

בישט געפינען פאַרשפּרייט צווישן די גויים. ווי עס דאַכט זיך, אַז ער איז שוין פאַרפאַלן און פאַרגעסן געוואָרן פון גאָטס חסד און אויסגעמעקט גע־וואָרן פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד, ווי אפרים און די עשרת השב־טים, וואָס זענען פאַר אַזויפיל יאָרן פאַרשיקט געוואָרן קיין אשור — אָבער גאָט פאַרגעסט זיי בישט, ווי דער נביא ירמיהו האָט אונז געזאָגט:

„הבן יקיר לי אפרים — א טייערער זון איז מיר אפרים, מיין קינד פון יענער זייט פון טאָל אַרויף, פון דער שפלה. די וואָלקנס זענען געווען דערמאָן איך מיך וועגן אים. מיינע געדערים ברומען נאָך אים, דערבאַרמען וועל איך מיך, דערבאַרמען איבער אים, זאָגט גאָט".

אנומלט האָט ער זיך געפונען מיט זיין סטאַדע שאָף און ציגן אין די בערג. זענען געקומען אין מיטן הערלעכן טאָג שווארצע וואָלקנס אַנצוציען פון יענער זייט פון טאָל ארויף, פון דער שפלה. די וואָלקנס זענען געווען אזוי אָנגעלאָדן מיט אָנגעכמאַרעטן כעס ווי אָנגעדרייצטע הינט, וואָס זע־נען דורשטיק נאָך אָנפאַל. און איידער מען האָט זיך ארומגעקוקט האָבן די שווער־טראָגעדיקע וואָלקנס אָנגעהויבן אויסצולאָדן דעם אָנגעכמארעטן שווארצן רויך פון כעס און צאָרן, ווי ליגעלן פלאצן־אויף און גיסן־אויס זייער קאָכעדיקן צאָרן. די רויך־שטאָפּן לייזן זיך אויף און ווערן פאַרוואַנדלט אין בושעגדיקע שטורם־ווינטן. די ווינטן, ווי פריי ארויסגעלאָזטע חיות רעות, נעמען אָן די בארג־וועלדער און טרייסלען זיי אויס, קעמען אדורך מיט זייערע נעגל די צווייגן און די שטאַמען און בייגן זיי צו דער ערד, און ברעכן און פאַרוויסטן אַלץ, וואָס זיי טרעפן אָן אויף זייער וועג.

און אָט שוין זעט ער, ווי שאָף, איינגעקלאַמערט מיט זייערע קלאָען אין די באַרג־שטיינער, באַמיען זיך אויסצוהאַלטן דעם פוריע־דרוק פון שטורעם — הייבן זיי זיך אָן אראָפּצוואַלגערן פון דער בארג־וואַנט אין אָפּפאַל פון די בארג־שפּאַלטן. מיט א שטיין געבליבן הארץ, מיט פאַר־כאַפּטן אָטעם, אַדורכגעצוואָגן און פיטש־נאַס — לויפט נאָך דער פאַסטוך־יונג נאָך די אראָפּפאַלנדע שעפסן־גופים. אָט שוין שלאָגן זיי זיך אָן אין די שטיינער־שפּיצן און זייערע לייבער צעשפּאַלטן זיך און פאַרגיסן די שטיינער־וואַנט מיט בלוט, אָבער איינער נאָכן אנדערן ווערן זיי אויפ־געכאַפּט פון א גרינער גראָז־לאָנקע, וואָס גאָט האָט אויסגעשפּרייט ווי א מוטערס פאַרטוך — פאַר א פאַלנדיק קינד. און די עלטערע שאָף־מוטערס, מיט א מעקנדיק פריידן־געשריי, באַלעקן מיט זייערע ציגגער די נאָך זיי אראָפּגעגליטשטע יונגע, ווי זיי וואָלטן זיי טרייסטן און באַרואיקן גע־וואָלט פאַר דער איבערגעלעבטער שרעק.

ער איז געשטאַנען אויפן שפּיץ בארג און ער האָט דורך דער דער־עפענונג פון די באַרג־שפּאַלטן ארונטערגעקוקט אין טאָל אריין. איבער דער לענג פון דער באַרג־וואַנט שיפּוע האָבן צווישן די אויסגעריסענע באָדל־ביימער און צעטרעטענע קשאַקעס דערנער אַרויסגעשטאַרצט שטעכעדיקע שטיינער־שפּיצן. די שאָף־סטאַדע געוואָרפן דורך דער פוריע פון שטורעם

האָבן זיך אדורך געוואַלגערט מיט זייערע גופים דורך די ארויסגעשטאַרצטע שטיינער־ציין און זיי זענען נישט געגריזוקט געוואָרן — און ארונטער גע־גליטשט אין גרינעם טעלעכל. ווי אזוי איז עס געשען? זיין אויג ווי זיין אויער איז שוין דערנסטמאָל אָפן געווען צו זען, אין געשעעגישן פון טאָג, דמיונות און צו הערן בת־קולות. אין רוישן פון ווינד האָט ער געזען אין די געוואָרפענע שאָף דעם משל פון די בני ישראל.

ווען ער איז אהיימגעקומען האָט ער געזאָגט צו זיין מוטער (ער האָט זיך מער פאַרטרויט זיין מוטער ווי זיין פאָטער):

„איך האָב געזען די האַנט פון גאָט, וואָס האלט אונטער דעם פאַלנדן ישראל".

„וואָס האָסטו געזען, מיין זון?"

„איך האָב געזען דעם חסד פון גאָט, וואָס ער טוט מיט זיין פאָלק ישראל. עס איז ווי ער וואָלט געוועזן געזאָגט אויף ישראל: „אויף איין קליינע רגע האָב איך דיך פאַרלאָזט און מיט גרויס רחמים וועל איך דיך איינזאַמלען".

— * —

אין די בערג פון יהודה, ווו די משפחה פון שלמה בן אשר האָט זיך באזעצט, האָט זיך געפונען אן אָרט אויף א שפּיץ באַרג, פון וואַנען עס האָט זיך אויפגעעפנט אן עפענונג דורך וועלכער מען האָט געקענט זען ירושלים, ווי זי שפּרינגט ווי א סאַרנע איבער די בערגלעך". די אבלי ציון, זינט גאָט האָט פאַרלאָזט ירושלים, זי איבערגעגעבן אין די הענט פון משחית און די טמאה האָט זיך באזעצט אין איר — האָבן זיך אויסגע־היטן נישט מער צו באַטרעטן די שטאָט, אפילו אויסגעמיטן צו קומען צו דעם אָרט אויפן באַרג־שפּיץ, כדי נישט צו וואַרפן קיין בליק אויף ירו־שלים. און אזוי האָט אויך שלמה בן אשר באַפוילן זיין זון, קיינמאָל נישט צו קומען צום אָרט פון שפּיץ־באַרג, נישט צו קוקן אויף דער שטאָט.

שמואל בן שלמה האָט זיך באַמיט אויסצופירן זיין פאָטערס געבאָט — נישט צו דערנענטערן זיך צום אָרט פון אויסבליק. דאָך האָט עס אים געצויגן ווי א מאַגנעט צום אויסבליק־פּלאַץ און ער האָט נישט געקענט גור־בר זיין זיין חשק צו וואַרפן א שנעלן בליק אויף דער שטאָט, וואָס איז געווען אין זיינע אויגן ווי א שטאָט, וואָס איז נישט געבויט געוואָרן פון מענטשנס הענט, נאָר איז ארונטערגעקומען פון הימל — ווי א נס מן השמים. ער האָט געקענט זען געביידעס צעוואָרפן אויף שיפּוע׳ס פון בערגלעך, געסלעך געצויגן אין טאָלן ארונטער. זיינע אויגן האָבן געזוכט דעם אָנבליק פון הר המוריה.

עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אז ער זעט איינגעפאַלענע ווענט, חורבות שטאַרצן אַרויס ווי שדים־קעפּ. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער זעט רויך־זיילן אויפגיין פון מזבחות צעוואָרפן צווישן די חורבות און אָפּפאַלן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי א משחית, וואָס שאַלט און

וואכט אין דער שטאָט. ער האָט שנעל פארמאכט די אויגן און נישט גע־וואָלט זען און נישט געבענקט צו דעם אָנבליק, און ער האָט אייגגעזען, אז זיין פאָטער און די אבלי ציון האָבן רעכט, ווען זיי ווילן נישט זען די שטאָט, אין וועלכער די טמאה האָט זיך באזעצט.

אָבער דאָך האָט עס אים געצויגן צו דעם אָרט פון אויסבליק. עס האָט אים גע׳כישופ׳ט נאָך אמאָל צו ווארפן א בליק אויף ירושלים. יעדן פרימאָרגן האָבן זיינע טריט אומוויסנדיק געלענקט צו דעם שפיץ בארג פון אויסבליק, אָבער מיט געוואלט האָט ער זיך געניים אָפצוווענדן זיינע טריט און מיט געוואלט זיך אָפצורייסן פון אָרט וואהין זיינע אויגן אין דמיון האָבן צוגעצויגן, און זיין הארץ האָט זיך געפונען דאָרט, צווישן די חורבות.

איינמאָל אין א פרימאָרגן: דער טוי איז געדיכט געלעגן איבער דער ערד. אלע בערג זענען פארהוילן געווען מיט א ווייסע פארע, וועלכע האָט זיך געררייכערט. שוועבנדיקע צעריסענע וואָלקנס האָבן געוואנדערט און געבלאָנדזשעט אין חלל, זיי האָבן פארדעקט ווי מיט שלייערן די בערג־שפיצן, די אָפפאלן און די אָפגרונטן. אלץ האָט געשוועבט אין דער לופטן. די זון, וואָס איז ערשט געבוירן געוואָרן פון א טייך בלוט־ארויס, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דעם האָריזאָנט — מאטערט זיך ארויסצוקריגן פון דעם בלוט, ווי א ניי געבוירן קינד פון דער מוטערס בלוט־בעט, אין וועלכן עס איז איינגעבעט. וואקסט די זון אין שטארקייט, אין פראכט א מייל א מינוט, נעמט זיך אָן מיט גבורה, שיקט ארויס פון זיך טויזנטער זונ־שטראלן, ווי שפיזן, וואָס שטעכן אדורך דעם טוי־דעק, וואָס שוועבנדיק איבער די בערג — בילדן זיי זיילן־שטאנגען, וואָס זענען געוועבט פון זונען־שטויב און נידערן פון הימל צו דער ערד ארונטער.

מיט אמאָל דערזעט זיך שמואל בן שלמה, דער אויפגעוואקסענער בחור, מיט זיינע פאָר שאָף אויפן שפיץ אויסזיכט־בארג. זיינע באָרוועסע פיס שטעקן אין דער פייכטקייט. זיין נאקעטער קאָפ, זיינע געקרייזלטע שווארצע לאָקן, וואָס פאלן איבער זיין באקן זענען באהויכט מיט טוי־טראָפנס. זיין פאסטוך־העמד דורך וועלכן עס קוקט ארויס פון די לעכער און ריסן זיין פליישיק לייב, איז געבאָדן אין טוי. שטייט ער און קוקט אויף דער שטאָט, וואָס פאלט ארונטער פון אן עפענונג פון הימל און ווערט אויפגעהאלטן אויף מעכטיקע פינקעלדיקע פליגלען פון פאַנטאַסטישע כרובים און זי בלייבט הענגען אין דער לופטן, ארומגערינגלט, ארומגעהילט מיט רויכענ־דיקע טוי־וואָלקנס, וואָס שוועבן ארום איר און הילן זי איין מיט ליכטיקע, בלאָ־זוניקע שלייערן.

ער זעט ווי עס הייבט זיך ארויס פון די שוועבנדע שלייערן א מעכ־טיקער קופאָל, אויפגעהאלטן אויף גאָלדענע שטויב־שטראלן פון דער זון — אן אָרעאָל געוועבט פון רעגנבויגן. קאָלירטע צייכנס פון רעגן־בויגן הענגען איבער דעם קופאָל, און מיט אמאָל דערהערט ער א געזאנג. ער הערט די ווערטער פון נביא: „קומט, לאָמיר אויפגיין צום בארג פון גאָט פון

ישראל, צום הויז פון יעקבן" און ער האָט זיך געטראַכט: מיינע אויגן זעען ווי גאָט רייניקט ירושלים אין א קרבן פון קטורת פון אלע אירע זינד, און הענגט־אויס איבער איר דעם צייכן פון נח — פון מחילה און סליחה.

ער האָט פארמאכט די אויגן. ער האָט מורא צו קוקן אין די וואָלקן־אריין. און ער שטייט און שווייגט און ציטערט פון גרויס מורא. א מעכטיקע שטילקייט האָט געהערשט ארום אים. ער פילט ווי די שטילקייט שפרייט זיך אויס, עס איז אויסגעפילט מיט איר דער גאנצער חלל פון דער וועלט. א שרעק נעמט אים אַרום, און ער ציטערט פאר דער פאַרכטיקייט וואָס איז ארום אים.

מיט אַמאָל דערהערט ער א שטים רופן: „נישט פאַר א היענע צו קלאָגן אין דער נאכט זאָלסטו מיר זיין. נאָר א זינגענדיקע לארכע פון פרימאָרגן צו ברענגען די טרייסט צו מיין פאָלק".

ער האָט געוווסט, אז די שטימע רעדט צו אים. די ווערטער זענען געווענדעט צו אים.

מיט פארמאכטע אויגן, מיט א טרילענדיק קול האָט ער גערופן אין וואָלקן־אַריין, מיט א ציטערדיק הארץ און טרייסלענדיקע הענט.

„זיי וועלן מיר נישט גלויבן. שמואל איז מיין נאָמען, און זיי זאָגן: אין שמואל האָב איך זיך פארזען. א בעל־חלומות ווי יוסף, רופן זיי מיך".

„נישט שמואל זאָל זיין דיין נאָמען, נאָר ישעיהו זאָלסטו דיך רופן. זיין גייסט זאָל קומען איבער דיר. און ווי ער, מיין קנעכט, זאָלסטו צו מיר זיין, צו ברענגען דורך דיר די בשורה פון מיין גאולה פאר מיין פאָלק און פאר דער גאנצער וועלט, וואָס האָט נאָר אן עק",

„איך בין אן אומוויסנדער פאסטוך־יונג, דאָס לשון פון די געלערנטע איז נישט אין מיין מויל".

— „גיי קיין ירושלים, זוך אויס די בני נביאים, וואָס זיצן דאָרט אין א הייל, שליס דיך אָן אין זיי. און ווען עס וועט קומען די צייט, וועל איך געבן דאָס לשון פון די געלערנטע אין דיין מויל. יעדן פרימאָרגן וועל איך עפענען דיין אויער, און דו וועסט וויסן, וואָס דו האָסט צו זאָגן און וואָס דו האָסט צו טאָן".

# קאַפּיטל זעקס

איידער יוחנן בן־קרח האָט מיטגעשלעפּט ירמיהו'ן קיין מצרים — א צייט נאָך דעם ווי נבוכדנאצר האָט חרוב געמאכט דעם בית־המקדש און אַוועקגעפירט די עלטסטע פון פאָלק קיין בבל — האָט ירמיהו צונויפגענומען דעם איבערבלייב פון זיינע תלמידים, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אַרום אים, און זיי געבראַכט אין דעם אויסבאַהאַלט פון איינער פון די געהיימע מערות אין דעם חרוב'דיקן בית־המקדש, וואָס די באַלאַגערער האָבן נישט געוווּסט פון איר. ער האָט זיי איבערגעגעבן די שריפטן פון די פריערדיקע נביאים, וואָס ער האָט אָפּגעהיט, אויך אַן אָפּשריפט פון זיינע אייגענע נבואות און דעם בריוו, וואָס ער האָט געשיקט צו די גולי־בבל, און ער האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן אָפּהיטן דאָס הייליקע פייער פון נביאות, זיי זאָלן לערנען די שריפטן פון גרויסן נביא ישעיה, זאָלן טרויערן אויף דעם חורבן פון בית־המקדש, אויסקוקן אויף דער צייט פון דער גאולה און זיך מכין־זיין צו דער הייליקער עבודה פון נביאות.

אויסגעהאַלטן און אָפּגעהיט פון דעם דלת עם־הארץ, וואָס נבוכדנאצר'ס חייל האָט איבערגעלאָזט אין דער שטאָט און וואָס אויך יוחנן בן־קרח האָט זיי געלאָזט הינטער זיך, ווען ער איז אַוועק קיין מצרים, האָבן א טייל פון דעם נביא'ס אָפּגעראַטעוועטע תלמידים זיך אַוועקגעגעבן אינגאַנצן די ענינים פון דער גאולה. זיי האָבן זיך פאַרטיפט אין די שריפטן פון זייער גרויסן רבין, צו דערגיין די רמזים, די סודי־סודות בנוגע דער צייט פון דער גאולה. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט איטלעכן פּסוק, איטלעך וואָרט פון גרויסן נביא ישעיהו, געלערנט זיי בעל־פה, געפאָרשט זייער באַדייט, זייערע טיפע כוונות. זיי האָבן געזאַמלט די כראָניקעס, די געשעענישן אין ישראל און יהודה פון די ווייטע און די נאָענטע צייטן. זיי האָבן אָנגעהאַלטן א לעבעדיקן מגע־ומשא מיט די עולי־הגולה, אַרויסגעשיקט שליחים קיין בבל און קיין מצרים, די צוויי צענטערס פון די בני־הגולה. זיי האָבן געהאַלטן אין איין אויפמונטערן די פאַרטריבענע, הייבן זייער גייסט, געבראַכט זיי טרייסט און האָפענונג, דערמאָנט זיי אין דער הבטחה, וואָס גאָט האָט גע־געבן די נביאים, אַז ער וועט זיי, די גולים, צוריקזאַמלען אין זייער לאַנד. טיילמאָל האָט איינער פון די בני־הנביאים, ווען עס איז געקומען אויף אים דער רוח־הקודש, נביאות־געזאָגט אין זיין אייגענעם נאָמען, אָפטמאָל אין דעם זעלבן גייסט און אין דעם זעלבן סגנון ווי די אַלטע נביאים. יעדערער פון זיי האָט געהאַט זיין נביא, וואָס אין זיין גייסט האָט ער זיך איינגעלעבט און זיין סטיל און נוסח האָט ער פאַראייגנט. אַזוי אַרום האָבן זיי געהאַלטן

לעבעדיק דעם גייסט פון די אַמאָליקע נביאים אין דעם לעבן פון די בני־הגולה.

עס איז געווען די חושכ׳דיקסטע צייט סיי אין יהודה, סיי אין גלות בבל, ווי אין גלות מצרים. קיין איין שטראַל האָפענונג האָט זיך נישט געזען איבער דעם שוואַרצן הימל פון ישראל. עס האָט אויסגעזען, אז דאָס פייערל פון ישראל צאַנקט און לעשט זיך אונטער דעם אַש פון עבודה־זרה און טומאה, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די שארית־הפליטה פון דלת עם־הארץ אין יהודה, און עס איז אויך נישט בעסער געווען אין די גלות־לענדער, וואָס יהודה איז אַהין פאַרוואָגלט געוואָרן.

די בני־הנביאים האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן אין די טרייסט ווערטער פון ירמיהו׳ן. זיי זענען אַרונטערגעקומען אונטער דער שווערער השפּעה פון די שוואַרצע חזיונות פון יחזקאל, דעם נביא פון צער און יאוש, וואָס האָט פון די ברעגן פון טייך כבר אין בבל נישט נאָר מיט די אויגן פון זיין דמיון געזען די מעשים־תעתועים, וואָס ווערן אָפּגעטון אין די געהיימע היילן פון חרוב׳דיקן בית־המקדש אין ירושלים, נאָר ער האָט געמוזט נישט איינמאָל אַדורכגיין דעם מדבר, וואָס ליגט צווישן בבל און יהודה, אַדורכ־גיין בפועל ממש, נישט אַדורכטראָגן זיך אויף די פליגל פון זיין פאַנטאַזיע, און זען מיט זיינע חומר׳דיקע אויגן, צו וואָס פאַר א שפלדיקן מצב די שארית־הפליטה אין ירושלים און יהודה איז דערגאַנגען.

עס האָט אויסגעזען, אז ישראל איז געפאַלן, געפאַלן און וועט, ווי ישמעאל, מער קיינמאָל נישט אויפשטיין — א ריינשטאָק, וואָס ווערט פאַר־פלייצט פון א זומפּיקן שטראָם, וועט ער זיך אויסמישן מיט דעם אַרומיקן פּסולת און וועט פאַרפאַלן ווערן.

באַרויבט פון די כהנים, די לוויים, די גרויסע לייט פון בית־דוד, וואָס נבוכדנאצר האָט זיי פאַרטריבן קיין בבל, איבערגעלאָזט אויף זייער אייגע־נעם גורל, איז דאָס שארית פון דעם דלת עם־הארץ אין ירושלים און יהודה באַלד אַרונטערגעקומען אונטער דער השפּעה פון די כנענים, וואָס צווישן זיי זענען זיי געזעסן, האָט אָנגענומען זייערע מנהגים און זיך איבערגעגעבן זייערע אומווירדיקייטן.

איינגעקלעמט צווישן די פלישתים, וואָס זייערע שטעט האָבן דעם ברעג ים, און מואב, וואָס האָט אויסגענוצט די געפאַלנקייט פון יהודה און אַריינגעכאַפּט זיך אין לאַנד אַריין, אָפּשניידנדיק די גרויסע פּראָווינצן יריחו און חברון, און איז דערגאַנגען ביז ירושלים; דערנידעריקט און פאַרשעמט צווישן די פעלקער דורך דעם טרויעריקן מצב, וואָס יהוה האָט זיי געבראַכט דערצו, האָבן זיי אָפּן דערקלערט, אַז זייער אומגליק נעמט זיך פון דעם, וואָס די געטער פון בבל, בל־מרודך און אישתר, זענען שטאַר־קער, מעכטיקער פון יהוה׳ן, און זיי האָבן פראַנק און פריי זיך באַקערט צו דער עבודה־זרה פון דער געטין אישתר, וועלכע האָט געוווּנען פאַר איר קולט די פעלקער פון אזיע. זי איז געאכפּערט געוואָרן פון די ברעגן

פון קאַספּישן ים ביז צו די יוונישע אינדזלען, ווו זי האָט, מיט דעם זעלבן קולט, געטראָגן אַנדערע נעמען, ווי איזיס, ווענוס, דיאַנאַ. אישתר האָט געהאַט אירע מזבחות און אירע גראַטעס פאַרשפּרייט נישט נאָר איבער יהודה און ירושלים, נאָר אויך אין די מערות פון בית־המקדש, אונטער דעם מזבח פון יהוה. די ווייבער האָבן געבאַקט קוכנס, כּוונים, פאַר איר און באַוויינט איר מאַן און ברודער תמוז נישט נאָר אויף די גאסן פון ירושלים, נאָר אין בית־המקדש גופא. צו דעם זענען נאָך צוגעקומען די סדום׳ישע מעשים־תעתועים, וואָס די ווילדע מדבר־אַראַבער פון מואב האָבן אַריינגעבראַכט קיין יהודה, און דער גאָט מולך, וואָס די פעניקער און די פלישתים האָבן בייגעשטייערט. די אַלע געטער האָבן געפונען זייער אָרט אין יהוה׳ס חרוב׳דיקן בית־המקדש, ווו די שארית־הפליטה האָבן צוערשט אין געהיים, שפּעטער בפרהסיה, געפּראַוועט זייער עבודה־זרה און איבערגעגעבן זיך זייערע מעשים־תעתועים. „יהוה האָט פאַרגעסן אין אונז״, האָבן זיי געזאָגט, און זיי זענען, קענטיק, צופרידן געווען צו קאָנען פריי אראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון יהוה׳ס געבאָטן, אויסמישן זיך מיט די פעלקער פון לאַנד און ווערן ווי זיי.

כּל־זמן דער גרויסער נביא יחזקאל האָט געלעבט, האָט געהאַלטן אין איין וואַנדערן פון בבל קיין יהודה און צוריק און געהאַלטן זיי אין איין וואָרענען, אין איין מוסר זאָגן, אין איין דערמאָנען זיי זייער עבר און וועקן אין זיי בטחון אויף אַ שענערן עתיד, האָט ער נאָך ווי עס איז געקאָנט אויפהאַלטן דאָס שליענדיקע ליכט פון יהודה, אז עס זאָל נישט אינגאַנצן פאַרלאָשן ווערן. ער האָט דענסמאָל פּראָקלאַמירט פאַר זיי צום ערשטן מאָל דעם פּרינציפּ פון פּערזענלעכער אחריות פאַר זינד. גאָט, הייסט עס, וועט נישט אויפמאָנען דעם עונש פאַר זייערע זינד פון דעם גאַנצן פאָלק, נאָר פון איטלעכן נפש באַזונדער וועט אויפגעמאָנט ווערן אַן עונש פאַר אייגענע זינד: זעט, אַלע נפשות זענען מיינע; דער נפש פון דעם פאָטער, אַזוי ווי דער נפש פון דעם זון, איז מיינער; דער נפש, וואָס זינדיקט, ער זאָל שטאַרבן... אַ זון זאָל נישט ליידן פאַר דער זינד פון דעם פאָטער, און אַ פאָטער זאָל נישט ליידן פאַר דער זינד פון דעם זון; די גערעכטיקייט פון דעם גערעכטן זאָל זיין אויף אים, און די שלעכטיקייט פון דעם שלעכטן זאָל זיין אויף אים״. און זאָלן זיי זיך נישט איינרעדן, און צוליב זכות־אבות, אָדער ווייל זיי זיצן אין ירושלים, וועט זיי גאָט שאַנעווען. אפילו נח, דניאל און איוב זאָלן זיין מיט זיי, וועלן זיי נישט זיין בכוח מגין צו זיין: „נח, דניאל און איוב וועלן מיט זייער גערעכטיקייט נאָר מציל זיין זייער נפש״. „און גאָט האָט געזאָגט: „גיי דורך אין מיטן שטאָט, אין מיטן ירושלים, און זאָלסט אָנצייכענען אַ צייכן אויף די שטערנס פון די מענטשן, וואָס זיפצן און קרעכצן אויף אַלע אומווירדיקייטן, וואָס ווערן געטאָן אין איר... (זיי אליין זאָלן געראַטעוועט ווערן, אָבער די אַנדערע) זאָל אייער אויג נישט שוינען... אַ זקן, אַ בחור און אַ מיידל. און קליינע קינדער און

ווייבער... און פילט־אָן די הויפן מיט דערשלאָגענע". און איך בין געפאלן
אויף מיין פנים, און האָב געשריגן, און געזאָגט: „ווײ, גאָט דו האַר, ווילסט
אומברענגען דעם גאַנצן איבערבלייב פון ישראל?" און גאָט האָט צו מיר
געזאָגט: „די זינד פון דעם הויז פון ישראל און יהודה איז זייער און זייער
גרויס, דאָס לאַנד איז אָנגעפילט מיט בלוט, און די שטאָט איז פול מיט
אומגערעכטיקייט, וואָרום זיי זאָגן: „פארלאָזן האָט גאָט דאָס לאַנד, און
ער זעט נישט". אָבער דאָס זעלבע מויל, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט א גזר־
דין אויף קליינע קינדער און ווייבער, האָט אויך געוווסט צו טרייסטן און
צו שטארקן דעם בטחון: „יאָ, איך וועל אייך איינזאַמלען פון די אומות...
און איך וועל אייך געבן די ערד פון ישראל... און איך וועל אָפּטון דאָס
האַרץ פון שטיין פון זייער לייב, און וועל זיי געבן א הארץ פון פלייש...
און זיי וועלן מיר זיין צום פאָלק. און איך וועל זיי זיין צום גאָט". צי זיי
ווילן יאָ, אָדער נישט, מיט געוואלט, מיט א שטארקער האנט, מיט אן
אויסגעשטרעקטן אָרעם „וועל איך אייך צונויפקלייבן פון די לענדער,
וואָס איר זענט צעשפרייט געוואָרן אין זיי", און פון זייערע שונאים, פון
עמון און מואב, פון צור און צידון, וועט ער אויפמאָנען אלע עוולות,
וואָס זיי זענען באגאנגען קעגן זיינע קינדער... און ער האָט אויסגעמאָלט
פאַר זיי דאָס הערלעכע בילד פון די טויטע ביינער, וואָס העפטן זיך צו־
גויף, און פון נייעם ירושלים און נייעם בית־המקדש, מיט דער באנייטער
עבודה, וואָס ווארט אויף ישראל.

אזוי האָט דער נביא, ווי א ריז פון הימל, מיט איין האנט זיי גע־
וואָרפן אין שאול־תחתיה, אין טאָל פון טויט, און מיט־דער צווייטער האנט
האָט ער צונויפגעקליבן די ביינער, וואָס ער האָט צעשפרייט און צעזייט,
און זיי אויפגעוועקט פאַר א נייעם לעבן, מיט הערצער נישט פון שטיין,
נאָר פון פלייש, און מיט א הכנעה׳דיק געמיט.

אָבער זינט דער נביא איז געשטאָרבן און זיין קול איז פארשטילט
געוואָרן, האָט דער מצב אין יהודה, אזוי אויך אין די גלות־לענדער, זיך
פיל פארערגערט. אין יהודה זענען זיי צוריקגעפאלן צו דער עבודה־זרה,
און אויך אין די גלות־לענדער איז נישט בעסער געווען.

נישט נאָר אין יהודה און ירושלים איז דאָס פאָלק שוין געווען
פארזונקען אין דעם זומפּ פון עבודה־זרה, נאָר אויך אין בבל און מצרים.
פון בבל, ווו עס האָט זיך אויפגעהאלטן דער לעצטער פלאם פון ישראל
און עס האָט אויסגעזען, אז א נייע געבורט פון ישראל קומט פאָר אין דער
פרעמד, זענען נאָך יחזקאלס טויט, אָנגעקומען צו די בני־הנביאים איוב׳ס
בשורות. א נייע שיכט האָט זיך אויסגעבילדעט צווישן די בני־הגולה, א
שיכט סוחרים און אונטערנעמערס, וועלכע האָבן געזעסן אין בבל דאָס צו־
געזאָגטע לאַנד. און נישט נאָר די רייכע און גרויסע לייט אליין פון בבל
דער שטאָט, נאָר אפילו דאָס פשוטע פאָלק, לאַנד־באזיצער און ערד־ארבע־
טער, וואָס זענען געזעסן אויף דער פעטער ערד ביים גרויסן טייך כבר,

האָבן באַלד געזען אין ירמיהו׳ס ווערטער וועגן געטריישאַפט צום לאַנד בבל א רמז, אַז בבל וועט און דאַרף בלייבן זייער שטענדיקע היים. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרגלייכן דאָס קאַרגע אָרעמע לאַנד פון די יהודה׳שע בערג, ווו מען האָט איטלעכן טפח ערד געמוזט אויסגראָבן און אויסשטיינען, מיט דער רייכער ערד פון בבל. עס זענען, אמת, נאָך געווען דאָ און דאָרט אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט א בענקשאַפט-געפיל פאַר דעם לאַנד פון זייער געבוירן. דאָס זענען געווען מענטשן פון אַלטן דור, וואָס עס האָט נאָך געלעבט אין זיי דער זכר פון די שבתים און די ימים-טובים אין בית־המקדש, און אין זייערע הערצער זענען נאָך נישט פאַרגאַנגען די טרייסט־ווערטער פון ירמיהו און יחזקאל. אָבער דער נייער דור, וואָס איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן אויף דער בבל׳שער ערד, האָט זיך אויסגעמישט אינגאַנצן מיט דער בבל׳שער באַפעלקערונג. זיי האָבן אפילו אָנגעהייבן פאַרקוקן זיך אויף די בבל׳שע געטער, וועלכע האָבן געהאַט אזא גוטע מערכה און זענען אזוי געאַכפּערט געוואָרן ביי די פעלקער, און זיי צוגעגליכן צו יהוה׳ן, וואָס זיי האָבן נאָר געהערט וועגן אים ווי וועגן א גאָט, וואָס באַשטראָפט האַרט פאַר איטלעכן פאַרברעך. זיי זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פּרעכטיקייט פון די געוואַלטיקע רעליגיעזע פּראָצעסיעס, וואָס זענען געווען א טייל פון ריטואַל ביי דער פייערונג פון נייעאָר אין בבל, און די געטער בל-מרודך, צין, שמש זענען געוואָרן די געאַכפּערטע געטער ביי א גרויסן טייל פון דער יידישער יוגנט, בעת אישתר מיט איר קולט פון קדשות האָט געוווּנען די הערצער פון פיל ייד׳שע פרויען און מיידלעך.

אין מצרים איז דער מצב נאָך ערגער געווען, אָן דער טראַדיציע, נישט פון נביאות, נישט פון מלכות בית־דוד, וואָס האָט נאָך געטליעט ביי די גולי־בבל, זענען די יידן פון מצרים געוואָרן אן אינטעגראַלער טייל פון דער מצרישער באַפעלקערונג, איינגעגלידערט אין פרעה׳ס מיליטערישע כוחות. שטרעבנדיק אָפּצווישן יעטוועדן זכר, אָדער השפעה פון ירושלים, האָבן זיי אפילו אויפגעשטעלט א קליינעם בית־המקדש אין מצרים, א קאָנקורענט פון ירושלימער בית־המקדש.

ווי איזאָלירט, ווי אָפּגעזונדערט די בני־הנביאים זענען נישט געווען אין דער גראָטע, פאַרטיפט שטענדיק אין די ווערטער פון די נביאים, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעטון פון זייערע ליפּן, האָבן זיי דאָך געהאַלטן א וואך אויג אויף די וועלט-געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ארום זיי. זעענדיק אין די געשעענישן דעם אצבע-אלהים, וואָס קיין גרעזל טוט זיך נישט קיין ריר אָן דעם, האָבן זיי אַלץ געוויגן און געמאָסטן נאָר אין שייכות און אין פאַרבינדונג מיט ישראלס גאולה, מיט דעם צוריקקער פון די יידן אין זייער לאַנד, מיט דעם אָנקומען פון דער משיחישער צייט, וואָס זיי האָבן מיט בענקשאַפט אויסגעוואַרט אויף איר. און מחמת דעם האָבן זיי געזאָרגט נישט נאָר איבער דעם גורל פון יהודה און ישראל, נאָר

אויך איבער דעם גורל פון אלע פעלקער. גאָט האַלט זיין אויג וואַך איבער אלע מענטשן און משפּט זיי לויט זייערע מעשׂים. און נישט נאָר יהודה, אָדער ישׂראל אליין האָט גאָט דורך זיינע נביאים געהאַלטן אין איין דער־מאָנען, וואָרענען און ריכטן אין זיינע דרכים. צוליב דעם האָבן די בני־הנביאים באַצייכנט און באַשריבן די דברי־הימים, די געשעענישן, וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן אין דעם לעבן פון אלע אנדערע פעלקער, נישט נאָר פון יהודה און ישׂראל אליין.

ווען דער יונגער ישעיה איז אַרונטערגעקומען פון די הרי־יהודה און האָט זיך מצרף־געווען צו די בני־הנביאים, האָט ער פון זיי געלערנט וועגן דעם עבר פון די אנדערע פעלקער, אַזוי אויך דאָס נביאות פון די פריערדי־קע נביאים איבער זייער גורל און זייער עתיד. טייל פון זיי, וואָס האָבן אויסגעקליבן צו גיין אין דעם וועג פון גערעכטיקייט, האָט גאָט געלייט־זעליקט. און האָט ער זיי אפילו געשטראָפט, ווען זיי האָבן אָפּגענייגט פון גלייכן וועג, האָט ער זיי אָבער, אַזוי ווי ישׂראל, אויך געשוינט און נישט אָפּגעמעקט פון דער ערד. די שלעכטע און די זינדיקע פעלקער, ווי שטאַרק, ווי מעכטיק זיי זאָלן נישט געווען אין זייער צייט, האָט ער געצייכנט מיטן צייכן פון אומקום און פאַרטיליקונג, אַזוי ווי שאָף, וואָס ווערן געצייכנט צום שעכטן. ער האָט זיי געלאָזט אַ ווייל שאַלטן און געוועלטיקן, וואָרום ער איז איינגעהאַלטן אין צאָרן. אָבער דאָס שלעכטס איז ווי אַ שטריק אויף זייער האַלדז, וואָס שלעפּט זיי אַרונטער אין שאול־תחתיה און זיי קומען נישט מער צוריק.

פון די בני־הנביאים האָט דער נביא געלערנט וועגן אשור׳ס עבר, פון די מעשׂים־תעתועים, וואָס אשור האָט אָפּגעטון, פון זיין אכזריות׳דיקן באַנעמען־זיך מיט אַנדערע פעלקער. ווי אַ שלאַנג האָט אשור געביסן; פאַרניכטונג און אויסראָטונג אויסגעטיילט די אַנדערע פעלקער. אַ מאָויים־דיקער דראַקאָן, אַ פיל־צונגיקער, וואָס שפּייט מיט סם, האָט ער זיך גע־וואָרפן אויף אלע זיינע שכנים, אַריינגעכאַפּט זיי אין זיינע קרעלן און פאַרצוקט. קיין רחמנות נישט געהאַט אויף יונג און אלט. ער האָט גע־מיינט, אַז ער וועט אייביק הערשן, ער — און קיין אַנדערער איז נישטאָ. נאָר דער נביא נחום, וואָס איז געווען אין זיין צייט און האָט צוגעזען, ווי אַשור, אַ ווילדער אָקס, שטויסט אויף רעכטס און לינקס, און דאָרט, וווּ ער טרעט, לאָזט ער איבער פאַרווּיסטונג און חורבן נאָך זיך, — דער נביא נחום האָט פאָראויסגעזאָגט זיין סוף. גאָט האָט געצייכנט אשור ווי אַ שעפּס, צו דער שחיטה, האָט אים באַפאַרבט מיט דער פאַרב פון טויט:

„זע, איך וועל קומען אויף דיר, זאָגט גאָט פון צבאות,<br>און איך וועל פאַרברענען אויף רויך אירע רייטוועגן,<br>און דיינע יונגלייבן וועט פאַרצערן די שווערד.<br>און איך וועל פאַרשניידן פון דער ערד דיין רויב,<br>און מער וועט נישט געהערט ווערן דאָס קול פון דיינע שליחים״.

בבל איז דער יורש פון אשור. ווי אשור, א ווילדער אָקס, וואָס צעברעכט דעם רוקן פון אלטע לייט, צעטראמפּלט די שפּראָצונג פון יונגע, אזוי איז בבל. און אזוי ווי אשור, מיינט אויך בבל, אז ער איז און קיין אנדערער איז נישטאָ א חוץ אים. ער וועט אויפשטעלן איבער אים א שטאַר־קערן, א מעכטיקערן, וואָס וועט טאָן זיין רצון, און ווי א לייב וועט ער צעברעכן דעם נאקן פון אָקס.

וואָס אשור האָט געטאָן מיט ישראל, פון דעם האָט דער נביא גע־הערט פון די בני־הנביאים; וואָס בבל האָט געטאָן מיט יהודה — דאָס האָט ער געזען מיט זיינע אייגענע אויגן.

—*—

ווי א פארלוירענע חיה איז ארומגעלאָפן דער ניי־אָנגעקומענער נביא, וואָס האָט זיך גערופן ישעיה, איבער די חורבות פון בית־המקדש, איבער די צעשטערטע, פארוויסטע גאסן און מארק־פּלעצער פון ירושלים. דוד׳ס שטאָט איז געלעגן אין שטויב, די מויערן —איינגעבראָכן, די היי־זער — איינגעפאלענע רואינעס. אָרעמע, פארהונגערטע מענטשן, אָפּגע־ריסענע, באָרוועסע, האָבן זיך ארומגעדרייט צווישן די חורבות, די בערג און בערגלעך צעמורשטע שטיינער. לייבער, האלב־אויפגעפרעסענע פון קראנקהייטן און צרעת, מענטשן־סקעלעטן, פארווילדעטע, באנומענע, האָבן זיך ארומגעוואלגערט, ווי ארויסגעוואָרפענע שמאטעס, ווי א טייל פון די קופעס מיסט און ברוכוואָרג ארום זיי. די בעסערע, גאנץ איבערגעבלי־בענע הייזער, וואָס נבוכדנאצר׳ס אייזערנע שטורעמבעק האָבן אויסגעלאָזט זענען געווען באזעצט פון פרעמדע, מענטשן פון מואב, אדום, פון אשקלון, פון צור און צידון, וואָס זענען געקומען מיט נבוכדנאצר׳ס חיילות קיין ירו־שלים, טייל פון זיי פקידים, אויפזעער איבער דער פאריאָכטער באפעלקע־רונג. ווו דער נביא האָט זיך נישט ארומגעקוקט, האָט ער געזען נאָר צע־שטערונג און איינגעפאלנקייט. שלמה׳ס פאלאץ, וואָס האָט געהויזט דורות יידישע מלכים, איז געווען באזעצט פון א פרעמדן הערשער, וועלכער האָט אויסגעקוועטשט דאָס לעצט־איבערגעבליבענע ביסל חיות פון דער בא־פעלקערונג דורך מס־צאָלונג און עבודת־פרך, וואָס איז אויף איר ארויפ־געצוווּנגען געוואָרן.

פארהונגערט, איבערגעלאָזט אויף הפקר פון די רייכע און די גע־בילדעטע אין פאָלק, איז די דלת עם־הארץ צוריקגעפאלן צו דעם ווילדן מצב פון די עבודה־זרה׳דיקע פעלקער. דאָ און דאָרט, אין מיטן א מארק־פּלאץ, האָט דער נביא געזען אן אימפּראָוויזירטן מזבח, א הרייפוס, א מאָנ־סטער־פיגור פון א מולך מיט אן אָנגעשוואָלענעם בויך, אין וועלכן עס איז געווען איינגעבויט אן אויוון, געהייצט מיט צווייגן פון איילבירט־ביימער אָדער פאלמען. דאָ און דאָרט איז געווען צו זען א יידישע מוטער קניען מיט איר קראנק קינד פאר א געגאָסענער פיגור פון דער געטין אישתר, אויסגעשטעלט אין מיטן גאס, ווו א כהן מיט א גרופּע קדשות האָבן גע־

פראָוועט עבודה פאַר איר. א „בעל" פון עמון, מיט א מעכטיקן פלאַקן אין האַנט, א סימבאָל פון גבורה און ממשלה, האָט זיך ארויסגעהייבן אויף אַן אנדער אָפענעם פלאַץ, און אן עמוני'ער אכפערער, וואָס איז געקומען אהין מיט זיינע ווייבער, האָט געבעטן ביים אָפגאָט, ער זאָל באַשערן די ווייבער מיט לויטער זכרים.

ווו דער נביא האָט זיך נישט אַרומגעקוקט אין ירושלים, אין דער שטאָט פון מלך דוד און מלך שלמה, האָט ער געזען וויסטעניש און צע־שטערונג סיי אין האַלץ און שטיין, סיי אין גייסט און נשמה. פאַרפרעמדט פון זייער גאָט, איז דאָס שארית ישראל, די דלת עם־הארץ אַרונטערגעפאַלן צו דער שפל'ער מדרגה פון די שכנישע פעלקער, וועלכע האָבן ווי א פריי־אָפגעלאָזטער שטראָם אריינגעשטראָמט אין ירושלים.

נאָך ערגער איז געווען דער הויף פון בית־המקדש. דער חורבן איז דאָ געווען פול, קיין שטיין אויף א שטיין נישט געבליבן. דאָס אָרט, וואָס שלמה המלך האָט מקדיש געווען ווי א בית־תפילה לכל העמים, איז איצט געווען אָפגעגעבן איין־איינציקן גאָט, דעם גאָט מולך. אין א האַלב־צוריק־געבויטן היכל, אפשר דאָרט, ווו די כהנים האָבן געבראַכט קרבנות צו יהוה'ן, איז געשטאַנען דער שיקוץ־משומם, מולך מיט זיין בויך פון א פלאַ־קערדיקן אויוון. און דער הערלעכער הימל איבערן בית־המקדש, וואָס האָט אמאָל פאַרנומען דאָס הללויה־געזאַנג פון די לוויים, מיט באַגלייטונג פון האַרפן־שפיל, דער הימל, וואָס האָט געהערט די שיר־המעלות'ן פון דוד המלך, האָט איצט אויפגענומען דאָס יללה'דיקע געשריי פון קליינע קינדער, ווען מען האָט זיי אריינגעשטופּט אין דעם פייערדיקן אויוון־בויך פון דעם געגאָסענעם געץ. די פלאַטפאָרמעס, וואָס ישעיה האָט געלאָזט פון זיי הערן זיין „וואָרט פון גאָט", די שטיינער, וואָס האָבן געהאַלטן דעם עכאָ פון דעם נביא'ס קול, ווען ער האָט אויסגערופן די ישועה און די גאולה פאַר אַלע מענטשן פון אַלע עקן ערד, האָבן איצט פאַרנומען דאָס קאַניבאַלישע ווילדע ליאַרעמען פון מולכ'ס כהנים, ווי זיי טאַנצן אָרגיאַסטיש, אויפדעקנדיק זיי־ער שאַנד, דעם טריאומף־טאַנץ פון מולך, צו פאַרשרייען די יללות פון די קינדער־קרבנות. אויף די הייליקע מעלות, וואָס פירן צו די היכלים, איבער די רצפות, וואָס ירמיהו האָט באַטראָטן און געקלאָגט דאָרט זיין קלאָג פון וואָרעניש, זענען קדושות געווען אויסגעשפּרייט, פּריסטערינס אין דעם קולט פון זנות פאַר דער געטין אישתר.

דער נביא האָט דאָך אויף קיין רגע נישט געקאָנט צולאָזן דעם גע־דאַנק, אַז יהוה האָט, חלילה, פאַרוואָרפן זיין פאָלק אויף אייביק און וועט זיך אויסקלייבן אַן אנדער פאָלק צו טראָגן זיין געבאָט. ניין, גאָט איז נישט קיין מענטש, וואָס בייט זיין דעה. דער הייליקער פון ישראל וועט נישט ליגן זאָגן. ער האָט פאַרבונדן זיין אייגענעם כבוד מיט ישראל פון אָנהייב אָן, זינט אברהמ'ס צייט, און וועט זיין כבוד נישט אָפּגעבן קיין אנדערן. נאָר ווי לאַנג איז דער שיעור צו וואַרטן? ישראל צאַנקט ווי אַן

אויסגעייענדיק ליכט, וואָס אָט באלד וועט זיך עס אויסלעשן. ישראל איז ווי א קליינער אינדזל אונטער דער אטאקע פון שטורעמדיקע כוואליעס, וואָס וועלן אים אָט באלד פארפלייצן און צודעקן. אָט באלד וועט ישראל ווערן ווי אייבער פון די קליינע ווילדע שבטים, וואָס זיצן אין מדבר. ער וועט אויפגעפרעסן ווערן פון די ווערים עמון און מואב אין דער היים, און פון די חיות־רעות, בבל און מצרים, אין דער פרעמד. אזוי אז מען וועט נישט וויסן ווו ער איז אהינגעקומען. ירושלים וועט ווערן א פארפעסטעטע נעסט פון קריכעדיקע שרצים. ירושלים וועט ארייגעצויגן ווערן אין מדבר אריין, ווי אייבע פון די שטעט פון מואב, אָדער עמון, אָדער אדום, וואָס רינגלען זי ארום און ווילן זי דערשטיקן. אויב אזוי, וואָס וועט זיין מיט דער האָפע־נונג אויף דער גאולה פאר ישראל און פאר אלע מענטשן פון דער וועלט? זאָלן די הבטחות פון די אבות, די מי פון משה'ן, די מעשים פון דוד'ן, דאָס געשריי פון ישעיה'ן, דאָס געוויין פון ירמיהו'ן זיין בחינם? עס וועט נישט זיין מער וועמען צו באפרייען.

ער האָט שוין איינגעזען דאָס, וואָס זיין פאָטער און אלע אבלי־ציון ווילן נישט קומען קיין ירושלים און פארווערן אים צו קוקן גאָר אויף ירושלים. האָט גאָט טאקע פארוואָרפן ירושלים? חלילה! האָט מען אים דען נישט געוויזן ירושלים ווי זי ווערט געריייניקט אין קרבן פון קטרת? און דער בת־קול, וואָס האָט אים געהייסן גיין קיין ירושלים, כדי ער זאָל זיך אָנטרינקען מיט דעם לאָגל טרערן, ער זאָל זען דעם גאנצן חורבן ביז צום גרונט?

ער האָט זיך מייחד געווען אין איינער פון די מערות, וואָס געפינען זיך אין דעם הויף פון בית־המקדש. ער איז געזעסן אזוי אין התבודדות און האָט געהאלטן אין איין מתפלל זיין. זיין לייב איז אָפּגעצערט געוואָרן פון תעניתים, און ער האָט אָנגעהויבן קריגן עלית־נשמה. זיין דורשט נאָך דער גאולה, זיין קנאה פאר דעם גאָט פון ישראל, זיין ליבע צו ירושלים און זיין באגער צו זען ישראל אויסגעלייזט האָט אים אריינגעבראכט אין אזא התפעלות, אז ער האָט אָנגעהויבן זען חזיונות, הערן א בת־קול אין זיך. עס איז געווען ווי גאָט וואָלט אויפגעעפנט א פענצטער פאר אים אין דער צוקונפט. טיילמאָל האָט ער געזען ירושלים אין א נייער פראכט, ווי א ניי ליכט וואָלט געפאלן אויף איר. ער האָט געהערט געזאנג פון יונגע קולות ארויסזינגען פון אירע חורבות. ער האָט געזען זי ווי דעם אויבן־אָן פון די בערג, דערהייבן איבער די הייכן, וואָס אלע פעלקער שטראָמען צו אים, קוקן־אויס אויף דער ישועה, וואָס וועט קומען פון דאָרט. ער האָט געזען פעלקער אויף ווייסע אינדזלען הייבן זייערע בליקן צו ירושלים, גלייך פון דאָרט קומט ליכט צו באלייכטן זייער פינצטערניש. ישראל און ירושלים זענען פארבונדן מיט גאָט אין איין כבוד. גאָטס נאָמען איז גערופן אויף זיי. ווען ירושלים איז חרוב און ישראל איז צעשפרייט, איז גאָטס כבוד פארשעמט און פאראכט אין דער וועלט. ווען ישראל איז אויסגעלייזט

און ירושלים איז אויפגעבויט, ווערט גאָטס כבוד גרויס אין אַלעמענס אויגן. ישראל קאָן נישט אונטערגיין און ירושלים קאָן נישט זיין אויף אייביק צעשטערט, וואָרום גאָט האָט גערופן זיין נאָמען אויףביידע, „מייַנער ביסטו".

ער האָט זיך גערופן אויפן נאָמען פון דעם גרויסן נביא ישעיה. ער האָט גערעדט אין דעם לשון פון ישעיה׳ן, איז געווען אַזוי אַדורכגענומען מיטן גייסט פון ישעיהו, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער נביא איז אויפ־געשטאַנען תחית־המתים אין דעם אומבאַקאַנטן פרעמדן יונגנמאַן, אָדער אַז ישעיה׳ס גייסט האָט זיך באַזעצט אין אים און ער איז ממשיך יענעמס נביאות. די חזיונות זענען געקומען צו אים אָפטער ווי צו די אַנדערע בני־הנביאים אין דער הייל. ער פלעגט אָפט קומען אין אַן עקסטאַטישן מצב גלייך דער רוח־הקודש וואָלט אים באַפאַלן און געבונדן אים ווי מען בינדט אַ קאַלב. דענסטמאָל האָט ער אָנגעהויבן אימפּראָוויזירן אַזעלכע ווערטער פון בטחון אין דער גאולה, אַז די אַנדערע בני־הנביאים האָבן זיך גע־שראָקן פאַר אים. זיין פּאַסיע איז געווען דער גאָט פון ישראל, דאָס פאָלק ישראל און דער משיח, וואָס וועט אויסלייזן די גאַנצע וועלט און ברענגען אַלע פעלקער פון דער וועלט צום גאָט פון ישראל. ער האָט גאָר געזען חזיו־נות פון דער גאולה, וואָס קיין אַנדערער פון די בני־הנביאים האָט נישט געזען, און עס איז געווען אין זיין נביאות־זאָגן אַזוי פיל אויטאָריטעט און אַזוי פיל זיכערקייט, פריי פון איבערחזרן די רייד פון די פאָרגייענדיקע נביאים, ישעיה און ירמיהו, פריי פון פאַררופן זיך אויף זיי, ווי עס איז געווען דער דרך פון די אַנדערע בני־הנביאים, אַז ער האָט אַרויסגערופן אין די, וואָס האָבן אים אויסגעהערט, אַ געמישט געפיל פון פאַרווונדערונג, פרעמדקייט און אפילו שרעק.

אָן אַ וואָרט פון מוסר, אָן שטראָף־רייד האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען און צו זאָגן וועגן אַ באַלדיקער גאולה און דערקלערט, אַז גאָט האָט פאַר־געבן די זינד פון ישראל, פאַרגעבן און געדעקט זיי נישט מער. די גאולה איז שוין דאָ, זי שטייט הינטער אונזערע טריט, זי קומט און דערנענטערט זיך. קיינער קאָן נישט באַשטימען פאַר גאָט אַ צייט. ווען גאָט וויל, ברענגט ער יעטוועדע צאַם, וואָס מען שטעלט אויס פאַר אים, אפילו פון אַ נביא. מען קאָן זיך פאָרשטעלן די בהלה און דעם ווונדער, וואָס די ווערטער פון דעם נייעם נביא האָבן אַרויסגערופן.

ער פלעגט אָפט פאַרשווינדן. אויסבאַהאַלטן אין היילן, געהיימע מערות, וואָס האָבן זיך געפונען פיל אונטער די חורבות פון בית־המקדש און וואָס נאָר ער אליין האָט געוווּסט פון זיי, איז ער לאַנג געזעסן אַזוי אין התבודדות, מיט זיין תשוקה נאָך דער גאולה זיך איינגעזויגן אין אומבאַקאַנטע ספערן און מיט זיין ווייטיקדיקער בענקשאַפט און עקסטאַטישער ליבע אַרויסגערופן אין זיך דעם רוח־הקודש. און דענסמאָל איז ער, אַ באַפליגלטער, אַריבערגעטראָטן גרענעצן און דערגרייכט מדרגות, וואָס קיין ילוד־אשה

איז נישט ביכולת צו דערגרייכן אהין מיט זיינע אייגענע כוחות אָדער ווילן. ער פּלעגט קומען אין אזא עקסטאז, אז אַפּטמאָל האָבן אים די בני־הנביאים געפונען א פאַרחלשטן, א פאַרמאַטערטן אין אייבער פון די גראַטעס און אים געבראַכט מיט שווערקייט צוריק צום לעבן. און ווען ער איז געקומען צוריק צום לעבן, האָט ער זיך צעזונגען מיט א נביאישן לשון, וואָס האָט געהערט נאָר אים אליין, אַרויסגעוואָרפן פון זיך ווערטער פון התלהבות, פון עקזאַלטאַציע. טיילמאָל האָט ער באַזונגען דאָס יחידות פון דעם גאָט פון ישראל, זיין אויבערמאַכט איבער אלע געטער, זיין גערעכטיקייט פאַר אלע מענטשן, זיין חסד און די ליבשאַפט, וואָס ער האָט פאַר זיין גאַנצן באַשאַף. טיילמאָל האָט ער פון די פאַרהוילענע גראַטעס געבראַכט מיט זיך נייע האָפענונג פאַר ישראל, ווען ער האָט געלויבט און געפּרייזט זיין גאָט־צוגעהעריקייט, זיין דערהויבונג און אויסגעוויילטקייט, אָדער א זעאונג וועגן א גואל, וועגן דעם משיח פון יעקב, וועגן דעם אויסוואַרטן פון די אינדזלען אויף זיין קומען. זיינע אינספּירירטע ווערטער האָבן משפיע געווען די בני הנביאים אזוי, אז אויך אין זיי האָט זיך אָנגעצונדן דאָס נביאישע ליכט, און זיי האָבן אויך געזען חזיונות פון דער גאולה און אָנגעהויבן, איטלעכער אויף זיין אופן, אין זיין אייגענעם נוסח, באַזינגען דעם הייליקן פון ישראל, די האָפענונג פון ישראל, די האָפענונג פון דער גאַנצער בריאה, די גאולה און דעם גואל.

ירמיהו האָט געזען ציון און ירושלים ווי אן אלמנה, וואָס קלאָגט בייגאַכט:

„וויינען טוט זי וויינען ביינאַכט,<br>און איר טרער איז אויף איר באַק.<br>זי האָט נישט קיין טרייסטער<br>פון אלע אירע ליבהאָבער".

דאָס האָט באַשאַפן די פאָרשטעלונג ביי די בני־הנביאים, אז ציון איז פּערזאָניפיצירט אין א לעבעדיק ווזן, און זי געפינט זיך צווישן די חורבות פון בית־המקדש, און זי קלאָגט ביינאַכט, אזוי ווי די מוטער רחל, וואָס דער נביא האָט געזאָגט אויף איר: „א קול ווערט אין רמה געהערט... רחל וויינט אויף אירע קינדער, זי וויל זיך נישט טרייסטן נאָך אירע קינדער, וואָס זיי זענען מער נישטאָ".ביים יונגן נביא זענען די צוויי מוטערס, די מוטער ציון און די מוטער רחל, פאַראייניקט געוואָרן אין איין געשטאַלט, אין דער מוטער פון ישראל. זיין אַנגסטיקער באַגער צו זען די די מוטער פון ישראל מיט די אייגענע אויגן האָט אויפגעמאָלט בילדער פון איר אויפקום אין זיין רייכן כוח־הדמיון. ער האָט געזען איר שאָטן, דעם שאָטן פון א פרוי ווי ער פאַלט אויף די חורבות פון בית־המקדש ביים פאַרגיין פון דער זון. ער האָט זי געזען אין זיין חזיון זיצן אויף א שטיין, די טרערן רינען פון אירע אויגן, זי שטרעקט די הענט צום הימל. אָ, ווי ער האָט געגאַרט צו זען זי, צו וואַרפן זיך צו אירע פיס, איינצוזאַפּן אין זיך די טרערן, וואָס רינען פון

אירע אויגן, צו טרייסטן זי מיט דער ברכה פון בטחון און תנחומים, וואָס גאָט האָט אָנגעפילט מיט דעם, ווי א מילגרוים מיט זאפט, זיין הארץ.

ער איז ארויסגעגאנגען ביינאכט, האָט געזוכט איר שאָטן, וואָס זאָל שוועבן איבער די חורבות פון בית־המקדש. ער האָט זי געזוכט, ווי א ליבּ־האָבער זוכט זיין געליבטע, וואָס זיין נשמה האָט געדאַרשט נאָך איר.

און איינמאָל האָט ער זי געזען. ער האָט זי געזען אין דעם לבנה־ליכט. דער בארג מוריה איז געווען באדעקט מיט א געוועב פון ליכט און שאָטן, די אויבערטיילן פון די חרובדיקע ווענט צונויפגעגאָסן אין דעם פערל־ליכט אין איינס. עס האָט געדעגנט פון הימל מיט שטערן־גלימער, מיט טראָפּנס ליכט, פאַרוועבטע אין דער לופט אין א דורכזיכטיקן טוי־שלייער, וואָס האָט ארומגענומען סיי די חורבות פון בית־המקדש, סיי דעם בארג און זיינע טאָלן ארום.

ער איז געשטאנען אויף דעם בארג מוריה און האָט ארונטערגעקוקט אונטן, אין גי־הנום. אויך דער טאָל איז געווען געהילט אין דעם נעץ־געוועב פון ליכט און שאָטן. עס האָט זיך אויסגעוויזן דעם נביא, אז גאָט דעקט־צו זיין גאנצע יצירה מיט א קלייד פון חסד און רחמים, דעקט־צו די חורבות פון בית־המקדש און אפילו דעם גי־הנום. אלדאָס אומריינע ווערט ריין, ווערט ארונטערגענומען און געשיצט אונטער די פליגל פון גאָטס חסד.

דענסטמאָל האָט ער דערהערט א קול, וואָס האָט געזאָגט דורך געוויין:
„ווער וועט מיך טרייסטן פון אלע מיינע פרייַנט ?”.

ער האָט זיך איינגעקוקט און האָט זי געזען, די גרויסע מוטער, די מוטער פון ישראל. באדעקט איינגאנצן אין שווארצן, איז זי דאָך געווען, אין דעם ליכט פון דער לבנה און די שטערן, אזוי ווי איינגעהילט איבערן שווארצן אין א הילע פון פינקלדיקע שטראַלן.

ער האָט צוגעמאכט די אויגן, ער זאָל זי נישט זען מיט די אויגן פון א בשר־ודם, און געוואָרפן זיך אויף די קני פאר איר:
„אָ, מוטער !”.

„איך בין די מוטער פון דעם קינד. אויב אלע האָבן אים פארלאָזט, קאָן איך אָבער אים נישט פארלאָזן. אויב גאָט האָט אים פארשטויסן פון זיך, מוז איך אים צודריקן צו מיין הארץ. פאר מיר איז ער נישט זינדיק. א ביי־געבויגן קינד איז ער פאר מיר, אומשולדיק און ריין. איך ווייס נישט פון זיין שלעכטס, איך ווייס באַר פון זיין פיין. זיין יעטוועדער ווונד, זיין יעט־וועדער שלאק גייט־אדורך דורך מיין לייב. מיין בלוט רינט אין זיינע אָדערן, און מיין בלוט דערפילט דעם צער צוערשט, איידער נאָך עס דערגייט צו אים. אָ, ווער וועט מיך טרייסטן אויף מיין גרויסן בראָך !”.

„אָ, מוטער, זע דאָס קלייד, וואָס גאָט וועבט פאר דיר. ער הילט דיך איין אין א קלייד פון חסד און רחמים פאר דעם גרויסן טאָג פון דיין פרייד. זע, גאָט איז מטהר זיין הויז פון יעטוועדער טומאה. ער טוט רעגענען זיין חסד אויף די שטיינער און אויף די חורבות. ער בּרייט־פאַר זיין הויז פאר

די קינדער, וואָס באַדאַרפֿן קומען אַהיים. געלייטערטע אין פֿייער וועלן זיי אַרויסקומען פֿון די קאַלך־אויוונס. געזויבערטע ווי שאָף, וואָס שטייגן־אויף, געוואַשענע אין וואַסער פֿון טייך, נאָכן שערן. הער דאָס קול פֿון גאָט, וואָס רופֿט צו דיר דורך די שטראַלן פֿון די שטערן, וואָס לייכטן איבער דיר. אַזוי זאָגט גאָט, אַזוי זאָגט ער אויף דיר:

„וואָרום ווי אַ ווייב פֿאַרלאָזן און פֿאַראומערט אין געמיט
טוט דיך צוריקרופֿן יהוה.
און אַ יוגנטווייב, קען זי דען נמאס ווערן? —
זאָגט דיין גאָט.
אויף אַ קליינער רגע האָב איך דיך פֿאַרלאָזן,
אָבער מיט גרויס דערבאַרעמונג וועל איך דיך איינזאַמלען״.

„זינט דער צייט פֿון ירמיהון האָט מיך קיינער נישט געטרייסט אַזוי ווי דו, מיין קינד. גיי צו מיינע קינדער אין גלות, און זיי אַ טרייסטער צו ישראל, ווי דו ביסט געווען אַ טרייסטער צו מיר, מיין קינד.

ווען ער האָט אויפֿגעעפֿנט די אויגן, איז די מוטער נישט געווען. ער איז צוריקגעגאַנגען צו די בני־הנביאים. מיט אַ נייעם געזאַנג אין זיין האַרץ, מיט דעם געזאַנג פֿון טרייסט פֿאַר דער מוטער פֿון ישראל.

—*—

אַזוי האָט גאָט איטלעכן פֿרימאָרגן אויפֿגעעפֿנט זיין אויער צו הערן און אויפֿגעעפֿנט זיין אויג צו זען. ער האָט געהערט קולות, וואָס די אַנדערע בני־הנביאים האָבן נישט געהערט, און געזען חזיונות, וואָס זיי האָבן נישט געזען. און בעת די אַנדערע בני־הנביאים זענען געווען איינגעהילט אין דעם שווערן שלייער פֿון עצבות און נאָר געזען צעשטערונג, חורבות און פֿאַרטיליקונג, וואָס דער משחית ברענגט, האָט ער נאָר געזען ווי גאָט׳ס האַנט ראַמט־אָפּ אַ וועג פֿאַר דער גאולה. „וואַרפֿט אַ שטראַל ליכט אין דער פֿינצטערניש, און ראַמט־אָפּ אַ וועג אין מדבר. פּנו דרך, פּנו דרך! און עס האָט געהאַלטן אין איין אַרויסזינגען פֿון אים דאָס געזאַנג פֿון טרייסט:

„הערט איר נישט, זעט איר נישט, אַז די ישועה קומט און דערנענטערט זיך צו אונז?״.

זיי האָבן אים נישט פֿאַרשטאַנען, די בני־הנביאים, און געחידושט זיך, וואָס ער זעט די ישועה זיך נעענטערן אין מיטן דעם חורבן. זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן:

„אַ חתן איז געקומען צווישן די אבלים. אַ חופּה שפּרייט ער אויס אויף דעם בית־הקברות. וואָס אַזעלכעס הערט ער, וואָס מיר הערן דאָס נישט? און וואָס אַזעלכעס זעט ער, וואָס מיר זעען דאָס נישט?״.

אין יענער צייט איז צו דער דלת עם־הארץ, וואָס איז געזעסן אין ירושלים, דערגאַנגען די ידיעה, אַז כורש, מלך פֿון פּרס, האָט זיך געשטאַרקט איבער דעם מלך פֿון בבל און ער נעמט איין און רייסט־אָפּ איין פּראָווינץ

נאָך דער אנדערער פון בבל׳ס ממשלה. אָן דער שפּאַנונג פון א פּיילן־בויגן, האָט ער איינגענומען די גרויסע מדינה ליביע, מיט איר — די אזיאַטישע אינדזלען פון יוון, דעם אינדזל קיפּרוס, און ער שטייט שוין ביי צור און צידון. ווו ער קומט, רופט ער אומעטום פרייהייט צו די פעלקער, פרייהייט פון דעם יאָך פון בבל, פאַריאָגט די בלוטדורשטיקע בבל׳שע שוטרים און נוגשים, קערט־אום די הערשאַפט פון די פריערדיקע מושלים, באַפרייט די שקלאַפן און מאַכט גרינגער די מס־צאָלונג. גרויס האָפענונג און גליקלעכע דערוואַרטונג האָט אויפגעוואַכט צווישן די בני־הנביאים. און עס איז געווען ווי עס וואָלט זיך דערהערט דער שאַל פון שופר אין דער ווייט.

און עס איז געווען אין דער צייט, וואָס דער נביא האָט זיך אויפגעהאַלטן אין זיין פאַרבאָרגענער הייל אונטער די חורבות פון בית־המקדש, ווו ער האָט מתפלל געווען לאַנג מיט גרויס התלהבות איז ער אריינגעפאַלן אין א שלאָף און ער האָט געהאַט עלית־נשמה. און ער האָט געהערט ווי עס קומען־אָן פון דער ווייטנס חיילות. טריט דערנענטערן זיך פון מחנות, מחנות, ווי די וועלן פון ים, וואָס שלאָגן־אָן אין ברעג, קומען מיט גרויס רעש, ווי געטראָגן מיטן ווינט. קיין זאַך שטייט נישט אין זייער וועג. אלץ ווערט אָפּגעראַמט פאַר זיי. און מיטאמאָל האָט א מעכטיקע האַנט אים אָנגענומען און אים פאַרטראָגן אין א לאַנד פון חזיונות.

און דער נביא האָט געזען באַשיינפּערלעך די גאולה. ער האָט געזען דעם נייעם יציאת־מצרים. איבער דעם ים שניידט זיך אויס א וועג. מעכטיקע וועלן הייבן זיך אויף און בלייבן שטיין, ווי צוויי ווענט, אויף ביידע זייטן וועג. איבער דעם וועג גייט ישראל. ער קומט אָן פון אלע פיר זייטן. עס הערט זיך דער געראַוש פון שטאַרקע פליגל, וואָס בידערן ארונטער אין זייער פליען, ברענגען ישראל פון אלע פיר זייטן פון דער וועלט, פון מערב און מזרח, פון צפון און דרום. אלץ, וואָס געהערט צו גאָט, אלץ, וואָס רופט־אָן גאָטס נאָמען, אלץ, וואָס גאָט האָט געשאַפן פון זיין כבוד וועגן, — זיי קומען זיך אלע צוזאמען. עס איז א גאַנץ אנדער ישראל. דער בלינדער קנעכט איז זעענדיק געוואָרן. ער האָט דערזען דעם איינציקן הייליקן, וואָס הערשט מיט זיין חסד איבער אלע באַשעפענישן. זיין האַרץ האָט דערהערט די שטים פון גאָט. ער איז באַנייט מיט א נייעם גייסט. ווי א טויאיקער שפּריי־רעגן וואָלט געפאַלן אויף א וויסטן מדבר, און דער מדבר וואָלט גענומען בליען, אזוי איז ישראל באַזעלט געוואָרן מיט א נייעם גייסט. זיין נשמה איז דורשטיק געוואָרן נאָך גאָט, און גאָט האָט אָנגעפילט ישראל׳ס לאָגלען מיט זיין געטראַנק. גערייניקט און געלייטערט איז ער פון יעטוועדער פּסולת. ער איז אדורכגעגאַנגען די טבילה פון פייער אין די קאַלך־אויוונס פון בבל, האָט באַצאָלט דעם פולן פּרייז פאַר זיין זינד, און גאָט האָט אים מוחל געווען. גאָט האָט אָפּגעמעקט זיינע זינד, און אין א נייעם געבורט שטייט ער איצט פאַר גאָט. ער איז ווידערגעבוירן פאַר גאָט, און ער גייט־אויף מיט געזאַנג אין זיין האַרץ דורך דעם מדבר צום לאַנד פון זיין געבוי־

רן. דער מדבר בליט צו זיינע פיס, א גן־עדן פון גאָט, באגרינט און באַ־בלימט פון דעם טוי, וואָס גאָט האָט געלאָזט רעגענען איבער אים. און נישט נאָר ישראל אליין גייט איבער דעם מדבר מיט גאָט אין זיין האַרץ און אויף זיינע ליפּן, נאָר אפילו די חיות פון פעלד, די שלאַנגען און די עקדישן. זיי קומען צו קריכן פון די זאמדן און די היילן, דערקריכן און דערלאַנגען צו די טייכן, צו די וואסערן, וואָס גאָט האָט אויסגעשפּרייט איבער דעם מדבר פון ישראל׳ס וועגן. זיי טרינקען פון דעם ריינעם וואסער, וואָס גאָט האָט צעגאָסן אין מדבר, און זיי ווערן אויסגעלייזט פון זייערע חייהשע מזלות. זיי דערקענען אויך גאָט, און א גרויס געזאַנג הייבט זיך אויף אין מדבר פון מענטש און חיה, וואָס לויבט און פּרייזט דעם איינציקן גאָט פון ישראל. ווארום מיט ישראל׳ס ריין־ווערן פון זינד האָט גאָט גערייניקט די ערד און אָפּגעווישט דאָס שלעכטס פון זיין באשאף.

און מיטאמאָל האָט ער דערהערט, ווי א בת־קול רופט אין זיין האַרץ:

„ישעיה, ישעיה, דער גייסט פון מיין קנעכט האָט זיך אריינגעגעבן אין דיר, און אזוי ווי איך האָב אויך דיך, איידער דו ביסט פון דער מוטערס טראַכט ארויס, געהייליקט. דיין צייט איז געקומען. שטיי־אויף און גיי קיין בבל, און ברענג דאָס וואָרט פון מיין טרייסט צו מיין פאָלק, וואָס איז מיד. זע, איך האָב געגעבן א שווערד אין דיין מויל, און איך וועל דיך באשיצן אין דעם שאָטן פון מיין האנט. איך וועל דיך צודעקן מיט מיין שוץ, און קיינער וועט נישט ביישטיין קעגן דיר. איך וועל אויפעפענען דיינע אויער איטלעכן פרימאָרגן, איך וועל געבן דאָס לשון פון די געלערנטע אויף דיין צונג. פעלקער וועלן אונטערגיין, לענדער וועלן פארשווינדן, מעשים וועלן אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד, און דיין וואָרט וועט לעבן, וועט לעבן צו זיין א טרייסט, א האָפענונג, אן אָנזאָג פון גוטער בשורה פאַר אלע מידע הערצער און צעבראָכענע געמיטער, וואָס קוקן־אויס אויף מיין ישועה. א שטארקונג און אַן אָנלען וועט דיין וואָרט זיין, ביז דער טאָג וועט קומען פאַר אלע לייבער איינאיינעם צו זען, אז גאָט האָט אמתדיק געמאכט דאָס וואָרט, וואָס ער האָט אריינגעטאָן אין דיין מויל.

קאפיטל 7

# אין בבל

...פאר זיינע אויגן האָט גאָט אוועקגעשטעלט, ווי אין א שפיגל, דעם אָנבליק פון דער חרובדיקער ירושלים. ער האָט שוין געזען תמיד די שטאָט אין רואינעס, די פארהונגערטע, האלב־נאקעטע מענטשן, מיט קראנקע ארויסגעזעצטע אויגן, וואָס וואָגלען ארום, ווי שאָטנס, צווישן די חורבות. דאָס בילד פון דעם פארחושוועכטן בית־המקדש, ווו פיגורן פון געצן און במות פאר אָפּגעטער הייבן זיך אַרויס פון צווישן די איינגעפאַלענע היכלים, האָט אים פארפאָלגט, ווי בייזע רוחות, געשמיסן זיין לייב מיט רוטער, און זיין האַרץ איז צעגאנגען פון דעם פייער פון דורשטיקייט, פון תשוקה נאָך דער גאולה.

ער האָט שוין איצט געלייגט זיין גאנצע האָפענונג אויף כורשן, דעם מלך פון פרס, וואָס גייט און דערנעענטערט זיך צו בבל. די שטאָט האָט גע־רוישט מיט קלאַנגען וועגן כורשעס אָפּגעהאלטענע נצחונות. עס האָבן אָנ־געהויבן באוויזן זיך די ערשטע סימנים פון פחד און מורא ביי דער בבלער באַפעלקערונג. מען האָט אָנגעזען אויף די פנימער פון די בבלער די אומ־זיכערקייט וואָס זיי האָבן געפילט אנטקעגן כורשעס גבורות. מען האָט זיך געררוימט אויפן אויער, זיך דערציילט די מאויימדיקע מעשיות, וואָס זענען דערגאנגען צו זיי וועגן כורשעס חיילות. נישט נאָר דעם שונאס חייל, נאָר פעלקער גאנצע און לענדער גיבן זיך אים אונטער אָן קיין שום ווידער־שטאנד. די גובערנאטאָרן און די ממונים איבער פּראָווינצן גייען איבער צו אים. די באפעלקערונג נעמט אים אויף, ווי אַ באַפרייער, ווי איינעם, וואָס איז געקומען זי ראטעווען, נישט ווי א באצווינגער. זי שליסט זיך אָן מיטן אייגענעם גוטן ווילן אין זיינע חיילות צו גיין מיט זיי צוזאמען אין מלחמה אויף בבל. ער, כורש, טראָגט זיך, ווי אַן אָדלער, איבער די לענדער. טיר און טויער שטייען אָפן פאר אים. פעסטונגען ווערן אויסגעגליכן מיט דער ערד, און עס איז נישטאָ פאר אים קיין אָפּהאלט און קיין צוריקהאלט. יעט־וועדער מיכשול ווערט אָפּגעטאָן פון זיין וועג.

נישט אנדערש, נאָר די חיילות פון הימל גייען־מיט מיט אים. גאָט אליין האָט אים אָנגענומען ביי זיין רעכטער האנט און פירט אים קיין בבל צו באפרייען זיין פאָלק און די וועלט.

איבער דער וועלט הערשט א שטילקייט, ווי דער גאנצער באשאף וואָלט איינגעהאלטן דעם אָטעם, אויסוואַרטנדיק דעם גרויסן אקט. פון דער

וויטנס הערט ער א דונערדיק בת־קול, וואָס גייט איבער די זאמדן פון מדבר. און שאלט־אָפּ מיט א מעכטיקן עכאָ איבער אלע ווינקלען פון דער ערד: פּנו דרך יהוה! ווי אַ וויכער האָט זיך געטראָגן דער נביא איבער די גאסן, איבער די מארק־פּלעצער, איבער די קאנאל־שטראנדן פון בבל, מיט זיינע צעשויבערטע שווארצע האָר, מיט זיינע גרויסע ארויסשפּארנדיקע אויגן, אין זיין פרעמדלענדישן מאנטל און ווייסן קאָפּבאדעק. זיינע באקעטע שטיין־הארטע פוסטריט האָבן ארויסגעקוקט פון זיינע אָפּגעטראָטענע סאַ־דאלן, די שטעקלדיקע אָרעמס שטענדיק צעשפּרייט, ווי זיי וואָלטן גרייט געווען וועמען ארומצונעמען. עס טראָגט אים דער בטחון אין דער גאולה, און ער זוכט אויס די בני־ישראל ווו ער געפינט זיי. ער גייט צו זיי אויף די מארק־פּלעצער, ווו זיי טוען זייער ארבעט אונטערן פרייען הימל, פאר זייערע שטעל־געוועלבן, אין די אָפּגעשלאָסענע הויפן פון זייערע הייזער, ווו די איילמישער דריקן איילבירטן, ציען ארויס שמעקעדיקע אייל און זאלבן, סאנדאלן־מאכער נייען סאנדאלן, וועבער וועבן וואָלענע שטאָפן. שבת געפינט ער זיי אין די בתי־כנסיות. און אומעטום זינגט ער אויס זיינע לידער פון נחמה און גאולה: נחמו, נחמו, עמי!

וווינען ווינט ער ביי נריה בן־שריה. נריה איז א שכיר־יום, א שיפער ביים רייכן מלכיה גבּרא. מלכיה גבּרא האָט געהאלטן א פלאָטיליע פּראָמען אויף די קאנאלן פון בבל, וואָס האָבן אריבערגעפירט פּאסאזשירן פון ברעג צו ברעג, אָדער פון גאס צו גאס, — קיין בריקן זענען דאָרט נישט געווען. רבי מלכיה גבּרא האָט געקראָגן די פּראָמען־קאָנצעסיע פון דעם יורש־עצר בל־שאצר, וועלכער איז אויך געווען א שטילער שותף אין געשעפט.

נריה האָט געטיילט די היים מיט זיין אלטן פאָטער שריה אין דעם הייזל ביים טייך פּרת, אריבער דעם שטאָט־מויער. זיין ווייב, אמא־בא, האָט אכטונג געגעבן אויפן שווער. דער פרעמדער נביא, וואָס דאָס פאָרפאָלק האָט אים ארייננגענומען צו זיך, האָט זיך אויפגעהאלטן אין דעם דאך־שטיבל פון זייער ליימענעם הייזל. נריה האָט אויפגעשטעלט אויפן דאַך פון זיין הייזל א געצעלט פון ראָרנשטעקלעך, איבערגעדעקט מיט פאלמע־צווייגן. דאָרט האָט דער נביא געהאט א געלעגער פון געפלאָכטענע ראָגזשעס, א טיש און א בענקל, מגילות פון פּארמעט, שריפטן פון די פריערדיקע נביאים, דער עיקר, פון ישעיהו און ירמיהו, שרייבגעצייג, וואָס איז באשטאנען פון א שטילעט און ליים־טאָוועלעך. דער נביא האָט זיין נביאות אויסגעזונגען ווען דער רוח־הקודש האָט גערוט אויף אים, שבת אין די בתי־כנסיות, אָדער אויף די מארק־פּלעצער אין די וואָכעדיקע טעג. שפּעטער, אין דער היים, האָט ער פארצייכנט די אימפּראָוויזאציעס אויף ליימענע טאָוועלעך, וואָס נריה האָט זיי געלאָזט זיך טריקענען אויף דער זון. טייל מאָל האָט דער נביא אויך פארצייכנט אויף שערבלעך מיט פארב זיינע נבואות, אָדער תהלים־געזאנגען, וואָס זענען געקומען צו אים אין שעהן פון חסד.

די גוטע אמא־בא האָט באזאָרגט זיינע קנאפּע באדערפענישן, זיין

אָרעמען מאָלצייט, וואָס איז באַשטאַנען פון גערשטן־פּלעצלעך, איילבירטן, גרייפּלעך און גאָרטנוואַרג. זי האָט געהאַלטן ריין זיין ווייסן נביאישן מאַנטל, זיין קאָפּבאַדעק, זיין ראָגזשע־מאַטראַץ. זי האָט געגלויבט, אַז זי האָט אונ־טער איר באַלקן אַ מאַן פון הימל, און זי האָט אים אַזוי באַהאַנדלט. נריה, איר מאַן, האָט זיך אין גאַנצן אָוועקגעגעבן דעם נביא פון דעם טאָג אָן, וואָס ער האָט זיך געוויזן אויף דער שוועל. דאָס איז געווען די איינציקע משפּחה, וואָס דער נביא האָט געקענט אין בבל, און נריה מיט זיין ווייב האָבן אים באַשיצט, גוט אכטונג געגעבן אויף אים, באַזאָרגט אַלע זיינע הצטרכותן. דאָס געצעלט אויפן דאַך פון שריהס שטיבל איז געוואָרן דעם נביאס מקום־קודש. דאָרט האָט ער מתפּלל געווען, דאָרט האָט ער זיך מתייחד געווען אין דער קדושה, ווען דער רוח־הקודש איז געקומען צו אים אין שעהן פון חסד.

דער נביא האָט געוואָלט זען און וויסן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער און פרעמדער שטאָט. ער האָט זיך אָפּטמאָל געפונען מיט נריהן ביי זיין טעגלעכער אַרבעט פון אַ שיפער אויפן פּראָם. נריהס פּראָם האָט פאַרבונדן אַ מאַרק־פּלאַץ מיט דער פּראָצעסיע־גאַס, אַריבער דעם קאַנאַל, פּונקט ביים אָנהייב גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער טויער און דער טעמפּל פון דער געטין אישתר. ביים אַנדערן עק גאַס איז געשטאַנען די על־סאַגילאַ, דער טעמפּל פון בל־מרודך. דאָס איז געווען אַן אַנטיקער הימל־קראַצער, וואָס איז געשטעלט געווען, ווי אויף אַ פּיעדעסטאַל, אויף אַ הייך פון טעראַסעס, איינע געלייגט איבער דער אַנדערער. ערשט פון דער לעצ־טער, זיבעטער, טעראַסע הייבט זיך אויף דער מאַיעסטעטישער פּירקאַנטי־קער בנין פון טעמפּל מיט זיינע טורעמס, וואָס שטייגן אין הימל אַריין. דער גאַנג פון טעראַסע צו טעראַסע, אָדער פון טורעם צו טורעם, איז דורך אַ קייט גרויסגדיקע טרעפּן־לייטערס. איבער דער לענג פון דער פּראָצעסיע־גאַס, וועלכע איז אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט מיט הויכע מויער־ווענט, האָבן הענדלער פאַרקויפט די גלויביקע, וואָס זענען געקומען צו דער עבודה פון די געטער, האָלץ־געשניצטע, ליימענע און מעטאַלענע פיגורן פון די בבל׳שע געטער און געטינס. דער פּראָם האָט געבראַכט אַהין פון אַריבער דעם קאַנאַל געשלאָגענע מיט פאַרשידענע קרענק און פּלאָגענישן, וואָס זייערע אייגענע האָבן זיי געפירט און געטראָגן אויף בעטלעך און ליג־שטולן.

— וווהין פירן זיי זייערע קראַנקע, צו די טויערן פון די טעמפּלען ? — פרעגט דער נביא.

— יאָ. זיי קומען אַהער איינקויפן קמיעות, כישוף־שפּרוכן ביי זייערע כהנים, אָדער פרעגן אַן עצה ביי אַנדערע, וואָס זענען געווען געטראָפן ווי זיי, זוכן אַ רפואה פאַר דער קראַנקהייט.

— איך וועל גיין צו די טויערן פון די טעמפּלען צו זען די בלינדקייט פון די גויים און זייער געפאַלנקייט.

— דו, גאָט־געבענטשטער נביא, צו די טויערן פון עבודה־זרה ?

— כדי צו וויסן די דערהויבנקייט און די אויסדערוויילטקייט פון ישראל.

און דער נביא, וואָס האָט זיך אויסגעהיט פון מטמא־זיין דאָס לייב דורך מגע־ומשא מיט די גויים אָדער, חלילה, מיט דער עבודה־זרה, האָט פארלאָזט דעם פּראָם און איז באַכגעגאנגען נאָכן שטראָם געצנדינער.

הינטער דעם טעמפּל פון דער געטין אישתר האָט זיך געצויגן א רחבות־דיקער שטח ליידיק לאנד. די בבלער האָבן געהאלטן דאָס לאַנד ליידיק, א רעזערוו פאר א גויטפאל, ווי אין צייט פון באלאגערונג און הונגער, ווען דאָס לאנד וועט קאָנען באַקערט ווערן אין א תבואה־פעלד. אין יאָרן פון שלום האָט דאָס פרייע לאנד געדינט פאר אן אָפענעם מארק, דער עיקר, פאר בעלי־מלאכות פון געשניצטע, געקלעפּטע און געגאָסענע פיגורן פון געצן. א געדיכטע מאסע עולי־רגל, פּילגרימען, א ים קעפּ האָט זיך גע־וויגט און געכוואליעט יענעם טאָג איבער דעם פעלד. מענער, ווייבער און קינדער פון פארשידענע פעלקערשאפטן און ראסן האָבן זיך געשפּאַרט און זיך געשטויסן ארום די געשטעלן פון געצן־הענדלער, ארום די ווערק־שטעלן פון בעל־מלאכה׳ס. עס זענען דאָרט געווען פערסיער, מידיער, מיט זייערע קורצע געקניפּטע בערד און שווארצע רעק; מיט שפּעסענע פעלן באַדעקטע באוווינער פון די געבערג־געגנטן פון עילם, אסידייער, אראמייער, מדבר־לייט פון סיריע־אראביע. זיי האָבן איינגעהאנדלט אויפן געצנמארק פיגורן פון אישתר, בל־מרודך, צין, שמש, פריש פון דעם מייסטערס האנט. דאָ האָט א מייסטער אין האָלץ געארבעט איבער א געשניץ פון דער געטין אישתר מיט צוויי טויבן, וואָס זי האלט צוגעדריקט צו דער ברוסט, און ער האָט די אָפּשניצלעך, ווען זיי האָבן זיך אָנגעקליבן, אונטערגעלייגט אונטער דעם דרייפוס ביי דעם וואַרשטאַט, ווו עס האָט זיך געקאָכט ביי אים א טאָפּ מיט גריץ. א מעסאָפּאָטאמישע פרוי מיט א קראנקן קינד אויף די הענט האָט זיך שוין געדונגען מיטן מייסטער איבער דעם געשניצטן ווערק, וואָס האָט ערשט געהאלטן אין ווערן. זי האָט זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל נישט קארגן קיין רויטע פארב אויף דעם פּנים פון דער געטין. קוים איז דער בעל־מלאכה פארטיק געוואָרן מיט דעם געשניץ, האָט ער באשמירט דעם באָפּל פון דער געטין מיט האָניק און דאָס צוגעטראָגן בדחילו־ורחימו צו דעם מויל פון קראנקן קינד, — אין אויסבייט אויף דעם לעצטן לעמעלע, וואָס איז פארבליבן פון דער אלמנה׳ס סטאַדע.

אויף אן אנדער אָרט האָט א רייכער בבלער געהאלטן אין אָפּשליסן א געשעפט מיט א געצן־הענדלער. עס האָט זיך געהאנדלט אין א גרויסער שטיין־געהאקטער סטאטוע פון בל־מרודך, מיט א טיארע אויפן קאָפּ, אויס־געזעצט מיט פאלשע שטיינער, מיט דער עקדיש־שלאנג ביי זיינע פיס. עס האָט געמוזט זיין א וויכטיקער משא־ומתן, מחמת א געזעמל מענטשן, וואָס איז געוואָרן אלץ גרעסער, האָט ארומגערינגלט דעם סוחר און זיין קונה. מען באוואונדערט דעם אָפּגאָט, מען זאָגט ארויס מבינות אויפן אָרט, מען

הערט זיך צו מיט אינטערעס צו דער דיגנעניש, מען גיט צו קוראזש דעם קויפער, מען האלט אין איין רימען די וווּנדער, וואָס אזא געץ קאָן טאָן ווען מען ברענגט אים אהיים און מען שטעלט אים אין שטוב אריין.

— זעקס יאָר זענען מיינע ווייבער געווען עקרות, מיר נישט געגעבן קיין יורש. נאָר קוים האָב איך א קליין געצל אהיימגעבראכט און געשטעלט אין שטוב אריין ביי מיין באגערט ווייב, קוים האָט זי נאָר געגעבן א קוק אויף אים און א הויפן בשמים געריכערט פאר אים, איז זי באלד טראָגעדיק געוואָרן — זאָגט א פעטער, דיקער בבל׳ער מיט א רויטן קארק און מיט א פנים פון א סריס, קוקנדיק מיט קנאה׳דיקע אויגן אויפן גרויסן געץ.

אזעלכע רייד נעמען דעם קונה. מען גייט־איין אויפן פרייז און מען ברענגט דעם אָפיציעלן שרייבער פון קאָנטראקטן. דער שרייבער שרייבט אויס די תנאים פון דעם געשעפט אויף א ליימענעם צילינדער. הער סוחר לייגט ארויף זיין חותם־שטעמפל, וואָס ער טראָגט אָנגעהאָנגען אויפן גארטל. ווען דער קאָנטראקט איז געשלאָסן, נעמען דעם רייכן קונהס צוויי אביסינישע שקלאפן ארונטער פון א פור, געשפאנט מיט אָקסן, פיר זעק געדשטנמעל, דעם קויפפרייז פארן געץ, און לייגן זיי צו די פיס פון דעם האָלץ־שניצער. דערנאָך נעמען די אביסינישע שקלאפן דעם איינגעהאנדלטן גאָט און לייגן אים ארויף אויף דער זעלבער פור, אויסגעבעט ווייך מיט שטרוי, און דעקן צו די סטאטוע מיט רייך אויסגעהאָפטענע דעקן און טיכער. באגלייט מיט אויסרופן פון באוווּנדערונג פאר דער געצן־פיגור, פאר אירע מעלות און סגולות, פאָרט דער וואָגן, געשפאנט מיט צוויי אָקסן, אָפּ, און דאָס געזעמל מענטשן גייט זיך פאנאנדער.

אָבער מער פון די רייכע איינקויפער פון געצן האָבן דעם נביאס אויג און הארץ צוגעצויגן די אָרעמע, די געשלאָגענע, וועלכע האָבן געבראכט מיט זיך זייערע קראנקע און מיט דעם לעצטן עוף, אָדער א פּאָר אייער, אָדער א היימיש־געוועבטן שטיק לייוונט, א בינטל וואָל, א קרוג אייל זיך איינגעהאנדלט א קליין פיגורכל פון דער געטין אישתר, וועלכע האָט געהאט די סגולה צו היילן א קראנק קינד, אויפעפענען דעם טראכט פון אן עקרה, מאכן פרוכפערדיק קי און ברענגען שפע אין זייער מילך. די געטין אישתר איז דאָ געווען די איינציקע הערשערין. איר נאָמען איז נישט אראָפּ פון די ליפּן פון אירע אכפערער, און איר פיגור אין אלערליי מאטעריאלן און פאָרעמס האָט געפונען דעם גרעסטן אָפּגאנג. דאָ און דאָרט האָט אן אָרעמער פאָטער אָדער מוטער, זון אָדער טאָכטער, ברודער אָדער שוועסטער, צוגעטראָגן מיט פרומקייט די געקויפטע פיגור צום טראָג־בעטל אָדער ליגשטול פון חולה, און דער חולה האָט מיט די לעצטע כוחות אויסגעשטרעקט די הענט צו דער געטין און געבעטן הילף. פארשמאכטע ליפּן האָבן זיך צוגעלייגט צו איר נאָפּל, ציטערדיקע הענט האָבן זי צוגעדריקט צום הארצן, פארמאכט די אויגן און געשעפּטשעט א תפילה, ווי זיי וואָלטן די לעצטע האָפענונג אָנגעהאָנגען אָן דער געטין.

דער טעמפל פון אישתר איז געווען איבערגעפולט מיט מתפללים, האָבן כהנים אָפּגעריכט די עבודה אין דרויסן, געדויכערט בשמים אויף קליינע דרייפוס־מזבחות, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט לרוב ארום דעם טעמפל.

דער פלאַץ פאַר דעם אישתר־טעמפל איז פאַרשאָטנט פון די טויבן, וואָס פלאַטערן, און מחנות ווייבער, יונגע און אלטע, אין א געמיש פון טראַכטן, שטייען ארום, זיצן אויף די טרעפּ און שוועלן פון טעמפל און האָדעווען די טויבן מיט קרישלעך פון קיכעלעך, פון פאַרשידענעם געבעקס, וואָס זיי באַקן אליין ווי אַן אָפּגאָב פון אכפּערונג פאַר דער געטין אישתר. א גערויש פון פליגלפּאַך, א וואָרקעניש פון טויבן, א געמורמל און א שושקעניש טראָגט זיך איבער דעם פלאַץ.

אָבער נישט נאָר מיט דעם אומשולדיקן שפּיל אליין פון האָדעווען די טויבן האָבן די גלייביקע ווייבער געדינט דער געטין. זיי האָבן פאַר איר מפקיר געווען דאָס טייערסטע, וואָס א פרוי קאָן אָפּגעבן, — די בתולהשאַפט, דאָס צניעות, דאָס שאַנדגעפיל... די טרעפּ און די שוועלן פון אישתר־טעמפל זענען פול באַזעצט מיט פרויען פון פאַרשידענעם עלטער, און מענער קומען אָן, וואַרפן א זילבערשטיק אָדער אַן אנדער ווערטיקן חפץ אין שויס פון א פרוי, און די פּאָרלעך, מאַן און פרוי, גייען אָפּ אין די אינעווייניקסטע געמאַכן פון טעמפל.

נישט נאָר די בבל׳ער אליין זענען געווען פאַרזונקען אין דעם זומפּ פון זינד. די גאַנצע וועלט, אלע לענדער, אלע פעלקער, אלע ראַסעס זענען געווען דאָ פאַרטראָטן, — פון דעם קאַספּישן ים ביז צו די אינדזלען פון יוון און נאָך ווייטער, פון די בערג אררט אין ארמעניע ביז צום עק מדבר און נאָך ווייטער. יעדער קני בייגט זיך פאַר דער געטין, יעדער האַנט שטרעקט זיך אויס צו איר נאָך הילף, איר נאָמען איז אויף אלעמענס ליפּן.

—*—

די נאַכט איז דער נביא געלעגן אין דעם דאַך־שטיבל פון נריהס הויז. די שטערן פון דער נאַכט האָבן אריינגעקוקט דורך די שפּאַרעס און שפּאַלטן פון די פּאַלמען־צווייגן, וואָס האָבן באַדעקט דאָס שטיבל פאַר א דאַך. דער נביא האָט געקוקט אין דעם בלאָען אויסגעשטערנטן הימל אריין, ווי זיין אויג וואָלט געוואָלט אדורכדרינגען די פאַרשלאָסענע שויב פון די אנדערע וועלטן און דערגרייכן צו דער פמליא של מעלה, צו דער מרכבה, ווי יחזקאל איז געווען ביכולת דאָס צו טאָן, און דאָרט פאַר אים ברענגען זיין געשריי. זיין האַרץ האָט געפלאַקערט אין איין גרויס פייער פון קנאה פאַר דעם גאָט פון ישראל.

— צי זעען זיי נישט, צי ווייסן זיי נישט, אז זיי דינען צו די ווערק פון זייערע אייגענע הענט, אז זייערע געטער זענען האָלץ, שטיין, ביין, אייזן? צי ווייסן זיי נישט, צי פאַרשטייען זיי נישט, אז זיי טאַפּן אין דער פינצטער פון א פאַרשלאָסענער נאַכט, ווי בלינדע? און מיר? דאָס הויז פון גאָט אין ירושלים שטייט פאַרשעמט און פאַרלאָזט. ישראל איז פאַר־

שפּרייט צווישן די גויים, און די וועלט זינקט אין טומאה. די גאַנצע וועלט איז איין גרויסער בלוטיקער געשוויר, וואָס טריפֿט מיט ראָפּע־זיגד. פֿאַר זינד און אומווירדיקייטן האָבן זיי געשטעלט טעמפּלען, פּאַלאַצן, וואָס שטייגן מיט זייערע שפּיצן אין הימל אַריין. זייערע געטער זענען האָלץ און שטיין, זייערע כהנים — סריסים און קדשות, זייערע טעמפּלען — בתי־זונות, און דער גאָט פֿון צבאות איז פֿאַרשלאָסן אין זיינע הימלען!

עס קאָן דאָך נישט זיין, גאָט האָט נישט באַשאַפֿן זיין וועלט, אַז זי זאָל זיין אַן אייביקער מדבר. גאָט האָט נישט באַשאַפֿן דעם מענטשן, אַז ער זאָל זיין אַ בלינדע חיה. ניין, נאָך ערגער. די חיה טוט איר שליחות פֿאַר גאָט אין איר שטומקייט, און איז זיך נישט מטמא. דער מענטש איז זיך מטמא און האָט מטמא געווען די ערד מיט זיינע עבודה־זרות.

ווי לאַנג, גאָט, ווי לאַנג וועסטו וואַרטן און שווייגן? — האָט ער אויסגעשריגן ווי אַ לייב — האָסטו נישט געזאָגט: אַ חוץ מיר איז נישטאָ קיין גאָט!

און ער האָט דאָס פּנים איינגעגראָבן צווישן די הענט, און נישט די אויגן, נאָר דאָס האַרץ זיינס האָט געוויינט אין אים. ער האָט גערעדט פֿאַר זיך:

— אָ, פֿאָטער פֿון אַלע באַשעפֿענישן, פֿאַרוואָס האָסטו געשלאָגן דיין בריאה מיט בלינדעניש? פֿאַרוואָס האָסטו פֿאַרדעקט זייערע אויגן מיט דער שוואַרצער נאַכט? האָסט פֿאַרקערט זייערע הערצער אין קיזלשטיין, און די רעדער פֿון זייער שכל און טראַכטן האָסטו פֿאַרזונקען אין אַ זומפּ פֿון אומוויסן. זיי ווייסן נישט און זיי פֿאַרשטייען נישט. זיי זעען נישט און זיי פֿילן נישט. קיין דערקענונג און קיין שכל צו זאָגן: טייל דערפֿון האָב איך פֿאַרברענט אין פֿייער, און אויך געבאַקן אויף זיינע קוילן ברויט, געבראָטן פֿלייש און געגעסן, און דעם רעשט דערפֿון זאָל איך פֿאַר אַן אומווירדיקייט מאַכן? צו אַ שייט האָלץ זאָל איך קניען? — אָ, פֿאָטער פֿון אַלע באַשעפֿעני־שן, האָב רחמנות אויף דיינע בריות. עפֿן אויף אַ שפּאַרע אין זייער נאַכט, זאָלן זיי זען, אַז נאָר דו אַליין ביסט דער ערשטער און דער לעצטער. עס איז נישטאָ קיין אַנדער גאָט חוץ דיר. אָ, גאָט פֿון אַלע וועלטן, פֿיל אָן דיין ערד מיט דיין כבוד און עפֿן די אויגן און די הערצער פֿון אַלע דיינע באַשע־פֿענישן, אַז יעדער קני זאָל זיך בוקן פֿאַר דיר און יעדער מויל זאָל דיך רופֿן, וואָרעם נאָר דו אַליין ביסט דער גאָט פֿון דיין באַשעפֿעניש.

און ווי ער ליגט אַזוי, אין זיין אַנגסטיקער תּפֿילה, דערהערט ער אַ קול אין זיין האַרץ. אַ קול זאָגט אים אין זיין געוויסן: כורש וועט עס טאָן.

כורש איז דער קנעכט פֿון גאָט, וואָס גאָט האָט געשיקט נישט נאָר צו באַפֿרייען ישראל, נאָר לויז צו מאַכן די שטריק פֿון די געבונדענע און לויז צו לאָזן די געפֿאַנגענע פֿון זייער געפֿענגעניש. ער, כורש, וואָס גאָט עפֿנט אויף אַלע טירן און טויערן פֿאַר אים, צעברעכט אַלע מויערן פֿאַר אים, וועט מוזן אונטערברענגען די געצן און ברענגען די פֿעלקער צום גאָט פֿון

צבאות, וואָס העלפט אים און פירט אים בײַ זײַן רעכטער האַנט. זײַ מוזן דאָך אײַנזען, די פעלקער, אַז זײערע געטער קאָנען זײ נישט העלפן פון כורשעס האַנט. נישט מולך האָט געקאָנט אָפּראַטעווען פון אים צור און צידון, נישט אשורס געטער, נישט בבלס געטער. בל־מרודך שטייט ווי אַ צע־בראָכענער גולם, און ער קאָן נישט מציל זײַן בבל פון כורש׳ס חיילות. זײער גאָט נבו קאָן נישט מיט זײַן חכמה באַשיצן די חיילות פון בבל. אַזוי אויך נישט צין און נישט די געטין פון זנות, אישתר. זײַ זענען אַלע צע־בראָכענע כלים, געוואָרפן אין ניוועץ, וואָס האָבן נישט געקאָנט אויספירן זײער שליחות. דאָס גאָלד און זילבער פון בל־מרודך וועט צעשמאָלצן ווערן צו גיסן נוציקע כלים, קרוגן און בעכערס. דאָס האָלץ פון אישתר וועט גע־לייגט ווערן אין פײַער אַרײַן צו וואַרעמען זיך און צו באַקן ברויט. דער שטיין פון נבו וועט ווערן אײַנגעמויערט אין אַ בנין, אַ שוועל וועט אויס אים געמאַכט ווערן. דאָס אײַזן פון צין וועט איבערגעשמידט ווערן אין אַן אַקער־אײַזן. אין אַ צווייגמעסער. שטויב און ערד וועלן זײ צוריק ווערן, דאָס וואָס זײ זענען פריער געווען. און דער גאָט פון ישראל, דער גאָט פון צבאות וועט הערשן אַליין איבער הימל און ערד, איבער זײַן גאַנצן באַשאַף.

אַזוי האָט געזאָגט יהוה, דער קיניג פון ישראל,
און זײַן אויסלייזער, יהוה פון צבאות,
איך בין דער ערשטער און איך בין דער לעצטער,
און חוץ מיר איז נישטאָ קיין גאָט.

די תשוקה נאָך דער גאולה, ווען עס וועלן מקוים ווערן ישעיהס נבוי־אישע ווערטער, „און עס וועט זײַן אין סוף פון די טעג, וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז, אויבן אָן פון די בערג, און דערהייבן איבער די הייכן, און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען“, — די תשוקה איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך אײַנגעעגבערט מיט זײַן נביאישן בליק אין דער צוקונפט, און עס איז געווען ווי פליגלען וואָלטן אים אויפגעכאַפּט און פאַרטראָגן אים אין דעם לאַנד פון זײַנע חזיונות. ער האָט עס באַשײַנפּערלעך געזען מיט זײַנע הוילע מענטשלעכע אויגן. שיפן שווימען איבער ימים, קאַראַוואַנען קעמלען און אייזלען ציען דורך דעם מדבר, מחנות מענטשן וואַנדערן דורך געבירגיק לאַנד, אין טאָלן אַרונטער און פון די טאָלן אַרויף צו באַרג־הייכן, — אַלע ציען זײ און שטרעבן צו איין־אײנציקן אָרט, צו דעם באַרג פון גאָט, צו דעם הויז פון דעם גאָט פון יעקב. ער זעט זײ, די פעלקער פון דער וועלט, אין די פאַרשידענע טראַכטן, מיט די פאַרשי־דענע לשונות, מיט די קענצייכנס פון זײערע לענדער, און זײ פירן פאַר די הענט זײערע קלײנע קינדער, און זײ טראָגן מתנות צום גאָט פון ישראל און זאָגן איינער צום אַנדערן: „קומט לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון יהוה, צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב, און ער וועט אונדז לערנען פון זײַנע וועגן, און מיר וועלן גיין אין זײַנע שטעגן. וואָרעם פון ציון וועט אַרויסגיין

א תורה, און גאָטס וואָרט פון ירושלים".

ישראל איז די כלי פון גאָט, וואָס גאָט האָט געשאַפן, אַז זי זאָל ארויס־געבן פון זיך דעם גואל און דעם גאָטבערענגער פאַר אלע פעלקער פון דער וועלט. מחמת דעם קאָן און וועט די באפרייאונג פון ישראל קומען דורך א שליח, וואָס גאָט וועט אויסקלייבן פון צווישן די גויים. וואָרעם אלע פעלקער און אלע מושלים זענען שליחים פון גאָט, וואָס גאָט באנוצט זיך מיט זיי אויף צו טאָן זיין רצון. און כורש, וואָס גייט מיט זיינע חיילות אויף בבל, איז דער שליח פון גאָט צו באפרייען ישראל און דורך דעם צו ברענגען די גאולה פאַר דער גאנצער וועלט.

און הערט ער נישט דאָס טראַמפּלען פון פיל מחנות? אָן א צאָל זענען די חיילות. ווי ווייט דאָס אויג קאָן כאַפּן, דעקן זיי צו דאָס געזיכט פון דער ערד. ווי אלע טייכן פאלן אין ים אריין, אזוי קומען זיי, די פעלקער פון דער וועלט. די פעלקער, וואָס בבל האָט פאַריאָכט, קומען צו כורשן, דעם באפרייער, מישן זיך אויס מיט זיינע חיילות, און זיי טרעטן אלע צו־זאמען, און זיי קומען און דערנעענטערן זיך צו בבל. ער הערט זייערע טריט, דאָס טופּען פון זייערע פערד. א שטיל, אָבער מאַיימדיק רוישן קומט אָן, ווי א ווייטער עכאָ, קומט נענטער, נענטער. און אָט דערזעט ער זיי, ער זעט זיי אליין מער און מער. די אויגן פאַרשליסן זיך ביי אים, דאָס האַרץ פלאַטערט, די הענט און די פיס ציטערן. א הייליקער גייסט גייט מיט כורשן, פאָראויס די מחנות. א מעכטיקער שטורעמווינט איז דער גייסט, וואָס שניידט דורך פאַר זיך א וועג דורך דעם מדבר, א הוראַגאַן, וואָס טרעט ווי א פייערזייל פאַר כורשעס מחנות, ראַמט אָפּ פון זייער וועג יעטוועדער שטרויכלונג, צעברעכט יעטוועדער וואַנט, פּראַלט אויף יעט־וועדער טויער, טריקנט אויס טייכן, צעמאָלט אין שטויב אלע חיילות, וואָס שטעלן זיך קעגן זיי. נישט אנדערש נאָר דער גאָט פון ישראל האָט אָנגע־נומען כורשן ביי דער רעכטער האַנט און פירט אים קיין בבל לויז צו מאכן יעדער שטריק און יעדער באנד, אריינצוברענגען אים אין די טונקלסטע חדרים, ווינקלען און לעכער פון דער נאכט, וואָס הייסט בבל, אריינצולאָזן אהין דאָס ליכט פון דעם גאָט פון ישראל, אויפצועפענען אלעמענס אויגן און אָנצופילן אלעמענס הערצער מיט קלוגשאפט, מיט דערקענונג פון דעם אייביקן לעבעדיקן גאָט פון ישראל.

די גאולה קומט, די גאולה שטייט הינטער אונזערע ווענט און שטור־רעמט די פעסטונגען פון דער שווארצער נאכט בבל.

—*—

עס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די גולי־בבל, ווי מיט די פליגל פון ווינט, אַז דער פרעמדער נביא האָט געהאַט א חזיון און ער איז מוכן־ומזומן מבשר צו זיין א בשורה פון גאָט אין דעם בית־הכנסת פון די עולי בית־לחם, וואָס איז אויף דער גאַס פון די זאָטל־מאכערס, ווו די בני־הגולה וועלן זיין פאַרזאמלט דעם שבת, וואָס קומט.

א בשורה פון פייער, נישט פון ווערטער, האָט דער נביא ארויסגעבראכט פון זיך, געהילט אין זיין ווייסן הייליע־מאנטל, איז געשטאנען איבער די צוזאמענגעדרענגטע מתפללים אין דעם איבערגעפולטן בית־הכנסת א מאן, פארצערט פון זיין אייגענעם פייער, און האָט גערעדט צו זיי ווי א שליח פון הימל, וואָס קומט און ברענגט זיי א שליחות פון די העכסטע הייכן. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעמאָלט פאר זיי אין א מייסטערישער פאָרעם זיינע איבערלעבענישן אויף דעם פלאץ פאר אישתרס טעמפל צווישן די פורעמער פון געצן, די בלינדקייט פון די גויים, זייער פארלוירנקייט און זייער פארשטויסנקייט, האָט ער דערמאָנט דעם פאָלק ישראל זיין התחייבות, וואָס ער טראָגט אויף זיך, צו האלטן זיך אָן דעם איין־איינציקן לעבעדיקן גאָט. ישראל איז פאר דער התחייבות געבוירן. גאָט האָט אים געפורעמט פאר א קנעכט פאר זיך. און ווען אפילו ער האָט זיך פארזינדיקט קעגן גאָט, האלט גאָט אלץ אָן ישראלס קנעכטשאפט: „איך האָב אָפגעמעקט ווי א כמארע דיינע פארברעכנס, און ווי א וואָלקן דיינע זינד. קער זיך אום צו מיר, וואָרעם איך האָב דיך אויסגעלייזט”.

— כל עצמותי תאמרנה, יהוה... — דער נביא האָט געבראכט זיין נביאות דורך אלע זיינע אברים, אמאָל האָט ער געזאָגט זיין נביאות, אמאָל האָט ער אויסגעזונגען דאָס ליד פון דער גאולה, אמאָל האָט ער אויסגעטאנצט די שירה פון דער גאולה.

און דער נביא האָט זיך אָנגעהויבן צו באוועגן אין א ריטמישן טאנץ ווען ער האָט אויסגעזונגען די ווערטער:

— זינגט, איר הימלען, שאלט, איר טיפענישן פון דער ערד, ברעכט אויס, איר בערג, אין געזאנג, דער וואלד און יעטוועדער בוים אין אים. וואָרעם גאָט האָט אויסגעלייזט יעקב, און מיט ישראל טוט ער זיך רימען.

— אזוי האָט געזאָגט גאָט דיין אויסלייזער, און דיין פורעמער פון מוטערלייב: איך בין יהוה, וואָס איך האָב אלצדינג געמאכט... וואָס איז מקיים דאָס וואָרט פון זיין קנעכט... און דעם באראָט פון זיינע שליחים פירט ער אויס; וואָס זאָגט אויף ירושלים: זי זאָל באזעצט ווערן; און אויף די שטעט פון יהודה: זיי זאָלן אָפגעבויט ווערן, און אירע חורבות וועל איך אויפריכטן; וואָס זאָגט צו דער טיפעניש: ווער טרוקן... און דיינע טייכן וועל איך אויסטריקענען; וואָס זאָגט אויף כורש׳ן: ער איז מיין פאסטוך, און אל מיין באגער וועט ער אויספירן, צו זאָגן אויף ירושלים: זי זאָל געבויט ווערן, און צום היכל: זאָלסט געגרונטפעסט ווערן.

א מורמל איז אדורך דורך דער עדה, א רעש פון באוועגונג און א פארשטיקט אויסגעשריי פון פרייד און פראָטעסט. צום ערשטן מאָל האָבן זיי דערהערט דאָס וואָרט, וואָס איז געלעגן אין איטלעכנס מוח, אויף איטלעכנס ליפן, נאָר פארשטומט פון מורא אין די מיילער: כורש! וואָס מיינט ער, כורש דער פאסטוך?

נאָר דער נביא האָט איצט אויפגעהויבן זיין קול און האָט עס ארויס־

געזאָגט קלאָר און אָפן פאַר איטלעכן צו הערן:

אזוי האָט געזאָגט גאָט צו זיין געזאַלבטן,
צו כורשן, וואָס איך האַלט זיין רעכטע האַנט,
צו מאַכן אונטערטעניק פאַר אים פעלקער,
און איך זאָל לויז מאַכן די לענדן פון מלכים;
צו עפענען פאַר אים טירן,
און טויערן זאָלן נישט פאַרשלאָסן זיין:
איך וועל גיין דיר פאָראויס,
און קרומע ערטער וועל איך אויסגלייכן;
קופּערנע טירן וועל איך צעברעכן,
און אייזערנע ריגלען וועל איך צעהאַקן.
און איך וועל דיר געבן די אוצרות פון דער פינצטערניש.
און די שאַצן פון פאַרבאָרגענישן,
כדי זאָלסט וויסן, אז איך בין יהוה,
וואָס רופט דיך ביים נאָמען, דער גאָט פון ישראל.

— א בשורה פון יהוהן, א בשורה פון הימל! — האָבן זיך שוין ארויסגעריסן קולות פון עולם.

— כורש וועט אדורכברעכן די מויערן פון בבל? וועט צעהאַקן די קו־פּערנע טויערן פון בבל?

— כורש וועט איינעמען בבל? — האָבן אויסגערופן גולים אין גע־מישטע געפילן פון שרעק און ענטוזיאזם — די גאולה קומט!

— כורש, דער פרעמדער, — אים האָט ער אָנגערופן דער משיח פון גאָט? — האָבן אנדערע פּראָטעסטירט.

— וואָס הייסט, כורש? כורש, דער געצנדינער, וואָס קען נישט גאָט, — ער זאָל זיין דער משיח?

אָבער דער נביא האָט זיך נישט געלאָזט שטערן. ער האָט ווייטער געדונערט מיט זיין קול ווי ער וואָלט געוואָלט ענטפערן די אויסזעצער:

— פון וועגן דעם קנעכט מייַנעם יעקב, און ישראל מיין אויסדערוויילטן, האָב איך דיך גערופן ביי מיין נאָמען, דיך באטיטלט (מיטן נאָמען משיח), הגם דו האָסט מיך נישט געקענט... איך האָב דיך באגורט, הגם דו האָסט מיך נישט געקענט. כדי מען זאָל וויסן פון אויפגאנג פון זון און פון איר אונ־טערגאנג (דאָס הייסט, אלע פעלקער פון דעם גאנצן ערדקויל, וואָס די זון נעמט ארום), אז עס איז נישטאָ קיינער אויסער מיר.

די קולות פון פּראָטעסט האָבן נישט אויפגעהערט. עס האָבן זיך אפילו געוויזן הענט אין פויסטן פארדריקטע קעגן דעם נביא:

— א געצנדינער גיט ער אָפּ דעם טיטל משיח אייַנעם פון די בלינדע־ניש־געשלאָגענע גויים. וואָס ער האָט באַר וואָס גערעדט וועגן זיי? פון וואַנען וועט ער קומען? ווער וועט אים שיקן? די געטער פון שלעכטס?

דער נביא האָט ווייטער גערעדט. ווי אין ענטפער די שרייער און די

פראָטעסטירער, האָט ער צו זיי געזאָגט אין גאָטס נאָמען:

איך בין יהוה, און מער איז נישטאָ...
דער, וואָס פורעמט ליכט און באַשאַפט פינצטערניש,
מאַכט פריד און באַשאַפט בייז.
איך, יהוה, מאַך אַל די דאָזיקע.

— דער גאָט פון ישראל איז נישט ווי די אַנדערע געטער, וואָס עס זענען פאַראַן צווישן זיי אַ געטער פון גוטס, און אַ געטער פון שלעכטס. דער גאָט פון ישראל איז איין־איינציק, און ער האָט באַשאַפן סיי גוטס, סיי שלעכטס — פאַרטייטשט דעם נביאס ווערטער אַ מאַן פון יהודה.

— דאָס הייסט, אַז דאָס גוטע ווי דאָס בייזע זענעןביידע דאָס ווערק פון גאָטס הענט, און גאָט קאָן זיך באַנוצן מיטן שלעכטן אַקוראַט ווי מיטן גוטן אויף אויסצופירן זיין רצון — זאָגט אַ צווייטער.

אַזוי ווי ער האָט זיך באַנוצט מיט בבל צו שלאָגן אשור, באַנוצט ער זיך איצט מיט כורשן צו שלאָגן בבל — גיט צו אַ דריטער.

— דאָס הייסט, אַז כורש איז נישט קיין משיח, נאָר אַ שליח פון הימל — חקירהט אַ פערטער.

דער נביא האָט זיי שוין נישט געהערט. ער האָט געזונגען און גע־טאַנצט זיין ליד דער גאולה, גלייך ער וואָלט זיך גאָרנישט געפונען דאָ, צווישן די מתפללים, נאָר פאַרטראָגן ערגעץ, ווו ער זעט די הימלען עפענען זיך און פון אויבן טריפט די ישועה:

טריפט, איר הימלען פון אויבן,
און די וואָלקנס זאָלן רינען גערעכטיקייט.
זאָל די ערד זיך עפענען,
און ישועות זאָלן זיך פרוכפערן,
און רעכטפאַרטיקייט זאָל זיי מאַכן שפּראָצן צוזאַמען (פאַר אַלע);
איך, יהוה, האָב דאָס באַשאַפן.

# קאפיטל 8

די מוראשוס זענען געווען אן אלטע יידישע פאמיליע פון סוחרים און געלט־לייערס. זייער פירמע, באקאנט אונטערן נאָמען „די מוראשוס פון ניפור", האָט געהאט איר אָנהייב אין ירושלים, פון דאָרט, פון ירושלים, האָבן זיי געפירט גרויסע מסחרים מיט צור און צידון, עקספּאָרטירט טייערע וויינען און אייל און געבראַכט קיין יהודה געהילץ, געפארבטע וואָלענע און אנדערע מינים שטאָפן. זיי זענען געווען צווישן די פיל אָנגעזעענע און חשובע פאמיליעס פון יהודה, וואָס נבוכדנאצר האָט פארטריבן צום ערשטן מאָל קיין בבל. ביים צווייטן גירוש, נאָכן חורבן בית־המקדש, זענען די מוראשוס שוין געווען אלט־געזעסענע תושבים פון בבל. געשטיצט פון נבוכדנאצרן אליין אין זיין שטרעבן צו מאכן בבל פאר דעם מיטלפונקט פון דער וועלט, האָבן די מוראשוס אויסגעברייט זייער האנדל מיט אלע מדינות וואָס נבוכדנאצר האָט געהאט איינגעשלאָסן אין זיין גרויסער מלוכה. זייערע קאראוואנען האָבן געפירט דורך דעם מדבר בבל׳ס קאָליריטע וואָלענע שטאָפן, טייטל־וויין און פאלמען־אייל צו די ווייטע מערק פון דער מלוכה און האָבן אימפּאָרטירט אייזן, צין, קופּער־ארץ און אנדערע מינים מעטאלן פון קיפּרוס, שקלאפן פון צידון, געהילץ פון לבנון. זיי האָבן געהאט א נעץ בראַנזשעס איבערן לאנד, מיט א זייער גרויסן שטאב פארוואלטערס, שאפערס, אינספּעקטאָרן, אויפזעערס. זייערע קאראוואנען האָבן אדורכגעצויגן דעם מדבר אין זיין לענג און אין זיין ברייט, און זייערע פראכט־שיפן, מיט די פאָן־קאָלירן און דער עמבלעם פון דער מוראשו־פירמע אויף דער פאָן־מאסט, האָבן געזעגלט תמיד אויף די וואסערן פון פרת און חדקל. די פירמע האָט געהאט א שם־טוב פון ראַיעלקייט און אָרנטלעכקייט, וואָס עס האָט, פארשטייט זיך, נישט ווייניק צוגעטראָגן צו איר שנעלער אויסברייטונג און אויפבלי אין גלות.

דער צענטער פון דער האנדלס־פירמע איז געווען אין דער אלטער שטאָט ניפור, ביים אויסגוס פון טייך כבר, וווּ עס האָט זיך געפונען דער קנופּ קאנאלן, פונאנדערגעצווייגטע וואסער־וועגן דורך דער פרוכפּערדיקער פּראָווינץ צום טייך פרת. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די פרוכפּערדיקע קאָלאָניע תל־אביב, וואָס נבוכדנאצר האָט באזעצט מיט די גולי־יהודה. דער טייך פרת, האָט זיך נישט אויסגעגאָסן, ווי דער נילוס ווייט איבער די פעלדער. ער איז נאָר פון צייט צו צייט ארויס פון די ברעגעס און האָט פארפּלייצט שטעט און דערפער. דערפאר האָט נבוכדנאצר דורכגעפירט א נעץ קאנאלן איבערן גאנצן לאנד, פארבונדן מיט וואסער־וועגן די טייכן מיט

דעם פּרת, געגערט די ברייטע פליינען פון בבל און אויך געבראַכט שפע דער יידישער קאָלאָניע. תל־אביב האָט געהאַט צוויי תבואה־גערעטענישן א יאָר. צוויי מאָל א יאָר האָבן רחבותדיקע שטחים פעלד באַדעקט זיך מיט די גילדערנע בעזעמלעך גערשטן־זאַנגען וואָס איז געווען דער עיקרדיקער שפּייז־פּראָדוקט פון די בבלער. די יידישע ערד־אַרבעטער אין תל־אביב האָבן געזייט גערשטן פאַר דעם רייכן האַנדלס־הויז, די מוראשוס פון ניפּור, וואָס זענען געווען די אָפּנעמער פון דעם גאַנצן שניט. געפּאַקט אין זעקלעך און געשטעמפּלט מיט דעם חותם פון דער פירמע, זענען די גערשטן געלאָדן געוואָרן אויף פראַכט־שיפן אָדער אויף קאַראַוואַנען אייזלען און צע־פירט געוואָרן צו אַלע ּבאַעטע און ווייטע מערק אין דער בבלישער מדינה. ביי דער פּרימיטיווער געלט־סיסטעם פון שטיקער זילבער מיט דער וואָג־איינהייט פון שקלים, וואָס איז נישט פיל פאַרשפּרייט געווען אין יענער צייט אין בבל, האָבן די זעקלעך גערשטן מיט דער מוראַשו־מאַרקע געדינט נישט נאָר ווי שפּייז, נאָר אויך ווי א מטבע עובר לסוחר, אַן אויסבייט־מיטל פאַר רוי־שטאָפן און סחורות.

וווינען האָבן די מוראשוס געוווינט אין בבל דער שטאָט, אין זייערע גערטנער־פּאַלאַצן. זיי האָבן זיך גערעכנט צווישן די בעלי־יחוס, די פּני פון די גולי־בבל. זיי זענען אויך געווען אָנגענומען אין דעם קעניגלעכן הויף. דער הויף, דאָס הייסט, דער קעניג און דער יורש־עצר, זענען געווען שטילע שותפים צו די מערסטע געשעפטן פון די מוראשוס, וואָס עס האָט געוווּנען פאַר דער משפחה באַזונדערע פּריווילעגיעס און זכויות. שוין אָפּגערעדט, אַז ביי די יידישע פירשטן אין הויף זענען זיי געווען פאַררעכנט פאַר אייגענע, כמעט אַזוי ווי די בני מלכי־דוד, מיט וועלכע די מוראשוס האָבן זיך מתחתן געווען, פאַרבונדן געווען משפּחהדיק. די מוראשוס האָבן צוגעטראָגן א גאָר גרויסן חלק אין דעם אויסהאַלט פון די פירשטן, פון די אָנגעזעענע כהנים מיטן כהן־גדול בראש, פון דעם גאַנצן פירשטלעכן און אריסטאָקראַטישן שטאַם צווישן די גולי־בבל. זייער וואָרט איז געווען א געזעץ און א געבאָט צווישן די טויער־לייט און די בני עבדי־שלמה, וואָס זענען אַלע אָפּהענגיק געווען מיט זייער חיונה פון די מוראשוס אין דעם קהלישן לעבן פון די גולי־בבל איז קיין זאַך נישט אונטערגענומען געוואָ־רן אָן דעם וויסן און אָן דער הסכמה פון די מוראשוס.

אין דער צייט, ווען דער נביא האָט זיך באַוויזן אין בבל, זענען די צוויי מוראשוס־ברידער, נבא־גד, און מרדכי־גד, געשטאַנען בראש פון דער משפּחה. נבא־גד, דער עלטערער, איז געווען דער ערשטער אָנפירער און בעל־דעה אין דער האַנדלס־פירמע, בעת מרדכי־גד, דער ייִנגערער, א קרוב למלכות, האָט זיך אָפּגעגעבן פיל מיטן קיניגלעכן הויף, דער עיקר, מיט די אינטערעסן פון דעם יורש־עצר.

מרדכי־גד איז געווען אין גאַנצן אַסימילירט מיט די בבלער. געבוירן אין בבל און דערצויגן אין דער אַקאַדעמיע פון דעם מלכס פּאַזשן, ווי פיל

קינדער פון דער יידישער אריסטאָקראַטיע אין בבל, איז ער געווען איינגעליבט אין דער בבל׳שער קולטור, אין איר געשיכטע און געזעצגעבונג. ער האָט געהאַלטן, אַז בבל איז נישט נאָר דאָס מעכטיקסטע לאַנד אין דער וועלט, נאָר אויך דאָס לאַנד פון דער העכסטער קולטור: איר געשיכטע אין די דערהויבנסטע, איר געזעצגעבונג — א מוסטער פון גערעכטיקייט. אויך די געטער פון בבל זענען געווען אין זיינע אויגן סימבאָלן פון מענטשלעכן שטרעבן נאָך סדר, יושר און שיינקייט. בל־מרודך איז דער גאָט פון סדר, פון געשיכטלעכער גערעכטיקייט, דער אייביקער באַקעמפער פון כאַאָס און זינד. אישתר איז נישט נאָר די געטין פון פרוכפּערדיקייט און שפע, נאָר אויך די ברענגערין פון דעם העכסטן גליק אין דעם מענטשלעכן לעבן, וואָס איז די ליבע. זיין אייגענער פערזענלעכער גאָט איז געווען נבו, דער גאָט פון שריפט און מסחר, דער גאָט פון לאָגיק און לערנונג. דער גאָט פון השכלה. נבו, פאַרגעשטעלט אין א מער מענטשלעכער געשטאַלט לגבי די אנדערע געטער, האָט געטראָגן א באַשיידן קורץ בערדל און קורצע לאָקן מיט א מין שטריימל־באַקרוינונג אויף זיין קאָפּ. אין זיין סטאַטוע, וואָס מרדכי־גד האָט געהאַלטן אין א חדר מיוחד, אין זיין רייכן פּאַלאַץ אין בבל, איז נבו געשטאַנען אין א פאַרקלערטער פּאָזע, מיט איין האַנט געלייגט אין דער אנדערער. איטלעכן פרימאָרגן האָט מרדכי־גד געלייגט פרישע בלומען אויף נבוס מזבח און מתפלל געווען פאַר אים, אַז ער זאָל אים, מרדכי־גדן, באַווייליקן שכל און וויסן פאַר דעם טאָג.

מרדכי־גד האָט זיך פאַרהאַלטן אין אינטימער פריינטשאַפט מיט די מעכטיקסטע לייט פון בבל, וואָס ער פלעגט אונטערהאַלטן מלכותדיק אין זיין לוקסוס־פּאַלאַץ. דער יורש־עצר אליין איז אָפט געווען צווישן זיינע געסט. וואָרום אין דעם פּאַלאַץ פון דעם יונגן מוראשו האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן, א חוץ די גרויסע און די מעכטיקע לייט אין בבל, וואָס עס איז כדאי געווען צו קענען, אויך די באַרימטסטע קורטיזאַנקעס, וואָס האָבן מיט זייער באַזונדערן כוח און השפּעה געקאָנט פיל בייהילפיק זיין די מוראשוס פון ניפור אין זייערע פיל־פאַרצווייגטע געשעפט־אָפּעראַציעס. די מוראשוס האָבן דערפאַר געזוכט צו געווינען די פריינטשאַפט און דעם גוטן ווילן פון די קורטיזאַנקעס, און זיי האָבן אָנגעשטעלט די גרעסטע יידישע מייסטער־יווועלירן צו שאַפן מייסטערווערק אין צירונג, — בראָשן, בראַסלעטן, אויריינגען, קייטן געזעצטע מיט די טייערסטע איידלשטיינער — מתּנות פאַר די קורטיזאַנקעס.

צו דעם גרויסן מאַגנאַט איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז א פרעמדער נביא האָט זיך באַוויזן צווישן די גולי־בבל, וואָס האָט זיך דערוועגט אָנצורופן כורשן דעם שונא פון בבל, פאַר דעם געזאַלבטן פון יהוהן, וואָס יהוה אליין ברענגט אים קיין בבל צו באַפרייען זיין פאָלק ישראל. נישט אַנדערש, נאָר דער פרעמדער איז איינער פון די מרגלים און אויסשפּירער, וואָס כורש האָט אריינגעשיקט קיין בבל אויפצורודערן די פרעמדלענדישע

באפעלקערונג, כדי צו מאכן גרינגער פאר אים דאָס איינעמען בבל. מרדכי־גד האָט געזען אין דעם פרעמדן נביא א גרויסע סכנה פאר דער זיכערקייט פון די יידן אין בבל, און ער האָט נישט פארזאמט צו ברענגען די אלארמירנדיקע ידיעה צו די אויערן פון די פירשטן. עס איז באלד פאררופן געוואָרן א דרינגלעכע אסיפה אין דעם פאלאץ פון די פירשטן.

דער פאלאץ, וואָס אוויל־מרודך האָט איבערגעגעבן אין רשות פון מלך יהויכין נאָך זיין באפרייאונג פון תפיסה, א פאלאץ, וואָס האָט ווי אלע אנדערע פאלאצן פון דער אלטער דינאסטיע פון בבל זיך געפונען אויף דער פראָצעסיע־גאַס, נישט ווייט פון אישתרס טויער, איז געווען אן אנטיקער בנין נאָך פון דער צייט פון האמוראבי, איידער בבל איז ארונטערגעפאלן אונטער אשורס הערשאפט. דער פאלאץ האָט פארמאָגט אָן א שיעור געמאכן, מיט געהיימע טרעפן־לייטערס, וואָס האָבן געפירט צו א לאַבירינט געהיימע קאָרידאָרן, קאמערן, ווינקלען, פאר שקלאפן און הויז־דינער. די הצטרכותן פון יהויכינס הויז־ווירטשאפט זענען באזאָרגט געוואָרן פון אוויל־מרודכס הויף. טאָג נאָך טאָג האָבן שקלאפן צוגעשטעלט אהין קרוגן מיט וויין, קערב תבואות און גרינצייג, שטייגן מיט עופות און אלע אנדערע מינים פראָוויזיע. א היפשן חלק פון דער חיונה פאר יהויכינס גרויסן פיל־באוווינטן הויז האָבן אויך בייגעטראָגן די רייכע יידישע סוחרים, הויז־באזיצער, שיפבויער און פאַבריקאטשיקעס, וועלכע האָבן געהאט א גרויסע דעה אין דער פירערשאפט פון די בני־הגולה, וואָס איר קאָנטראָל איז געווען קאָנצענטרירט אין דעם פירשטלעכן הויז.

יהויכין אליין איז שוין געווען טויט. ער האָט לאנג נישט אָנגעהאלטן נאָך די פיל יאָרן תפיסה, הגם אפילו ביי נבוכדנאצרס לעבן איז זיין מצב אין תפיסה נישט געווען קיין שווערער, קיין געדריקטער. מען מוז מודה זיין, אז די מלכי־בבל, נישט אויסצושליסן נבוכדנאצרן, האָבן באהאנדלט די גולי־בבל מיט גרויס איינזען. נאָך די ערשטע יאָרן גלות האָט נבוכדנאצר באזעצט זיי אין קאָלאָניעס אויף גוטער פרוכטיקער ערד, ביי די וואסערן פון גרויסן קאנאל, וואָס האָט זיך געצויגן פון ניפור קיין בבל. די יידישע ערד־ארבעטער, אזוי אויך די שטאָטישע באפעלקערונג, האָבן באקומען פיל פריווילעגיעס. עס איז זיי געגעבן געוואָרן פיל פרייהייט און אויטאָנאָמישע רעכט, וואָס דאָס האָט געבראכט צום אויסדרוק פון דאנקבארקייט מצד די נביאים ירמיהו און יחזקאל. דאָס לעצטע האָט, ווידער, משפיע געווען דעם ישוב פון בבל מיט דעם געפיל פון געטריישאפט און דאנקבארקייט צו די מלכי־בבל.

די יוגנט פון יידישן הויף־אריסטאָקראטישן און פירשטלעכן יחוס האָט זיך אויפגעהאלטן אין קעניגלעכן הויף, געדינט דאָרט ווי פאזשן און לייב־וועכטער פאר דער קעניגלעכער פאמיליע. די פעאיקערע פון זיי, וואָס האָבן זיך דערצויגן אין די בבלשע אקאדעמיעס צוזאמען מיט די קינדער פון דער בבלשער אריסטאָקראטיע, האָבן אָנגעהאלטן מלוכה־שטע־

לעס, געדינט אין דער ארמיי, אָדער זיך אָפּגעגעבן מיט גרויס־האנדל. קע־ניג יהויכין אליין, נאָך אין זיין געפאנגענשאפט אפילו, האָט געהאט מיט זיך זיין פאמיליע און זיין הארעם. באַשרענקט אין זיין פרייהייט פון באַוועגונג, האָט מען אים דאָך באהאנדלט מיטן כבוד, וואָס געהערט צו א קעניג. נאָך זיין באפרייאונג האָט אוויל־מרודך אים צוריקגעגעבן, אין איי־נעם מיט זיין קיניגלעכן טיטל, זיין דינערשאפט און זיין לייב־וואך, וועלכע האָבן זיך גערופן „בני עבדי־שלמה". דאָס זענען געווען די קרובים למלכות אין זיין שטאב. זיי האָבן זיך געפונען מיטן קעניג אין פּאלאץ, ווו עס איז געהאלטן געוואָרן א קיניגלעכער שטאט.

קעניג יהויכין האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך א זון, שאלתיאל. שאלתיאלס עלטסטער זון, זרובבל, ווי פיל אנדערע פון קיניגלעכן יחוס, איז אָנגעקומען פאר א פּאזש אין הויף פון קעניג. נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיקט די אקאדעמיע פון קיניגלעכע פּאזשן.

זיי האָבן געפירט זייער אייגענעם שטאט. די אָנגעזעענסטע פון זיי זענען געווען די כהנים, וואָס האָבן אָפּגעשטאמט פון דעם כהן־גדול יוצדק; זיין זון ישוע, די בני־ברזלי, אויך מיוחסדיקע פאָרשטייער פון די קאָלאָניעס תל־אביב, תל־מלח, בית־אל, בני־יריחו, פאָרשטייער פון די משפחות בני־פרעוש, בני־אָרח, די בני־ישוע־יואב, וואָס זענען געווען פארשפּרייט אי־בער בבל און איבער דער פּראָווינץ, און, פארשטייט זיך, די לוויים, וואָס האָבן אָפּגעשטאמט פון די זינגער פון בית־המקדש, די בני־יוסף; די טויער־לייט, די בני־שלום.

די אמאָליקע טויער־לייט, וועלכע האָבן געהאט די אלטע פּריווילעגיע צו היטן די טויערן פון קיניגלעכן פּאלאץ אין ירושלים, האָבן איצט שטארק באוואכט דעם גרויסן געמאך, ווו עס איז געהאלטן געוואָרן די געהיימע אסיפה פון די פאָרשטייער פון די גולי־בבל. די אסיפה איז געווען זייער געהיים און זייער וויכטיק, און עס זענען צוליב דעם פאררופן געוואָרן נישט מער ווי די זייער חשובע, צוטרויילעכע פערזענלעכקייטן פון צווישן די יידן אין בבל, וואָס האָבן פארנומען הויכע שטעלעס אין דער מלוכה, אין מסחר, אזוי אויך געקליבענע פאָרשטייער פון די כהנים און די לוויים אין די וויכטיקסטע קאָלאָניעס. עס האָט זיך געהאנדלט וועגן דעם מצב, וואָס האָט זיך געשאפן אין בבל, זינט כורש איז אריבער דעם טייך חדקל, און וועגן דער שטעלונג, וואָס די יידישע באפעלקערונג זאָל נעמען צו דעם אַנבאָט, וואָס כורש האָט איבערגעגעבן דורך געהיימע שליחים, דעם אָנבאָט צו שענקען די יידן זייער פרייהייט און זיי אומקערן צוריק צו זייער היימ־לאנד, אויב די יידן וועלן אים העלפן איינגעמען בבל. די לאגע איז גע־וואָרן נאָך דעליקאטער איבער דעם, וואָס דער נביא, וועלכער האָט נישט לאנג צוריק זיך באוויזן צווישן די גולי־בבל, האָט אָפּן, אָן מורא, דער־קלערט אין נאָמען פון יהוהן, אז כורש איז דער יידישער משיח, וואָס וועט איינגעמען בבל און צוריקברענגען די יידן אין זייער היימלאנד.

— דאָס איז דאָך אָפּענע בגידה קעגן אונזער מלכות, — האָט מרדכי־

גד מוראשו געשטורעמט די פירשטן און אלע אנדערע גרויסע לייט פון דער גולה. — בשעת אונזער יורש־עצר בלשאצר איז ארויס צו דער שטאָט סיפּאַר מיט זיינע רייטוועגן און די גבורים פון זיין חייל; בשעת אונזער קעניג נאבונידר ציט קיין סיפּאַר מיט זיינע חיילות צו פאַרהאַלטן כורשעס גאנג אויף בבל און דאָס גאנצע לאנד גרייט זיך צו דער באלאגערונג פון דער שטאָט, אויף וועלכער מען ריכט זיך, נעמט א מענטש און דערקלערט פריי און אָפן, אין נאָמען פון יהוה, אז כורש וועט צעברעכן די קופּערנע טויערן פון בבל, און רופט אים אָן, אויך אין נאָמען פון יהוה, מיטן נאָמען משיח! וואָס וועט זיין, ווען די בבלער וועלן געווינער ווערן דערפון? די גאנצע יידישע באַפעלקערונג וועט דענסטמאָל אויסגעשטעלט ווערן אויף סכנות פאַרטיליקט צו ווערן פון בלשאצרס חייל.

אויף דעם פאַרלאנג פון מרדכי־גד געשטיצט פון מלכיה גברא, זיין ברודער נבא־גד און אנדערע גרויסע סוחרים און וויכטיקע לייט פון דער גולה, האָט מען געשיקט עטלעכע פון די טויער־היטערס צו ברענגען דעם נביא פאַר דער אסיפה. און מען האָט אים געבראַכט, ממש מיט גע־וואלד.

דער פירשט שאלתיאל און זיין זון זרובבל, אין זילבער־געוועבטע הילים־מאַנטלען זענען געזעסן אין א ריי אויף זייערע שטולן. לעבן זיי — דער גזע פון כהן־גדול, דער אלטער יוצדק און זיין זון ישוע, פאָרשטייער פון די לוויים. ארום זיי — פאָרשטייער פון די ישובים און פון די יחוסדיקע משפחות, גרויסע סוחרים, אלע אין רייך־קאָלירטע, רויט און בלאָ־וויאָלעט געשטרייפטע מאַנטלען, זילבער־געוועבטע גארטלען, גאָלדענע קייטן אויפן האַלדז, מיט איידלשטיין־אויסגעזעצטע עמבלעמען אראָפּהענגענדיק אויף דער ברוסט.

א פּאָר פון די טויער־היטערס, באוואָפנט מיט שפּיזן, האָבן געהיט דעם איינגאנג פון רחבותדיקן, צעדער־האָלץ־געוועלבטן געמאַך, וואָס איז, ווי אלע געמאַכן אין בבלס פּאַלאצן, באלויכטן געווען נישט מיטן ליכט פון טאָג, נאָר מיט אייל אין פאַנען פון קופּער און מירמלשטיין אויף זיילן־געשטעלן.

באַדעקט מיט א ווייסער הילים, וואָס דורך איר האָט זיך ארויס־געוויזן זיין האָרער אָפּגעברענטער ברוסט־קאַסטן, איז געשטאַנען אויף זיינע לאַנגע, נאַקעטע שטעקלדיקע פיס דער נביא. א ביסל אָפּגערוקט פון אים — זיין פּרייבט און באשיצער, נריה בן־שריה.

דער ערשטער און דער וויכטיקסטער אויספרעגער פון נביא איז, פאַרשטייט זיך, געווען מרדכי־גד. צוליב זיין הויכן שטעל אין קיניגלעכן הויף און זיין גרויסן אָנזען אין דער גולה האָט ער גענומען אויף זיך די ראָל פון קטיגור. דאָס איז געווען א מעכטיקער ברייט־פּלייציקער מאַן. נאָך יונג אין די יאָרן, האָט ער מיט זיין שיינער געקאַרבטער באָרד און געקניפּטע לאָקן, אין זיין צידוניישן געפאַרבטן מאַנטל און סאנדאַלן, נישט מער אויסגעקוקט ווי איינער פון די בני־הגולה, נאָר ווי א הויכער

באַאַמטער פון בבלשן געריכט. און ער איז עס טאַקע געווען. אַן עקספּערט אין בבלשן געזעץ, האָט ער אין דעם הויכן יוסטיץ־אַמט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער בבלישער רעגירונג, געדינט ווי אַ בעל־יועץ סיי פאַר זיין אייגענער פירמע, סיי פאַר די גרויסע ייִדישע סוחרים, וואָס האָבן זיך מיט אים שואל־עצה געווען אין יורידישע ענינים. אַלע האָבן מורא געהאַט פאַר אים, נישט נאָר די מענטשן אַרום די פירשטן, נאָר די פירשטן גופא, וואָס זענען מיט זייער חיונה אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק געווען פון די גרויסע סוחרים, — און מרדכי־גד איז געווען זייער וואָרט־פירער. די כהנים און די לוויים האָבן בכן, פאַרזען אין זיין אויפפירונג זאַכן, וואָס זיי וואָלטן עס אַן אַנדערן פאַרוואָרט און געלייגט אויף אים פאַר דעם אַ שווערן עונש. מען האָט אים, למשל, געזען אין דער מרודך־פּראָצעסיע פון ניי־יאָר, ווו ער האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט, וואָס עס איז אים געקומען ווי אַ הויכן באַאַמטן אין דער מלוכה און ווי אַ פריינט פון יורש־עצר. און די זאַך איז אָפּגעגאַנגען גלאַט.

מרדכי־גד האָט געוואָלט הערן פון דעם נביא, הלמאי דער גאָט פון ישראל זאָל אויסקלייבן אייגעם פון אַ פרעמדן גלויבן פאַר דעם גואל־ישראל, וואָס עס איז נישט אין הסכם נישט מיט דער מסורה, נישט מיט דעם אָנגענומענעם גלויבן פון די בני־הגולה, נישט מיט דעם נביאות־זאָגן פון די פריערדיקע נביאים, אַז דער גואל וועט זיין אַ מלך פון בית־דוד. און ווידער, אויב שוין יאָ אַ פרעמדער, אַ פרעמד־גלויביקער, וואָס קען נישט דעם גאָט פון ישראל און באַקענט זיך נישט צו אים, פאַרוואָס קאָן דאָס נישט זיין דער מלך נאַבוניד אָדער דער יורש־עצר בלשאצר, וואָר אין זייער חסד לעבן די גולי־בבל ?

ווער קאָן וויסן גאָטס וועגן ? און ווער קאָן אים זאָגן, וועמען ער זאָל אויסקלייבן פאַר זיין שליח און וועמען ער זאָל פאַרוואַרפן ? עס איז נישטאָ ביי גאָט קיין פרעמדער און קיין אייגענער, אַלע זענען דאָס ווערק פון זיינע הענט. און ווי דער מייסטער קלייבט אויס זיינע מכשירים אויף צו טאָן זיין ווערק, אַזוי קלייבט גאָט אויס די שליחים און די פעל־קער אויף צו טאָן זיין רצון. ער האָט געניצט אשור אויף צו באַשטראָפן דורך אים זיין פאָלק, און ער האָט געניצט בבל אויף צו באַשטראָפן אשור. בבל איז אַ צייט געווען זיין כלי. איצט האָט ער פאַרוואָרפן בבל ווי מען פאַרוואַרפט אַ טאָפּ, וואָס איז געקלעפּט געוואָרן און ער קאָן נישט האַלטן מער קיין וואַסער. און ער האָט זיך אויסגעקליבן אַ בעסער, אַ מער ערלעך פאָלק אויף אויסצופירן זיין מחשבה. וועט דען זאָגן דאָס ליים צו זיין פורעמער : וואָס טוסטו ? ווייַ צו דעם, וואָס זאָגט צו זיין פאָטער : נאָך וואָס מאַכסטו געבערן ?

— מיט וואָס איז פרס בעסער פון בבל ? מיט וואָס איז פרס אַ בעסער צוגעפּאַסטע כלי פאַר אויספירן גאָטס מחשבה ווי בבל ? מיט וואָס איז פרס אים נעענטער פון בבל ?

— יהוה איז דער גאָט פון גערעכטיקייט, און דער וואָס טוט גערעכ־

טיקייט, איז נאָענט צו אים. פרס האָט נישט אזויפיל אָפּגעטער ווי בבל, פרס דינט נישט צו האָלץ און שטיין און טוט נישט אזוי פיל אומווירדיקייטן ווי בבל. פרס פאראומרייניקט זיך נישט מיט טומאה און זנות, פייניקט נישט קיין אלטע לייט, פארקויפט נישט קיין פרוויען צו שאנד און קינדער צו מיאוסער אומווירדיקייט. זיי זאָגן נישט קיין ליגן און לערנען אמת און גערעכטיקייט פון זייער יונגשאפט אָן, און פאר דעם איז פרס א ריינערע כלי, א בעסערער אינסטרומענט, מער ראוי אויף אויסצופירן די מחשבה, וואָס גאָט האָט פאר ישראל און פאר אלע אומות אין דער וועלט.

— וואָס איז עס?

— צו ברענגען אלע פעלקער צום גאָט פון ישראל, צו דעם הויז פון גאָט פון יעקב, אז יעטוועדער קני זאָל זיך בוקן פאר אים און יעטוועדער מויל זאָל רופן זיין נאָמען.

— פארוואָס מוזן אלע פעלקער דינען צו איין גאָט? פארוואָס קאָן נישט איטלעך פאָלק האָבן זיין אייגענעם גאָט? בל־מרודך איז בארימט צווישן אלע אומות, זיינע מעשים ווערן געלויבט אומעטום, אשור און בבל בוקן זיך צו אים, און אזוי צור און צידון און אלע אנדערע פון די ווייטסטע אינדזלען, וואָס קומען צו צאָלן אים מס, צו ברענגען אים קרבנות און בעטן צו אים. און אזוי איז אישתר, די מוטער פון אלע געטער און מענטשן. און דאָך בייטן נישט די בבלער די אנדערע פעלקער אָנצונעמען זייערע געטער. זיי שטערן נישט די יידן צו האָבן זייערע בתי־כנסיות און צו דינען צו יהוהן. פארוואָס זאָלן מיר, יידן, וואָס מיר זענען דאָס מינדסטע פאָלק אין דער וועלט, מער געפלאָגט און פארפאָלגט פון אונדזער אייגענעם גאָט ווי יעטוועדער אנדער פאָלק — פארוואָס זאָלן דווקא מיר וועלן ארויפצווינגען אונזער גאָט אויף די אנדערע פעלקער? איז אונזער גאָט אזוי גוט געווען צו אונז? איז ער אזוי שטארק? האָט ער מנצח געווען אונזערע שונאים? נאָך אלעמען, זענען מיר, יידן, אין גלות אין בבל, נישט די בבלער אין גלות ביי אונז אין ירושלים, און בבל איז נאָך נישט איינגענומען. קיינער האָט נישט איינגענומען בבל, און קיינער וועט זי נישט איינעמען.

— פארוואָס? — שדייט אויס דער נביא — פארוואָס? — און זיין קול איז געוואָרן א קול, וואָס זינגט. ער האָט פארמאכט די אויגן און ארויסגעזונגען די ווערטער אין גרויס ציטערניש, גלייך ווי נישט ער אליין האָט ארויסגעזאָגט די ווערטער, נאָר א גייסט וואָלט אים באנומען און ארויסגעצויגן די ווערטער פון אים אין א צושטאנד פון פארחלשקייט:

אזוי האָט געזאָגט יהוה, דער באשעפער פון די הימלען,
ער, גאָט, וואָס האָט געפורעמט די ערד און זי געמאכט;
ער, וואָס האָט זי אויפגעשטעלט,
נישט פאר א וויסטעניש זי באשאפן,
נאָר צום וווינען זי געפורעמט.
איך בין יהוה, און מער איז נישטאָ.

— איז בבל אַ וויסטעניש? איז נישט בבל באַזעצט מיט מענטשן? האָבן נישט אונזערע מלכים באַדעקט דאָס לאַנד מיט קאַנאַלן, וואָס האָבן געבראַכט זעט דער גאַנצער באַפעלקערונג? פירט נישט דאָס לאַנד האַנדל מיט אַ האַלבער וועלט? זעט די פול־באַזעצטע שטעט. וואָסער אַנדער לאַנד קאָן דאָס באַווייזן? די ערד פון בבל איז פול מיט ישובים, מיט מענטשן. אַ וויסטעניש איז בבל? פאַרמאָגט נישט בבל די גערעכטסטע געזעצן אין דער וועלט פון האַמוראַביס צייט אָן? קומען נישט די פעלקער פון די ווייטסטע אינדזלען פון יוון זיך לערנען ביי איר חוקים און משפטים? אַ וויסטעניש איז בבל?

— בבל איז אַ זומפּ, וואָס עס ווימלען זיך אין אים ווערעם און עקדישן. די שטעט זענען רינשטאָקן פון שמוץ און שאַנד. הלוואַי וואָלט זי געווען אַזוי ריין און אומשולדיק ווי דער מדבר, וואָס קאָן אויפנעמען דעם זאָמען פון גאָטס וואָרט. בבל וועט מוזן פריער אָפּגערייניקט ווערן פון איר שמוץ, איידער זי וועט קאָנען אויפנעמען דאָס וואָרט פון גאָט.

אָן אויפרודער האָט זיך אויפגעהויבן צווישן דעם עולם.

— פאַרמאַכט די טירן, פאַרהאַקט די טויערן, שרעקלעכע ווערטער רעדט דער מענטש.

— אַן אומגליק, אַן אומגליק וועט ער ברענגען איבער אונזערע קעפּ.

— פירט אים אַרויס פון דאַנען, פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל. אַן אומגליק, אַן אומגליק וועט ער ברענגען איבער אונזערע קעפּ.

— לאָזט אים רעדן, מיר ווילן אַלץ הערן — האָט זיך געלאָזט הערן אַ שוואַכע, אומדרייסטע שטים.

— אַ זעאונג האָט ער געזען — פּרוּווט אַן אַנדער שרעקעדיקע שטים.

מרדכי־גד לאָזט זיך נישט שטערן. ער וואַרפט אַ בליק מיט זיינע שאַרפע, שוואַרצע אויגן, און אַלץ שטילט זיך איין. ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען פאַר דער אסיפה די גרויסע סכנה, וואָס עס טראָגן דעם נביאס ווערטער. ער איז נישט אויפגערודערט געוואָרן פון דעם נביאס רייד און האָט געפּרוּווט ווייטער פירן דעם פאַרהער אויף אַ רואיקן, בנעימות׳דיקן שטייגער, ווי ער איז געוווינט.

— אָבער די בבלער שטערן דאָך אונז נישט צו דינען אונזער גאָט. פאַרוואָס זאָלן מיר זיי שטערן? זיי קומען נישט אין אונזערע בתי־כנסיות צו מאַכן חוזק פון אונז פאַר אונזער דינען צו אַ גאָט, וואָס קיינער האָט נאָך ביז היינט נישט געזען. פאַרוואָס זאָלן מיר קומען אויף די מאַרקפּלעצער און אָפּחוזקן פון די בבלער, וואָס קויפן זיך זייערע געטער פון האָלץ און שטיין, ווי דער נביא האָט דאָס געטאָן, און אויסשטעלן אויף סכנות דעם גאַנצן קיום פון אונזער ישוב דאָ?

— פאַרוואָס? — האָט דער נביא אויסגעשריגן — הערט צו די ווערטער פון דעם גאָט פון צבאות. אַזוי זאָגט דער גאָט פון יעקב:

קערט אייך צו מיר, און ווערט געהאָלפן,
אַלע עקן פון דער ערד.

און דער נביא שטרעקט אויס די הענט, ווי ער וואָלט געזען מיט זיינע גייסטיקע אויגן די פעלקער פון אלע עקן פון דער ערד, און ער רופט צו זיי:

איך האָב געשווירן ביי מיר:
אַ וואָרט איז ארויס פון מויל אין גערעכטיקייט,
און וועט זיך נישט אומקערן,
אז צו מיר זאָל זיך בייגן יעטוועדער קני,
זאָל שווערן יעטוועדער צונג.
נאָר אין יהוהן, וועט מען זאָגן,
איז מער גערעכטיקייט און שטאַרקייט.

— דאָס הייסט, אז אלע פעלקער וועלן מוזן ווערן בני־ישראל? דאָס מיינסטו צו זאָגן? — פרעגט דער קלוגער מרדכי־גד.

— דורך גאָט וועט גערעכט ווערן און זיך רימען דער גאנצער זאָמען פון ישראל, — ענטפערט דער נביא.

— דאָס הייסט, די פעלקער וועלן אייגזען, אז מיר האָבן רעכט געהאט, וואָס מיר האָבן געדינט דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט און זיך געהאלטן אָן אים? — האָט איינער פון די כהנים אויסגעטייטשט.

— דער נביא רעדט, וואָס גאָט גיט אריין אין זיין מויל — האָבן זיך געהערט אויסרופן. — לאָזט אים רעדן, לאָמיר הערן.

— אזוי האָט גאָט געזאָגט, האָט דער נביא ווידער אויפגעהויבן זיין קול:

די מי פון מצרים... די ווקסיקע לייט
וועלן איבערגיין צו דיר, און דיינע וועלן זיי ווערן;
הינטער דיר וועלן זיי גיין,
אין קייטן וועלן זיי אריבערקומען,
און בוקן וועלן זיי זיך צו דיר,
בעטן וועלן זיי זיך ביי דיר:
נאָר ביי דיר איז גאָט, און מער איז נישטאָ.

— איר זעט דאָך, אז ער איז חסר־דעה — רופט אויס ווער פון די סוחרים.

— צוליב די אַפּדוכטעניש פון א בעל־חלומות זאָלן מיר איינשטעלן אלצדינג, וואָס מיר האָבן דערגרייכט דאָ אין בבל דורך צוויי דורות, ווערן פאַלש צו אונזער מלוכה און איבערגיין צו אַן אומבאַקאַנטן פרעמדן שונא? און דאָס אין א צייט פון סכנה, ווען אונזער חייל שטייט אויפן שלאַכט־פעלד און מיר ווייסן נישט דעם אויסגאַנג פון קריג? באַדענקט אייך, וואָס איר טוט! — האָט מרדכי־גד געוואָרנט אין אַן ערנסטן און טרויעריקן טאָן. און געווענדעט צום נביא, האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס פאַר א שלעכטס האָבן אונז די מלכי־בבל געטאָן, אז מיר זאָלן זיי ווערן אומגעטריי? זענען זיי נישט געווען קיין מלכי־חסד פאַר אונז פון אָנהייב אָן?

— מלכי־חסד פון אָנהייב אָן? פאַר וועמען? — רופט־אויס דער נביא

— פאַר אייך, וואָס איר האָט זיי געהאָלפן צעברעכן דעם רוקן פון אלטע לייט אונטער דעם יאָך פון ארבעט, אָדער פאַר דעם אָרעמאַן פון מיין פאָלק? גייט ארויס און זעט די קאַנאַלן און די טויערן, די מויערן און די פּאַלאַצן, די טורעמס און די טעמפּלען, וואָס בבל האָט אויפגעשטעלט. מיט וועמענס פּראַצע? מיטן שווייס פון די פעלקער האָט ער געקנאָטן זיין ליים, און די ציגל האָט ער געברענט מיטן פייער, וואָס ער האָט געצונדן מיטן בלוט פון מענטשן. ווי א גרויסע שפּין האָט בבל געהאלטן אין איר געוועב מיין פאָלק און פון אים אויסגעזאָגט דאָס בלוט פאַר חיונה פון דעם ערשטן טאָג אָן. ווי א רויב־פויגל האָט ער זיך באוויזן אויף אונזער הימל. א ברודער צו אשור איז בבל. איין מוטער האָט זיי געבוירן — זינד. אשורס ירושה האָט בבל געירשנט. ווי אשור, האָט בבל גערויבט און פאַרצוקט. ווען אייער איידעלער פאָטער (האָט ער זיך געווענדעט צו די פירשטן) האָט זיך איבערגעגעבן אין נבוכדנאצרס הענט, פאַרלאָזן זיך אויף זיין יושר, האָט נבוכדנאצר פאַרקנעכט די בני־ישראל, אויסגעבייטלט יהודה און זי איבערגעלאָזט נאַקעט און בלויז צום רויב פון די נבלה־פייגל, אירע שכנים. דריי און דרייסיק יאָר האָט ער אייער פאָטער אין תפיסה געהאלטן, זיינע אויגן פאַרחתמעט אין פינצטערניש אויף זיין גאנצן לעבן, ווי ער האָט פאַרחתמעט דאָס ליכט פון אייערע פעטערס אויף אייביק. די מוטערס האָט ער ארויסגענומען פון די נעסטן, און די קינדער האָט ער איבערגעלאָזט. די בעסטע מענטשן ארויסגענומען פון יהודה און די דלת־עם־הארץ איבער־געלאָזט. שפּעטער, ווען ער האָט באדאַרפט שקלאַפן פאַר זיינע בוי־ארבעטן, האָט ער אלעמען פאַרטריבן אין גלות. יאָ, ער האָט זיי געלאָזט לעבן — פון זיין אייגענער טובה וועגן האָט ער זיי געלאָזט לעבן — זיינע קאנאלן צו גראָבן, זיינע פעלדער צו באארבעטן, זיינע מויערן אויפצושטעלן, די טעמפּלען פון זיינע אָפּגעטער אויפצובויען. בבלס פעלדער האָבן זיי באַ־ארבעט, בבלס שאָף האָבן זיי געפּיטערט, בבלס קאנאלן האָבן זיי געגראָבן, אָבער זייער אייגן לאַנד איז וויסט און ליידיק, הפקר פאַר רויב און גזילה. די טעמפּלען פון זיינע עבודה־זרות שטעכן די הימלען מיט זייערע נאָדל־טור־רעמס, און דאָס הויז פון גאָט שטייט צעבראָכן, פאַרשעמט, הפקר פאַר יעט־וועדער עבודה־זרה, פאַר יעטוועדער פרעמדן מזבח. ארויסגעשמיסן מיט זיין אָנטרייבער־בייטש האָט ער פון די ביינער פון די בני־הגולה דאָס בענקען אפילו נאָך פרייהייט. און ווען די שפּעטערדיקע מלכים פון בבל האָבן צו־געוואָרפן די קנאָפּע און קאַרגע הינטישע שפּייז, איז עס נאָר געווען אויף צו פאַרזיסן זייער קנעכטשאַפט. און זיי האָבן אזוי ארום פאַרגעסן אָן זייער אייגן לאַנד. יעטוועדער באַגער נאָך פרייהייט, איטלעכע טרער איבער דעם חורבן פון ציון איז געהאלטן געוואָרן פאַר בגידה און מרידה קעגן זייערע פייניקער. ביז יהודה האָט פאַרגעסן אין איר אייגענעם אָפּשטאַם, און דער זכר פון ירושלים איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון זייער הארץ. דאָס רופט איר חסדים, און די באצווינגער פון די בני־ישראל — מלכי־חסד? ניין, נישט קיין זון פון פאַרשקלאַפונג איז יהודה, און נישט פאַר א קנעכט איז זי גע־

בוירן. אין די בני־ישראל האָט גאָט פאַרזייט דעם זאָמען פון דער ישועה פון דער וועלט און די האָפענונג פון ישראל. און דער זאָמען קאָן נאָר אויפגיין און פרוכט ברענגען אין דער ערד, אין דעם לאַנד וואָס איז צוגע־זאָגט געוואָרן די אָבות. נישט פאַר א קנעכט איז ישראל געבוירן, צו בייגן זיין רוקן איבער א פרעמדן אקער. צוריק מוז ישראל גיין אין זיין לאַנד, און בבל מוז טיילן דעם מזל פון אשור, וואָרום ברידער זענען זיי ביידע.

די ווערטער פון נביא האָבן געמאַכט א שטאַרקן רושם אויף די פאַר־זאַמלטע, וואָס עס איז געווען צו זען אין זייער שווייגן, אין די טרערן, וואָס האָבן אָנגעקוואָלן אין זייערע אויגן. דאָס דערמאָנען זייער פאָטער, דעם מלך יהויכין, וואָס האָט זיינע בעסטע יאָרן פאַרבראַכט אין תפיסה און וואָס זיין אָנדענק איז געהאַלטן געוואָרן הייליק ביי די בני־הגולה, האָט אויפ־געוועקט אַן אַלטע סטרונע אין די הערצער פון די פאַרזאַמלטע, וואָרום דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט א שטיל ברומען פון דעם געזאַנג, וואָס איז געלעגן אויף זייערע ליפּן: על נהרות בבל...

נאָר דער קטיגור האָט זיך געשטאַרקט:

— ווער זאָגט דאָס, אז מיר ווילן צוריקגיין קיין יהודה און קיין ירוש־לים? — האָט זיך אָנגערופן מרדכי־גד מיט זיין טיפן באַסאָוון קול. ער האָט זיך אויפגעשטעלט מיט זיין בכבודיקן קאָמפּאַקטן טאָרסאָ אויף זיינע שטאַרקע גרויסע פיס, איז געבליבן שטיין מיט זיין גאַנצער מאַסע, האָט אָנגעקוקט מיט די גרויסע שפּיזיקע אויגן פון אונטער זיינע געדיכטע ברעמען אפיר די פירשטן פאַר זיך און גערעדט:

— וואָס זענען מיר געווען און ווער זענען מיר געווען אין יהודה? אויף וואָס האָבן מיר דאָרט צו האָפן? וואָס האָבן מיר דאָרט צו זוכן? פאַרקל..מט ווי אין א צוואַנג זענען מיר געזעסן צווישן די פלישתים, וועלכע האָבן אָפּ־געשניטן פון אונז דעם ים, און עמון און מואב, צור און צידון, אשור און דמשק. ביז צו חברון האָבן זיי דערגרייכט. וואָס איז אונז איבערגעבליבן? די שפּאַלטן און די קאַרבן אין די פעלדזיקע מדבר־בערג. מיט אַנגסטן און טרערן, מיט ציין און נעגל האָבן אונזערע אָרעמע עלטערן געמוזט אויס־גראָבן איטלעכן טפח ערד, וואָס דער יורה־רעגן האָט עס דערנאָך אַרונטער־געוואַשן. אונזער פאָלק האָט געהונגערט און געדאָרשט. צו קליין און צו שוואַך צו פאַרטיידיקן זיך, זענען מיר געווען אויסגעשטעלט אויף סכנות פון בייזן ווילן און הערשער־לוסט מצד איטלעכער קליינער און גרויסער מלוכה, וואָס האָט אונז געוואָלט דריקן מיט שווערע צינזן: פאַרטריבן אונ־זערע שאָף און רינדער, אונזערע קינדער גענומען פאַר שקלאַפן. וואָס איז אונז אַרויסגעקומען פון דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט א בית־המקדש אין ירושלים? דער בית־המקדש אליין האָט אונז אויסגעזאָגט ווי א פּיאַווקע: קרבנות און מעשר, מעשר אָן א שיעור, נאָר באַשיצן האָט ער אונז נישט באַשיצט. פאַרגלייכט דאָס מיטן מצב פון אונזערע ברידער דאָ, אין גלות בבל. אונזער פאָלק זיצט אויף דעם פרוכטיקסטן לאַנד אין בבל, עסט פון די פעטקייטן פון דער ערד. אונזערע זין ווערן אויפגעצויגן מיט די קינדער

פון דער בבלשער אדלקייט, און אונזערע טעכטער זענען אנגענומען ביי די טעכטער פון זייערע שררות. מיר האבן אויסגעשפרייט אונזער מסחר איבער גאנץ בבל, איבער אלע פראווינצן. ווער זאגט דאס, אז מיר ווילן צוריקגיין? אויב גאט האט אונז ליב און זארגט אזוי וועגן אונז, זאל ער אונז לאזן דא אויפן ארט. יא, א גרויסן חסד האט גאט געטאן מיט אונז, וואס ער האט געשיקט נבוכדנאצרן צו לאזן אונז לויז פון דעם קלעם, וואס איז יהודה, אין וועלכן משה האט אונז געהאט איינגעקלעמט.

די רייד האבן ארויסגערופן גרויס אויפרודער. עס האבן זיך געלאזט הערן קולות פון פראטעסט און קולות פון הסכמה. נאר אויפהייבן זיך צו רעדן האט זיך אויפגעהויבן דער עלטערער ברודער מוראשו, דער סוחר מיט דער דריי-פאלדיקער געקארבטער באָרד, וועלכע האט עדות געזאגט, אז ער פארנעמט א הויכע פאזיציע אין בבל און ווערט גערופן „פרייַנט פון קעניג".

— איך בין א סוחר — האט נבא-גד אנגעהויבן אין א סוחרישן בנעי-מות׳דיקן טאן — און איך וויל רעדן ווי א סוחר. די יידן אין בבל שטייט פאר א רייכע צוקונפט. אין דעם לויף פון איין דור האבן מיר דערגרייכט, אז א גרויסער טייל מסחר אין גערשטן, אזוי אויך אין וואל, לעדער און פעל, זאל זיך געפינען אין יידישע הענט. ביישט נאר שטעלן אונזערע קאלאָ-ניעס צו זייערע פראדוקטן אין אלע שטעט פון לאנד, נאר מיר זענען אויך ארייגעדרונגען טיף אין מעסאפאטאמיע, אין פעניקיע, אין ליביע און דער-גרייכן ביז צו מצרים. מיר זענען געווארן א גרויסע קאנקורענץ פאר צור און צידון. שוין היינט האבן מיר אוועקגענומען פון זיי דעם האנדל אין וויין, אזוי אויך דעם האנדל אין קופער — פון דעם קיפרוס-אינדזל. איך זע, בכן, נישט איין, פארוואס מיר זאלן נישט זיין ביכולת אין דער נאענטער צוקונפט צו קאנקורירן מיט צור און צידון אין דעם האנדל מיט די ווייטע אינדזלען פון יוון און די ווייטסטע ברעגן פון ים-הגדול. אחינו בני-ישראל זענען, גאט צו דאנקען, פארשפרייט איבער א סך לענדער. אונזערע ברידער אין מצרים זענען אונז א גרויסע הילף אין אונזער אויסברייטערן דעם האנדל אין ווייטע לענדער. ווען מיר וועלן געווינען די מלחמה קעגן כורשן, וועלן זיך ווידער עפענען פאר אונז די ברעגן פון ים-הגדול, צור און צידון, ליביע, קיפרוס, און מיר וועלן, ווי צידון און יוון טוען עס שוין פון לאנג, אויך גרינדן דארט האנדל-קאלאניעס. צוריקגיין קיין יהודה איז פאר אונז ווי צו וועלן פרווון אן אויסגעוואקסענעם מענטשן ארייַנשפארן צוריק אין דער ענגער טראכט פון זיין מוטער.

— און פארוואס קאנען מיר נישט דא, אויף בבלס ערד, אויפבויען אונזער אייגענעם בית-המקדש, ווי עס האבן געטאן די יידן אין מצרים?
— האט זיך אנגערופן דער פרומער מלכה-גבריל מיט פרומע פארגלאצטע אויגן — מיר וועלן פארן גאט פון ישראל אויפבויען א צווייטע על-סאגי-לא, מיט א טורעם א ביסל נידעריקער ווי דער טורעם פון בל-מרודכס טעמפל. מיר וועלן אריינגעבן אין דעם בית-המקדש גילדערנע און זילבערנע

כלים. ער וועט ווערן די פּראַכט פון בבל. אונזערע פירשטן וועלן זיין דער קעניגלעכער שטאַם אין בבל, דערהויבן אין הויכן יחוס. מיר וועלן פון דאַנען פאַרשפּרייטן דעם רום פון יהודה און פון מלכות בית־דוד. פאַרוואָס מוזן מיר דאָס צוריקגיין צו דער אָרעמער יהודה ?

די גאַנצע צייט, וואָס די סוחרים האָבן גערעדט, האָט דער נביא געשוויגן. ער איז געשטאַנען מיט אַ בלייך פּנים און האָט געקוקט אויף זיי מיט עצבות. מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער הייך און זיך אָנגערופן מיט אַ הויך קול :

— פון דיין מוטערס טראַכט האָב איך דיך אויסגעקליבן, ישראל, צו זיין מיין קנעכט. און ווי מיט קנעכט וועט זיך גאָט באַגיין מיט אייך. וועט איר נישט וועלן צוריקגיין קיין יהודה מיט גוטן, — מיט ריטער און בייטשן וועט ער אייך צוריקיאָגן קיין יהודה, אַזוי ווי מען טרייבט אַ קנעכט צוריק צו זיין אַרבעט. וואָרום גאָט האָט געזאָגט דורך זיינע נביאים צו ישראל : צו מיר מוזטו געהערן, און דיך אַליין קען איך פון צווישן אַלע פעלקער.

— ער באַליידיקט אונז. ער האָט די העזה אונז אָנצורופן קנעכט ! — און פויסטן האָבן זיך געהויבן אין דער הייך אַנטקעגן דעם בלייכן נביא.

— געדענקט אין ירמיה ! — האָט זיך געטראָגן פון זיין שטול די וואָרענענדיקע שטים פון דעם יונגן פירשט זרובבל.

דער נאָמען „ירמיה" האָט אויפגעוועקט אין איין הרף־עין זכרונות און מחשבות, וואָס עס האָט אויסגעזען, אַז זיי זענען שוין אויף אייביק פאַרשאָטן אונטער הורבעס אַש. דאָס פייער האָט זיך צוריק אויפגעכאַפּט. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט, און זיי זענען אוממעכטיק געבליבן שטיין פאַרן בלייכן נביא.

— אָבער ירמיהו האָט אונז געהייסן זוכן דעם שלום פון לאַנד, וואָס גאָט האָט אונז פאַרטריבן אַהין. ער האָט אונז געהייסן בויען הייזער, פלאַנצן גערטנער און נעמען ווייבער אין דעם לאַנד. און אין דעם שלום פון לאַנד, האָט ער אונז געזאָגט, וועט זיין שלום צו אונז.

— און דער מאַן דאָ, וואָס מיר ווייסן נישט, ווער ער איז, שטעלט אויס אויף סכנות אונזער קיום אין לאַנד. ער רופט אַרויס פאַלשע האָפענונגען ביים פאָלק. ער איז פון די פאַלשע נביאים, וואָס ירמיהו האָט אונז געוואָרנט קעגן זיי. נישט גאָט האָט אים געשיקט, כורש האָט אים געשיקט אַהער ! כורש האָט אים געשיקט צו צעטומלען דאָס פאָלק, צו פירן אונז אין אָפּגרונט אַריין. און עס וועט זיין, ווען די בבלער וועלן געוווויר ווערן פון די רייד, וואָס דער מאַן רעדט אויף בבל, וועלן זיי אויף אונז אַלעמען לייגן די שולד און מיר אַלע וועלן באַצאָלן פאַר די זינד פון אייבעם. אַ סכנה, אַ סכנה איז דער מאַן פאַר דעם קיום פון אונז אַלעמען ! — האָט מיט זיין גאַנצער ווירדיקער געוויכטיקייט אויסגערופן דער קטיגור מרדכי־גד — זעט, איך האָב אייך געוואָרנט !

— אַ סכנה, אַ סכנה איז דער מאַן פאַר אונז אַלעמען ! דאָס וואָרט אין

זיין מויל איז א שווערד אויף אונזער האלדז.

— מען באדארף אים פארווערן צו דרשענען אין די בתי־כנסיות.

— א שלאָס אויף זיין מויל!

— שלאגנען און עקדישן זענען ביי אים אין מויל!

דער נביא איז געשטאנען אלץ אויסגעצויגן אין זיין גאנצער הייך, דיין און בלייך. די אויגן פארמאכט, נאָר דאָס פּנים איז געווען באלעבט, אָפן און זעענדיק. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו דער אסיפה און אויסגערופן מיט א זיכער קול:

איך זאָג אָן פון אָנהייב,
און פון פארצייטן.
איך זאָג: מיין באראָט זאָל באשטיין,
און אל מיין באגער וועל איך טאָן.
איך רוף פון מזרח דעם רויב־פויגל,
פון א וויטן לאנד דעם מאן פון מיין באראָט.
יאָ, איך האָב גערעדט און וועל עס ברענגען,
איך האָב באשערט און וועל עס טאָן.

— הערט, וואָס ער זאָגט: „איך רוף פון מזרח דעם רויב־פויגל”. ער דערוועגט זיך דאָ צו דערמאָנען אונזער שונא כורש!

— בגידה! צום מלכות מיט אים!

— יאָ, צום מלכות! גיט אים איבער צום מלכות!

און שוין האָבן א טייל טויער־לייט זיך צוגעלאָזט צו אים און געפּרוווט לייגן זייערע הענט אויף אים, אויפן וונק פון דעם קטיגור.

— רירט נישט אָן דעם נביא! — רופט דער ייִנגערער פּירשט.

און אויך דער עלטערער פּירשט, שאלתיאל, וואָס האָט געשוויגן ביז איצט, האָט געלאָזט הערן זיין אויטאָריטאַטיווע שטים:

— איידער מיר לייגן די הענט אויף אים, וויל איך הערן די דעה פון כהן־גדול.

אלע האָבן זיך אויפגעשטעלט, ווען דער אלטער יוצדק, אייגער פון די לעצטע יורדי־הגולה, וואָס האָט געזען דעם בית־המקדש מיט זיינע אויגן, האָט זיך אויפגעהויבן אין זיין אימפּאָזאנטן ווייסן מאנטל און ווייסן קאָפּ־באדעק און זיך אָנגערופן:

— מיט דעם רשות פון די נשיאים און דער גאנצער אסיפה פון די יורדי־הגולה, וועל איך זאָגן: פרעמד און אומפארשטענדלעך זענען אונז די ווערטער פון דעם נביא. אָבער אזוי אויך פרעמד און נישט צו פארשטיין זענען געווען די רייד פון אונזערע נביאים אין די אויערן פון אונזערע אָבות, און די אָבות האָבן זיך צו זיי נישט צוגעהערט אין זייער צייט. איט־לעכער נביא איז א פרעמדער פאר זיין דור. דערום איז מיין עצה: אונזערע הענט זאָלן נישט זיין אויף דעם נביא, מיר זאָלן נישט באגיין די זינד פון אונזערע עלטערן. פארווערט נאָר, פארווערט זאָל אים זיין צו רעדן דאָס וואָרט פון גאָט, וואָס איז נישט פון גאָט און נישט פון זיינע נביאים.

און ביי דעם איז עס געבליבן.

דעם נביא איז פארווערט געוואָרן צו רעדן זיין וואָרט אין די בתי־כנסיות, מיט דער התראה, אז ער וועט איבערגעגעבן ווערן צום מלכות אין פאל פון ווידערשפעניקייט.

# קאפיטל ניין

ווי לאנג איז עס ערשט, ווען כורש איז געווען נישט מער ווי א קליי־נער קעניג פון דעם קליינעם־אנזאַן און אונטערטעניק דעם קעניג פון מדי?

ווען נאַבוניד, קעניג פון בבל, וואָס איז געווען א ליבהאָבער פון אַל־טערטימלעכקייטן מיט א נטיה צו רעסטאווריר ן חרובע טעמפלען פון געטער, האָט געקראָגן א חשק צו גיין אין דער שטאָט חרן און דאָרט אויפבויען צו־ריק דעם טעמפל פון דעם לבנה־גאָט, צין, האָט ער זיך אָנגעפרעגט ביים גאָט בל־מרודך: „זאָל נאַבוניד, קעניג פון בבל, ברענגען ציגל מיט זיינע פערד און רייטוועגן און אויפבויען צוריק דעם טעמפל פון גאָט צין אין דער שטאָט חרן?" — און בל־מרודך האָט דורך א חלום אים באפוילן דאָס צו טאָן. עס איז אָבער געווען איין מניעה דערביי: די שטאָט חרן איז דאַן געווען א שטאָט אין מדי, און מדי איז דענסטמאָל געשטאַנען אין מרידה קעגן בבל. האָט נאַבוניד זיך ווידער אָנגעפרעגט ביי גאָט: „אָ, מרודך, דער טעמפל פון צין איז ארומגערינגלט פון מידיער. ווער כורש, קעניג פון אזאן, מיר וועלן בייהילפיק זיין?" — בל־מרודכ׳ס ענטפער איז ווידער געקומען: „דער קעניג, וואָס דו רעדסט וועגן אים, ער אליין און זיין לאנד, אזוי אויך די קעניגן, וואָס גייען מיט אים, וועלן מער נישט זיין".

ווען נאַבוניד האָט אויסגעריכט דעם קעניג פון אנזאן מיט רייטוועגן, האָט כורש געמאכט א מרידה קעגן מדי און איבערגענומען די ממשלה.

נאַבוניד האָט איבערגעגעבן די ממשלה פון בבל זיין זון בלשאצר, און אליין איז ער אוועק קיין חרן צו בויען דעם טעמפל פון צין. פאַרטיק געוואָ־רן מיטן טעמפל, האָט ער אָפּגעצויגן א מחנה קעמל־רייטערס פון בבל און איז געגאנגען אין מלחמה מיט סיריע. פארנומען שטעט אין סיריע, איז ער אוועק אין מדבר, קיין אדום, צו פארכאַפּן מצרישע אָאַזיס־שטעט ביי די ברעגן פון רויטן ים. אזוי איז ער יאָרן־לאנג געווען אוועק פון בבל, מיט דער ממשלה איבערגעלאָזט אין די הענט פון זיין זון.

כורש האָט דערווייל זיך איינגעקויפט אין פריינטשאפט ביי די מידיער. ער איז געקומען צו זיי נישט ווי א מנצח, נאָר ווי א באפרייער. ער האָט איינגעפירט געזעצן, באפרייט זיי פון דעם שווערן יאָך פון מס־צאָלונג, וואָס די קעניגן פון מדי האָבן געלייגט אויף זיי. האָט פאראייניקט פרס און מדי און איז געוואָרן דער קעניג פון א שטארקער פאראייניקטער פערסישער מלוכה.

איינציקווייז האָט ער אָנגעהויבן אוועקרייסן פראָווינצן פון בבל. אין דער צייט, וואָס נאַבוניד איז געווען פארנומען אין מדבר, ביי דער גרענעץ פון מצרים, און זיין זון בלשאצר האָט געפראַוועט סעודות און געהאלטן

אין איין ארומקריגן זיך מיט די כהנים פון מרודך איבער קדושות, האָט כורש אויסגעבדייטערט און געשטארקט זיין הערשאַפט. מיט אן ארמיי רייטערס אויף די לייכטע פלינקע פערסישע פערד, געשיצט מיט לייכטע פאנצערס און באַוואָפנט מיט קורצע באַיאָנעטן און פיילנבויגנס, האָט ער אָפגעהאלטן איין נצחון נאָכן אנדערן אויף דער אנדערער זייט חדקל, האָט אָנגעשלאָגן צו די גרענעצן פון סיריע, האָט דערגרייכט ביז צו לידיע און צו די יונישע אינדזלען. אומעטום, ווו נאָר ער איז אריין מיט זיין ארמיי, האָט ער זיך אויסגעגעבן ווי א באַפרייער. ער האָט פּראָקלאמירט די אומ־אָפּהענגיקייט פון בבל, פאראייניקט זיך מיט די דאָרטיקע כוחות, געמאכט שלום מיט די הערשער און די כהנים.

מיט די חיילות פון די איינגענומענע לענדער, וואָס ער האָט מצרף געווען צו זיינע אייגענע חיילות, האָט ער, לסוף, זיך איינגעשטעלט צו קומען צו די ברעגן פון טייך חדקל, ווו ער האָט מיטגעדיסן מיט זיך אשור, איז אריבערגעגאנגען דעם טייך, זיך געשטעלט אויף דעם בבל׳שן באָדן און אויסגעשטעלט אויף סכנות בבל גופא.

אָבער ארבעלא, די שטאָט, ווו כורש האָט געלאנדט מיט זיינע חיילות, איז נאָך געווען ווייט פון בבל. צווישן חדקל און פרת זענען געלעגן שטארקע באפעסטיקטע שטעט. היינט בבל אליין, די אומבאזיגלעכע, די מעכטיקע שטאָט, ארומגערינגלט מיט די שטארקסטע מויערן, אזוי ברייט, אז פיר פערד און רייטווענן קאָנען יאָגן איבער זיי אין איין שורה, מיט די ברייטע און טיפע וואסער־גראָבנס, וואָס לויפן פאַזע די מויערן, און די אינעווייניקסטע, מיט ווענט אָפּגעשלאָסענע געסלעך, וואָס קייטלען זיך אייננס אין אנדערן, א לאַבירינט געסלעך, וואָס דינען ווי פאַסטקעס פארן שונא. ווען דער שונא זאָל שוין אפילו אדורכברעכן דעם דרויסנדיקן מויער, וועט ער ערשט זיך אָנשלאָגן אויף דער אינעווייניקסטער פעסטונג פון די געסלעך און באגעגענען די אטאקע פון שטיין־ווארפער און שפיזן־שליידע־רער, וואָס וועלן לויערן אויף אים פון די אינעווייניקסטע פעסטונגען. קיין פרעמדער, וואָס קען זיך נישט אויס אין דעם לאַבירינט געסלעך, וועט קיינמאָל נישט אריינדרינגען אין דער עצם שטאָט אריין.

נאָך דעם ערשטן אויפרודער, וואָס די ידיעה וועגן כורש׳עס אריבערגיין דעם טייך חדקל האָט ארויסגערופן צווישן די גרויסע לייט פון בבל, האָט בלשאצר מיט זיינע מקורבים זיך איינגעשטילט. זיינע סטראטעגן האָבן אים געגעבן די עצה גארנישט צו טאָן, נאָר אויסצווארטן ביז כורש וועט קומען נענטער צו בבל: מען באדארף אים אריינגארן וואָס טיפער אין לאנד אריין, כדי צו געבן נאבונידן גענוג צייט צו ברענגען זיינע חיילות פון די גרענעצן פון מצרים, ווו זיי האלטן זיך אויף, און אטאקירן כורש׳ן אין רוקן; ערשט דענסטמאָל וועט בלשאצר ארויס מיט זיין חייל אין א פראָנט־אטאקע קעגן כורש׳ן. און טאָמער וועט דער פלאַן פון אַריינכאַפּן כורש׳ן אין דער צוואַנג פון די צוויי ארמייען זיך נישט איינגעבן, וועלן זיי קאָנען האלטן כורש׳ן איינגעשלאָסן אין די מויערן און אים אויסראָטן

דורך הונגער און דורשט. דערווייל בלייבט צו באוואָפענען דאָס חייל, פאַרגרייטן זיך מיט פּראָוויאַנט, וואָס באַדאַרף צוגעשטעלט ווערן פון די פּראָווינץ־שטעט, גראָבן בייע וואַסער־גראָבנס ארום די מויערן און לייגן איבער זיי כלומרשטע לויז־געהאַלטענע בריקן, האַלטן אויף די מויערן גרויסע קאַדרעס שטיין־וואַרפער און שפּיזן־שליידערער, — מיט איין וואָרט, זיך גרייטן פאַר א לאַנגער באַלאַגערונג.

בלשאצר האָט זיך פאַרלאָזט אויף די גוטע עצות פון זיינע עצה־געבערס און כורש'עס דערנענטערן זיך צו דער שטאָט האָט אים נישט געשטערט צו פּראַווען ווייטער שמחות, פּראַכטיקע פעסטן אין קעניגלעכן פּאַלאַץ.

געפינען זיך דען נישט די גרויסע געטער, בל־מרודך און אישתר, אין בבל? זיי וועלן זיכער באַשיצן און באַשירעמען די שטאָט און אַלע אירע איינוווינער פון די הענט פון די אומגלויביקע.

—*—

אין שאָטן פון גרויסן מויער, וואָס האָט ארומגענומען די שטאָט, ווי א רינג, זענען געלעגן ווייס־אויסגעשפּרייטע ליים־פעלדער, וואָס זענען געווען דער הויפּט־צענטער פון דער ציגל־פּראָדוקציע אין בבל. דאָס גרויסע טומלדיקע האַוועניש פון שקלאַפישער עבודת־פרך האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט אויף יענע פעלדער. פאַרטיעס אַרבעטער האָבן געגראָבן מיט פּיקע און רידל הרודעס ליים, געוואָרפן זיי אין גריבער, ווו עס האָבן געוואַרט אויף זיי אַנדערע שקלאַפן, ליים־טרעטערס, וועלכע האָבן מיט די הוילע פיס געטראָטן דעם ליים, געמישט מיט וואַסער, אויסגעקנאָטן אים אין א ווייכער טייגיקער מאַסע. דאָס ווייכע ליים האָבן איבערגענומען די ציגל קלעפּערס, וואָס האָבן אים געגעבן די פאָרעם פון ציגל. פון הונדערטער און הונדערטער לעכער האָט געשלאָגן א געדיכטער רויך. מענטשן, פּלייסיקע ווי מוראַשקעס, אין לאַנגע רייען, האָבן גענערט די אָפענע מיילער פון די ברען־אויוונס איבערן פעלד מיט פריש־געקלעפּטע ציגל, וואָס זיי האָבן אויף טראָג־שטאַנגען איבערן נאַקן געהאַלטן אין איין צוטראָגן, באַגעגנט מיט פייערדיקע צונגען, ווי צונגען פון פאַנטאַסטישע חיות, וואָס האָבן ארויסגעזעצט פון די אויוונס, זיך געצויגן צו די אנגסט־געוויקטע פּנימער פון די טרעגערס.

אַנדערע פאַרטיעס אַרבעטער, געשלאָסן ווי א קייט, האָבן געשלעפּט אויף שטריק ריזיקע פעלזן־שטיינער צו דעם פּלאַץ, ווו שטיינהאַקערס, געשיצט פון דער הייסער זון אונטער פּאַלמען־געדעקטע דעכלעך, האָבן אויסגעהאַקט פיגורן פון משונה'דיקע חיות מיט מענטשלעכע קעפּ, וואָס האָבן געזאָלט איינגעמויערט ווערן אין דער וואַנט אויף אָפּצושרעקן דעם שונא. וואָס וועט פּרווון קומען באַענט צו זיי. נאָך קייטן שקלאַפן־אַרבעטער האָבן געהאַוועט ארום די ריזיקע וואַסער־רעדער, וואָס זענען געשטאַנען ביים גראָבן, צופוסנס פון מויער, צו פירן דורך רערן דאָס וואַסער פון גראָבן צו די גריבער פון די ליים־קנעטערס.

די ערד אַרום איז, דאַכט זיך, געווען אַדורכגעווייקט פון דעם שווייס און פון די אַנגסטן, וואָס האָבן זיך געגאָסן פון די בראָנדזענע לייבער פון די אַרבעטער, ווי זיי האָבן געקרעכצט אונטערן יאָך פון דער עבודת־פּרך. דער מויער אַרום דעם פעלד, מיטן גראָבן, וואָס איז געלאָפן אים צופוסנס, האָט מיט זיין הייך און דיקקייט פאַרשטעלט פון אויג דעם האָריזאָנט, ווי די וועלט וואָלט אָפּגעשלאָסן געוואָרן. טויט און שטייף, נאָר וואַך. די וואַכקייט האָט אויך געשטאַרט פון די הונדערטער פיגורן פון לייבן, טיגער־קעץ, שטיראָקסן און שלאַנגען, וואָס האָבן באַדעקט דעם מויער מיט זייערע גרינע גלאַזירטע פאַרבן.

דער גראָבן, אַ ברייטער קאַנאַל, האַלט אויף זיין ברעג אַ לאַנגע ריי לאַסטשיפן, בערלינקעס, באַרקעס, וואָס ווערן איצט געלאָדן מיט פריש־אויסגעבאַקענע ציגל, ליים, אַספאַלט, שטיינער, געבראַכט פון באַגנטע שטיין־האַקערייען. קייט נאָך קייט ציען זיך די שקלאַפן מיט זייער משא צום ברעג פון קאַנאַל, — איין קייט טראָגט ציגל, וואָס הענגען־אַראָפּ פון אַ טראָג־שטאַנג איבער ביידע אַקסלען, אַ צווייטע קייט ברענגט צו די באַרקעס הילצערנע עמערס, אָנגעפילטע מיט געקנאָטענעם ליים און אַספאַלט; נאָך אַ קייט שלעפּט שווערע שטיינער אויף שטריק.

אויפן אַנדערן ברעג, האַרט ביים סאַמע מויער, ליגט אויך אַ לאַנגע ריי שיפן, בערלינקעס און באַרקעס, וואָס מען האַלט אין אויסלאָדן. הויכע לייטערס הייבן זיך פון די שיפן אַרויף צו די הענגענדיקע רושטאָוואַניעס אויפן מויער. הונדערטער אַרבעטער שלעפּן דעם זעלבן בוי־מאַטעריאַל, ציגל, שטיין און ליים, מיט די לייטערס אַרויף אויפן מויער. פון דער ערשטער רושטאָוואַניע ווערט דער מאַטעריאַל דורך מעכאַנישע רעדער אַריבערגעפירט צו דער צווייטער, פון דער צווייטער — צו דער דריטער רושטאָוואַניע.

עס איז קיין שיעור און קיין עק נישט געווען צו די קריכעדיקע מוראַשקעס־שקלאַפן, ווי זיי האָבן געקלעטערט אַרויף און אַראָפּ די לייטערס, ווי זיי זענען געהאָנגען איבער דער הייך און לענג פון דער מויער־וואַנט. מיט די שווייס־געווייקטע בראָנזענע לייבער, וואָס האָבן געפלאַקערט און געבלישטשעט אין דער שרפ׳דיקער זון, האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ מין גליווערעם, ווי אַ היישעריק, וואָס האָט באַלאַגערט די מעכטיקע פעסטונג.

דאָס האָט בלשאצר באַפעסטיקט די הויכע מויער־וואַנט, געשטאַרקט די שוואַכע ערטער, צוגעבויט נישעס, אויסקוק־טורעמס, צוגעבויט בלינדע גאַלעריעס, פאַרשטעלטע פּלעצער פאַר שטיין־וואַרפערס און שפּיזן־שליידערס.

אַזוי האָבן די בבל׳נער, נאַבוניד פון איין זייט, בלשאצר פון דער צווייטער זייט — געמאַכט אַלע צוגרייטונגען צו שטאַרקן די מויערן פון דער שטאָט און צו זאַמלען זייערע חיילות, און אָפּגעוואַרט ביז כורש וועט אַריין טיפער אין לאַנד — אים צו באַגעגענען מיט פולער מאַכט ביי אַן אָרט, וואָס איז נישט ווייט פון בבל, כדי אין פאַל פון אַ מפּלה — צו אַנטלויפן קיין בבל, שטיצן זיך הינטער אירע אומבאַזיגבאַרע מויערן.

ענדלעך איז געקומען די צייט ווען נאַבוניד און בלשאצר האָבן זייערע

חיילות און רייטוועגן פאראייניקט אויף די ברעגן פון חדקל, ביי דער שטאָט אָפּיס. צווישן אָפּיס און סיפּפּאַר האָבן זיך געפונען די זומפּיקע פעלדער, וואָס דער חדקל פלעגט אָפט פארפלייצן און נבוכדנאצר האָט זיי געפרווט איינצאמען אין א קאנאל, וואָס זאָל פארבינדן סיפּפּאַר מיט בבל, מיט א קייט פעסטונג־מויערן פאזע די ברעגן.

צו־לאנג האָט בבל געררוט אויף די לאָרבערן פון נבוכדנאצר׳ס נצחונות, פארטרויענדיק זיך אויף אירע מעכטיקע פעסטונג־מויערן און אויף דעם שטרענגן אבסאָלוטיזם פון איר מלוכה־אַפּאַראַט. די שפּעטערדיקע מאָנאַרכן, באזונדער נאָך מרודכ׳ן, וועלכער האָט אָנגעהויבן א נייע דינאַסטיע, האָבן פארנאכלעסיקט די מלוכה און זיך אָפּגעגעבן מיט אנדערע ענינים, ווי, למשל, מיט רעסטאווריר אנטיקע בנינים.

נבוכדנאצר׳ס מלחמה־טאקטיק איז באשטאנען אין אָנווארפן שרעק אויפן שונא מיט דער מעכטיקייט פון זיינע פעסטונג־מויערן, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך פיגורן פון משונה׳דיקע ריזן־חיות, ווי די בבל׳ער האָבן דאָס אָפּגעלערנט פון די אסירייער; מיטן דונער און דעם האסט פון זיינע רייטוועגן; מיט די לעבעדיקע דרעסירטע לייבן, טיגערס און די ווילדע חיות, וואָס זיי האָבן באנוצט אין שלאַכט. אלץ אין בבל׳שן לעבן, ווי אין מלחמה, איז געווען אויסגערעכנט און אקצענטירט אויף אָנווארפן שרעק אויפן שונא.

די רייטוועגן, וואָס נאבונידן און בלשאצר האָבן ארויסגעפירט קיין סיפּפּאַר אויף צוריקצוהאַלטן כורש׳עס גאַנג אויף בבל, זענען נאָך אלץ געווען דער גלגול פון די פּאָמפּעזע רייטוועגן, וואָס די מצרים האָבן, זינט רעמסס דעם צווייטן, ארויסגעשטעלט קעגן א שונא. גערעכנט אויף פּערזענלעכן העלדנמוט און גבורה מצד די פירער פון חייל, זענען די רייטוועגן געווען אויסגעריכט אין פעלד ווי פאר א פּאַראַד: די היציקע פערד זענען געווען געצירט אין שטרויס־פעדערן און אין באגילטע געשפּאַנען מיט שטרייפן און לאַמפּאַסן. א רייטוואָגן אין קריג האָט אָפּעריִרט, לפּחות, מיט דריי חיילסלייט: דער חיילסמאן, וואָס האָט מיט זיינע מעכטיקע אָרעמס געשפּאַנט דעם בויגן; דער פיילן־טרעגער, וואָס האָט געהאלטן דעם פיילנטאַש (אויך געדינט ווי א פאָכער־האלטער, אויב דער בויגן־שיסער איז געווען פון הויכן יחוס; אָפטמאָל צוויי פאָכער־האלטערס, וואָס זענען ביידע געשטאַנען אויף א שפּאַן־ברעט ביי די רעדער, הינטער דעם בויגן־שיסער, צו פאָכען אויף אים און אים באשיצן מיט זייערע ברייטע פעכערס פון דער ברענענדיקער זון). עס פארשטייט זיך, אז נישט נאָר די חיילסלייט אויף די רייטוועגן, וואָס האָבן לרוב געהערט צו דער אַריסטאָקראטיע, האָבן געטראָגן ברוסט־פּאַנצערס, געקרייזטע שייטל־לאָקן אויפן קאָפּ, וואָס זענען געגאנגען גוט מיט די געקאַרבטע און געאיילטע בערד, נאָר אפילו די אינפאַנטעריע, וואָס האָט פאָרמירט די פּאַלאַנגען, איז געווען אויסגעריכט אויפן זעלבן שטייגער — אלץ אויסגערעכנט צו אימפּאָנירן דעם שונא מיט זייער מענלעכקייט און גבורה.

אנטקעגן אָט־די פאָמפעזע, ווי פאר א פאראַד אויסגעריכטע רייטוועגן, האָט כורש אַרויסגעשטעלט א מעכטיקע וואנט פון חיילסלייט־פוסגייער, פאַלאַנגען אָן א שיעור און אָן א מאָס, ווי ער וואָלט צונויפגענומען אלע פעלקער אויפן פעלד. זיי זענען נישט געווען איבערגעלאָדן מיט ברוסט־פאַנצערס און שמאָכטעס ווי שייטל־לאָקן און געפוצטע בערד. קורצע, געשווירענע בערד, די האָר אויפן קאָפ צונויפגענומען אין א קנויל; אויפן אָרט פון א וואָגיקן פאנצער, א לעדערנע טוניקע. דאָס געפעק איז באשטאנען פון א פיילנבויגן, וואָס דער חיילסמאַן האָט, מיט דעם אמוניציע פון פיילן, געטראָגן אין א לעדערנעם טאַש אויפן רוקן; פון א לאנגער שפיז אין איין האַנט און א מעטאַלענעם אָפוועך־דיסק אין דער צווייטער. כורש׳עס חייל איז געווען עלאַסטיש, גרינג צו מאַנעווורירן. קוים האָבן בלשאצר׳ס רייטוועגן אַריינגעריסן זיך מיט זייערע ווילד־צעפּושעטע פערד אין דער פראָנט־ריי פון כורש׳עס חיילסלייט, מאכנדיק א דורכברוך אין דער לעבעדיקער וואנט, האָבן זיי באלד אָנגעטראָפן אויף דער שטרויכלונג פון א צווייטער וואנט חיילסלייט, וועלכע האָבן געלאָזט אין גאנג די שפיזן און די פיילן אויף די צעשראָקענע פערד.

אין כורש׳עס קאוואַלעריע האָבן נאָר די חייל־פירער באנוצט רייטוועגן אין שלאַכט. די רייען קאוואַלעריסטן זענען באשטאנען פון רייטערס אויף קליינע, אָבער פלינקע פערד. האַלב־נאַקעטע, מיט דינע לייכטע העלמען אויף די קעפ, באַוואָפנט מיט לאנגע שפיזן, זענען רייטער און פערד געוואָרן איין לעבעדיקער אינסטרומענט פון אטאקע, נישט געהעמט פון דער שווערער משא פון רייטוואָגן, פון דער באשרענקטער קערעוודיקייט פון די רעדער. און בשעת בלשאצר׳ס רייטוועגן זענען פארהאַלטן געוואָרן פון דער מענטשן־מאַסע, האָט כורש געבראכט זיין לייכטע קאוואַלעריע אין א פלאנקן־אטאקע. אָנגעפירט פון זיין זון, דעם יורש־עצר, האָט די קאוואַלעריע אויך אָפּגעשלאָסן פון די רייטוועגן דעם וועג אויף צוריק, איבערלאָזנדיק זיי אויף דער גאנצער לענג פון פראָנט נישט מער ווי איין שוואכן פונקט, ווו זיי האָבן געקאָנט זיך דורכברעכן אין צוריקטריט צום קאנאל, וואָס האָט פארבונדן סיפּפאָר מיט בבל.

בבל׳ס בארימטע רייטוועגן זענען באגראָבן געוואָרן אין די זומפּיקע פעלדער, וואָס זענען געלעגן צווישן דעם ברעג פון חדקל ביי אָפּיס ביז צו דעם קאנאל פון סיפּפאָר. די פעסטונג פון סיפּפאָר, וואָס איז געווען דער ערשטער רינג אין דער קייט פעסטונגען איבער דעם גאנצן וועג קיין בבל, איז געפאלן פאר כורש׳ן.

פון דער פראָנט־ליניע אָפּיס־סיפּפאָר האָט בלשאצר מיט זיין סוויטע זיך געראַטעוועט קיין בבל. נאבוניד איז פארלוירן געגאנגען אויפן וועג.

איצט איז שוין מער גאָרנישט פארבליבן ווי נאָר צו פארלאָזן זיך אויף די פעסטונג־מויערן פון דער שטאָט.

ווען די כהנים פון בל־מרודך האָבן זיך דערוווסט וועגן דער מפּלה, וואָס די מלכי־בבל האָבן געליטן פון כורש׳עס הענט, האָבן זיי געזאָגט,

אַז דאָס האָט דער גרויסער גאָט בל־מרודך גענומען נקמה אין נאַבוניד׳ן און בלשאצר׳ן פאַר זייער פעלשן אין אים, ווען זיי האָבן אויסגעקליבן צו פאָרשן נישט ביי זיין אָראַקל, נאָר ביים אָראַקל פון גאָט צין אין אור.

—*—

ווי אַ וואַסערפאַל, וואָס פלייצט אַרונטער אין אַן אויסגעטריקנטער שטיינערנער קאַריטע, אַזוי האָבן די מחנות פון כורש׳עס אַנצאָליקע חיילות געלאָזט זיך פון סיפּפּאַר קיין בבל. זיי זענען געקומען צופוס פאַזע דעם קאַנאַל, מיט פערד און וואָגן, פירנדיק פּראָוויזיע און אַמוניציע; זיי זענען געקומען מיטן וואַסער, אויף בערלינקעס און באַרקעס איבערן סיפּפּאַר־קאַנאַל. זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער די פעלדער, צעמאַרשטשעט גערטנער, סעדער, צעקנאָטן מיט די טריט די ליים־פעלדער. קיין זאַך איז נישט געווען פאַר זיי קיין אָפּהאַלט. זיי האָבן אַוועקגעראַמט יעטוועדער שטרויכלונג, אַזוי ווי עס וואָלטן מקויים געוואָרן די ווערטער פון נביא: „יעטוועדער טאָל זאָל דערהייבן ווערן, און יעטוועדער באַרג און הייך זאָל דערנידערט ווערן, און דאָס קרומע זאָל ווערן גלייך...” עס איז געווען ווי די פעלקער פון דער וועלט וואָלטן זיך לויז געריסן פון בבל׳ס קייטן. אַ פאַרשיידנקייט פון ראַסן און קאָליר׳ן, אַן אויסגעמיש פון פעלקסטראַכטן. עס זענען געווען צווישן זיי קינדער פון דעם זאַמדיקן מדבר, וואָס דאָס וואָיען פון היענעס האָט זיי נאָך אָפּגעקלונגען אין די אויערן און דער זאַמד האָט זיך נאָך געהאַלטן אין זייערע ברעמען און וויעס: געריטן אויף קעמלען, באַלאָדן מיט פּראָוויזיע אויף אייזלען און מויל־אייזלען, באַלאָדענע מיט זאַקרויב, וואָס זיי האָבן אָפּגענומען פון בבל׳ס חייל, — געשפּאַנען, געשניצן און אָפּגעגאָסן פון געצן, רייך־קאָלירעדיקע פּערסישע און אַסירישע געצעלטן און פערד־איבערדעקן; טוסקאַנער פון יווּנישע אינדזלען, ספּאַרטאַנער, וואָס האָבן געדינט ווי געדונגענע חיילסלייט ביי כורש׳ן, אַרמענער און באַרג־אײַנוווינער פון פריגיע, שיף־בויער פון צור און תרשיש, פון פּרס און מדי ביז צו די גרענעצן פון מצרים, וואָס האָבן זיך אליין אָנגעשלאָסן אָן כורש׳עס חיילות. זיי זענען געקומען צו־שטראָמען פון אַלע וועגן, מיט גרינע פייערלעך פון רוגזה אין די אויגן, מיטן אויפברויז פון צאָרן אין זייערע פויסטן־פאַרדריקטע הענט. עס האָט זיי געטראָגן דער אימפּעט פון שנאה און נקמה. די אָנגעזאַמלטע ביטערקייט פון לאַנג־יעריקן יאָך האָט אויפגעקאָכט זייערע געבלוטן און אָנגעגאָסן זייערע אָדערן מיט מאָרדלוסט. מיט ברענענדיקער תשוקה צו לעשן זייער דורשט נאָך נקמה פאַר די יאָרן און יאָרן פאַרקנעכטונג צו אשור און בבל, האָבן זיי זיך געטראָגן, אַ שוואַרצער מאָנסטער, אַ שווער־אָטעמענדיקער, אַ שטיל־קריכעדיקער, נאָר זיכער גייענדיקער, אויסצוגיסן דעם מבול ביטערקייט אויף בבל, צו צעשמעטערן בבל׳ס טויערן, צו צעשטערן זי ווי מען צעטרעט קויט אונטער די פיס.

—*—

אָבער אויך בבל האָט נישט געשוויגן. נאָך דער מפּלה פון סיפּפּאַר איז דאָרט אָנגעגאַנגען אַ האַוועניש ווי אין אַ בינשטאָק בשעת סכנה. אַלע

האָבן זיך געזאמלט ארום דעם קעניגלעכן פּאלאץ, ארום די טעמפּלען, ארום די מויערן. די בונטפאַרביקע, פון פיל ראַסן און פעלקער באשטייענדיקע מענטשן־מאסן פון בבל האָבן זיך איינגעשפּאנט ווי איין מענטש צו באפעסטיקן די מויערן און פארגרייטן זיך פאר דער באלאגערונג פון דער שטאָט.

פון נאָענטע פּראָווינץ־שטעט, וואָס דער שונא האָט נאָך נישט פארנומען, זענען אָנגעקומען פורן, געשפּאנט מיט אָקסן, און אייזל־קאראוואנען, געלאָדענע מיט פּראָוויאַנט, אויך מיט געטער־סטאַטוען, וואָס מען האָט געפירט קיין בבל צו פאַרהיטן זיי פון כורש׳עס הענט. אזוי האָט מען פון דער דערבייאיקער שטאָט בארסיפּפּא געבראַכט פון זייערע טעמפּלען נבון, דעם גאָט פון שריפט, און אָראקל, דעם גאָט פון חכמה און שטערנזעעריי.

אויף דעם טייך פּרת, וואָס איז אין זיין בבל׳שן טייל געווען איינגעצאַמט אין פעסטונג־מויערן אויף זיינע ביידע ברעגן, האָט מען געשטעלט א פארשטאַרקטע וואך צו קאָנטראָלירן דעם פארקער איבער דער בריק, וואָס פארבינדט די טיילן שטאָט. מען האָט וויסט געמאכט אלע פעלדער, אלע גרין־גערטנער, אלע סעדער, און פארשטאָפּט אלע קוואלן און וואסער־גראָבנס אויף מיילן ווייט מחוץ בבל. מען האָט אָנגעווענדט אלערליי תחבולות צו מאכן וואָס מסוכנ׳ער דעם לאבירינטישן פּלאָנטער פון געסלעך אינעווייניק אין שטאָט צווישן די אינעווייניקסטע פעסטונג־מויערן. מען האָט איינגעשטעלט באהאלטענע פאַל־פּאַסטקעס, בריקן, וואָס וועלן איינפאלן, ווען דער שונא וועט שטעלן א פוס אויף זיי, בעת פון די באהאלטענע טורעמלעך און נישעס אויף די מויערן וועט אַראָפּפּלייצן אויף אים א מבול פיילן און שטיינער.

איין טאָג האָט דער נביא זיך געפונען אויף דער פּראָצעסיע־גאס ביים טויער פון דער געטין אישתר. מיטאמאָל דערזעט ער, דורך דעם טויער ציט זיך אדורך א קאַראַוואַן קעמלען און אייזלען, געלאָדענע מיט אלערליי מינים געצן און געטשקעס, געגאָסענע, געשניצטע, געקלעפּטע, אויסגעהאקטע אין שטיין. דער קאראוואן איז אָנגעקומען פון ערגעץ מחוץ דער שטאָט, איילנדיק אריינצוקומען אינעווייניק איידער מען שליסט־אָפּ דעם טויער. די געטער זענען געלעגן, צוזאַמענגעוואָרפענע אין קופּעס אויף די רוקנס פון די לאַסט־חיות, ווי מען וואָלט אויך די לאָדונג געמאכט אין גרויס איילעניש. נאָך די אייזלען און קעמלען האָבן זיך געצויגן אין א לאנגער ריי וועגענער, געשפּאנט איטלעכער מיט א פּאָר אָקסן, אויך געלאָדענע אָן א סדר מיט קופּעס פיגורן פון משונה׳דיקע חיות מיט מענטשלעכע קעפּ, פון מענטשן מיט קעפּ פון חיות, געשניצטע פון פּימפּסן־האָלץ, פון עבען־האָלץ, וואָס אין טייל פון זיי האָט זיך שוין אריינגעכאַפּט א פוילעניש. פיגורן, געגאָסן אָדער אויסגעקלאַפּט אין בראָנז און קופּער, ערטעדווייז איינגעקנייטשט און צוגעפּלאַטשט, צוזאַמענגעוואָרפן ווי אלט אייזנווארג, נאקעטע פיגורן פון פרויען מיט הינדן־קעפּ, געהילט אין פיל־קאָלירנדיקע טיכער און באהאָנגען מיט צירונג, האָבן אָנגעפילט די וועגענער, אָדער

זענען געלעגן געבונדן אויף די רוקנס פון די לאַסט־חיות. די בבל׳ער האָבן געוואָלט אָפּראַטעווען אונטער דעם שוץ פון בבל׳ס פעסטונגען דעם גאָט נבו, דעם לבנה־גאָט צין פון אור און די טייערע, פון גאָלד געגאָסענע געטער פון אקקאד, וואָרום די סכנה איז געווען גרויס, אז כורש, וואָס ציט מיט זיינע חיילות פון טייך חדקל צו בבל׳ס טויערן, זאָל נישט בעמען די געטער אין געפאַנגענשאַפט צו פירן, ווי טראָפייען, אין זיין טריאומף־צוג, אָדער גאָר באַשווערן זיי מיט חרמות, פארכישופן זיי, אז זיי זאָלן איבערגיין מיט זייער מאכט אויף זיין צד. דער קאַראַוואַן וועגענער, אייזלען און קעמלען האָט געצויגן צו דעם בבל־טורעם אין דעם טעמפּל פון בל־מרודך אין עק פון דער פּראָצעסיע־גאַס, ווו די געטער וועלן קריגן א מקום־מנוחה, אָן אויסבאַהאַלט פון כורש׳עס הענט.

דעם שבת, וואָס איז געקומען, האָט דער נביא, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די אסיפה פון די פירשטן האָט אים פאַרוואָרנט צו ברענגען זיין וואָרט פון נביאות צו די בני־הגולה, אויסגעמאָלט אין בית־הכנסת דאָס בילד פון בבל׳ס באַלאַגערונג:

„געקניט איז בל, געבויגן איז נבו,
זייערע געצן זענען אויף בהמות און אויף לאַסטפי.
די, וואָס איר פלעגט זיך אומטראָגן מיט זיי,
זענען אויפגעלאָדן, א משא אויף מידע בהמות.
זיי זענען געבויגן, געקניט אינאיינעם.
זיי האָבן נישט געקאָנט ראַטעווען די משא,
און זיי אליין זענען אין געפאַנגענשאַפט אַוועק״.

מען האָט עס געבראַכט צו די אויערן פון די פירשטן. עס איז געוואָרן דערפון מרדכי־גד. עס האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן ישוב פון די גולי־בבל, אז דער נביא האָט עובר געווען אויף דעם פארבאָט פון עלטערן פירשט צו רעדן אין בתי־כנסת אָדער אנדערש־ווו. א פחד איז אלעמען באַפאַלן. עס זאָל, חלילה, נישט דערגיין צום מלכות. דער גאַנצער ישוב האָט געלעבט אין שרעק. אויף א געהיים־געהאַלטענער אסיפה פון סוחרים, מיט מרדכי־גד בראש, האָט מען באַשטימט, כדי אָפּצוּוואַרן די סכנה פון ישוב, אַרויסצוגעבן דעם נביא צום מלכות ווי א מסוכנ׳עם מורד־במלכות.

דער יונגער פירשט זרובבל און זיין באַגלייטער ישוע בן־יוצדק האָבן זיך געפּעדערט איידער די פעסטונג־טויערן האָבן זיך געשלאָסן און אויפגעזוכט דעם נביא ביי שריה בן־מחסיה. זיי האָבן געזאָגט צו אים אזוי:

„מיר ווייסן, אז די ווערטער, וואָס גאָט האָט גערעדט צו אונז דורך דיין מויל, וועלן מקויים ווערן, און כורש וועט מנצח־זיין בבל. מיר זענען געקומען דיר זאָגן: מיר זענען מיט דיר, און מיר זענען געקומען דיך וואָרענען, אז דיין לעבן איז אין סכנה. קום נישט מער אריין אין בבל דער שטאָט, נאָר האַלט זיך אויף אויף ד ע ר זייט מויער און וואַרט־אָפּ ביז כורש וועט אָנקומען מיט זיינע חיילות. מייד־אויס צו קומען אין בתי־כנסת און פאַרמיבער דיין וואָרט פון נביאות אין די שבתים, וואָרום די מוראשוס

ווילן דיך איבערגעבן צום מלכות, און זייערע מענטשן זוכן דיך ארום. דיין לעבן איז אין גרויס סכנה".

דער נביא האָט זיי געענטפערט:

„גאָט רעדט נישט אין דער פינצטער, און נישט אין באַהעלטעניש האַלט ער זיך אויף. די מעשים פון טאָג זענען די ציגל פון זיין ווערק. גאָטס פינגער איז דער קריצער, וואָס שרייבט זיין וואָרט אויף די לוחות פון טאָג. ווי אַזוי קאָנסטו אויסבאַהאַלטן זיין וואָרט? קאָנסטו די זון אריינטון אין א פוטערפאַס, צי קאָנסטו פארשטומען דעם רעש פון דונער? אויב איך זאָל זיי פארשווייגן, וועלן זיינע מעשים אויסשרייען מיטן קול פון לייב".

„זע, מיר האָבן דיך געוואָרנט. דו רעדסט קעגן די געטער פון בבל און איירע גרויסע לייט. קיינער וועט נישט איבערטרעטן די שוועל פון א בית־הכנסת, אויב דו וועסט אהין קומען, וואָרום עס האָבן די מוראשוס געוואָרנט אונזערע ברידער, די בני־הגולה, זיי זאָלן אויסמיידן די ערטער, וואָס דו קומסט אהין, זיי זאָלן זיך נישט צוהערן צו דיין וואָרט, וואָרום דיין וואָרט איז דער סם פון דער שלאַנג פאַר זיי, און עס לויערט דער טויט אין דעם אָרט, ווו דו געפינסט דיך".

„פיל וועגן האָט גאָט צו פארשפרייטן זיין וואָרט פאַר די, וואָס ער וויל רעדן צו זיי. אויב איך זאָל דאָס וואָרט פארשווייגן, וועט דער ווינט דאָס אויפנעמען און דאָס טראָגן אויף זיינע פליגל. אויב ער וועט פארשטאָפּן זיינע אויערן, וועט גאָט רעדן צו אים דורך זיין האַרץ. עס איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס קאָן פאַרהאַלטן די שליחות פון גאָט".

נריה בן־שריה האָט גענומען זיין אַלטן פאָטער, זיין ווייב אמא־בא און דעם נביא און האָט זיי איבערגעפירט צו זיינע לאַנדסלייט אין דעם הויף פון די בני בית־לחם, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער גאַס פון די שייטל־מאַכערס אין בבל.

ווען די בני עבדי־שלמה, וואָס מרדכי־גד האָט זיי אַרויסגעשיקט צו ברענגען דעם נביא, זענען אָנגעקומען צו שריה'ן אין הייזל, האָבן זיי שוין מער קיינעם דאָרט נישט געטראָפן, דאָס הייזל איז געווען פוסט.

עס זענען שוין נישט געווען די זעלבע בני־הגולה. א סך האָט זיך געביטן צווישן די גולי־בבל, זינט דער נביא איז אָנגעקומען צו זיי. דעם נביא'ס וואָרט איז געווען דער טוי פון לעבן, וואָס האָט געבראַכט חיות אין די פארטריקנטע ביינער פון די גולים.

די שבתים, די יום־טובים און ראשי־חדשים, ווען דער נביא האָט גע־רעדט פאַר זיי, זענען געוואָרן הייליקע, געטלעכע טעג. דער נביא האָט געבראַכט די בני־הגולה דעם טאָג שבת, וואָס ביז דענסטמאָל איז ער נישט אָפּגעהיט געוואָרן אין גלות. ער האָט מקדיש געווען דעם טאָג פאַר א טאָג פון גאָט. נישט נאָר דורך זיינע טרייסט־ווערטער, דורך דער בשורה פון דער גאולה, דורך זיין נביאות האָט ער זיי געלייטערט און געהייליקט, נאָר ער האָט זיי אריינגעבראַכט אין דעם העכסטן עקסטאַז און זיי דערהויבן צו אַן עם־קדוש דורך די קאַפּיטלעך תהלים, אָדער די מזמורים, וואָס ער

האָט אויסגעזונגען פאַר זיי אין די שבתים.

איינע פון די עובדות פון די בני־הנביאים איז געווען צו זאמלען די קאַפּיטלעך תהלים, וואָס זענען ארומגעגאנגען אין פאָלק נאָך פון דער צייט, ווען די בני־ישראל האָבן געלעבט אויף זייער אייגענער ערד. טיף פאַר־קריצט אין פאָלקס־זכרון זענען געווען די מזמורים, וואָס זענען אין די שבתים, ראשי־חדשים און יום־טובים געזונגען געוואָרן אין בית־המקדש, פּייערלעכע געזאנגען פון אקער און שניט, השתפכות־הנפש פאַר גאָטס מעשים, מלחמה־לידער, לידער פון נצחון, געזאנגען פון פרייד און פון טרויער, תפילות פון צעבראָכענע הערצער, אויסגעשרייען פון טריאומף, תהלות־ותשבחות פאַר גאָטס לייטזעליקן דאָס פאָלק מיט ישועות. טייל קאַפּיטלעך האָבן געשטאַמט נאָך פון קדמונישע צייטן, פון גאָר דעם אָנהייב פון יידן, לידער פון דער צייט פון יציאת־מצרים, פון דער צייט פון מדבר. אַנדערע זענען באשאפן געוואָרן אין דער גרויסער צייט פון מלך דוד און מלך שלמה, געשאפן טאקע פון דעם קעניג־זינגער, אָדער אומגעגאנגען אין זיין נאָמען. די געזאנגען, וואָס זענען געווען אמאָל אויף די ליפּן פון פאָלק, האָבן האָך אָנגעהויבן פארגעסן ווערן. די בני־הנביאים האָבן זיי געקליבן ווי פּערל, פארשריבן זיי אויף שערבלעך, אויף ליים־טאָוועלעך, און געמיט זיך צו פארשפּרייטן זיי צווישן פאָלק.

ווען דער נביא, וואָס האָט זיך גערופן ישעיה, איז געקומען קיין בבל, האָבן פיל פון די קאַפּיטלעך תהלים זיך נאָך אויפגעהאלטן צווישן דעם עלטערן דור, באזונדער די שיר־המעלות׳ן, וואָס זענען אָפּגעהיט געוואָרן פון די כהנים און די לוויים אין דעם קעניגלעכן הויף פון די פּירשטן. דער יינגערער דור, וואָס האָט זיך גרינג אַסימילירט מיטן אַראַמישן לשון צוליב זיין קרובה׳שאַפט מיטן לשון־הקודש, האָט קנאַפּ־וואָס געוווסט פון די קאַ־פּיטלעך תהלים און די אַנדערע הייליקע שריפטן. דער נביא האָט מיטגע־בראכט מיט זיך קיין בבל פיל קאַפּיטלעך, וואָס ער האָט געקענט בעל־פּה, און ער האָט זיי, איינאיינעם מיט זיינע אייגענע נבואות, פאַרגעלייענט אָדער פאַרגעזונגען אין די בתי־כנסת פאַרן עולם. ער האָט געלערנט די קאַפּיטלעך תהלים מיטן יונגן דור, צונויפגענומען די קינדער און אייגעחזר׳ט מיט זיי דאָס דערהויבענע געזאנג.

די קאַפּיטלעך תהלים האָבן ווונדער געשאַפן. זיי האָבן אויפגעוועקט אלטע זכרונות, בענקשאַפטן, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אז זיי זענען שוין אויסגעלאָשן געוואָרן אויף אייביק. דער נביא האָט דורך דעם תהלים אויפ־געעפנט א נייעם קוואל אין די הערצער פון די עולים. ער האָט ארייגעלייגט א תפילה אין זייערע הערצער און זיי אָנגעהאנגען אויף זייערע שטומע מיילער.

עס זענען אָבער געווען נאָך אַנדערע קאַפּיטלעך תהלים, וואָס דער נביא אליין, אין שעה פון גרויס חסד, ווען דער רוח־הקודש איז געקומען איבער אים, האָט זיי מחדש געווען, צוגעפּאַסט פאַר די געשעענישן פון דער צייט, און אזוי געגעבן אויסדרוק צו די געפילן, וואָס האָבן געלעבט אין

איטלעך האַרץ. מיט די קאַפּיטלעך תהלים האָבן זיי נישט געבעטן גאָט פֿאַר זיך, נאָר אויסגעגאָסן דאָס האַרץ און די נשמה אין א תהלה צו גאָט, האָבן די בני־הגולה זיך אויפגעהויבן אויף די פליגל פון גייסט, וואָס שוועבט איבער דעם קיום און דעם מהות פון יידן, פאַרבונדן זיך מיט די ערשטע אָנהייבן, געשאַפן זיך א נײַ חשיבות, באַקומען א זיכערקייט און א חיזוק אין גאָט, וואָס קיין דרויסנדיקע מאַכט האָט עס נישט געקאָנט אָפּנעמען פון זיי.

נישט געקוקט אויף אַלע וואָרענישן, נישט געקוקט אויף אַלע אָפּשרעקן, מיט וועלכע די סוחרים־תקיפים האָבן געהאַלטן אין איין אָפּשרעקן און וואָרענען דאָס פאָלק קעגן נביא, האָבן די גולי־בבל דאָך געוווּסט איטלעכן שבת ווו דער נביא וועט רעדן, און זיי האָבן דאָס געהאַלטן אין גרויס סוד, איינגערוימט דעם סוד איינער דעם אַנדערן פון מויל צו אויער, — אויף דעם און דעם אָרט, אין דעם און דעם בית־הכנסת, וועט דער נביא נביאות זאָגן דעם שבת, וואָס קומט. איצט, ווען דעם נביא׳ס נביאות איז אויף א העלפט מקויים געוואָרן, וואָרום בבל האָט טאַקע געליטן די גרויסע מפּלה ביי סיפּפּאַר, האָט דאָס אָנזען און דאָס חשיבות פון נביא זיך געהייבן נישט נאָר ביים פּשוטן פאָלק, נאָר אפילו צווישן די פירשטן און די כהנים. מען האָט אָנגעהייבן מורא צו קריגן פאַר אים, און דאָס פאָלק, באַזונדער די בני־לחם, וואָס צווישן זיי האָט דער נביא זיך אויסבאַהאַלטן, האָט אים באַשיצט און אויסגעהיט פון די הענט פון זיינע רודפים. און ווען עס איז געקומען שבת, האָבן, נישט געקוקט אויף אַלע סכנות, פון אַלע ווינקלען און גאַסן פון בבל, ווו די בני־ישראל זענען געזעסן, געשטראָמט מתפללים צו באַגעגענען דעם נביא אין בית־הכנסת.

דעם שבת האָט דער נביא אין דעם בית־הכנסת פון די בני בית־לחם איבערגעחזרט זיין וואָרט וועגן בבל, נאָר נאָך מיט מער שטאַרקייט און מער ביטערקייט:

„נידער־אַראָפּ און זיץ אין שטויב, יונגפרוי טאָכטער בבל. זיץ אויף דער ערד אָן א טראָן, טאָכטער פון כשדים. מער וועט מען דיך נישט רופן איידעלע און פאַרצערטלטע“. — און דער נביא רעכנט־אויס די זינד פון בבל: — „איך האָב געצערנט אויף מיין פאָלק, איך האָב פאַרשוועכט מיין ערב, און זיי געגעבן אין דיין האַנט; האָסט זיי קיין רחמנות נישט געשענקט, אויף א זקן האָסטו באַשווערט דיין יאָך ביז גאָר. און דו האָסט געזאָגט: אויף אייביק וועל איך א האַרינטע זיין. אַזוי אַז דו האָסט דאָס נישט גענומען צום האַרצן, נישט געדאַכט אָן דעם סוף דערפון“.

און נאָך דעם ווי ער רעכנט־אויס בבל איר שטאָלצקייט און איר איינ־רעדעניש און זאָגט איר אָן דעם סוף, וואָס קומט אויף איר, ברעכט דער נביא אויס אין עקסטאַז און אימפּראָוויזירט א געזאַנג פון באַפרייאונג, וואָס ער האָט אין חזיון געזען אין די טעג פון באַפרייאונג: „בשוב ד׳ את שיבת ציון...“

„אז גאָט האָט אומגעקערט די אומקערונג פון ציון,
זענען מיר געווען ווי אין חלום.
דענסטמאָל איז פול געוואָרן אונזער מויל מיט געלעכטער.
און אונזער צונג מיט געזאַנג.
דענסטמאָל האָט מען געזאָגט צווישן די פעלקער:
גרויס געטון מיט די דאָזיקע.
גרויס געטון האָט גאָט מיט אונז,
מיר זענען דערפרייט געוואָרן.

ריכט אונז, גאָט, ווידער אויף,
ווי שטראָמען אין טרוקענעם לאַנד.
די, וואָס זייען מיט טרערן,
זאָלן שניידן מיט געזאַנג.
גיין גייט און וויינט
דער, וואָס טראָגט דעם אויסשיט פון זריעה,
אָבער קומען זאָל קומען מיט געזאַנג
דער, וואָס טראָגט זיינע גאַרבן".

„בשוב ד׳ את שיבת ציון היינו כחולמים..." און די פארזאמלטע מתפל־לים האָבן אָנגעהייבן מיט־חלומ׳ען מיטן נביא דעם חלום פון דער גאולה.

# קאַפּיטל צען

דאָך האָבן די טויערן פון בבל זיך נישט אויפגעעפנט פאַר כורש'ן. ער האָט זיי נישט געקאָנט צושמעטערן, אפילו נישט שטורעמען. ער האָט אָפּגעראַמט אַלע שטעט, וואָס זענען געלעגן צווישן סיפּפאַר און בבל: קעטא און קיש איינגענומען, אקקאַד, וועלכע האָט געוויזן א ווידערשטאַנד, פאַרברענט מיט סמאָלע־פייערן, אויך באָרסיפּפּא איז געווען אין זיינע הענט. ביי די מויערן פון בבל אָבער איז געקומען א סוף צו דעם פאָרויסגאַנג פון כורש'עס חיילות. די וועלט האָט זיך אויסגעלאָזט ביי בבל'ס מעכטיקער וואַנט, וועלכע האָט זיך געהייבן מיט איר טויטלעכער מראה אין הימל אריין. עס איז מער גאָרנישט געווען ווי נאָר מויערן פון גרויסע פעלזן־הארטע געברענטע ציגל און א וואַלד טורעמס מיט אויסשפּיר־לעכער, שטייגנדיק איינע איבער די אנדערע אויף די אינעווייניקסטע פעסטונג־מויערן. הונדערטער גרין־קאָלירטע ריזן־לייבן מיט בליציקע אויגן, מיט אויפגעריסענע מיילער און שאַרפשפּיציקע ציין און קרעלן, גרייט צו פאַרצוקן, האָבן ארויסגעברומט מאוימ'דיק פון דער וואַנט ארויס. זיי האָבן געוווסט, די חיילסלייט, וואָס האָבן ארומגערינגלט די פעסטונג, אז די לייבן אויף די קאָלירטע קאַכליעס קאָנען נישט פאַרמאַכן די מיילער, קאָנען נישט אריינציען די קרעלן, נאָר פאַרבלייבן פאַרגליווערט ווי זיי זענען, דאָך איז זייער פחד געפאַלן אויף די מחנות פון כורש'עס חייל, וואָס זענען באַשטאַנען לרוב פון אזיאַטישע עלעמענטן, ווי באַרג־מענטשן פון פריגיע, סיליציע, קאַפּידאָקיע און אנדערע אָפּגעשטאַנענע האַלב־ווילדע שבטים פון מדי ביז צו דעם אַרמענישן הויכלאַנד; אַראַבישע מדבר־לייט, איינוווינער פון אשור, פון דעם אינדזל קיפּרוס, פון מדבר ליביע, וואָס זיי האָבן אַלע מיטגעבראַכט מיט זיך אלערליי גלויבענישן אין כישוף און צויבער־שפּרוכן. ווי א ווילד פערד, וואָס מען האָט ערשט אריינגעשטעלט אין שפּאַן, וועט זיך שרעקן פאַר יעטוועדער שטרויכלונג, וואָס קומט אים אין וועג, און וועט זיך ברייקעווען, אזוי האָבן כורש'עס אָנצאָליקע מחנות זיך צעבריקעוועט פאַר דעם אומהיימלעכן אָנבליק פון דער וואַנט, מיט דעם ברייטן וואַסער־גראָבן, וואָס נעמט זי ארום, פאַרצאַמענדיק דעם וועג צו איר.

אָבער נאָך מער פון די פינצטערע אָבערגלויביקע חיילות האָבן זיך געשראָקן די חייל־פירער, מיט כורש'ן און זיין יורש־עצר קאַמביז בראש. נישט פאַר די לייבן, געפאַנגענע אין דער וואַנט, האָבן זיי זיך געשראָקן, נאָר פאַר דער וואַנט גופא. זיי האָבן זיך געהאַט אָנגעהערט פון איר נישט־צוטריטלעכקייט און נישט־דורכדרינגלעכקייט; איצט האָבן זיי דאָס געזען מיט די אייגענע אויגן: די וואַנט איז נישט אַדורכצוברעכן. מען קאָן נישט אָנהייבן שטורעמען א קייט פעלזן־בערג, וווּ איין באַרג הייבט זיך העכער

פון אנדערן, א פעלזן־בארג, וואָס א וואַסער־גראָבן שנײַדט־אָפּ דעם וועג צו אים און דער טויט, דער אמתער, גישט אין שרעק אײַנגערעדטער, טויט לויערט מיט טויזנטער פײַלן, וואַרף־שפּיזן און שלײַדער־שטיינער פון די אַנצאָליקע אויסשפּיר־טורעמס, אָפּענע און באהאַלטענע לוג־פּונקטן.

גאַבריאָס איז געווען א גובערנאַטאָר פון א בבל׳שער פּראָווינץ, וואָס איז פרי אין דער מלחמה איבערגעגאַנגען צו כורש׳ן. ער האָט געשטאַמט פון אן אלטער בבל׳שער פאַמיליע, וועלכע איז געבליבן געטריי נבוכדנאצרן און זײַן דינאַסטיע. ער האָט געפילט א טיפע שנאה צו נאַבונידן, זײַן זון בלשאצר און אלע ניי־אויפגעקומענע אַריסטאָקראַטן פון דער רויבערישער דינאַסטיע. ער איז שוין דענסטמאָל געווען א באַיאַרטער מענטש אין די זיבעציקער, דאָך האָט ער גענומען אויף זיך די אייגשטעלערישע עובדה צו שאַפן אינעווייניק אין לאַנד אַן אָרגאַניזאַציע אויסשפּירער, מרגלים פאַר כורש׳ן. קיינער האָט נישט חושד געווען אַן אַריסטאָקראַט, וואָס האָט, צוליב זײַן עלטער, געלעבט א צוריקגעצויגן לעבן, אז ער זאָל שטיין אין פאַרבינדונג מיטן שונא. א ריינער מעסאָפּאָטאַמער, א מוסטער פון א בבל׳שן אַדלמאַן, לויט זײַן אויסזען, מאַניערן און שטייגער־לעבן, א מאַן, וואָס האָט נהנה געווען פון דער פּריווילעגיע צו טראָגן זײַן באָרד געקאַרבט אין דריי פאַלדן און צו האַלטן דעם פּאָכער איבער דעם קעניגס קאָפּ, — א קרוב למלכות, איז ער געווען ביכולת צו שאַפן א פאַרצווייגטע שפּיאָנען־נעץ, וואָס האָט אַרײַנגענומען פאַרשיידענע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג, ווי די ליביער, די אַרמענער, די אסירייער און די עברים.

כורש און זײַן זון קאַמביז האַלטן־אָפּ אונטער די מויערן פון בבל א באַראַטונג מיט חייל־פירער און גובערנאַטאָרן־סאַטראַפּן איבער דער סטראַטעגיע פון באלאַגערן און שטורעמען בבל׳ס פעסטונג־מויערן. דער אלטער גאַבריאָס גיט־אָפּ א דין־וחשבון פון דער סיטואַציע אין שטאָט:

„קעניג איבער אלע קעניגן, באַפרייער פון פעלקער, איך מוז דיר און דײַן ווירדיקן ראַט וואָרענען, אז לויט די ידיעות, וואָס מײַנע מרגלים האָבן מיר געבראַכט, אזוי אויך לויט מײַן אייגענעם אײַנזען, איז לחלוטין אוממעגלעך צו נעמען די שטאָט מיט שטורעם. ווי דו ווייסט, גרויסער קעניג, און ווי דאָס איז אויך באַוווּסט דײַן הויכן ראַט, באַשטייט די פעסטונג פון בבל אויס דריי מויערן, וואָס קומען איינער נאָכן אַנדערן און זענען פאַרבונדן צוזאַמען מיט אן אייבערשטן וועג, אזוי ברייט, אז עס לאָזט זיך יאָגן איבער אים רייטוועגן, געשפּאַנטע מיט פיר פערד. די פעסטונג־וואַנט, געמויערט אין דיקע אַספאַלט־געבראָטענע ציגל, האָט אַרום זיך א וואַסער־גראָבן אײַנגעווויסן און דעם וואַסער־פּאַס פון טייך פּרת אינעווייניק. און זאָל שוין אפילו זיך אײַנגעבן אדורכצוברעכן די ערשטע וואַנט און אַרײַנבערגיין דעם טייך פּרת, וועלן מיר זיך אָנשלאָגן אויף א צווייטער אינעווייניקסטער זייער דיקער וואַנט. דער אײַנציקער מעגלעכער צוטריט צום מויער איז דורך דעם אישתר־טויער, ווייל דאָרט געפינט זיך די אײַנציקע

שטיינערנע בריק, וואָס איז געלייגט איבער דעם פּרת, און דער אישתּר־קייטן־טורעמס און בויגן־שיסער און שטיין־שליידערער. מען קאָן אויך באשלאָגן מיט קופּער. דער טויער ווערט טאָג ווי נאכט באוואכט אין זיינע קייטן־טורעמס פון בויגן־שיסער און שטיין־שליידערער. מען קאָן אויך עפענען די שליוזן אין טייך און פארפלייצן די בריק מיט וואסער. און אויך דאָ, ווי ביי די אנדערע פּונקטן אין דער פעסטונג, וועט דער אריינדרינגער זיך אָנשלאָגן אויף דער גרעסטער סכנה פארניכטעט צו ווערן: דער אישתּר־טויער איז א פאַסטקע, אונטערגעשטעלט פאַרן שונא. פון דעם טויער פאַלט דער שונא אריין אין א זאַק, וואָס דאָס איז די פּראָצעסיע־גאַס, ווו דער אישתּר־טויער געפינט זיך. די גאס, וואָס עס שטייען אויף איר סיי נבוכד־נאצר׳ס פּאלאץ, סיי די טעמפּלען פון אישתּר און בל־מרודך, איז אָפּגעשלאָסן פון דער אינעווייניקסטער שטאָט ווידער מיט נישט־צוטריטלעכע פעסטונג־מויערן, מיט אָן א שיעור וואַך־טורעמס און באהאלטענע לוג־פּונקטן. אריינ־קומען אין דער פּראָצעסיע־גאַס הייסט אריינקומען אין דעם מויל פון א חיה־רעה: די גאס איז אָן יאַן אויסגאנג. עס זענען אפילו פאראן דאָרט זייטן־געסלעך און קאנאל־אויסגאנגען, נאָר אויך זיי זענען נישט מער ווי פאַסט־קעס פארן שונא: שמאָל און ענג, דרייען זיי זיך אריין אייגס אין אנדערן, אז ווער עס קומט אריין אין זיי, איז ווי ער וואָלט אריינגעפאלן אין א לאבירינט אריין, הערצו איז ער אָפן פאר די בייגן־שיסער און שפּיז־ווארפער אויבן אויף די מויערן. פון דרויסן איז, בכן, קיין מעגלעכקייט נישטאָ צו שטורעמען די מויערן פון בבל. דער אטאקירער מוז אונטערגיין, איידער ער וועט ווארפן א בליק אויף דעם ערשטן בבל׳ער״.

„ווי האלטן זיי מיט שפּייז־פארגרייטונג אין שטאָט?״ — האָט איינער פון די חייל־פירער געוואָלט וויסן.

„די בבל׳ער האלטן פון תמיד אָן, נאָך פון נבוכדנאצר׳ס צייטן, גרויסע רעזערוון שפּייז פאר אזא גויטפּאל ווי א באלאגערונג. זיי לייגן־אָפּ פאר דעם א באשטימטן חלק פון איטלעכן יערלעכן שניט. א חוץ דעם, האלטן זיי פריי גרויסע שטחים לאַנד ארום די טעמפּלען און אין אנדערע שטאָטישע טיילן צו זייען דאָרט תבואה בשעת דער באלאגערונג. דאָסמאָל, ווי נאָר עס איז געקומען די ידיעה, אז מלך כורש איז אַריבער מיט זיינע חיילות דעם טייך חדקל, האָבן זיי מיט גרויס התמדה אָנגעהויבן אריינברענ־גען אין שטאָט אריין אלע מעגלעכע רעזערוון תבואה פון די נאָענטע פּראָווינץ־שטעט און זי אָפּגעלייגט אין די קעלער־שפּייכלערס פון נבוכד־נאצר׳ס פּאלאץ, פון בל־מרודכ׳ס טעמפּל, פון די טורעמס פון בבל. מען זאָגט, אז זיי האָבן זיך פארגרייט מיט שפּייז אויף יאָרן״.

„האָט מען געזאָרגט צו לאָזן דער פרעמדלענדישער באפעלקערונג וויסן, אז איך קום זיי באפרייען פון גלות־בבל און וועל זיי צוריקשיקן אין זייער היימלאַנד?״ — פרעגט כורש אַרונטער פון זיין טראָן.

„גרויסער קעניג, די פרעמדע באפעלקערונג פון בבל טראכט מער נישט צוריקצוגיין צו איר היימלאַנד. דער אמת איז, אז עס איז נישטאָ

מער קיין פרעמדע באפעלקערונג. זיי זענען אזוי אויסגעמישט מיט די בבל׳ער, אז זיי האָבן פארגעסן אין זייער אייגענעם אָפּשטאַם. די אסירייער זענען דאָ מער בבל׳ער ווי די בבל׳ער גופא. זיי זאָגן, אז זייער גאָט איז בל־מרודך, דער גאָט איבער אלע געטער. ער האָט מנצח געווען אשור, איז ער געוואָרן זייער גאָט, און וו מרודך איז, דאָרט איז זייער היים. און אזוי זאָגן אויך די אנדערע פרעמדע, די פעניקיער, וואָס האָבן, אינאיינעם מיט די עברים, געפונען אין בבל א גרויס אָרט פאר מסחר; די באַרגלייט פון פריגיע, פון גאלאטיע. אפילו די פארטריבענע פון תרשיש האָבן פארגעסן אין זייערע געטער, אין זייער היים. זיי זאָגן אלע, אז די געטער פון בבל זענען שטאַרקער פון זייערע אייגענע געטער, זענען זיי, בכן, אלע איבער־געגאנגען צום גאָט פון בל־מרודך און צו דער געטין אישתר, וואָס זיי האלטן פאר זייערע געטער, און זיי דינען צו זיי געטרייער ווי די בבל׳ער. די אסירייער און די באַרגלייט מאכן־אויס דעם שטאַרקסטן טייל אין בבל׳ס חיילות. די איינציקע, וואָס געדענקען אין זייער היים און האלטן זיך אָן זייער גאָט, זענען די עברים פון יהודה און ירושלים. זיי דינען צו זייער גאָט יהוה, אָן א טעמפל און אָן קרבנות דינען זיי צו אים. ביי זיי האָט די בשורה פון דיין הבטחה, גרויסער קעניג, אז דו וועסט זיי באַפרייען פון בבל׳ס יאָך, וועסט זיי צוריקשיקן קיין יהודה, וועסט זיי געבן דאָס רעכט אויפצובויען צוריק דעם בית־המקדש פאר זייער גאָט און זיי ארויסגעבן די זייער פאַרהייליקטע כלים פון בית־המקדש, וואָס נבוכדנאצר האָט זיי געבראכט אהער, — די בשורה האָט ארויסגערופן גרויס באַגייסטערונג ביי זיי און א שטאַרקע בענקשאַפט נאָך זייער היימלאַנד. עס האָט זיך אפילו באוויזן צווישן זיי א זעער, — נביא רופן זיי אים, — וואָס האָט זיי געבראכט אן אָראַקל פון זייער גאָט יהוה, אז ער, דער גאָט יהוה, האָט דיך, גרויסער קעניג, אויסגעקליבן פאר זיין קנעכט, וואָס ער שיקט דיך צו טון זיין שליחות פאר אים. דאָס שליחות איז — אומצוברענגען בבל און באפרייען אלע פאַרקנעכטעטע פעלקער. ער רופט דיך, גרויסער קעניג, יהוה׳ס אויסגעווייל־טער קנעכט. יהוה וועט דיך אָננעמען ביי דיין רעכטער האנט, און ער וועט צעברעכן די מויערן פון בבל און אויפפראַלן די טויערן פאר דיר, און דו וועסט אויסרופן א פרייל׳אָזונג פאר פיל פעלקער. ער האָט דיר אפילו געגעבן דעם טיטל, וואָס זיי האלטן אָנגעגרייט פאר זייער באַפרייער, וואָס וועט קומען פון זיי אַליין, דעם טיטל „משיח״, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג צווישן זייערע פירשטן, וועלכע שטעלן זיך דעם נביא אנטקעגן״.

„ער האָט מיך געקרוינט מיטן טיטל ,גואל׳?״ — פרעגט נייגעריק כורש — „און יהוה וועט מיך אָננעמען פאר דער רעכטער האנט? הייסט עס, אז ער וועט מיך קרוינען פאר דעם קעניג פון בבל?״

„נאָך מער ווי דאָס. דער נביא גייט אָנצוהערן, אז נישט נאָר וועסטו באַפרייען די עברים און די אַלע אנדערע באַדריקטע פעלקער, נאָר דו וועסט דערקענען זייער גאָט יהוה ווי דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט פון דעם גאנצן באַשאַף, אזוי ווי זיי אליין גלויבן, און אז דו וועסט די אלע באַפרייטע

פעלקער ברענגען דערצו, אז זיי זאָלן פאַרניכטן זייערע אייגענע געטער, וואָס ער רופט געצן, און דערקענען, אזוי ווי דו, זייער איינציקן לעבעדיקן גאָט. דו וועסט, גרויסער קעניג, מאכן ירושלים, זייער קרוינשטאָט, פאַר דעם מיטלפונקט פון דער גאַנצער וועלט, און ירושלים וועט ווערן דער העכסטער שפּיץ פאַר אלע פעלקער, און זיי וועלן אלע אַהין שטראָמען צו דינען צו דעם איינציקן גאָט אין טעמפּל, וואָס ער רופט־אָן דאָס הויז פון גאָט".

א געלערנטער האָט איבערגעבראָכן צווישן די פאַרזאַמלטע חיילסלייט און סאטראפּן. אָבער כורש אליין, פאַראינטערעסירט, קענטיק, אין דעם נביא, האָט געפרעגט:

„ווען האָט ער געבראכט די בשורה פון זיין גאָט צו די עברים, פאַר דער שלאַכט פון סיפּפּאַר אָדער נאָך דעם?"

„א צייט פריער. איידער נאָך דו ביסט אריבערגעגאַנגען דעם חדקל, האָט ער פאָרויסגעזאָגט דיין נצחון: גאָט וועט אויסגלייכן אלע קרומענישן, האָט ער געזאָגט, וועט אָפּראַמען אלע שטרויכל־שטיינער און אָפּרייניקן פאַר דיר דעם וועג קיין בבל".

כורש האָט זיך פאַרטראַכט.

„ווי רופט ער זיך, דער נביא?"

„מען רופט אים ישעיה, אויף דעם נאָמען פון אן אלטן נביא, וואָס איז פאַרהייליקט ביי זיי. יענער נביא האָט געלעבט אין דער צייט פון דעם אסירישן קעניג סנחריב. ער האָט נביאות געזאָגט, אז סנחריב וועט נישט איינגעמען ירושלים, וואָס ער האָט באַלאַגערט, און די נבואה איז מקויים געוואָרן".

„זענען פאַראַן פיל, וואָס האַלטן פון אים?"

„דאָס אָרעמע פאָלק האלט פון אים. די רייכע, די מענטשן פון הויכן יחוס, וואָס זענען נאָענט צום קעניגלעכן הויף, האָבן אים פיינט, ווילן אים אפילו ארויסגעבן צום מלכות ווי א מרגל, וואָס דו האָסט געשיקט. די לעצטע צייט זענען צו די, וואָס שטעלן זיך אים אנטקעגן, אויך צוגע־שטאנען א טייל פון זייערע כהנים און זייערע פרינצן, וואָס זענען די מאַכט־האָבער ביי די עבדים. זיי זענען בייז אויף אים, ווייל ער האָט דיר, א פרעמדן, געגעבן דעם הייליקן טיטל ,משיח', וואָס זיי האלטן אים פאַר דער גזע פון דעם הויז פון זייער מלך דוד. זיי האָבן אים שוין געמוזט אַרויסגעבן צום מלכות, אָדער זיי וועלן אים אַרויסגעבן. דאָס אָרעמע פאָלק באַהאַלט אים אויס. די רייכע ביי זיי, די סוחרים, ווילן גאָר נישט צוריקגיין צו זייער אָרעמער ערד. ווען מיינע מענטשן זענען געקומען צו זיי מיט דער בשורה, אז דו וועסט זיי צוריקשיקן צו זייער היים, האָבן זיי דאָס באטראכט מער פאַר א גזירה ווי פאַר א בשורה־טובה. נישט נאָר האָבן זיי אונז אויסגעלאַכט, נאָר טאקע אָנגעשראָקן, אז זיי וועלן אונז ארויסגעבן דער מלוכה. מיר באהאלטן זיך איצט אויס פון זיי. די רייכע ביי די עברים, פונקט ווי די רייכע ביי די אנדערע פרעמדע פעלקער אין בבל, זענען איינ־

גאַנצן אויסגעמישט מיט די בבל'ער און האָבן מער קיין שייכות נישט מיט דעם לאַנד, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט. נאָר די אָרעמע, די בעלי־מלאכות, די אונטערגעדריקטע און אויך אַ פּאָר געלערנטע, וואָס עס לעבט צווישן זיי דער זכר פון זייער היימלאַנד און פון דער עבודה אין זייער בית־המקדש, נאָר זיי הערן זיך צו צום נביא און גלויבן אין זיינע רייד. נאָר פאַר אונזער זאַך איז דאָס פון קנאַפּער ווּיכטיקייט. ווען אפילו די רייכע פון צווישן זיי, די כהנים און די פירשטן, וואָלטן צוגעשטאַנען צו אונז, וואָלט עס אונז אויך ווייניק וואָס געהאָלפן".

„פאַרוואָס ?"

„די עברים זענען צו־קנאַפּ אין צאָל און זענען זיך נישט זייער אָן אין בבל, אַז זיי זאָלן אונז קאָנען אַ סך העלפן אין אונזער זאַך. מיר מוזן קריגן אויף אונזער צד מענטשן פון גרויס אָנזען און מאַכט צווישן די אמתע בבל'ער. וואָרום, גרויסער קעניג, דאָ גייט נישט נאָר אין דעם, אַז מען זאָל פאַר אונז אין געהיים אויפעפענען די טויערן פון דער פעסטונג, וואָס די עברים קאָנען דאָס סיי־ווי־סיי נישט טון, ווייל די טויערן ווערן געהיט פון בבל'ער און אסירישע חיילסלייט, נישט פון עברים; מיר מוזן האָבן פריינט אין בבל, וואָס זאָלן זיין בכוח משפיע צו זיין די חייל־פירער, וואָס שטייען איבער די טויערלייט. עס באַדאַרף אַזוי איינגעשטעלט ווערן, אַז די טויער־לייט זאָלן פּשוט איבערגיין אויף אונזער צד. איך האָב עס שוין דערקלערט, אַז מיר קאָנען אַריינדרינגען אין שטאָט אריין נאָר דורך דעם אישתּר־טויער. עס איז אָבער נישט גענוג, אַז מען זאָל עפענען פאַר אונז דעם טויער, נאָר מען וועט אונז מוזן אַדורכפירן דורך דעם זאַק, וואָס איז די פּראָצעסיע־גאַס, דורך דעם גאַנצן לאַבירינט זייטן־געסלעך. עס איז אַ מעשה פון אַ סך צייט, ביז וואַנען אַ היבשער טייל פון אונזער חייל, אונזערע שפּיזן־טרעגער, וועלן אַדורכגיין די שמאָלע געסלעך און אָנקומען צו דער אינעווייניקסטער שטאָט. פאַר דעם מוזן מיר קריגן די מיטהילף פון די קאָמענדאַנטן איבער די טויערלייט, אפילו אויך די מיטהילף פון די קרובי־מלכות, וואָס זאָלן איינשלעפערן די מאַכטהאָבער אין הויף, איינאיינעם מיט בלשאצר'ן, אַז זיי זאָלן נישט זען און נישט טראַכטן פון דער סכנה, וואָס לויערט אויף זיי פון די מויערן. דאָס קאָנען די יידן אונז נישט געבן. דאָס קאָן אונז געבן נאָר איין־איינציקער אין בבל".

„ווער איז דאָס ?"

„דער כהן־גדול פון דעם גאָט בל־מרודך".

„ווי אַזוי ?"

„דורך ברענגען אַן אָראַקל פון בל־מרודך צו די קאָמענדאַנטן איבער די טויערלייט, און אַפילו צו די קרובי־מלכות, אַז בל־מרודך האָט דיך געשיקט קיין בבל".

„ווי אַזוי קאָן מען דאָס אויפטון ?"

„מיר האָבן אַ גרונד צו גלויבן, אַז שראַצר־בל, כהן־גדול פון בל־מרודך, איז נישט שווה־בשווה מיט נאַבוניד'ן און בלשאצר'ן, און אויך נישט מיט די

באדינערס פון זייער דינאַסטיע. עס איז אָבער נאָך צו־פרי צו רעדן דערפון. דערלויב מיר, קעניג פון אַלע קעניגן, צו פאַרשווייגן לעת־עתה דאָס איבער־ריקע", — האָט דער אַלטער גאַבריאַס געבעטן.

„איך דערלויב דיר דאָס, גאַבריאַס, און איך דאַנק דיר פאר די וויכטיקע ידיעות, וואָס דו האָסט אונז געבראכט. נאָר לאָמיך דיך עפעס פרעגן: ווי לאַנג האָט געדויערט נבוכדנאצר׳ן צו בויען די פעסטונג־וואַנט ארום בבל?"

„נבוכדנאצר האָט זיך געריממט אין זיין דעקרעט, וואָס ער האָט איבער־געלאָזט נאָך זיך, אז עס האָט אים גענומען נישט מער ווי פופצן טעג. נאָר מיר האַלטן, אז עס איז א גוזמא און א באַרימעריי פון א גרויסן קעניג. אפשר האָט ער אין פופצן טעג געלייגט נאָר דעם פונדאַמענט. אונזערע אבות האָבן אונז איבערגעגעבן, אז נבוכדנאצר האָט איינגעשפאַנט הונדער־טער טויזנטער שקלאַפן און מלחמה־געפאַנגענע, און עס האָט אים גענומען נישט פופצן טעג, נאָר פופצן יאָר, און אפשר אפילו נאָך לענגער ווי דאָס אויפצובויען די מעכטיקע פעסטונג. די פעסטונג האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן דורך די אלע מלכים און דינאַסטיעס".

כורש האָט זיך נישט מער צוגעהערט צו די רייד פון דעם חשובן גאַבריאַס. אומגעדולדיק, האָט ער אים געגעבן א צייכן מיט דער האנט, ער זאָל שווייגן, און האָט זיך אָנגערופן:

„אויב נבוכדנאצר׳ן האָט גענומען נישט מער ווי פופצן טעג אויפצו־שטעלן די פעסטונג מיט די הענט פון שקלאַפן, פאַרוואָס זאָלן מיר נישט קאָנען צעשטערן די פעסטונג אין פופצן טעג מיטן כוח פון פרייע חיילות?"

אַלעמענס אויגן זענען געווען אָנגעשטעלט אויף כורש׳ן. אויף די ליפּן איז געהאָנגען די פראגע: ווי אַזוי?

„דער טייך פרת איז דער לעבנס־קוואַל פון בבל. נעם אוועק דעם טייך פרת פון בבל, וועלן אויסגעטריקנט ווערן די אָנצאָליקע קאַנאַלן, וואָס דער פרת נערט זיי. די קאַנאַלן לויפן אלע אריין אין בבל דורך די געוועלבטע עפענונגען אין דעם פונדאמענט פון דער פעסטונג־וואַנט. אויב נישט, ווי אזוי וואָלט דער טייך פרת געקאָנט אָנפילן מיט וואַסער די טיפע און ברייטע קאַנאַלן, וואָס שניידן־אַדורך די מויערן פון בבל און דערגרייכן די שטאָט? דורך די אויסגעטריקנטע קאָרעטעס פון די קאַנאַלן וועלן אונזערע חיילות אריינדרינגען אין הארץ פון בבל".

אלע זענען נשתומם געוואָרן. קיינער האָט זיך נישט איינגעשטעלט א וואָרט צו זאָגן. זיי האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אנדערן און געשוויגן. נאָר דער זון, דער יורש־עצר, האָט געהאַט דעם מוט צו פרעגן:

„ווי אזוי וועלן מיר אַוועקנעמען פון בבל דעם טייך פרת, גרויסער קעניג?"

„גאָר פשוט. אונזער חייל צייכנט זיך אין די הונדערטער טויזנטער. עס איז אויסגעשפרייט פון דאַנען ביז צו די ברעגן פון חדקל. עס האָט גאָרנישט וואָס צו טון, נאָר צו זיצן און אויסוואַרטן אויף אַ נס, אָדער אויף א בשורה, וואָס די כהנים פון בל־מרודך וועלן ברענגען פון זייער גאָט.

ארומגיין בטל איז מסוכן פאַר חייל. חייל מוז שטענדיק זיין אין באַוועגונג, וויסן איטלעכן טאָג, וואָס עס האָט צו טון, און גלויבן, אַז דער נצחון איז אין זיינע הענט. מיר וועלן איינשפּאַנען די הונדערטער טויזנטער חיילסלייט פון אַזוי פיל פעלקער, וואָס גייען מיט אונז, אויף אָפּצוקערן דעם לויף פון טייך פרת אין דעם אָרט ווו ער פליסט־אַריין אין בבל דער שטאָט. מיר וועלן אים אָפּקערן צו דער אָזיערע, לעבן בבל, וועלכע ליגט נידעריקער פון דעם טייך פרת. אַזוי אַרום וועלן מיר אויסטריקענען די קאַריטעס פון די קאַנאַלן און עפענען אַ דורכגאַנג פאַר אונזערע חיילות אין שטאָט אַריין״.

ווידער האָט קיינער נישט איינגעשטעלט זיך אַ וואָרט צו זאָגן. דער גיגאַנטישער פּראָיעקט, וואָס דער גרויסער קעניג האָט פאָרגעלייגט פאַר זיי, האָט אַוועקגענומען ביי זיי דעם אָטעם. דער קעניג האָט נישט געוווסט, וואָס זיי, די גובערנאַטאָרן פון די פּראָווינצן, האָבן געוווסט. די גובערנאַטאָרן, וואָס זענען געקומען פּנים־אל־פּנים מיט די שוועריקייטן, וואָס כורש האָט אָנגעטראָפן ביי די מויערן פון בבל, האָבן אָנגעהויבן מורא צו קריגן. עס איז געקומען איבער זיי דער פּחד, וואָס בבל האָט אַריינגעיאָגט אין די הערצער אין לויף פון יאָרן, דער פּחד, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן די פעלקער פון צושטעלן געגוג פּראָוויאַנט פאַר כורש׳עס חייל, וואָס האָט געלאַגערט ביי די מויערן פון בבל.

—*—

אַ טייל פון זיין חייל האָט כורש אָפּגעצויגן פון די ווענט פון בבל צו פאַרבלענדן די בבל׳ער די אויגן מיט כלומרשטן אָרונטערנעמען די באַלאַגערונג. ער האָט אָפּגעצויגן צו דער אָזיערע טיפער אין לאַנד צו האַלטן אַן עצה מיט זיינע אינזשעניערן וועגן זיין פּלאַן פון אָפּקערן דעם לויף פון טייך פרת. פאַר די ווענט פון בבל האָט ער איבערגעלאָזט אַ טייל פון זיין חייל אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין זון קאַמביז — צו האַלטן די באַלאַגערונג פון דער שטאָט.

# קאַפּיטל עלף

א דערלייכטערונג און אן אויפלעבונג איז געקומען איבער בבל דער שטאָט. אזוי ווי עס וואָלט וועד אַראָפּגענומען דעם קולר, די אייזערנע קייט, פון איר האַלדז. אַהאַ, איך האָב דיר באַלד געזאָגט. כורש קאָן נישט אײַנ־נעמען בבל, ער קאָן גאָר אפילו נישט צוקומען צו איר. קיינער האָט נישט מנצח געווען בבל, און קיינער וועט זי נישט מנצח זיין. מען האָט זיך דער־ציילט פאַנטאַסטישע מעשיות פון כורש׳ס לאַגער, וואָס מען האָט זיי גע־וואָלט הערן, כדי אויסצופייבערן זיך מיט אייגענעם פּאַטריאָטיזם: „כורש׳ס האַרדעס, ווי נאָר זיי האָבן דערזען די מויערן און די לייבן, וואָס שטאַרן פון דאָרט אַרויס מיט זייערע בליציקע אויגן און אויפגעריסענע מיילער, זענען זיך צעלאָפן אין אַנגסטן און טויט־שרעק". אויף דער גאַס פון די שענקער פון ווײַן און ביר איז געשטאַנען אן אסיריער אין אן אָפּגעריסענעם ליילעך, האַלב־נאַקעט. די האָר אויפן קאָפּ און די באָרד זענען בײַ אים געווען פּיטש־נאַס, מיט רינעס וואַסער פאַלנדיק אַרונטער־איבער זיין נאַקעט לייב. ער איז נאָרוואָס אַריבערגעשווומען דעם פּרת, דערציילט ער. מען האָט אים נישט אַדורכגעלאָזט דורך דעם אישתר־טויער, נאָר ווען ער האָט געוויזן זיין חותם־רינג, אַן אַנווייז, אז ער איז פון דעם קעניגס מענטשן, האָט מען אים געגומען און געשטעלט אים פאַרן קעניג. א מרידה, נישט אַנדערש נאָר א מרידה האָט אויסגעבראָכן אין כורש׳ס חייל, — האָט דער אסיריער עדות געזאָגט.

מען האָט אים געפירט, דעם נאַקעטן אסיריער, פון שענק צו שענק, אים אָנגעשיכורט מיט אויסגעוועפּטן טייטל־ווײַן, ער זאָל אַלץ דערציילן וואָס עס האָט געטראָפן מיט אים און וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אויף יענער זייט מויער. און דער עולם האָט זיך געפרייט מיטן נצחון און געיובלט — און געטרונקען אַלץ מער און מער.

אין דעם מאַרק פון אייזלען און קעמלען האָט מען אָנגעוויזן אויף אן אייזל־טרייבער, וואָס איז אויף א מיסטעריעזן אופן אַרייַנגעקומען אין שטאָט אַריין נאָך דעם ווי מען האָט געהאַט פאַרשלאָסן די טויערן. דער גאַנצער וועג, האָט דער אַראַבער איבערגעגעבן, פון די מויערן ביז סיפּפאַר, ביז צו די ברעגן פון חדקל, איז פול מיט כורש׳ס חייל. אן אימה איז זיי באַפאַלן ווי נאָר זיי זענען אָנגעקומען צו די פעסטונג־מויערן, און זיי האָבן גענומען אָפּטרעטן אויף צוריק.

עס האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, וואָס איז געקומען פון די אויסקוק־טורעמס אויף די מויערן: א גרויסער טייל פון כורש׳ס חייל האָט אָפּגעצויגן פון די מויערן אין לאַנד אַריין, נאָר זיי זענען ערגעץ־ווו נעלם געוואָרן,

וואָס עס איז טאַקע אמת געווען, וואָרום די רייען פון כורש׳עס חייל זענען דין און שיטער געוואָרן אָרום די מויערן.

ווידער האָבן זיך געלויכטן די ליימענע טעפּ־לאָמטערנעס פאַר דעם איינגאַנג פון די פּונדקאות און די אכסניות. ווידער זענען די קאַנאַלן באַ־לעבט געווען מיט אַן אַ שיעור שפּאַציר־שיפלעך, באַלויכטענע מיט שטור־קאַץ־פלאַמען, באַזעצט מיט אַ יומטובדיק־באַקליידטן, לוסטיק־ליאַרעמדיקן עולם.

די פּראָוויקאַנט־אויפזעער, אין זייער צוטרוי, אַז די באַלאַגערונג וועט באַלד אַראָפּגענומען ווערן, האָבן געעפנט ברייט די רעזערוון שפּייז פאַרן עולם. עס איז געווען צו באַקומען ברויט לרוב, און דער מאַרק פון די גאָר־קיכן האָט באַקומען ביי לעבן. אַ רויך און אַ סוואַנד און אַ געשטאַנק איז אויפגעגאַנגען פון די אָפענע פייערן אונטער די אייזערנע דרייפוסן, וואָס זענען צעשטעלט געווען אַן אַ צאָל אַרום דעם פלייש־פּלאַץ, וואָס איז פאַר דעם גרויסן באַזאַר. קוכערס האָבן געבראָטן אויף בראָטשפּיזן אָקסן־פלייש, שעפּסן־פלייש, וואָס מען האָט עס געכאַפּט פון די הענט. דער באַזאַר, העל באַלויכטן פון שטורקאַצן און ליימענע טעפּ־לאָמטערנעס, איז איבערגעפולט געווען מיט מענטשן, וואָס האָבן געקויפט קאַלירטע טיכער, וואָלענע מאַנטלען פאַר זיך, צירונג, לעדערנע פּאַסיקעס, איילן און פּערפומען פאַר זייערע ווייבער. גרייט צו פייערן דעם נצחון איבער דעם שונא. אַנדערע האָבן שוין באַצייטנס געפייערט דעם נצחון אויף די מערק און די סקווערן דורך אַ וואַקכאַנאַליע פון זנות. אַקראָבאַטן און זשאָנגלירער האָבן געוויזן אין פּאַנ־טאָמימיע די אימה, וואָס איז באַפאַלן דעם שונא ביים אָנבליק פון די צע־רייצטע לייבן אויף די מויערן. אַסירישע שטערנזעער האָבן געטייט אויף די שטערן אין הימל, וואָס ווייזן אין זייער גאַנג און סדר דעם שוואַרצן סוף, וואָס עס שטייט־פאַר כורש׳ן און זיין חייל. און בבל איז פאַרכאַפּט געוואָרן אין דעם אייגענעם שטויב־וואָלקן, וואָס זי האָט צעשאָטן איבער איר קאָפּ.

דער טעמפּל פון אישתר, איבערפולט מיט קדשות, מיט צעלאָזנקייט, וואָס האָט זיך אַריבערגעגאָסן אַריבער די שוועלן, פאַר דעם ברייטן פּאַסאַד, האָט געבראַכט דעם המון־עם, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט, די בשורה־טובה פון דעם אישתר־אָראַקל, אַז דער שונא איז פאַרלוירן: כורש איז אַנטלאָפן און זיינע חיילות, טויט פון שרעק, בלאָנדזשען אין מדבר אַרום.

אויך צו די יידישע קוואַרטאַלן איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז כורש האָט אָפּגעטראָטן פון די מויערן פון בבל, זיינע מחנות זענען זיך צעלאָפן — און היינט־מאָרגן וועט די באַלאַגערונג אַרונטערגענומען ווערן. אַן אַנגסט־לעכע אימה האָט אַרומגעכאַפּט אַ טייל פון די יידן, וואָס האָבן זיך געהאַט צוגעהערט צום נביא׳ס רייד און געלאָזט זיך פאַרנאַרן פון דער פאַלשער האָפענונג, אַז כורש וועט ברענגען די גאולה. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרליי־קענען אייגענער פאַרן אַנדערן, אַז זיי האָבן עפּעס־וואָס געהאַט צו טון מיטן נביא אָדער זיך אפילו צוגעהערט צו זיינע רייד.

אָבער דער גרויסער שטורעם קעגן נביא האָט אויסגעבראָכן אין דעם הויז פון די פירשטן. אָט שטייט ער טאקע, מרדכי־גד, פאר דעם היכל ועד פון די בני־הגולה און רעדט אין א שטילן, אָבער זייער ערנסטן טאָן:

„איך האָב אייך געזאָגט באַצייטנס, אז אזוי וועט עס זיין. איך האָב אייך געוואָרנט, נאָר איר האָט מיך נישט געהערט. א פרעמדער מענטש, וואָס קיינער ווייסט נישט ווער ער איז און פון וואַנען ער איז, קומט אַהער און לאָזט וויסן בפני כל עם, אז דווקא אונזער שונא, דעם שונא פון אונזער לאנד, האָט יהוה אויסגעקליבן צו זיין דער גואל פון אונזער פאָלק. נאָך מער, אויך דעם טיטל ,מלך משיח׳, וואָס גאָט האָט, דורך דעם מויל פון די נביאים, באשטימט פאר איינעם פון בית־דוד, גיט ער אים, דעם פרעמדן, אוועק. און דאָך שטייט א זייער הויך געשטעלטער מאן פון צווישן אונז אין ענגער פאַרבינדונג מיט דעם שליח פון מלך כורש, גייט צו אים און וואָרנט אים, ער זאָל זיך אויסהיטן פון אונזערע מענטשן, וואָס ווילן אים אומשעדלעך מאַכן. וואָס הייסט דאָס? איך רעד שוין נישט פון דער בגידה, וואָס ער באגייט קעגן זיין בעל־טובה, דעם מלך פון בבל, און וואָס ער קאָן באַצאָלן מיט זיין קאָפּ פאַר דעם. איך רעד שוין נישט פון דער סכנה, וואָס ער ברענגט אויף זיין פאָלק. איך רעד פון דעם, וואָס ער האָט געטון פאר זיין אייגענער גזע. אויב א בן־דוד איז מסכים זיך אָפּצוזאָגן פון דעם טיטל ,מלך משיח׳, וואָס געהערט נאָר דעם בית־דוד, הייסט עס, אז די בני־דוד זאָגן זיך אָפּ פון מלכות־ישראל, פון אלע מלוכה׳שע זכויות פון בית־דוד. און אויב אזוי, וואָס פאר א חלק און נחלה האָבן מיר אין דעם הויז פון דוד און אין ישראל אינגאַנצן? קיין לאנד האָבן מיר נישט. קיינער פון די עולי־בבל, — עולי־בבל, זאָג איך, נישט גולי־בבל, — קיינער פון אונז וויל זיך נישט אומקערן צוריק קיין יהודה. מיר האָבן דאָרט נישט וואָס צו זוכן. דאָס איינציקע, וואָס מיר פאַרמאָגן און וואָס עס האַלט אונז צוזאמען, איז אונזער בענקשאַפט נאָך דעם מלכות בית־דוד. אויב די בני־דוד אליין גיבן דאָס אוועק א פרעמדן, און וועמען? — א בייזן שונא פון אונזער לאנד, — וואָס פאר א שותפות האָבן מיר מיט די בני־דוד? מיר וועלן דערקלערן דעם מלך פון בבל פאר אונזער משיח און אונזער גואל, נישט כורשן אָדער איינעם פון זיינע מיטהעלפער!״

„ווער האָט אזעלכעס זיך דערוועגט צו טון? וועמען מיינסטו, מרדכי־גד?״ — פרעגט דער עלטערער פירשט שאלתיאל, א בלייכער אין פנים, אויפשטעלנדיק זיך פון זיין טראָן־שטול.

„איך האָב זיך דערוועגט דאָס צו טון, מיין האַר און מיין פאָטער״, — ענטפערט דער יונגער פירשט זרובבל. — „און נישט דערפאר האָב איך עס געטון, ווייל איך וויל און בין גרייט אוועקצוגעבן דעם טיטל ,משיח׳ און זיין שליחות א פרעמדן, נישט איינעם פון דעם בית־דוד, נאָר ווייל איך האָב געוואָלט מציל־זיין דעם נביא׳ס אומשולדיק בלוט פון די, וואָס זענען אויפגעשטאנען אים אומצוברענגען. מיט דעם רשות פון מיין האַר און מיין פאָטער, מיטן רשות פון כהן־גדול און דעם גאַנצן היכל ראט פון די בני־

הגולה, וועל איך דאָ זאָגן מיין וואָרט. מיר קענען נישט גאָט'ס וועגן, מיר ווייסן נישט זיינע מחשבות און זיינע מעשים. פאַרהוילן זענען פון אונז זיינע פּירונגען. וואָס עס דאַכט זיך אונז היינט פאַר קרום, וועט מאָרגן אויסגעגליכן ווערן; גאָט לאָזט אונז וויסן זיין רצון דורך זיינע אויסגעקליבענע, די נביאים. מיר ווייסן נישט, וואָס א נביא איז. ער איז א טייל פון דעם געטלעכן סוד, וואָס איז פאַרהוילן פון אונז. מיר ווייסן נישט און קאָנען נישט וויסן ווי אזוי דער רוח־הנבואה קומט צו אים. און ווען דער רוח־הנבואה באַוועלטיקט אים, זאָגט ער אונז פאָרויס זאכן, וואָס הגם מיר גלויבן נישט, אז זיי וועלן געשען אָדער קאָנען געשען, געשעען זיי דאָך. האָט ווער געקאָנט גלויבן אין מלך חזקיהו'ס צייט, אז סנחריב, וואָס האָט איינגענומען א האַלבע וועלט און געטראָטן פעלקער אונטער זיינע פיס, וועט נישט נעמען ירושלים, וואָס ער האָט געהאַלטן באַלאַגערט מיט זיינע אַנצאָליקע חיילות, ווי דער נביא ישעיה האָט נביאות געזאָגט? צי האָט ווער געגלויבט אין דער צייט פון אונזער אייגענעם פאָטער, אז בבל וועט מנצח זיין מצרים, וואָס דער נביא ירמיה האָט אונז וועגן דעם געוואָרנט? ווען מיר וואָלטן זיך צוגעהערט צו ירמיה'ס רייד, וואָלטן מיר נאָך היינט געזעסן אין אונזער לאַנד. זיי זעען זאַכן, וואָס מיר זעען נישט, און זיי ווייסן פון גאָט'ס וועגן, וואָס מיר ווייסן נישט פון זיי. אויב מיר הערן זיך צו צו זיי, ווערן מיר געהאָלפן; אויב מיר הערן זיך נישט צו צו זיי, ווערן מיר געשטראָפט. און די שטראָף האָב איך געוואָלט פאַרמיידן!" — דער פירשט האָט אויפגעהויבן דאָס קול — „איך האָב געוואָלט פאַרמיידן דאָס פאַרגיסן אומשולדיק בלוט, ווי דער מלך מנשה האָט פאַרגאָסן אין ירושלים, וואָס צוליב דעם איז ירושלים חרוב געוואָרן. איך האָב געוואָלט אָפּהאַלטן אונזערע הענט פון צו טון מיטן נביא דאָס אייגענע, וואָס אונזערע אבות האָבן געטון מיטן נביא ירמיה: ווען דער נביא האָט גערעדט צו זיי מיטן בלוט פון זיין האַרץ, געוואָלט זיי ראַטעווען פון אונטערגיין, האָבן זיי אים געוואָרפן אין א פינצטערע גרוב אַריין. דאָס האָב איך געוואָלט טון און דאָס האָבן איך געטון".

די רייד פון פירשט זרובבל האָבן געהאַט א פּעולה: טרערן האָבן זיך געשטעלט אין די אויגן פון די אַלטע לייט.

אָבער מרדכי־גד האָט נישט נאָכגעגעבן:

„האָסט געוואָלט אָפּהאַלטן אײן נפש דורך ברענגען דאָס גאַנצע פאָלק צום אונטערגאַנג?"

„ווי אזוי?"

„זעסט דאָך אליין, ווי אזוי כורש האָט נישט בייגעקומען די מויערן פון בבל. זיינע מחנות אנטלויפן פאַר דעם פּחד פון בבל'ס מויערן, און ער אַליין איז איצט אויך אויפן וועג צוריק. מען ווייסט וויל אין בלשאצר'ס הויף, ווער עס האָט געהאָלפן בבל אין דער צייט פון דער באַלאַגערונג און ווער — דעם שונא. דער נביא רעדט נישט אין דער פינצטער, ער רעדט נישט אין געהיים. ער רעדט אָפן, פאַר אַלעמען צו הערן".

„טויטן אים טויג נישט. אונזערע הענט טאָרן נישט פאַרגיסן קיין אומ־שולדיק בלוט, אָבער א שלאָס אויפן מויל, דאָס יאָ“. — זאָגט דער עלטערער פירשט שאלתיאל.

„איך האָב אים געוואָרנט, ער זאָל אויפהערן רעדן. בחינם. ער זאָגט, דאָס וואָרט פון גאָט שרייט אַרויס פון זיין מויל, און קיין מענטש קאָן נישט פאַרשליסן, וואָס גאָט האַלט אָפן“.

„מיר ווייסן נאָך נישט, צי דאָס וואָרט, וואָס ער רעדט אַרויס פון זיין מויל, איז פון גאָט אָדער פון כורש׳ן“.

„דאָך האָט ער ריכטיק פאָרויסגעזאָגט, וואָס עס וועט געשען אין סיפּפאַר“.

„איצט שטייען מיר פאַר די מויערן פון בבל, נישט פון סיפּפאַר, און זעט ווי עס זענען מקויים געוואָרן אייער נביא׳ס רייד!“

„מיינע פריינט, אזוי ווי איך האָב פריער געזאָגט, מען קאָן דעם נביא אומשעדלעך מאכן אָן שפיכת־דמים“, — רופט זיך אָן דער עלטערער פירשט. — „עלטסטער פון די טויערלייט, עלטסטער פון די בני עבדי־שלמה!“ — האָט דער פירשט אויסגערופן. — פון צווישן די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אויפגעהויבן צוויי בכבוד׳ע לייט, שלום און סוטי. — „אייער עובדה וועט זיין אויסצוגעפינען דעם נביא און אים ברענגען אהער. מיר האָבן געענוג באַהאַלט־פלעצער צו האלטן אים אָפּגעשיידט, ביז וואַנען גאָט וועט אונז לאָזן וויסן, וואָס מיר האָבן צו טון. ביז דענסטמאָל מוז דער נביא זיך אָפּהאַלטן פון רעדן, ער זאָל נישט דאָס גאנצע פאָלק אויסשטעלן אויף סכנות, ווי דער פּולמעכטיקער פון די סוחרים האָט עס אזוי קלוג אַרויסגע־בראַכט פאַר אונז“.

נאָך דער אסיפה איז פירשט זרובבל אוועק צום מאַרקפּלאַץ פון די געצן, האָט געטראָפן דעם שיפער נריה בן־שריה אויף זיין פּראָמשיף, וועלכע קורסירט אויפן קאַנאַל צווישן דעם מאַרקפּלאַץ און דעם אישתר־טעמפּל, און אויסגעפונען ביי אים ווו דער נביא איז אויסבאַהאַלטן.

—*—

און דער נביא, צי ער האָט נישט געוווּסט אָדער געמאכט זיך נישט־וויסנדיק פון דעם שטורעם, וואָס האָט זיך געטראָגן אַרום אים, איז גע־שטאַנען אין דער בי־כנישתא פון די בית־לחמ׳ער לאַנדסלייט און גערעדט צו זיי:

„אָ, איר בית־לחמ׳ער, צי זעט איר דען נישט די גרינע בערגלעך, וואָס רינגלען אַרום אייער שטאָט, ווי טעכטער רינגלען אַרום א מוטער, — מיט די שאָף, וואָס פּיטערן זיך צווישן אייערע וויינגערטנער? צי הערט איר נישט דאָס קול פון אייער מוטער רופן דורך דער שטילקייט פון דער נאכט — צו קומען צוריק אהיים? דער ווינט ברענגט אויף זיינע פליגל דורך דעם מדבר צו טראָגן איר געוויין, אזוי ווי דער נביא האָט אייך גע־זאָגט: ,רחל מבכה על בניה...׳ ווי אזוי קאָנט איר איינזיצן אויף פרעמדער ערד, ווען אייער אייגענע ערד ווערט באַוואַקסן מיט ווילדגראָז אונטער

די מזבחות פון די עבודה־זרות, וואָס זענען פאַרשפּרייט איבער איר? בחינם זינגען די שטערן פון אייערע ליכטיקע הימלען אַרונטער: עס איז נישטאָ קיין אויער און קיין האַרץ, וואָס זאָל זייער געזאַנג פאַרנעמען", — האָט דער נביא געוועקט די בענקשאַפט נאָך זייער היים ביי די בית־לחמ'ער.

ווידער און ווידעראַמאָל האָט ער דערקלערט, פאַרוואָס ישראל מוז זיך צוריקקערן צו זיין לאַנד:

„פאַרשטייט איר דען נישט, ווייסט איר דען נישט, אַז ישראל מוז פאַרלאָזן בבל און צוריק אַהיימגיין? יעקב קאָן נישט ווערן ווי איינס פון די פעלקער, אַז עס זאָל אויך פאַרזונקען ווערן אין דעם זומפּיקן ים פון אומווירדיקייטן און עבודה־זרה. ער מוז היטן, ווי אַ געבונדענער קנעכט, די תורה פון גאָט, אירע געזעצן און אירע געבאָטן. ער מוז אָפּהיטן דאָס הייליקע פייער, וואָס ער האָט געזען אויפן באַרג סיני. נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר צו ברענגען עס צו אַנדערע פעלקער און צו ווערן מיט דעם אַ נס־לגויים. וואָרום עס איז נישטאָ קיין אַנדער גאָט ווי נאָר דער גאָט פון ישראל, און עס איז נישטאָ קיין אַנדער מאַכט און קיין אַנדער רשות ווי נאָר דער רשות און די מאַכט פון גאָט אַליין. ער הערשט אומעטום. אַלץ פירט־אויס זיין רצון, אַלץ טוט, וואָס ער הייסט, אַלץ האָט אַ באַשטימטן תכלית — און דאָס איז, צו ברענגען אַלע פעלקער אונטער זיין רשות. וואָרום גאָט האָט נישט באַשאַפן די וועלט, אַז זי זאָל זיין ווי אַ הפקר־זאַך אין מדבר. ער האָט נישט באַשאַפן איין קליין פאָלק, וואָס זאָל לעבן אויף אַן אינדזל פון יושר, בשעת אַנדערע פעלקער וועלן לויפן ווילד ווי חיות. די גאַנצע ערד איז מיינע, האָט גאָט געזאָגט, און דער מענטש איז מיינער, און איטלעכע קני מוז זיך בייגן פאַר מיר. צוליב דעם, צוליב דעם מוז ישראל פאַרלאָזן דעם אינדזל פון טומאה, בבל, וואָס גאָט האָט אים אַהין פאַרטריבן פאַר זיינע זינד, און ער מוז צוריקגיין קיין יהודה, צוריק אויפ־בויען ירושלים און זיין בית־המקדש. ער מוז ווערן דער עם־סגולה, וואָס גאָט האָט אים אויסגעקליבן פאַר דעם; דער טויער, וואָס דורך אים וועלן די פעלקער אַריינקומען אין גאָטס הויז. צוליב דעם שיקט גאָט כורש'ן. כורש איז גאָטס האַנטווערק, די כלי, וואָס גאָט נוצט אויף אויפצוברעכן דעם רינג, וואָס איז בבל, צו באַפרייען ישראל און אים צוריקברענגען אין זיין לאַנד. כורש וועט פירן ישראל אַ טייל וועג, וואָס וועט ברענגען ישראל נאָענטער צום משיח־הגואל, וועלכער וועט ברענגען דערנאָך אַלע פעלקער צו גאָטס באַרג. פּונקט ווי אשור און בבל זענען געווען דער שטעקן און די רוט, וואָס גאָט האָט מיט זיי געשטראָפט ישראל און יהודה, אַזוי איז כורש דער קרוג, אין וועלכן גאָט האַלט דעם אייל פון זיין חסד, וואָס ער וועט מיט אים היילן די וואונדן פון זיין פאָלק. מיט דעם איז כורש גאָטס געזאַלבטער, אַ שליח פון גאָטס היילונג. מחמת דעם מוז כורש אָפּהאַלטן אַ נצחון און אַלע שטרויכלונגען מוזן אָפּגעראַמט ווערן פון זיין וועג", — האָט דער נביא איינגעטענה'ט מיט די בני בית־לחם, גערעדט צו זיי און צו די אַלע, וואָס זענען געקומען אים הערן אין די אָוונטן אין זייערע

הויפן, אין די שבתים — אין זייערע בתי־כנסיות, נישט געקוקט אויף דער סכנה, וואָס איז געהאנגען איבער זייערע קעפּ.

האָט נישט גאָט אויפגעפּענט זיינע אויגן און אים געוויזן דעם וועג, וואָס די בני־ישראל וועלן אויף אים גיין צוריק אהיים פון בבל? האָט ער נישט געזען דעם מדבר ווי א פאַרפלאַנצטן גן־עדן? האָט ער נישט געזען די טייכן וואַסער, וואָס ציען זיך דורך די זאַמד־כוואַליעס און וואָס די חיות קומען אהין שטילן זייער דאָרשט? גאָט אליין פירט זיי דורך דעם מדבר אהיים, און אויב גאָט פירט זיין פאָלק ארויס פון גלות, ווער וועט אים אָפּהאלטן? און האָט ער נישט געהערט דאָס קלאַפּן פון די רעדער, דאָס טאָפּען פון די פערד, דעם קלימפּער פון די כלי־זיין, דאָס טראַמפּלען פון די חיילות, וואָס קומען, קומען־אָן פון אלע זייטן און גייען אויף בבל? און האָט ער נישט געהערט דאָס קול פון גאָט אין זיין הארץ רופן: „און דו, ישראל מיין קנעכט, יעקב, וואָס איך האָב דיך אויסדערוויילט... איך בין יהוה, דיין גאָט, וואָס האלט דיין רעכטע האנט... זאָלסט נישט מורא האָבן, דו וואָרום יעקב, דו הייפעלע ישראל...״

און האָט ער נישט געהערט דאָס קול פון גאָט רופן אין זיין הארץ: „טרייסט, טרייסט, מיין פאָלק!״ און האָט ער נישט געהערט דאָס קול, וואָס רופט: „ראַמט־אָפּ אין מדבר דעם וועג פון יהוה, גלייכט־אויס אין דער וויסטע א שטעג פאר אונזער גאָט!״ און האָט ער נישט געהערט א קול אין זיין הארץ, וואָס האָט אים באַפוילן: „גיי און זאָג: אזוי האָט גאָט געזאָגט צו זיין געזאלבטן, צו כורש׳ן, וואָס איך האלט זיין רעכטע האנט, צו מאכן אונטערטעניק פאַר אים פעלקער, און איך זאָל לויז מאכן די לענדן פון מלכים, צו עפענען פאַר אים טירן, און טויערן זאָלן נישט פאַרשלאָסן זיין״. האָט ער נישט פאַרנומען דעם געבראַזג פון די ריגלען, דאָס אויפברעכן און אויפפראַלן טיר און טויער? ווער וועט פארשליסן די טיר, וואָס גאָט האָט אויפגעפּענט?

דאָס איז געווען דער לויף פון די געדאַנקען, וואָס דער נביא האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיי די טעג, ווי ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן פון בבל און האָט זיך צוגעהערט צום רויש און ליאַרעמען פון די בבל׳ער, וואָס האָבן פאַר דער צייט געפייערט דעם נצחון איבער כורש׳ן. ער האָט צוגעזען די האָרדעס, שיכורע פון ווייַן און זנות, וואָס האָבן אָנגעפילט די גאַסן פון בבל. דאָס טאנצן זיי אויף זייערע אייגענע לוויות, האָט דער נביא געטראַכט פאַר זיך, דאָס שיכורן זיי אויף זייערע אייגענע קברים.

אָבער דער צער, וואָס האָט געשניטן זיין הארץ, איז אים געקומען פון די שמחות, וואָס זיין אייגן פאָלק האָט געפּראַוועט, און פון דער פרייד, וואָס זיי האָבן זיך געפרייט מיט כורש׳עס מפּלה. זיי, די גולי־בבל, וואָס ערשט מיט א פּאָר וואָכן פריער, ווען כורש האָט בייגעקומען סיפּפּאַר, האָבן זיי איבערגעפילט, איבערגעגאָסן די בתי־כנסיות צו הערן פון נביא טרייסט־ווערטער און די האָפענונג אויף א באַלדיקן צוריקקער קיין יהודה, ווי גאָט האָט דאָס אים איבערגעגעבן; זיי, וואָס ערשט נישט לאַנג, דערהייבן און

עקזאלטירט פון זיינע רייד און חזיונות, האָבן זיי געהייבן און געשטרעקט די הענט צו דער זייט פון ירושלים און אויסגערופן: „אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן". — זענען איצט געוואָרן ווי נאָך א טייל פון דער בבל'שער באַפעלקערונג, ווי די קאַפּי־דאָקער, ווי די אסיריער, ווי די טונקל־הויטיקע אראבער, וואָס צוגלייך מיט כנענישע קנעכט האָבן זיי פארלוירן יעטוועדער געפיל און אינסטינקט פאר פרייהייט, און זיי רופן: „איך האָב ליב די קייט, וואָס בינדט מיך, איך קוש די רוט, וואָס שמייסט מיך". ווען ער איז געקומען שבת אין א בית־הכנסת צו רעדן צו זיי, האָבן זיי געשריען צו אים: „גיי ארויס, טמא, גיי ארויס, טמא! נאָר צרות, צרות ברענגסטו אויף אונזערע קעפּ". אין די הויפן פון די הייזער, וווּ זיי וווינען, די בני־הגולה, ביי די געשטעלן פון קרעמער און בעלי־מלאכות אויף די מארקפּלעצער, ווען ער פּרווט רעדן צו זיי, זאָגן זיי צו אים: „גיי אוועק, באַנומענער, מען זאָל אונז נישט זען זיך צוהערן צו דיין רעדן, אז דער חשד פון די בבל'ער זאָל נישט פאלן אויך אויף אונז". מען האָט אים שוין געשלאָגן, געשפּיגן אים אין פּנים אריין, פאַר־טריבן אים פון די בתי־כנסת, פון אנדערע ערטער, וווּ די בני־הגולה האָבן זיך געזאַמלט, געסטראַשעט צו בינדן אים און איבערגעבן צום מלכות, אָדער צו די מוראשו־מענטשן, וואָס זוכן אים ארום. און זיי וואָלטן עס טאקע געטאָן, ווען נישט דער שטאַרקער שיפערמאַן, נריה בן־שריה, וואָס שיצט אים פון זייערע הענט.

נריה בן־שריה האָט אים אויסבאהאלטן אויף זיין פּראָמשיף, וואָס ליגט אויף דעם קאַנאַל ביים געצן־מאַרק. דער שיפערמאַן האָט ריין געמאַכט א ווינקל אויפן פּראָם און דאָרט איינגעשטעלט אן אָרעם געלעגער פון שטרוי און ראָגעזשעס. דער נביא האָט געהאט מיט זיך זיינע מגילות און זיינע שרייב־מכשירים, און ווען דער רוח־הקודש איז געקומען אויף אים, האָט ער אין דעם ווינקל אויפן פּראָם אויפגעשריבן הימנען און נבואות. די גוטע אמא־בא, נריה'ס ווייב, האָט אים און נריה'ן געבראַכט זייער עסן אויפן פּראָם, — א לעבל ברויט, אמאָל א קריגל ציגן־מילך, א פּאָר איילבירטן פארן נביא. נריה בן־שריה, איבערגעגעבן דעם נביא בלב־ונפש, האָט נישט געטרויט צו באַהאַלטן אים ביי איינעם פון זיינע לאַנדסלייט, אין דעם הויף פון די בני בית־לחם, וווּ ער האָט אוועקגעזעצט זיין פאָטער: מרדכי־גד'ס מענטשן האָבן גרינג געקאָנט קומען אויף דעם נביא'ס שפּור. מיטן נביא נעבן זיך, איז נריה געווען זיכער, אז ער קאָן זיך פאַרלאָזן אויף זיינע שטאַרקע אָרעמס. דער נביא האָט זיך דאָך נישט געלאָזט אינגאַנצן אויס־באַהאַלטן. אויפן פּראָם איז ער נאָר געקומען איבערנעכטיקן. בייטאָג האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן פון בבל. ער האָט געוואָלט אלץ זען און הערן, איז ער געקראָכן דעם לייב ממש אין מויל אַריין. ער איז געקומען אין די הויפן, וווּ עס וווינען און ארבעטן די גולי־בבל, און ער האָט פאַר זיי גערעדט, געהאַלטן דרשות. טייל האָבן זיך צוגעהערט צו אים,

אַנדערע האָבן אים באַליידיקט, געיאָגט פון זיך, געסטראַשעט אַרויסצוגעבן צום מלכות.

די לאַנדסלייט פון די פאַרשיידענע געגנטן אין יהודה, אַזוי אויך משפחות, האָבן געוויינטלעך זיך געהאַלטן צוזאַמען אין בבל. די דירות, וואָס זיי האָבן פאַרנומען, זענען דאָס רוב געווען ציגלנע הייזער פון א צוויי־דריי גאָרנס, מיט שמאָלע טרעפּן־לייטערס, וואָס האָבן געפירט פון גאָרן צו גאָרן. איבערגעפּאַקט, איינגעקוועטשט אין ענגע לעכער־שטובן, מיט פינצטערע עפענונגען אין די ווענט פאַר פענצטער, האָבן די איינוווינער פון דעם איבערגעפילטן, איבעריוירנדיקן בבל געלעבט ס׳רוב אינדרויסן, נוצנדיק די דירות נאָר פאַר נאַכטלעגער. זייער מלאכה, זייער יעטוועדער אַרבעט האָבן זיי געטאָן אין די הויפן, וואָס די הייזער האָבן געוויינטלעך פאַרמאָגט, אָדער אין די ענגע געסלעך און אין די אָפענע סקווערן. די לאַנדסלייט פון בית־לחם, וואָס זייער צאָל אין בבל איז געווען בערך קליין, האָבן געוווינט אַלע אין אַ שמאָל פאַרלעגן געסל, וואָס האָט זיך מיט גאָר־נישט אָפּגעשיידט פון די פיל אַנדערע אַזעלכע געסלעך: צוויי־דריי־גאָרנדיקע ציגלנע הייזער, מיט א ברייטן אָפּגעצאַמטן הויף פאַר איטלעכן הויז. זיי זענען געווען באַוווּסט, די בית־לחמ׳ער אין בבל, ווי שפינער, וועבער און פאַרבער פון וואָל, היימישע פּרנסות, וואָס זיי האָבן געבראַכט אַהער פון דער אַלטער היים. עס זענען אויך געווען צווישן די לאַנדסלייט א צאָל סאַנדאַלן־מאַכער און מאַנטל־נייער. זיי האָבן געהאַט זייערע ווערקשטעלן אין די הויפן, אָדער אויף דער גאַס, ווו זיי האָבן גלייך אויפן אָרט פאַרקויפט די אויסגעאַרבעטע סחורות.

די בני בית־לחם, ווי פיל אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין בבל, האָבן אויך געהאַט זייער אייגנס א קליינעם בית־כנסת, וואָס א גאַנצע וואָך איז עס געווען א מין שפייכלער פאַר זייערע מכשירים און סחורות, נאָר שבת און יום־טוב איז עס מגולגל געוואָרן אין א בית־תפילה. עס איז געווען צו מערקן, אַז וואָס נאָענטער די אַמאָליקע היים פון די גולי־בבל איז געווען פון ירושלים, אַלץ מער פאַרוואָרצלט איז געווען אין זייערע הערצער די ליבשאַפט צו ציון און ירושלים און אַלץ הייסער האָבן זיי געגאַרט נאָך דער גאולה. דער זכר פון ירושלים, פון דעם בית־המקדש, וואָס זיי פלעגן עולה־רגל זיין אַהין, ברענגען אַהין די פּרוכט פון זייער ערד, וויינטרויבן, אייל־בירטן און, דער עיקר, די דינע וואָלענע שטאָפן, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעאַרבעט פון דער וואָל פון די אייגענע שאָף, וואָס זיי האָבן אויפגעצויגן אויף די בית־לחמ׳ער פעלדער, — דער זכר איז נאָך לעבעדיק געווען אין זיי, אין די עלטערע לאַנדסלייט, און זיי האָבן געהאַלטן די בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים וואַך אין זייערע קינדער, דערציילנדיק זיי וועגן דער שיינקייט פון די ימים־טובים אין ירושלים, אויפּציענדיק אין זיי א תשוקה נאָך דער גאולה.

אַהין, אין דעם בית־הכנסת פון די בני בית־לחם, פלעגט דער נביא אָפט ברענגען זיינע טרייסט־ווערטער, זיינע הבטחות און זיינע געזאַנגען

פון דער גאולה. ווען דאָס קליינע הויז האָט נישט געקאָנט האַלטן די אַלע מתפללים, וואָס זענען געווען נישט נאָר פון די בית־לחמ׳ער לאַנדסלייט, נאָר אַנגעלאָפענע פון אַלע עקן שטאָט, האָט דער עולם אָנגעפילט דעם הויף, און דער נביא איז אַרויסגעקומען צו רעדן צו זיי אונטערן אָפענעם הימל. מיט דער צייט איז דער איינער טאָג שבת נישט געווען גענוג פאַר דער שטייגנדיקער מאַסע מענטשן, וואָס האָבן געלעכצט צו הערן דעם נביא׳ס וואָרט, איז דער נביא געקומען צו זיי אויך אינדערוואָכן, אין די אָוונטן נאָך דער אַרבעט, און ער האָט, שטייענדיק צווישן זיי אין מיטן הויף, אין ליכט פון דער לבנה, אָדער פון אייל־לאָמפּן, גערעדט פאַר זיי, געטרייסט זיי, געוועקט אין זיי דעם באַגער נאָך דער גאולה.

אויך איצט, ווי דער נביא איז גערודפ׳ט געוואָרן, נישט צוגעלאָזט אין קיין שום בית־כנסת צו רעדן, האָבן די בית־לחמ׳ער פאַרקוקט די סכנה און ווי פריער צוגעגייגט דעם אויער צו הערן דעם נביא׳ס רייד, וואָרום זיינע ווערטער האָבן זיי טיף גערירט און געוועקט אין זיי זיסע זכרונות פון אַמאָל. דער נביא אליין האָט אויך נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער סכנה, וועלכע האָט געלויער׳ט אויף אים, און ער איז זייער אָפט געקומען אין דעם קליינעם מקום־קדוש אויסצוגיסן זיין האַרץ פאַר גאָט מיט זיין גע־זאַנג, מיט זיינע תפילות.

אהין האָט בריה געבראַכט אין דער שטיל דעם יונגן פירשט זרובבל.

עס איז געווען אין דער צייט, ווען אַלע האָפענונגען האָבן זיך אויס־געלאָשן. די שווערע האַבערין איז געקומען אויפן בראָכשטול און האָט נישט געקאָנט געווינען. ניין, ער האָט אויף קיין רגע נישט פאַרלוירן דעם חיזוק אין דער אמונה, אַז גאָט וועט מקיים זיין זיין הבטחה. ער איז אויף קיין הרף־עין נישט מסופּק געווען, אַז דאָס, וואָס ער האָט געהערט און געזען, איז געקומען פון דער העכסטער קדושה. ניין, ער האָט נישט געזען די מעשה־מרכבה, וואָס יחזקאל האָט געזען. ער האָט נישט געזען דעם חזיון אין הימל, וואָס דער נביא ישעיה פאַר אים האָט געזען. ער איז נישט גע־קומען צו דער מדרגה צו זען דעם חזיון פון גאָט. גאָט האָט נישט גערעדט צו אים פה־אל־פה, נאָר דורך דעם קול אין זיין הארץ, דורך דעם וואָרט, וואָס ער האָט אַרייגעטון אין זיין מויל אַריין, און ער האָט געגלויבט באמונה־שלמה, אַז דאָס, וואָס ער הערט אין זיין האַרץ, איז אמת וצדק. דאָך האָט ער געוואָלט באַקומען א צייכן. ניין, נישט פאַר זיך, נאָר פאַר די אַנדערע, פאַר די פאַרלוירענע שאָף פון ישראל, וואָס זענען אַרייגגע־כאַפּט געוואָרן אין דעם קלעם צווישן כורש׳ן און בלשאצר׳ן. כורש שטייט פאַר די טויערן פון בבל, און די טויערן זענען פאַרשלאָסן פאַר אים. נישט פאַר כורש׳ן און זיין חייל זענען די טויערן פאַרשלאָסן, נאָר פאַר דער גאולה, פאַר ישראל און יהודה. און דער וואָרעם יעקב שטייט א דערשראָ־קענער, א פאַרציטערטער. ער שטייט בין־המצרים, צווישן די ענגענישן, און זיין האַרץ גייט־אויס אין אַנגסטן. פאַר דעם וואָרעם יעקב האָט ער פאַרלאַנגט א צייכן. ניין, נישט קיין צייכן, נאָר א וואָרט, א וואָרט פון נחמה,

וואָס גאָט זאָל געבן אין זיין האַרץ אריין, כדי ער, ישעיה, זאָל ברענגען דאָס וואָרט צו די פאַרלוירענע שאָף פון ישראל.

ער איז געלעגן אויף דער רצפה אין בית־הכנסת, מיטן פנים צווישן די הענט. אָפּגעגאָסן אינגאַנצן אין אַנגסטן, האָט ער געבעטן:

„גאָט פון ישראל, דו העלפער, וואָס דו האָסט מיך געשיקט צו זיי מיט דיין טרייסט־וואָרט, זיי שטייען איצט ווי פאַרלוירענע שאָף און וויסן נישט פון איין און פון אויס. האָב רחמנות אויף זיי, ווארום זייערע הערצער צע־גייען אין אנגסטן. טו אריין אין מיין מויל א טרייסט פאַר דיין פאַרלוירענעם קנעכט ישראל״.

ווען ער האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט ער דערזען דוד־המלך שטיין פאַר אים. יאָ, דוד־המלך אין זיין יונגשאַפט, אין זיין לייוונטן געוואַנט, ווי ער טאַנצט פאַרן אָרון. עס שטייט פאַר אים זרובבל, דער זרובבל, וואָס ער קען אים פון נעכטן און פון אייערנעכטן. עס איז אָבער געווען אַן אנדער זרובבל. זיין דינע יינגלשע פיגור איז באַקליידט געוואָרן מיט דעם לייוונטן געוואַנט, וואָס דוד־המלך האָט געטראָגן, און זיין איידל אָוואַל־געשניצט פנים, באַקראַנצט מיט זיין יונגער שוואַרץ־שפּראָצנדיקער באָרד, איז באַ־לויכטן געווען מיט דעם הייליקן ליכט פון בענקשאַפט און באַגער נאָך גאָט. מיט זיין נביאיש אויג האָט דער נביא אַדורכגעדרונגען דורך דער געשטאַלט, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, און ער האָט געזען אין איר דעם צוקונפטיקן בויער פון בית־המקדש, — פון דוד׳ס גזע, ווי אַן אומגעזעענע קרוין וואָלט געשוועבט איבער זיינע שוואַרצע שיינע לאָקן.

„טאַנץ פאַר מיר, דוד׳ס זון״, — האָט דער נביא אויסגערופן צו אים.

„טאַנצן?״ — האָט זיך זרובבל פאַרוווּנדערט — „און איך בין געקומען דיך וואָרענען פון שלעכטע הענט, וואָס ווילן פאַרמאַכן דאָס מויל, וואָס גאָט האָט אויפגעעפנט״.

„טאַנץ פאַר מיר, זון פון דוד, ווי דיין פאָטער האָט געטאַנצט פאַרן אָרון״.

„פאַרוואָס טאַנצן?״ — ווונדערט זיך ווידער דער פּרינץ.

„טאַנצן פאַר פרייד, פאַר דער ישועה, וואָס גאָט שיקט פאַר זיין פאָלק ישראל״.

און דער נביא האָט זיך אויפגעהויבן פון דער רצפה, האָט גענומען באַוועגן זיך אין א רואיקן ריטם, דרייען זיך מיט זיין אויסגעמאָגערטן קער־פּער אהין און צוריק, און באַלד אָנגעהויבן מיט א קול פון געזאַנג:

„גייט אַרויס פון בבל,
אַנטלויפט פון די כשדים,
מיט אַ קול פון געזאַנג.
זאָגט אָן, מאַכט דאָס הערן,
טראָגט עס פונאַנדער,
ביז צום עק פון דער ערד.
זאָגט: גאָט האָט אויסגעלייזט
יעקב׳ן, זיין קנעכט״.

זרובבל איז געשטאנען און האָט מיט שטוינונג און דערוואַרטונג צוגעזען ווי דער נביא פאַרטראַגט זיך דורך זיין קול פון געזאַנג אין א טראַנס פון עקסטאַז. זיינע אויגן, שטייף פאַרשלאָסענע, האָבן אויסגעקוקט ווי צוויי טונקעלע לעכער אין זיין בלייכן פנים. זיין גאַנץ לייב האָט גע־צוקט מיט א ספּאַזמאַטישער צוקעניש, ווי ער וואָלט געפיבערט, אַדורכגע־ווינטיקט פון שטורעם־ווינטן, וואָס טראָגן אים אין אַנדערע וועלטן אריין. ער האָט געהאַלטן אין איין איבער־חזרן די ווערטער אין דעם פאַרצוקטן ריטם. אין דעם טאָן פון א שלאָפליד, וואָס האָט געטראָגן אין זיך דעם עכאָ פון א שטילן דונער פאַר א שטורעם. לסוף האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין עקסטאַטישן טאַנץ, איז צוגעגאַנגען צום דערשראָקענעם זרובבל מיט פאַרגלעזטע, פאַרטראָגענע אויגן, ווי ער וואָלט בלינד געווען אין זיין זען, און ער האָט געזאָגט:

„און גאָט האָט אזוי געזאָגט: דו, זרובבל, וועסט צוריק אויפבויען מיין הויז, וואָס איך האָב חרוב געמאַכט, און דו וועסט ברענגען מיין פאָלק צוריק צו זיין בחלה".

„איך? !־" — האָט זרובבל אויסגערופן אין אנגסטיקן פחד. מיט א בלייך דערשראָקן פנים.

„נאָר די קרוין פון מלך דוד איז פאַרמיטן פון דיר".

—*—

עס איז געגאַנגען פון מויל צו אויער, אז דער נביא האָט געהאַט א חזיון, און ער וועט ברענגען א נייע בשורה פון גאָט פון ישראל דעם שבת, וואָס קומט, אין דעם בית־כנסת פון די בני בית־לחם. ווי מסוכן עס איז נישט געווען צו קומען אין חברותא מיט דעם נביא נאָך דעם ווי די מוראשוס האָבן ארויסגעשיקט זייערע מענטשן אים צו פאַנגען ווי א מורד־במלכות, זענען דעם שבת געקומען אין בית־הכנסת מתפללים פון אלע פיר עקן שטאָט, פון נאָענט און וייט. מען קאָן קיינמאָל נישט וויסן, וואָס דער נביא האָט צו זאָגן, וואָס פאַר א מין בשורה ער קאָן ברענגען. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַלטן מיטן נביא. דאָס זענען געווען מענטשן פון אַנדערע טיילן שטאָט, פון אנדערע לאַנדס־מאַנשאַפטן. זיי האָבן געהאַלטן זיין נביאות פאַר פאַלש און, דער עיקר, מסוכנ׳דיק פאַר דער זיכערקייט פון יידישן ישוב אין בבל. ווען דאָס בית־הכנסת האָט מער נישט געקאָנט אריינעמען קיין מענטשן און דער אָפּגע־צאַמטער הויף איז אויך איבערגעפולט געוואָרן, איז דער נביא ארויס אינדרויסן און זיך פאַרמישט אין דער געדיכטער מאַסע מענטשן. מען האָט אוועקגעשטעלט שומרים ארום דעם גדר פון הויף צו האלטן אן אויג, טאָמער וועלן זיך ווייזן די מלוכה׳שע שוטרים. פאַר די בני עבדי־שלמה, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פון דעם הויף פון די פּרינצן צו האלטן אן אויג אויפן נביא און אים נעמען געפאַנגען, האָט מען זיך נישט געשראָקן. פאַר א באַוואָרעניש קעגן זיי האָט בריה, דעם נביא׳ס באשיצער, באַזאָרגט דעם נביא מיט א לייב־וואַך פון שטאַרקע בית־לחמ׳ער יונגע מענטשן, דעם

נביא׳ס געטרייע פארערער, וואס זענען נישט אפגעטראטן פון אים. א האגל זלזולים, קללות און חרמות האט זיך א שאט געטון פון אלע זייטן אין העם איבערגעפולטן הויף, ווען דער נביא איז ארויסגעקומען צו רעדן צו זיי:

„זעט, דא קומט די מיל, וואס מאלט שטרוי, דער דרעשער, וואס דרעשט פלעוועס, דער לאגל, וואס איז אנגעפילט מיט ווינט".

„נישט טרייסט איז ער געקומען אונז ברענגען, נאר קללות, צרות און טרערן. נישט אויף גרינע פעלדער וועט ער אונז פירן, נאר אין שאול־תחתיה אריין".

„א שלאנג ליגט ביי אים אין מויל און שפריצט מיט גיפטיקן שפייעכץ. נישט גאטס ווארט קומט ארויס פון זיין מויל, נאר דאס ווארט פון שונא, פון כורש׳ן!" — האבן גערופן מרדכי מוראשוס מענטשן.

„א פרעמדן האט ער געמאכט פאר דעם משיח, א פרעמדן האט ער צוגעטיילט דעם טיטל ,משיח׳, וואס געהערט צו איינעם פון דוד׳ס גזע", — האט גערופן איינער, א הויקערדיקער, א קורצגעוויקסיקער, וואס איז ממש געהאנגען אויף די פלייצעס פון אן אנדערן. — „א שליח פון כורש׳ן איז ער, נישט פון גאט פון ישראל. ווו איז דער צייכן, וואס ער האט אונז באזארפט ברענגען פון גאט? זעט, ווו כורש געפינט זיך איצט".

„לאזט אים נישט רעדן, פארטרייבט אים!"

„בני־ישראל, שומר נפשו ירחק מהם, באווייזט זיך נישט אין חברותא מיט אים. עס איז א סכנה, א סכנה צו זיין לעבן אים".

„פארשליסט נישט דאס מויל, וואס גאט האט אויפגעעפנט", — האט זיך געלאזט הערן דאס קול פון די בית־לחמ׳ער.

„ירמיה... דערמאנט זיך אין ירמיה׳ן. פארזינדיקט נישט זיך קעגן נביא ווי אונזערע אבות האבן זיך פארזינדיקט קעגן ירמיה׳ן".

דער נאמען „ירמיה" האט געהאט דעם כוח אפצושטעלן די בייזע אויסרופן. דער רעש האט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט, די געמיטער באַרואיקט.

„לאזט אים רעדן, לאמיר הערן, וואס ער האט אונז צו זאגן".

אין דעם געטומל פון חרפות און גדופים, וואס זענען געפאלן ווי שטיינער אויף זיין קאפ פון אלע זייטן, איז הער נביא געשטאנען, א הויכער, א בלייכער, אין א ווייסער געוואשענער היליע ארויפגעווארפן אויף די אקסלען, האט געקוקט שטיל מיט זיינע פלאמיקע אויגן אויפן עולם, און א שמייכל פון צער און פארגעבונג האט זיך געקרימט אויף זיינע ליפן. ער האט געווארט, דער עולם זאל זיך איננאנצן איינשטילן. און ווען עס איז שטיל געווארן ארום אים, האט ער אנגעהויבן רעדן. דאס פנים, ווי א פאר־גליווערטע מאסקע, די אויגן צוגעשלאסן, האט ער אנגעהויבן מיט א נידער־ריק קול, וואס ער האט באלד געהויבן העכער, העכער. און ווי א צווימער פון ווילדע חיות קומט אריין אין א שטייג פון לייבן און באהערשט זיי מיט זיין בליק, מיט דער בייטש, וואס ער האלט הויך איבער זייערע קעפ, אזוי האט דער נביא באלד באהערשט דעם עולם אין דעם הויף פון בית־

הכנסת, ווען ער האָט אויפגעהויבן די רוט פון נביא, דאָס שטראָפנדיקע וואָרט, איבער זייערע קעפּ. און ווען אפילו זיי וואָלטן געקאָנט אין איין הרף־עין צעברעכן די רוט אין זיין האַנט, זענען זיי, ווי די לייבן פאַרן צוימער, געשטאַנען פאַר אים, געליימטע, באַוועלטיקטע.

„הערט דאָס צו, איר הויז פון יעקב,
די, וואָס ווערן גערופן מיטן נאָמען ישראל,
וואָס שווערן ביים נאָמען יהוה,
און דעם גאָט פון ישראל דערמאָנען זיי —
נישט מיט אמת און נישט מיט גערעכטיקייט —
— — — — — — — — — — — — — — —
דאָס פריערדיקע האָב איך אָנגעזאָגט,
און פון מיין מויל איז עס אַרויס —
— — — — — — — — — — — — — —
ווייל איך האָב געוווּסט, אז האַרט ביסטו,
און אַן אייזערנער אָדער אין דיין נאַקן,
און דיין שטערן איז קופּער,
דערום האָב איך אָנגעזאָגט פון פריער,
כדי זאָלסט נישט זאָגן : מיין געץ (בל־מרודך) האָט עס געטון—
און א טאָג פריער האָסטו פון דעם נישט געהערט".

און דער נביא, צום ערשטן מאָל, אויפן אָרט פון טרייסט, ברענגט דעם פאָלק דעם צאָרן פון יהוה׳ן :

„איך האָב געוווּסט, אז פעלשן וועסטו פעלשן
און פאַרברעכער פון מוטערלייב האָט מען דיך גערופן.
פון מיין נאָמען וועגן וועל איך איינהאַלטן מיין צאָרן,
פון מיין לייב וועגן וועל איך מיך צאַמען קעגן דיר,
כדי דיך נישט צו פארשניידן.
זע, איך האָב דיך געלייטערט, אָבער נישט ווי זילבער,
איך האָב דיך געפּרוווט אין שמעלצאויוון פון פּיין.
פון מיינעטוועגן, פון מיינעטוועגן וועל איך עס טון,
און מיין כבוד וועל איך קיין אנדערן נישט געבן" — —
— — — — — — — — — — — — — — —

ער באַשטעטיקט נאָכאמאָל, אז וואָס ער האָט פאָרויסגעזאָגט, וועט מקוים ווערן, אזוי ווי עס זענען מקוים געוואָרן די פריערדיקע זאכן, וואָס ער האָט פאָרויסגעזאָגט :

„זאמלט אייך איין, איר אלע, און הערט :
ווער צווישן זיי האָט פאָרויסגעזאָגט דאָס דאָזיקע ?
דער, וואָס גאָט האָט אים ליב, וועט טון זיין באגער אין בבל,
און זיין אָרעם וועט זיין אויף די כשדים.

איך, איך האָב גערעדט, און האָב אים גערופן,
אים געבראַכט, און ער וועט באַגליקן אויף זיין וועג".

א טומל האָט אויסגעבראָכן צווישן עולם. פּנימער זענען בלייך געוואָרן פאַר שרעק, פויסטן האָבן זיך אויסגעצויגן צו אים, לייבער האָבן זיך געדריקט אין עולם, זיך געריסן צום נביא.

„פאַרמאַכט אים דאָס מויל, לאָזט אים נישט רעדן!"

„עס איז א סכנה, א סכנה צו שטיין דערביי".

„צום מלכות, צום מלכות, צום מלכות מיט אים!" — און די טויערלייט האָבן זיך געשפּאַרט צוצוקומען צום נביא.

נריה מיט זיינע מענטשן האָבן שוין געשלאָסן א רינג ארום דעם נביא.

„לאָזט אים רעדן, לאָזט אים זאָגן, וואָס ער האָט צו זאָגן. מיר מוזן דאָך וויסן, וואָס עס איז געווען גאָט'ס וואָרט צו אים".

„אויב עס איז פון גאָט, ווער קאָן אים שווייגעדיק מאַכן?"

„לאָמיר הערן, לאָמיר אים לאָזן אויסרעדן".

„און אַצינד האָט גאָט דער האַר מיך געשיקט מיט זיין גייסט.
אזוי האָט געזאָגט גאָט, דיין אויסלייזער".

„שווייגט, שווייגט, לאָזט הערן, וואָס גאָט זאָגט אונז".

„איך, יהוה, דיין גאָט..."

גאָט'ס נאָמען האָט א שרעק אַנגעוואָרפן, האָט געליימט די ווידער־שפּעניקע. ווידער איז שטיל געוואָרן אין הויף, און זיי האָבן אויסגעהערט די רייד פון נביא מיט געהאַלטענעם אָטעם:

„איך, יהוה, דיין גאָט, לערן דיך,
פיר דיך אויף דעם וועג, וואָס דו זאָלסט גיין.
הלוואי וואָלסטו פאַרנומען מיין געבאָט,
וואָלט געווען ווי א טייך דיין פריד,
און דיין הילף ווי די וועלן פון ים.
און געווען ווי זאַמד דיין זאָמען,
און די שפּראָצן פון דיין לייב ווי זיינע קערנער,
נישט פאַרשניטן און נישט פאַרטיליקט
וואָלט געווען זיין נאָמען פון פאַר דיר".

דער עולם איז שטיל געווען, די קעפּ געבויגן אין טרויער און אין חרטה.

דער נביא איז אויך געשטאַנען שטיל. פאַרכאַפּט פון זיינע אייגענע ווערטער, האָט ער באַלד אָנגעהויבן באַוועגן זיך אין טאַנץ־געדריי אויף איין אָרט, אין דעם גאולה־טאַנץ ווי פריער מיטן ייִנגל זרובבל, און מיט א קול פון געזאַנג, וואָס האָט געגעבן דעם טאַנץ — טאַקט און ריטם, האָט ער ווידער אָנגעהויבן מורמלען פאַר זיך דעם באַגלייט־מאָטיוו פון טאַנץ:

„גייט אַרויס פון בבל,
אַנטלויפט פון די כשׂדים,
מיט אַ קול פון געזאַנג.
זאָגט אָן, מאַכט דאָס הערן,
טראָגט עס פונאַנדער
ביז צום עק פון דער ערד.
זאָגט: גאָט האָט אויסגעלייזט
יעקבֿ'ן זיין קנעכט.
און זיי האָבן נישט געדאַרשט,
און ער האָט זיי דורך וויסטענישן געפירט.
וואַסער פון פעלז
האָט ער געמאַכט רינען פאַר זיי.
יאָ, אַ פעלז האָט ער געשפּאָלטן,
און וואַסער האָט געפלאָסן".

אין אָנהויב איז דער עולם נבהל־ונשתומם געוואָרן. נאָר די ווערטער פון דער הימנע, דאָס קול פון געזאַנג און — נאָך מער — דאָס טאַנצן האָט ווי מיט אַ צויבער־פינגער באַרירט דעם עולם, און דאָ און דאָרט האָט איינער און אַן אַנדערער גענומען באַוועגן זיך, ווי אָנגעשטעקט פון דעם גאולה־טאַנץ. און אָנשטאָט מען זאָל דעם נביא פעסטנעמען און אים איבער־געבן צום מלכות, איז דער עולם אַרויס אין אַ געזאַנג און אין אַ גאולה־אויסגעשריי:

„גייט אַרויס פון בבל,
אַנטלויפט פון די כשׂדים..."

# קאַפּיטל צוועלף

אויף זיבן פּיִרעקיקע פּלאַטפאָרמעס, געלייגט איינע איבער דער אַנדערער, איז געשטאַנען דער טעמפּל פון בל־מרודך, מיטן שפּיץ פון דעם העכסטן טורעם אריינגעשטאָכן ווי דער שפּיץ פון א נאָדל אין הימל אריין. שמאָלע טרעפּן־לייטערס זענען געלאָפן פון פּלאַטפאָרמע צו פּלאַטפאָרמע איבער די דרויסנדיקע מויערן, ביז זיי האָבן דערגרייכט צום העכסטן שפּיץ, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אז ער פאַרלירט זיך אין די וואָלקנס. ווי די פּאַלאַצן, וואָס נבוכדנאצר האָט געבויט, זענען אויך די זיבן שטאָק פון טעמפּל אויסגעפילט געווען מיט אָן א שיעור קאַמערן, געוועלבער, געמאכן וואָס האָבן געדינט פאַר שפּייכלערס און ווינערטער. עס האָבן געהאט דאָרט זייערע שטענדיקע דירות די כהנים פון טעמפּל, די גרויסע מחנה שקלאַפן, וואָס האָבן באַדינט דעם טעמפּל, און אין דעם יום־טוב פון ביי־יאָר, וואָס איז געפייערט געוואָרן דעם ערשטן טאָג פון חודש ניסן, האָבן דאָרט געהויזט די עולי־רגל, וואָס זענען געקומען צו שטראָמען קיין בבל פון אַלע עקן לאַנד. דער טעמפּל פאַרמאָגט אַנצאָליקע רייכע לאַנד־גיטער, מיט טויזנטער שקלאַפן, וואָס האָבן זיך גערופן „ערד־ארבעטער פון בל־מרודך”, מיט שפּייכלערס און שטאַלן ארום דעם טעמפּל, וואָס האָבן געהאַלטן די תבואות, די שאָף און די רינדער, די אָקסן און די פערד, וואָס די לאַנד־גיטער האָבן צוגעשטעלט. אין קאַמערן אָן א צאָל זענען אויך געהאַלטן געוואָרן די פיל געצן, וואָס דער טעמפּל האָט פאַרמאָגט, געגאָסענע אָדער געהאַמערטע אין אַלערליי מעטאַלן, אויסגעהאַקטע אין שטיין, געקלעפּטע אין ליים; די רייכע מתנות אין שטאָפן און איידלשטיינער, עקזאָטישע אײלן און משקאות, זאַלבן און קרייטיכער פאַר רפואות און פאַר כישוף, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון דורות און דורות עולי־רגל, אָפּפערערס פון דעם גרויסן גאָט. דער טעמפּל על־סעגילא איז, אַזוי ארום, געווען א מלוכה פאַר זיך, וואָס איז רעגירט געוואָרן זעלבשטענדיק, נישט אָפּהענגיק פון דער גרויסער מלוכה, און איז אָפטמאָל געווען שטאַרקער, מעכטיקער פון יענער.

דער טורעם איז באַשטאַנען פון איין גרויסן געמאַך, וואָס איז געווען דאָס וווינאָרט פון בל־מרודך. די גיגאַנטישע געצן־פיגור, וואָס איר וואָג איז געווען דריי־און־צוואַנציק טאָן אין ריינעם גאָלד, האָט גערוט אויף א ליגשטול פון פּאַסיקער גרויס. דערנעבן, אין א גילדענעם באַסיין, אַרומגענומען מיט א שטאַכעטן־צאַם, איז געהאַלטן געוואָרן א מעכטיקע שלאַנג, מיט הערנער אויפן קאָפּ (די כהנים פון בל־מרודך האָבן נישט אויפגעהערט צו זוכן אויסטערלישע שלאַנגען אין מדבר, זעלטענע איבערבלייבן פון אויסשטאַרבנדיקע מינים, וואָס זאָלן דערמאָנען אין דעם דראַקאָן, וואָס בל־

מרודך האָט מנצח געווען און איז דערפאַר פאַרהייליקט געווען ווי א סימבאָל פון בבל). ביי דעם גרויסן געמאַך איז געווען א צווייטער, א קלענערער, אָן אײַנטימערער. דעם געמאַך האָט באַוווינט די פרוי, וועלכע איז אויסדערווילט געוואָרן צו זיין גאָטס ווייב, וואָס זאָל טון זיין רצון, זאָל אים ברענגען פרייד און פאַרגעניגן און פאַרנעמען פון אים די אָראַקלס, די העלזעערישע תשובות אויף אָנפראַגעס פון מלך אָדער כהן־גדול, אָנפראַגעס בנוגע ענינים פון מלוכה, פון מלחמה, וואָס פאָדערן באַשייד. א ליגשטול איז דאָרט געשטאַנען, גרייט אויפצונעמען דעם גאָט, ווען ער וועט זיך באַווייזן, אָבער נישט אין דער גיגאַנטישער גרויס ווי ער איז אין דעם קדשי־קדשים פון זיין אייגענעם געמאַך, נאָר אין א פיל, פיל פאַרקלענערטן פאָרמאַט. וואָרום דענסטמאָל, ווען דער גאָט איז ווילליק געווען צו באַערן זיין רעכטלעך ווייב מיט א וויזיט, האָט ער זיך איינגעשרומפן ביז צו דער גרויס פון א געוויינלעכן בשר־ודם און זיך אויך אזוי אויפגעפירט. דער געמאַך איז געווען אויסגעשטאַט מיט א צולייג־בעט און א גילדענעם טיש, וואָס איז געווען געגרייט מיט כל־טוב — סיי פון עסן, סיי פון טרינקען, שטענדיק גרייט געשטאַנען פאַרן גאָט, טאָמער וועט ער זיך באַווייזן. דאָס ווייב פון גאָט איז פאַר דעם וויזיט פון איר מאַן אריינגעבראַכט געוואָרן אין א צושטאַנד פון א טראַנס, אז זי זאָל זיין גרייט צו טון זיין רצון און דינען ווי זיין אָראַקל, דער מעדיום פון זיין פאָרויסזאָגונג.

ווען די כהנים פון בל־מרודך, מיטן כהן־גדול שראַצר־בל בראש, האָבן מיט געוואַלט אוועקגעפירט פון בלשאַצר׳ס פּאַלאַץ די ערשטע קדשה פון דער געטין אישתר, דאָס ווייב גימיל, און זי געבראַכט אין טעמפּל אריין פון בל־מרודך, האָבן זיי זי איבערגעגעבן אין רשות פון קדשות־באַדינערינס צו מאַכן זי מסוגל פאַר איר הויכן באַרוף. וואָכנלאַנג האָט מען זי געהאַלטן איזאָלירט און זי מכין־געווען פאַר דער עבודה. די קדשות האָבן געריכערט, געדעמפּט פאַר איר בשמים צו פאַרטרייבן פון איר די בייזע רוחות, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין איר בעת איר דינען צו דער געטין אישתר, האָבן באַהאַנדלט איר לייב מיט זאַלבן און אייל־, מיט מאַסאַזשן און בעדער. און וואָס שייך איר גייסטיקער אויסבילדונג, האָט מען איר איינגעגעבן נאַרקאָזן פון געהיימע גראָזן און קרייטעכער, וואָס דער טעמפּל האָט פאַרמאָגט פון פאַרשיידענע זעלטענע מינים, צו סטימולירן אירע געפילן און איר פאַנטאַזיע אזוי, אז זי זאָל זען אין בל־מרודך, ווי ער ווערט באַזונגען אין די גילגאַמאַש־הימנען, א רעאַלע געשטאַלט. זי האָט געלערנט אליין צו דעקלאַמירן און אויסזינגען די הימנען און זיך באַגייסטערן מיט די וויזיעס פון דעם יונגן גאָט ווי ער גייט־אַרויס אויף זיין פייערדיקן רייטוואָגן, באַוואָפנט מיט די זיבן ווינטן פון דעם שטורעמרייך, מלחמה צו האַלטן מיט זיין מוטער טיאַמאַט און אירע מחנות דראַקאָנען. אריינגעקומען אין העכסטן עקסטאַז, איז זי געפאַלן צו דער ערד און מיט שוים אויף די ליפּן געזונגען ליבע־געזאַנגען צו אים און זיין העלדישקייט. זי איז פאַרקנסט געוואָרן צו אים, געהייליקט געוואָרן צו זיין זיין ווייב, זיין נבואה און זיין קדשה. זי

האָט אים געזען ווי אַ יונגן גאָט, באַלאָדן מיט די זיבן ווינטן און מיט דער נעץ אין דער האַנט, וואָס האָט דעם העלדנמוט אַרויסצוגיין אײנער אַליין קעגן דער שרעקלעכער טיאַמאַט מיט איר זיבנמײַליקער גיפטיקער צונג אין איר פֿײַערדיקן מויל, וואָס זי שטעקט־אַרויס אים אײַנצושלינגען. אַלע געטער האָבן מורא פֿאַר איר, שיקן זיי אַרויס דעם יונגן גאָט מלחמה צו האַלטן פֿאַר זיי. בל־מרודך איז געוואָרן נישט נאָר איר גאָט, איר מאַן, נאָר אויך איר געליבטער, איר אויסגעחלומטער העלד, איר אומבאַגרענעצטער האַר און געביטער, וואָס זי האָט די זכיה צו באַדינען אים, צו טון זײַן רצון, צו ווערן זײַן נביאה, זײַן אָראַקל.

מיט גרויס אומגעדולד, פֿלאַטערנדיק פֿון עקסטאַז און מורא, האָט זי אויסגעוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען זי, אַ געריניקטע און אַ געהייליקטע, וועט זײַן ראוי אויפֿצונעמען איר גאָט, איר העלד און איר מאַן. די כהנים האָבן איר אָנגעזאָגט, זי זאָל זיך נישט דערוועגן צוצוקומען נאָענט צו אים, נאָר וואַרטן ביז ער וועט איר געבן אַ סימן פֿון וויליקייט. אַ נישט־אויסגעהיטע באַוועגונג, דאָס שטעלן אַ טריט פֿאַדויס, קאָן איר קאָסטן איר לעבן, וואָרום זײַן גוף, וואָס באַשטייט פֿון לויטער פֿײַער, שיקט אַרויס פֿון זיך שטראַלן, וואָס וועלן זי פֿאַרברענען.

ווען די קדשות זענען פֿאַרטיק געוואָרן מיט אַלע נויטיקע הכנות פֿאַר גימילס באַגעגעניש מיט בל־מרודך, האָט מען זי אַרײַנגענומען אין דעם געמאַך, וווּ עס איז געשטאַנען דאָס צולייגבעט און דער גילדערנער טיש, געגרייט מיט מעדני־מלך.

זי האָט געוואַרט אויפֿן גאָט אַ גאַנצע נאַכט אין עקזאַלטירטער ציטערניש און מורא. פֿון הינטער דער טיר פֿון דעם חדר־מיוחד איז דערגאַנגען צו אירע אויערן דאָס שפּילן פֿון האַרפֿן און אַ שטיל געזאַנג פֿון יונגע קולות. עס איז געווען אַ געזאַנג פֿון הימנען, פֿון הלל צום יונגן גאָט. דער גאָט האָט זיך האָך נישט געוויזן יענע נאַכט. פֿון צײַט צו צײַט האָט זי אַפֿילו געהערט אַ שווערן טראָט, וואָס איז געקומען וואָס־אַמאָל נאָענטער, נאָענטער צו דער טיר, נאָר איר האָפֿענונג איז איטלעך מאָל געווען אומזיסט.

אַזוי איז אויך געווען די צווייטע נאַכט, די דריטע נאַכט, דער גאָט האָט זיך געזאַמט צו קומען צו איר.

ביז דער כהן־גדול, שראַצר־בל, האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל זײַן גרייט, וואָרום דער גאָט אַליין האָט אים געלאָזט וויסן, בעת ער, דער כהן־גדול, איז אַרײַנגעגאַנגען אין קדשי־קדשים צו וואַשן דעם גאָט און אים אָנטון, אַז ער וויל די נאַכט קומען צו איר. שראַצר־בל האָט איר געהייסן אָנפֿרעגן ביי גאָט מכוח דעם עתיד פֿון בבל און צי וועט ער העלפֿן דעם מלך פֿון בבל, נאַבונידן, און זײַן זון בלשאצר צו געווינען די מלחמה קעגן כורש'ן.

פֿאַר דער באַגעגעניש האָט מען געמאַכט ספּעציעלע הכנות. מען האָט זי אויסגעלערנט זינגען פּסאַלם־געזאַנגען, מיט וועלכע זי האָט געזאָלט באַגעגענען דעם גאָט, תהלות־ותשבחות, וואָס זי האָט געהאַט צו זאָגן. מען

האָט זי אויסגעלערנט איטלעכע באַוועגונג, וואָס זי האָט געהאַט צו מאַכן סיי ביים דערנענטערן־זיך צו אים, ווען דער צייכן איז איר געגעבן, סיי ווען זי מוז זיך האַלטן ווייטלעך פון אים.

אין דער נאַכט, איידער דער גאָט איז אַריינגעקומען, איז דער חדר־מיוחד אויסגערויכערט געוואָרן מיט כלערליי בשמים און קטורות, אַזוי אַז דער גרויסער געמאַך, פול מיט שווערע דיקע רויט־וואָלקנס, איז פאַרהוילן געווען פון אויג. א שטיל האַרפן־שפּיל האָט זיך גענומען הערן און א שטיל געזאַנג פון אומגעזעענע זינגער, וואָס האָט אויסגעזונגען בל־מרודכ׳ס לויב צו זיין אַריינקומען אין זיין הויז אַריין, דאָס פּסאַלם־געזאַנג, וואָס די בבל׳ער האָבן געזונגען ביים אַריינטרעטן אין בל־מרודכ׳ס טעמפּל, על־סעגילא:

„אָ, האַר, ביי דיין אַריינקומען אין דיין הויז אַריין —
דיין הויז זאָל זיך מיט דיר פרייען.
באַרואיק דיך, האַר פון בבל,
באַרואיק דיך, האַר פון טעמפּל,
דיין הויז זאָל זיך מיט דיר פרייען.
קוק אויף דיין הויז, האַר,
ווענד דיין פּנים צו דיין שטאָט, האַר,
דיין הויז זאָל זיך מיט דיר פרייען.
באַרואיק דיך, האַר, באַרואיק דיך, האַר.
דער ריגל פון בבל, דער שלאָס פון דיין טעמפּל זאָגן צו דיר:
באַרואיק דיך, האַר, באַרואיק דיך, האַר.
די געטער פון הימל, די מענטשן פון דער ערד זאָגן צו דיר:
באַרואיק דיך, האַר, באַרואיק דיך, האַר,
דיין הויז זאָל זיך מיט דיר פרייען״.

און טריט האָבן זיך געהערט אָנקומען צו דער טיר, שטילע טריט, שווערע טריט, וואָס זענען געקומען אלץ נאָענטער, אָפּשלאָגנדיק מיט א ווידערקול אין חלל. די טיר האָט, לסוף, זיך אויפגעעפנט, און דער גאָט איז אַריבערגעטראָטן די שוועל. ער איז געווען אין מענטשלעכער געשטאַלט, אין מענטשלעכער גרויס, אָנגעטון אין א גאָלדענער, מיט איידלשטיינער און מיסטישע צייכנס געצירטער טוניקע, וועלכע האָט אים איינגעהילט אינגאַנצן, פון דעם האַלדז ביז צו די פוסטריט, מיט א הויכן צילינדער־פאַרעמדיקן הוט, מיט א פעכיק־שוואַרצער אָפּגלאַנצנדיקער באָרד. א לעבעדיקע ריזן־שלאַנג האָט זיך אַריינגעגליטשט נאָך אים. ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן צולייגבעט, האָט די שלאַנג זיך געלייגט צו זיינע פיס.

עקזאלטירט ביז צום העכסטן גראַד פון די נאַרקאָזן, וואָס מען האָט איר געגעבן צו טרינקען, און פון אויסוואַרטונג צו באַגעגענען דעם גאָט, איז זי, גימיל, אַריינגעפאַלן אין א טראַנס. אויסגעשפּרייט אויפן דיל, מיטן פּנים באַהאַלטן אין די הענט, האָט זי אויסגעזונגען גאָטס לויב:

„געוואַלדיק גרויס איז דיין נאָמען, מרודך פאַרכטיקער,
צווישן אַלע געטער איז דיין געטלעכקייט מעכטיק,
דערהויבענער. פירשט.
די הינדין קאָן פון דיין נעץ נישט אַנטרינען,
דיין אייביקע שקלאַפין איז זי.
ווענד דיין פנים צו איר.
געליבטער מרודך, דערהאַלט מיך ביים לעבן,
איך זאָל דיין לויב זינגען.
לאָז מיך קניען פאַר דיר און קושן דיינע פיס,
ווי די געטער אין הימל און די מלאכים אויף דער ערד.
פאַרלענד מיך נישט אין דיין פייער,
נאָר נעם מיך אַריין אין דיינע מעכטיקע פליגל,
ווי דער אָדלער זיין רויב,
וואָרום דיין אויסדערוויילטע שקלאַפין בין איך".

איר לייב האָט געהאַלטן אין איין פלאַטערן פון אימה און באַגער. ציטערנדיק ספּאַזמאַטיש, האָט זי זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן. זי האָט גענומען אויסטאַנצן פאַרן גאָט דעם ריטועלן טאַנץ, וואָס די קדשות האָבן זי אויס־געלערנט. אירע בריסט, די פאַלדן פון איר בויך, די קנייטשן פון איר רוקן, אירע שטאַרקע היפּטן האָבן אויסגעטאַנצט א ציטער־טאַנץ, וואָס האָט אויסגעדריקט איר אונטערטעניקייט און איר תשוקה צו דינען צו איר גאָט. לסוף האָט זי זוכה געווען, אז דער גאָט זאָל באַוויליקן איר ווונטש. ער האָט מיט א ווונק איר געגעבן א צייכן, אז זי מעג צוקומען נאָענטער. זי איז צוגעקומען, האָט אים צוגעטראָגן צו דער נאָז די דופטיקע בלומען, וואָס זי האָט געהאַט פאַרגעברייט פאַר אים. נאָך דעם האָט זי אָנגעגאָסן דעם בעכער, וואָס זי האָט גענומען פון טיש, מיט וויין, און ער האָט גע־טרונקען. ער האָט געגעסן געהייליקטע שפייז און פרוכט פון איר האַנט. פאַר פרייד און התפעלות, וואָס דער גאָט האָט באַוויליקט צו לאָזן זיך באַדינען פון איר, האָט זי זיך געוואָרפן פאַר אים און אָנגעהויבן אויסזינגען מיט פייער הימנען, לויב־געזאַנגען פאַר זיינע העלדישע מעשים אין מלחמה מיט זיין מוטער טיאמאט. דער גאָט איז צופרידן געווען. דאָס איז געווען צו זען אין דעם חסדי־קן שמייכל, וואָס ער האָט באַוויליקט איר צו שענקען, אין זיין בליק, אַרויסגעשיקטע פייער־שטראַלן, וואָס האָבן זיך געגליטשט גלעטנדיק איר לייב. דערנאָכדעם האָט זי געדענקט, וואָס די כהנים האָבן זי געלערנט, און זי האָט זיך איינגעשטעלט פאַרצובריינגען פאַר דעם גאָט די פראַגע וועגן כורש'עס אַטאַקע אויף בבל:

„אָ, אַלמעכטיקער מרודך, גאָט איבער אַלע געטער און מענטשן, דיין פאָלק שטייט פאַרלוירן. דיין שטאָט בבל איז באַלאַגערט. אַ מעכטיקער שונא איז געקומען אויף אונזער לאַנד. ווועסטו העלפן דיינע זין און דיינע קנעכט, נאַבוניד און בלשאצר, בייצוקומען דעם שונא?" — האָט זי געשטעלט די

פראגע איז אויסגעלערנטע ווערטער.

ווי בל־מרודך האָט דערהערט די נעמען פון דעם מלך און זיין יורש־עצר, איז זיין פנים באַדעקט געוואָרן מיט א שווערן וואָלקן ווי מיט א שוואַרצן שלייער. זיינע אויגן האָבן געשאָסן מיט פייער־פונקען, די פעכיקע באָרד האָט א ציטער געגעבן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. די שלאַנג ביי זיינע פיס האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אין דער הויך אזוי ווי צום אַטאַקירן.

„גיי זאָג מיין פאָלק: איך האָב פארוואָרפן נאבוניִדן און פאראומווירדיקט בלשאצרן״.

און דער גאָט האָט אַרויסגעשפּאַנט, טרעטנדיק שווער, פון דעם געמאַך.

דאָס איז געשען אַ טאָג נאָך דעם ווי עס איז אָנגעקומען די ידיעה קיין בבל וועגן נאבוניִדס פאַלן אין סיפּפּאַר.

שראַצר־בל האָט צונויפגערופן די פּני פון זיינע כהנים, און גימיל האָט איבערגעגעבן פאר זיי דעם אָראקל פון גאָט. מיט דעם גאנצן פייער פון איר גלויבן און איר פאַרליבטקייט אין איר גאָט, וואָס זי האָט געהאַט די זכיה צו ווערן זיין קעבסווייב, אויך סטימולירט פון דער אייגענער שנאה, וואָס זי האָט געטראָגן אין איר האַרץ אויף נאבוניִדס דינאַסטיע, האָט זי אין קאָנוולסיעס, מיט שוים אַרויסגעזעצט אויף די ליפּן, אָפּגעשילדערט דראַמאַטיש די שנאה, וואָס דער גאָט האָט אַרויסגעוויזן ביים דערמאָנען די פאַרהאַסטע נעמען נאבוניד און בלשאצר.

א גרויסע צעטומלונג איז געקומען צווישן די כהנים. אַן אנגסטלעכער פּחד איז זיי באפאלן: וועט נישט בל־מרודך פאַרלאָזן אינגאַנצן בבל און איבערגיין צום שונא? שראַצר־בל האָט זיי באַרואיקט. מען האָט גענומען זוכן עצות וואָס צו טון, ווי אזוי צו ברענגען דעם אָראקל צו די חייל־פירער, דער עיקר, צום מעכטיקן גאָלאָ־בא, דעם ראש פון די טויערלייט, וואָס אין זיינע הענט איז איבערגעגעבן די גאַנצע באַוואַכונג פון בבל׳ס ציטאַדעל. מען האָט באַשלאָסן, אז מען זאָל גאָרנישט טון, איידער בל־מרודך וועט נישט קלאָר מאכן זיין ווילן מכוח דעם נייעם מושל אויפן אָרט פון נאבוניִדן און בלשאצר׳ן.



גאָבריאָס האָט געוווּסט פון אַלץ, וואָס עס טוט זיך ביי די כהנים פון בל־מרודך. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע מענטשן צווישן די כהנים, ווי צווישן יעטוועדער אַנדער שיכט פון בבל׳ס געזעלשאַפט. ער האָט געוווּסט פון דער שנאה, וואָס הערשט צווישן די כהנים און די מושלים פון בבל: נאבוניִד׳ן האָבן די כהנים פיינט געהאַט פאַר זיין נטיה צו אַנדערע געטער, באַזונדער צום גאָט צין, אויפן חשבון פון בל־מרודך; בלשאצר איז זיי געווען דערווידער פאַר זיין דערהויבן דעם טעמפּל פון דער געטין אישתר.

גאָבריאָס האָט לאַנג געזוכט צו געווינען די כהנים פון בל־מרודך אויף זיין צד. עס איז אָבער געווען א זייער דעליקאַטער ענין, מחמת ער האָט געוווּסט ווי פיינטלעך זיי באַנעמען זיך צו יעטוועדער באַוועגונג און השפּעה, וואָס האָט נישט דעם שורש אין בבל. ער האָט געוווּסט ווי שווער

עס וועט אָנקומען די כהנים אָנצונעמען דעם פּרעמדלענדישן כורש'ן פאַר דעם מושל פון בבל: כורש'עס נצחון וואָלט געקאָנט פאַרמינערן דאָס חשיבות פון בל־מרודך און זיין קולט אין די אויגן פון די בבל'ער, און די סכנה וואָלט אויך געווען גרויס, אַז ער זאָל איינפירן זיינע אייגענע געטער אין לאַנד. די שאַנסן האָבן זיך דאָך פאַרבעסערט פאַר גאַבריאַס'ן, זינט די כהנים האָבן אַוועקגעפירט די קדשה גימיל פון אישתר'ס טעמפל און זי אַריינגעבראַכט אין זייער אייגענעם טעמפל צו ווערן בל־מרודכ'ס ווייב. אויך גימילס פאַרזענלעכע שנאה פאַר נאבונידס דינאַסטיע, וואָס איז אים געווען באַוווסט, שטאַמענדיק פון דעם זעלבן קוואַל, וואָס זיין אייגענע שנאה, וועט אים פיל העלפן אין דער זאַך.

נאָך דער שלאַכט פון סיפּפּאַר האָט גאַבריאַס געזוכט צו טרעפן זיך מיט דעם כהן־גדול גופא. מיט דער הילף פון זיינע פאַרטרויעלעכע מענטשן צווישן די כהנים האָט ער באַקומען אַן אוידיענץ. איצט זיצן זיי ביידע, שראצר־בל, כהן־גדול פון בל־מרודך, און דער אַלטער גאַבריאַס, אַמאָליקער גובערנאַטאָר־סאַטראַפּ, אין אַ באַהאַלטענעם ווינקל אין טעמפל און רעדן אַרום דעם מצב פון בבל.

די פּערסער האָבן נאָך נישט קיין פעסטגעזעצטע רעליגיע, — האָט גאַבריאַס פאָרגעבראַכט זיין אַרגומענט פאַרן כהן־גדול. — זיי דינען נישט צו פיל געטער, ווייל זיי האָבן זיי נישט. זייער דינען צום פייער־גאָט סאַראַטוסטרא איז פון אַ לויזן נישט־שטרענגן שטייגער. סאַראַטוסטרא אַליין איז נאָך ווייניק באַקאַנט און נישט זייער אָנגענומען אין פּערסיע. זיי האָבן נישט קיין סך ימים־טובים. זיי האָבן, אמת, אַ צאָל געזעצן; האַלטן זיך ריין, מיידן־אויס צו זאָגן ליגן און זענען ערלעך. די פּערסער זענען אַ קרקע־בתולה, אַ נישט־באַאַקערט פעלד. אַ מעכטיק פאָלק, וואָס זוכט ערשט אַ גאָט פאַר זיך. שטעלט אייך פאָר, וואָס עס וועט זיין, ווען כורש וועט אָננעמען די געטער פון בבל און וועט דערקלערן, אַז דאָס האָט אים בל־מרודך געבראַכט צו פירן קיין בבל. דער גאָט פון בבל איז געגאַנגען ביי זיין זייט, האָט געקריגט צוזאַמען מיט אים און אויפגעעפנט פאַר אים די טויערן פון בבל. דער גאָט פון בבל האָט אים, כורש'ן, אָנגענומען פאַר אַ זון און אַ קנעכט, אַז ער זאָל הערשן אין בבל אויפן אָרט פון נאבונידס פאַרהאַסטער דינאַסטיע, וואָס דער גאָט פון בבל האָט פאַרשטויסן. כורש וועט, בכן, נישט נאָר זיין אייגן פאָלק, די פּערסער־מעדייער, ברענגען צו בל־מרודך, נאָר ער וועט מיטציען מיט זיך די אַלע פעלקער, וואָס ער האָט מנצח געווען און באַפרייט זיי פון נאבונידס יאָך און וואָס געפינען זיך אין זיין לאַגער. פון דעם אינדזל קיפּרוס, פון די ברעגן פון די יוונישע אינדזלען ביז צום אויסגוס פון פעניסישן ים, די אַלע פעלקער, די פריגיער, די ליביער, די קאַפּידאָקער, די פעלקער פון די בערג און פון צופוסנס פון די בערג, די פעלקער פון די טאָלן, פון די ברעגן ים, — זיי האָבן אַלע נאָך נישט קיין פעסט־איינגעשטעלטע געטער. זיי גייען שטענדיק אַריבער צו די געטער די זיגער, וואָס ווייזן זיך אַרויס שטאַרקער פון זייערע אייגענע

באַזיגטע היימישע געטער. היינט דינען זיי צום כנענישן גאָט מולך. ווען די יוונים וועלן זיי מנצח, נעמען זיי אָן דעם גאָט אַפּאָלאָ. איז ווי באַר זיי וועלן הערן, אַז בל־מרודך האָט געהאָלפן כורש'ן בייצוקומען זיינע שונאים, וועלן זיי אַלע זיך גלייך וואַרפן אויף די קני פאַר אים. בל־מרודכ'ס נאָמען וועט ווערן געפּרייזט און גערימט אין איטלעך מויל. זיין שם וועט זיך פאַרשפּרייטן איבער אַלע מלוכות. כורש וועט זיך דערנסטמאָל נישט רופן מער דער מלך פון פּרס און מדי, נאָר דער מלך פון בבל. בבל וועט ווערן דער מיטלפּונקט פון דער וועלט און דער פונדאַמענט, וואָס עס שטייט אויף אים דער טעמפּל פון בל־מרודך. וואָרום ווו בל־מרודך איז, דאָרט איז בבל. און בבל וועט ווידער ווערן, וואָס זי איז געווען אין די צייטן פון גרויסן נבוכדנאצר.

„יאָ, אָבער ווי אַזוי קאָנען מיר זיין זיכער, אַז כורש וועט אָננעמען בל־מרודך'ן פאַר דעם גאָט, וואָס האָט אים געהאָלפן מנצח־זיין נאַבונידקן, און דאָס זאָל הייסן, אַז נישט בבל איז באַזיגט געוואָרן, נאָר נאַבונידס דינאַסטיע? ווי אַזוי קאָנען מיר זיין זיכער, אַז כורש וועט נישט אויסרופן זיינע אייגענע געטער פאַר די געטער, וואָס האָבן אים געבראַכט דעם נצחון?" — פרעגט שראצר־בל.

„דאָס הענגט־אָפּ אין אייך, כהנים פון בל־מרודך", — ענטפערט דער אַלטער גאַבריאָס מיט א דינעם שמייכל אין זיין גרויסע באָרד אַריין.

„ווי אַזוי?".

„איר האָט דאָ, אין טעמפּל, דאָס ווייב און די נביאה פון בל־מרודך, וואָס זי ברענגט אייך דעם אָראַקל פון גאָט. שיקט זי אין כורש'עס לאַגער אַריין, און זאָל זי אים אַליין, כורש'ן, ברענגען דעם זעלבן אָראַקל, די בשורה, אַז בל־מרודך האָט אים אָנגענומען פאַר זיין רעכטער האַנט און פירט אים קיין בבל, אַזוי ווי עס שרייט אויס אָפן און פריי דער נביא פון דעם גאָט פון די עברים, פון דעם גאָט יהוה, אַז ער, יהווה האָט גענומען כורש'ן ביי זיין רעכטער האַנט".

„ווער?" — פרעגט דער כהן מיט כעס — „די עברים? זיי, וואָס דער שוואַכער אוויל־מרודך האָט פריי־געלאָזט זייער מלך פון תפיסה און זיי געגעבן רעכט, זיי האָבן די העזה צו זאָגן, אַז זייער גאָט יהוה, וואָס קיינער האָט אים נאָך נישט געזען, וואָס קיינער ווייסט נישט, ווער ער איז, העלפט כורש'ן מנצח צו זיין בבל?".

„נישט נאָר דאָס, נאָר כורש, זאָגט זייער נביא, וועט ברענגען אַלע פעלקער פון דער וועלט צו זייער טעמפּל אין ירושלים און איטלעכע קני וועט זיך בייגן פאַר זייער גאָט" — זאָגט גאַבריאָס.

„דאָס איז דאָך חוצפּה, איינרעדעניש און בגידה קעגן בבל. ווער האָט געהערט פון יהוהן? בל־מרודך האָט מנצח געווען יהוה'ן דורך נבוכדנאצרס הענט, און ער איז נישטאָ מער. ווי אַזוי קאָן ער רעדן דורכן מויל פון א נביא, אַז ער האָט נישט קיין טעמפּל?".

„און דאָך האָבן די רייד פון דעם נביא געמאַכט גרויס רושם אויף כו

ר׳ש׳ן. זיי, די עברים, האָבן נישט קיין טעמפּל, זיי האָבן אָבער נביאים, וואָס ברענגען זיי דעם ווילן פון זייער גאָט. איך האָב אליין דערציילט כורש׳ן וועגן יהוה׳ס אָראַקל, וואָס זייער נביא האָט געבראַכט צו די עברים. ער איז זייער באַאיינדרוקט געוואָרן פון נביא׳ס רייד. ער האָט צוגעזאָגט די עברים צו שיקן זיי צוריק אהיים און צו העלפן זיי אויפבויען צוריק זייער בית־המקדש. ער האָט זיך פיל נאָכגעפרעגט אויף דעם נביא, וואָס האָט געבראַכט יהוה׳ס אָראַקל".

„אָבער דער גאָט יהוה איז דאָך נישט מער בנמצא. זיין טעמפּל איז חרוב, ער האָט קיין היים נישט ווו אויפצוהאלטן זיך, קיין שטאָט נישט ווו מען קאָן אים געפינען".

„כורש קאָן אים צוריק אויפלעבן. זייער גאָט, זאָגן זיי, וווינט אין הימל, געפינט זיך אומעטום, איבער דער גאַנצער ערד. די גאַנצע ערד איז זיינע, זאָגן זיינע נביאים, און אלע ברואים אויף איר געהערן צו אים, און דערפאַר באַדאַרף ער נישט קיין טעמפּל, נישט קיין שטאָט. כורש הערט זיך צו צו אזעלכע רייד. ער זוכט אליין א גאָט, וואָס זאָל הערשן איבער גאָר דער וועלט, ווייל ער וויל אויסשפּרייטן זיין אייגענע ממשלה איבער גאָר דער וועלט און אז אלע מענטשן איז זיין ממשלה זאָלן דינען צו איין גאָט. אויב די כהנים אין בבל וועלן נישט ברענגען דעם מעכטיקן בל־מרודך צו כורש׳ן, וועט ער אָננעמען דעם גאָט פון די עברים, יהוה׳ן, אָדער דעם גאָט פון די יוונים, אַפּאָלאָן".

„אַפּאָלאָ, דער גאָט פון די ווילדע יוונים, וואָס קומען צו אונז זיך לערנען דעם גאַנג פון די שטערן, אונזער חכמת־החשבון, די קונסט פון אונזערע בוי־מייסטער און ווילן דווקא דערגיין אונזערע סודות פון רפו־אות ?" — פרעגט דער כהן מיט ביטול.

„אָ, זיי האָבן די לעצטע צייט פיל אויפגעטאָן. זייער מלך סאָלאָן האָט געשאַפן פאַר זיי זייער גערעכטע געזעצן".

„אלץ גענומען פון אונזער גרויסן געזעצגעבער, האַמוראַבי".

„ווי די זאַך זאָל נישט זיין, כורש האָט א בטיה צו זייער גאָט אַפּאָלאָ, ער האָט געגעבן באַזונדערע זכיות די כהנים־גערטנער פון אַפּאָלאָן אין דער שטאָט מאַגנעסאַ פאַר זייער ברענגען אים א גוטע בשורה פון גאָט אַפּאָלאָ. עס פאַרשטייט זיך, אז איך וויל, חלילה, נישט מאַכן קיין פאַרגלייך צווישן אונזער גרויסן בל־מרודך און זייער אַפּאָלאָ. חלילה. נאָר מען זאָגט, אז אַפּאָלאָ האָט זייער פיל מעלות און סגולות פאַר די יוונים, ווי אונזער גאָט פאַרמאָגט סגולות און מעלות פאַר אונז. אזוי ווי בל־מרודך, פאָרט ער אויך אויף זיין פייערדיקן רייטוואָגן, געשפּאַנט מיט פייערדיקע פערד, אין דער זון. ער איז דער גאָט פון שלום און געזונט. ער ברענגט שלום און רואיקייט אין דעם מענטשנס הארץ און אין דעם גאַנצן באַשאַף", — פרווט דער כיטרער גריכישער מעסאָפּאָטאַמער ארויפברענגען דעם כהן־גדול אויף אן אייפערזוכט־קאַלייע.

„עס איז נישטאָ קיין גאָט ווי אונזער גאָט בל־מרודך. ער איז דער

גאָט איבער אַלע געטער!" — האָט דער כהן־גדול אויסגעשריגן אין גרויס אויפרעגונג, אויפהייבנדיק זיך פון אָרט — "אפֿאַלאָ קאָן געגליכן ווערן צו נבון, קיינמאָל נישט צו בל־מרודך".

"געוויס, געוויס. ווער ווייסט דאָס זיך דערוועגן אַנדערש צו זאָגן? דאָס באַווייזט נאָר, אַז כורש איז להוט אָנצונעמען אַ מעכטיקן גאָט, וואָס זאָל הערשן איבער גאָר דער וועלט. און איבו מיר ווילן פאַרפעלן דאָסמאָל צו ברענגען צו כורש'ן אונזער גרויסן גאָט, בל־מרודך, ווילן אַנדערע כהנים פון אַנדערע אמונות פאַרלויפן אונז דעם וועג. דאָס האָב איך גע־וואָלט אַרויפברענגען מיט מיינע ריייד", — זאָגט דער דיפּלאָמאַטישער גאַבריאַס מיט אַ צופֿרידענעם שמייכל.

דיפּלאָמאַט און כהן זענען שטיל געוואָרן. דעם כהנ'ס ליסער קאָפּ האָט זיך געפלאַקערט אין זיין גלאַנץ, דער שטערן האָט זיך ביי אים געקנייטשט אין ישוב־הדעת. לסוף האָט ער זיך אָנגערופן און איבערגע־פרעגט:

"האָט דער נביא פון די עברים טאַקע נביאות געזאָגט, אַז דער גאָט יהוה וועט אָננעמען כורש'ן ביי דער רעכטער האַנט און וועט אים ברענגען קיין בבל? טאַקע מיט די ווערטער האָט דער נביא פון די עברים גערעדט אין דעם נאָמען פון זייער גאָט?".

"יאָ, אַזוי איז עס געווען. געגנוי מיט די ווערטער..."

"מערקווירדיק, די ווערטער זענען דאָך פון דעם גאָט פון בבל, נישט פון זייער גאָט. נאָר בל־מרודך אַליין נעמט־אָן דעם, וואָס ער האָט אויסדער־וויילט, ביי זיין רעכטער האַנט, און ווען בל־מרודך נעמט־אָן ביי דער רעכטער האַנט, דער ווערט מלך פון בבל", — זאָגט דער כהן. — "מיר מוזן הערן די בשורה פון בל־מרודך אַליין. היינט וועט גימיל, זיין אויסגעקליבן ווייב, זיך אָנפרעגן ביי אים וועגן דעם, און וואָס ער וועט אונז זאָגן, דאָס וועלן מיר טאָן. מאָרגן, גאַבריאַס, וועסטו וויסן אונזער תשובה".

— * —

די נאַכט האָט בל־מרודך באַוויליקט צו באַערן זיין ערדיש ווייב מיט נאָך אַ וויזיט. זי האָט אים, ווי דער כהן־גדול האָט איר אָנגעזאָגט, גע־שטעלט די פראַגע: וועמען האָט ער אויסגעקליבן פאַר דעם מלך פון בבל, אויף נאַבוניד'ס אָרט? זיין ענטפער איז געווען אין די זעלבע ווערטער, וואָס דער גאָט פון די עברים האָט אַריינגעגעבן אין דעם מויל אַריין פון זייַן נביא: "איך וועל אָננעמען כורש'ן ביי זיין רעכטער האַנט און איך וועל גיין ביי זיין זייט און איך וועל אים ברענגען קיין בבל".

די כאַלדייער און די כשדים, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט אונטערגע־נומען קיין זאַך, אַז זיי זאָלן נישט פריער זיך אָנפרעגן וועגן דעם ביי בל־מרודך, האָבן געהאַלטן גאָטס וואָרט פאַר אַזוי הייליק און נישט־אָפּ־פרעגלעך, אַז זיי זענען גרייט געווען זיך מקריב צו זיין, אַבי אויסצופאָלגן וואָס דער גאָט בל־מרודך האָט זיי אָנגעזאָגט. זיי זענען געזעסן, די גרויסע לייט פון בבל, מיט גאַלא־באַ, דעם ראש פון די טויער־לייט, און האָבן בד־

חילו־ורחימו אויסגעהערט, וואָס די קדשה גימיל, אין איר עקזאלטירטן מצב, האָט ארויסגעשריגן פון זיך. זיי זענען אלע געבליבן שטיל, פאַר־שטומט, ווען גימיל האָט פאַרענדיקט, און אלע בליקן זענען געווען גע־ווענדעט אויף גאלא־בא. אימפּאָזאַנט מיט זיין לאַנגער געקאַרבטער באָרד און שייטל אין טאָרלדן, איז דער גרויסער חייל־פיִדער, וואָס עס זענען אים אָנגעטרויט געוואָרן די טויערן פון בבל, געזעסן מיט זיין מעכטיקער פיגור ווי צוגעקלעפּט צום אָרט.

אויך גאלא־בא איז געווען פון אסירישן שטאַם. זיינע עלטערן זענען איבערגעגאַנגען מיט לייב און לעבן צו די בבל׳ער באלד ווי נבוכדנאצר האָט איינגענומען נינוה. ער אליין, וואָס האָט זיך שוין געהאלטן פאַר א ריינעם בבל׳ער איז אָבער נישט געווען קיין פריינט פון נאבוניד׳ס די־נאסטיע, פאַרבלייבנדיק, ווי זיינע עלטערן, געטריי דעם אָנדענק פון נבו־כדנאצר׳ס רעזשים, ווען די פאמיליע איז עולה־לגדולה געוואָרן. א געטרייער חיילסמאַן, איז ער אָבער געווען צופיל בבל׳ער, אז ער זאָל פאַרפעלן אָפּצוהיטן, ווי א הייליק געבאָט, א באפעל אָדער א פאַרבאָט, וואָס קומט פון גאָטס אָראַקל. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט צעשטערט דאָס שווערע שווייגן:

דינאסטיעס קאָנען זיך בייטן, און זיי האָבן זיך געביטן אין בבל, אָבער נישט בל־מרודך. ווו בל־מרודך געפינט זיך, דאָרט איז בבל, אָפּגעזען דער־פון, וואָסער קעניג עס קיניגט אין בבל״.

„ווען בל־מרודך נעמט־אָן ביי זיין רעכטער האַנט, דער איז מלך פון בבל!״ — האָט שראצר־בל געזאָגט אין הסכמה מיט גאלא־בא און באלד אויסגערופן: — „גרויס איז בל־מרודך!״.

„דער גאָט איבער אלע געטער איז בל־מרודך!״

„ווו בל־מרודך געפינט זיך, דאָרט איז בבל!״ — האָבן זיך געהערט ענטוזיאסטישע אויסרופן אין דער אסיפה.

נאָך דעם ווי גאבריאָס האָט פאָרגעלייגט פאַר דער אסיפה זיין פּלאַן צו עפענען די טויערן פון בבל פאַר כורש׳ן און צו קרוינען כורש׳ן פאַרן מלך פון בבל, מיטן תנאי, אז כורש וועט אויסרופן בל־מרודך פאַר זיין שטיצער און באשיצער, איז באשטימט געוואָרן צו שיקן אין כורש׳עס לאַ־גער אריין א געהיימע שליחות פון כהנים, מיט גאבריאָס׳ן און גימיל בראש, צו פאַרהאַנדלען די תנאים פאַר איבערגעבן די ממשלה פון בבל דער בייער דינאסטיע פון פרס און מדי.

— * —

איידער כורש האָט נאָך אויסגעגראָבן איין שפּאַדל ערד אין זיין פּלאַן אָפּצוקערן דעם לויף פון טייך פרת אין אַן אנדער ריכטונג, האָט זיין זון קאַמביז געאיילט צו ברענגען אים צוריק אין אלגער אריין, ווו עס האָט געוואַרט אויף אים דאָס שליחות פון די כהנים פון בל־מרודך. גימיל, באַ־גלייט מיט א סוויטע קדשות־באדינערינס, האָט ווידער, ווי פריער פאַר די כהנים אין טעמפּל, איבערגעגעבן פאַר כורש׳ן און זיינע גובערנאטאָרן־

סאטראַפּן דעם אָראַקל פון בל־מרודך, אין דער פאָרם פון א ריטועלן געזאַנג און טאַנץ. פאַרזונקען ווידער אין א טראַנס, האָט זי אויסגעזונגען מיט גרויס פּאַטאָס די הבטחה פון בל־מרודך, וואָס די כהנים האָבן מחבר געווען אין א פּאָעטישער פאָרם: „איך וועל אָננעמען כורש׳ן ביי זיין רעכטער האַנט..." אָבער נישט דער רייץ פון גימילס ראַזיקער נאַקעטקייט, נישט דאָס טרייסלען פון בויך און היפּטן אין דעם צויטער־טאַנץ האָבן באַוועגט כורש׳ן אויף זיין באַשלוס. צוגעגרייט שוין פון פריער דורך דעם שווערן מצב, אין וועלכן זיינע חיילות זענען אַריינגעטריבן געוואָרן, אזוי אויך פון גאַבריאַס׳עס קלוגע אויספירן, האָט ער איך זיין צושטימען צו די פּאָדערונגען פון בל־מרודך׳ס כהנים געזען אן אויסגאַנג און א מיטל צו רעאַליזירן זיינע אייגענע פּלענער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין געהיים אין זיין האַרץ. כורש האָט שוין דענסטמאָל זיך געהאַט ארומגעטראָגן מיט דעם פּאַנטאַסטישן פּלאַן צו באַפאַלן מצרים. ער האָט געהאַט די אַמביציע צו אַנעקסירן דאָס גאַנצע רייך פון נילוס ביז צו דער אַביסינישער גרענעץ און ווייטער, האָט ער באַדאַרפט האָבן פרייַנט און אַליאירטע אין די אַלע פעלקער אונטער זיין ממשלה. אין דעם פּלאַן איז אויך אַריינגעקומען דאָס קליינע לאַנד יהודה און די ייִדישע גולי־בבל. יהודה האָט באַדאַרפט דינען פאַר א דורכגאַנג און א געזיכערטן אָפּשטעל־פּלאַץ אין זיין גאַנג קיין מצרים. דער אַנבאָט פון די בבל׳ער האָט זיך זייער גוט אַריינגעפּאַסט אין זיין אייגענער אויסרעכענונג. נישט א פרעמדלענדישער מלך וועט אַריינדרינגען אין לאַנד, נאָר אן אייגענער, וואָס זייער גאָט בל־מרודך אליין האָט אים אויסגעקליבן. אָבער כורש איז געווען צופיל דיפּלאָמאַט, אז ער זאָל נישט וועלן פריער אויסגעפינען ווי אזוי זיינע חיילסלייט און זייערע פירער וועלן רעאַגירן אויף זיין אָננעמען דעם פרעמדן גאָט. ער מוז טראַכטן סיי וועגן זיין אייגענעם פאָלק, סיי וועגן די פרעמדע פעלקער אונטער זיין ממשלה: ווי אזוי וועט זיין באַשלוס זיך אָפּרופן אויף זיי? ער האָט אפילו געוווּסט, אז די אייגענע געטער זענען נישט צו־טיף פאַרוואָרצלט סיי אין זיין אייגענעם, סיי אין די אַנדערע פעלקער, און די נטיה צו פאַרבייטן זייערן א גאָט פאַר א גאָט, וואָס זעט־אויס גרעסער, מעכטיקער, הצלחהדיקער אין מלחמה, לעבט תמיד אין זיי. און ווער האָט נאָך א גרעסערן שם ביי אלע פעלקער ווי בל־מרודך? דאָך האָט ער נישט געוואָלט זיין איבערגעאיילט אין זיין באַשלוס. ער וועט איבערוואַרטן און זען ווי ווייט זיינע אייגענע און זיינע אַליאירטע וועלן גרייט זיין צו דערקענען דעם נייעם גאָט. ער האָט, בכן, באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן זיך פאַר א צייט פון פּראָקלאַמירן זיך פאַר דעם מלך פון בבל. ער וועט לעת־עתה בלייבן ביים טיטל „מלך פון פרס און מדי" און לאָזן זיין עלטסטן זון קאַמביז זיצן אויפן טראָן פון בבל און מיט דעם אויך דערקענען בל־מרודך און די אַנדערע געטער פון בבל. און ווען זיין פאָלק און אלע אַנדערע פעלקער וועלן זיך צוגעוווינען צו דער נייער סיטואַציע, וועט ער קאָנען זיכערער איבערנעמען אליין די ממשלה, פּראָקלאַמירן זיך פאַר דעם מלך פון בבל און דערקענען זיך צום גאָט בל־מרודך.

דאָס איבעריקע איז שוין צוגעגאַנגען לויט דעם פּלאַן, וואָס גאַבריאַס און די כהנים האָבן אויסגעאַרבעט.

—*—

די היטער פון די טויערן זענען פּשוט נישט געוואָרן. אויפן באַפעל פון גאַלאַ־באַ האָבן זיי אַלע פּאָסטנס אויף יענער זייט וואַנט, ווו עס איז גאַרנישט געווען צו היטן ווי נאָר די קליינע טיר־עפענונגען אין דער אינעווייניקסטער וואַנט, דורכגענג צו די גאַסן און צום טייך, וואָס האָבן דעם שונא נישט געקאָנט נוצן, ווייל ער וואָלט געמוזט אַדורכשווימען דעם גרויסן גראָבן, דעם טייך פּרת, וואָס עס וואָלט נישט מעגלעך געווען דאָס צו דערגרייכן אומבאַמערקט פון דעם באַלאַגערטן חייל. דער איינציקער מעגלעכער וועג אַריינצוקומען אומבאַמערקטערהייט אין שטאָט אַריין וואָלט געווען דורך דער בריק ביי דעם אישתר־טויער. דער אישתר־טויער אליין איז נישט געווען באַוואַכט. פאַרקערט, ער איז געווען ברייט אויפגעפּראַלט, און טויערלייט אונטער גאַלאַ־באַס קאָמאַנדע זענען דאָרט געשטאַנען, גרייט צו דינען, ווי וועגווייזער, פאַר כורש׳עס חיילסלייט, אַדורכצופירן זיי דורך דעם זאַק פון דער פּראָצעסיע־גאַס און דעם לאַבירינט אַרומיקע געסלעך אויפן וועג אינעווייניק אין שטאָט אַריין.

דאָס אַריינקומען פון כורש׳עס חייל אין שטאָט איז צוגעגאַנגען אַזוי געשווינד, אַזוי פּלוצלונג, אַז בשעת דאָס חייל האָט שוין געהאַט פאַרנומען אַ גרויסן טייל שטאָט, האָט בלשצר נאָך געהאַלטן אין מיטן אַ סעודה אין זיין פּאַלאַץ מיט די גרויסע לייט פון בבל לכבוד דער נייער ערשטער קדשה, וואָס מען האָט אַריינגעזעצט אין דעם טעמפּל פון דער געטין אישתר צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער אוועקגעפירטער גימיל. כורש׳עס חיילסלייט האָבן געמאַכט אַ סוף פון בלשאצר׳ן טאַקע אויף יענער סעודה, ווו ער איז געזעסן אויף זיין געהויבענעם טראָן, מיטן הינטערגרונט פון אַ רעליעף־בילד אויף דער וואַנט הינטער אים, וואָס שילדערט־אָפּ איינעם פון די עפּיזאָדן אין נבוכדנאצר׳ס נצחון איבער זיינע שונאים. נאַבוניד איז געקעפּט געוואָרן מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען ער איז אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש אונטער דער מויער־וואַנט און איז געגאַנגען זוכן אין שטאָט שוץ ביי כורש׳ן. דאָס איז געשען דעם זעכצנטן טאָג אין חודש תשרי (סעפּטעמבער, 539 פאַר דער אָנגענומענער צייטרעכענונג), ווען קאַמביז איז אַריין אין בבל און האָט זי פאַרנומען.

כורש האָט זיך צוריקגעצויגן, איבערלאָזנדיק זיין זון צו פאַרנעמען דערווייל דעם קעניגלעכן טראָן פון בבל.

# קאַפּיטל דרייצן

קאמביז, דער נייער מלך פון בבל, האָט באוויליקט די יידישע פירער אן אוידיענץ. ער האָט זיי נאָכאמאָל מבטיח געווען, אז זיין פאָטער כורש, מלך פון אלע לענדער, וועט אין דער געהעריקער צייט אויסרופן א פריי־לאָזונג פאר די יידישע גולי־בבל, וועט זיי לאָזן אומקערן זיך צוריק אין זייער לאנד, וועט זיי אומגעבן די כלי־קודש, וואָס נבוכדנאצר האָט אוועקגענומען פון זיי, און זיי העלפן צוריקבויען דעם בית־המקדש. די אומקערונג קיין יהודה וועט זיין נישט קיין געצוואונגענע, נאָר א פרייוויליקע.

קאמביז האָט ביי דער אוידיענץ זיך אפילו נאָכגעפרעגט אויף דעם נביא, וואָס האָט אין נאָמען פון דעם גאָט פון ירושלים נביאות געזאָגט וועגן כורש׳עס נצחון איבער בבל. און ווי נבוכדנאצר האָט אמאָל געלייט־זעליקט דעם נביא ירמיהו, אזוי האָט קאמביז, אין נאָמען פון זיין פאָטער, אָנגעבאָטן דעם נביא ישעיה צו עסן תמיד ברויט ביים קעניגלעכן טיש און זיין שטענדיקע אויסקומעניש. דער נביא האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון. ער איז ווייטער פארבליבן מיט די בני בית־לחם, וואָס ער האָט זיך געהאַט אויסבאהאלטן ביי זיי אין דער צייט פון דער באלאגערונג. זיין פּרעסטיזש האָט, פארשטייט זיך, זיך איצט געהויבן אפילו ביי דער אריסטאָקראטיע. נישט נאָר האָבן די פירשטן אים פארבעטן צו קומען וווינען מיט זיי אין זייער פאלאץ ווי זייער אייגענער אָנערקענטער נביא, — דניאל, וואָס האָט זיך אויפגעהאלטן ביי זיי, איז זייער אלט געוואָרן, און ער האָט גערעדט מיט משלים און חידות, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט פארשטיין, — נאָר אפילו די מוראשוס, באזונדער דער ייגנערער ברודער, מרדכי, וואָס האָט אזוי עקשנות׳דיק זיך געשטעלט קעגן אים, און די גאנצע קליקע סוחרים און אונטערנעמער האָבן שלום געמאכט מיטן נביא און אים געהאלטן אין חשיבות. זיין אָנזען האָט מיטאמאָל געשטיגן ביי אלע שיכטן פון ישוב.

גאָבריאָס, וואָס איז איצט באשטימט געוואָרן פאר סאַטראָפּ פון בבל, האָט צוזאמענגערופן די גרויסע יידישע סוחרים, צוזאמען מיט די אנדערע סוחרים פון דער מדינה, און זיי פארזיכערט, אז קיין זאך האָט זיך נישט געביטן פאר זיי אין בבל, א חוץ דער דינאַסטיע; זיי בלייבן ביים זעלבן סטאַטוס ווי אונטער נאבוניד׳ס הערשאפט, ביי די זעלבע רעכט און די זעלבע זכויות, מיט דעם צוגעגעבענעם געווינס, וואָס מיטן איינגלידערן בבל אין דער קייט מלוכות און לענדער, וואָס זענען געאייניקט אונטער דעם צעפּטער פון מלך כורש, וועלן פאר זיי, די סוחרים און אונטערנעמער, זיך עפענען נייע מעגלעכקייטן פאר אויסברייטערן אויף א נישט־געהערטן אופן זייער משא־ומתן מיט פיל נייע מדינות און לענדער. עס וועלן זיך עפענען פאר

זיי די מערק פון פרס און מדי, און זיי וועלן קאָנען דערגרייכן ביז צו די ברעגן פון קאַספּישן ים און אריבערגיין קיין קאַווקאַז, וווּ כורש האָט שוין געהאַט איינגעשטעלט א פּוס. גאַבריאָס האָט אָפּגעשילדערט פאַר די יידישע סוחרים אין די העלסטע קאָלירן די הערלעכע צוקונפט, וואָס שטייט זיי פאָר, און זיי געגעבן די פאַרזיכערונג, אז די מלוכה וועט זיי שיצן און העלפן מיט אלע מיטלען אין אלע זייערע אונטערנעמונגען. וואָרום דער גרויסער קעניג האָט בדעה צו מאַכן בבל פאַר דעם מיטלפּונקט פון דער וועלט, נישט פון דער קליינער וועלט, וואָס איז געווען דאָס מלכות בבל אונטער נאַבוּ־בּיד׳ס ממשלה, נאָר פון דער גרויסער וועלט, וואָס וועט איינשליסן אלע פעלקער און לענדער. און ער האָט זיי ווייטער געגעבן קלאָר צו פאַרשטיין, אז כורש האָט נישט, חלילה, בדעה וועמען צו נייטן צו פאַרלאָזן בבל און צוריקגיין צו זיין לאַנד פון וואַנען ער איז געקומען. אויב די דלת עם־הארץ וויל צוריקגיין, קאָנען זיי צוריקגיין; און וואָס שייך די סוחרים און די אונטערנעמער, וועלכע האָבן באַרייכערט בבל מיט זייער משא־ומתן, איז עס דעם קעניגס ווּנטש, אז זיי זאָלן פאַרבלייבן אין בבל און העלפן אים מאַכן בבל פאַר דעם מיטלפּונקט פון דער וועלט. וואָרום כורש איז נישט געקומען, חלילה, ווי א באַצוויינגער, וואָס וויל צעשטערן בבל די שטאָט און בבל די מלוכה; אדרבה, ער איז געקומען ווי א באַפרייער, גערופן פון די געטער פון בבל צו באַנייען און אויפצולעבן בבל, צוריקצו־ברענגען זי צום מצב פון נבוכדנאצר׳ס צייטן, וואָס נאַבונּיד האָט זי אַרונ־טערגעבראַכט דערפון, און דערפאַר נויטיקט ער זיך אין דער מיטהילף פון די גרויסע סוחרים און אונטערנעמער.

א באַלעבּינג און אַן אויפריכטונג איז געקומען איבער די מוראשוס און די אַנדערע גרויסע סוחרים פון די גולי־בבל. א נייע גאולה איז געקו־מען, די גאולה פון בבל, נישט פון ירושלים, וואָס כורש האָט געבראַכט. כורש איז דער גואל, ווי דער נביא האָט נביאות געזאָגט אויף אים. נישט אנדערש, נאָר ער איז טאַקע פון יהוה׳ן געשיקט, און דאָס נביאות־זאָגן פון נביא איז אמת וצדק.

—•—

בשוב ד׳ את שיבת ציון היינו כחולמים... און שיכּור פון חלומות אזוי ווי פון וויין, איז דער נביא אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און די מאַרק־פּלעצער פון בבל און האָט אויסגעזונגען זיינע חלומות אין די הערלעכסטע פּאָעטישע נבואות.

כורש איז נישט מער דער עבד־יהוה, ישראל איז דער עבד־יהוה. כורש האָט אָפּגעטון די עובדה, וואָס גאָט האָט אים באַשטימט צו טון. דער שטעקן פון גאָט האָט געשלאָגן דעם שונא פון גאָט, אויפגעפּראַלט פאַר אים די טויערן פון בבל, כדי צו באַפרייען ישראל פון דעם יאָך פון בבל און זיי צוריקשיקן אין זייער לאַנד אריין. פון היינט אָן נעמט ישראל איבער דאָס שליחות פאַר גאָט. ער ווערט דער אור־לגויים, אז גאָטס הילף זאָל זיך אויסשפּרייטן ביז צום עק פון דער ערד. און ער האָט געזען די פעלקער פון

דעם עק פון דער ערד, וואָס פילן־אָן די גאַסן און די מאַרק־פּלעצער פון בבל, — כורש׳עס חיילות, די פעלקער, וואָס גאָט האָט איבערגעגעבן אין זיין האַנט, אַז ער זאָל זיי העלפן קומען צו דעם העכסטן באַרג, וואָס איז ירושלים. ער האָט געזען די ווילדע אַראַבער פון דער וויסטע אין זייערע שוואַרץ־וואָלענע מאַנטלען. ער האָט געזען די באַרגלייט פון פריגיע אין זייערע שפּיציקע הוטן, אָנגעטאָן אין פעלן. ער האָט געזען די גייסטיקע שאַמאַנען פון דעם צפון מיט זייערע פעלן, מיט ווילדע־צעוואַקסענע קודלעס און בערד, געזען זיי רייסן פון האַנט צו האַנט שטיקער געבראָטן פלייש פון די רויכערדיקע טעפּ איבער פייערן אין אָפענעם מאַרק, פאַרצוקן רויע פליישן מיט ווילד־חיה׳שער גירדיקייט. ער האָט געזען די תמימות׳דיקע סיליציער, וואָס די ווייכקייט פון זייערע גרינע טאָלן ליגט אין זייערע אויגן, געזען זיי אַרומבלאָנדזשען פאַרווילדעטע איבער די גאַסן פון בבל. ער האָט געזען די קאַפּאַדאָקער, אויסגעפּוצטע אין בונטפאַרביקע וואָלענע מאַנטלען, יוונים פון די ים־ברעגן און די אינדזלען: אין קאָלירטע טוניקעס, האַלב־נאַקעטע, קוקן זיי זיך צו נייגעריק צום פרעמדן לעבן פון די בבל׳ער; פאַרשיכורטע פון זויערן וויין, טאַנצן זיי לעבעדיק און לוסטיק, מיט פריידיקן געזאַנג און פלייטן־שפּיל, אויף די מאַרק־פּלעצער פון בבל. ער האָט געזען שוואַרצהויטיקע ליביער און ווייסע הויך־געוויקסיקע קאַווקאַזער. אַ פלייצונג פון פעלקער און ראַסן, וואָס כורש האָט געלאָזט אַריינשטראָמען אין בבל דער שטאָט אַריין.

מיט זיין מיסטעריעזן נביא׳ישן חוש האָט ער אין די אַלע ווילדע און נישט־ווילדע פעלקער געזען די קומענדיקע אַכפּערער און דינער פון דעם גאָט פון ישראל, וואָס וועלן זיך אָפּלערנען פון ישראל צו גיין אין זיינע וועגן. ווי אַן אַקערמאַן, וואָס קומט־אָן אויף אַ בתולה׳דיק שוואַרץ־פעטיק שטיק ערד; ווי אַ פישערמאַן, וואָס טרעפט־אָן אַ נישט־באַרירטן טאַך, וואָס ווימלט מיט פיש, אַזוי האָט דער נביא אָנגעטראָפן אין דער רויער נישט־באַרירטער מענטשלעכער מאַסע די מעגלעכע גלויביקע אין דעם גאָט פון ישראל, וואָס וועלן אויפגיין אויפן באַרג פון יהוה צו פאַרנעמען די לערנונג, וואָס וועט אַרויסגיין פון ציון און גאָטס וואָרט פון ירושלים.

אָבער דער עיקר פון אַלע עיקרים איז, אַז ישראל זאָל זיך אומקערן צוריק אַהיים און דאָרט איינפירן דעם סדר לעבן, וואָס עס וועט אין אים מקויים ווערן דער ווילן פון גאָט און אַנטפּלעקן זיך זיין גערעכטיקייט און זיין ליבע צו מענטש, וואָס ער האָט געשאַפן. דורך דעם סדר לעבן זאָל ישראל ווערן די פאָן פאַר די גויים, וואָס גאָט האָט אים פאַר דעם אויס־געוויילט פון זיין מוטערלייב און אים אָפּגעהיט אין זיין האַנט, ווי אַ מוטער היט־אָפּ איר איינציק קינד. און צוליב דעם תכלית האָט גאָט געשיקט זיין שליח כורש: כורש וועט העלפן ישראל אויפריכטן דאָס לאַנד, אים מאַכן אַרבן די פאַרוויסטע נחלאות; ער וועט זאָגן צו די געפאַנגענע: גייט אַרויס! צו די, וואָס זיצן אין דער פינצטערניש: ווערט אַנטפּלעקט!

מיט אַלע זיינע פאַנטאַסטישע חלומות וועגן אַן איינהייטלעכער וועלט,

וואָס זאָל איבגאַנצן גיין צום גאָט פון ישראל, מיט זיין עקזאַלטירטער אמונה, אז דער גאָט פון ישראל, קאָן משנה־טבע־זיין, איז דער נביא, ווי אַלע גרויסע נביאים, דאָך געווען אַ פּראַקטיקער: גאָט רעאַליזירט זיין ווילן נישט דורך נסים, וואָס פאַלן אַראָפּ פון הימל, נאָר דורך רעאַלע מעשים, וואָס ער פירט־אויס דורך זיינע באַשטימטע שליחים, לאָזנדיק זיי טון זיין ווילן, אָן זייער וויסן און אָפטמאָל קעגן זייער אייגענעם ווילן. ער באַנוצט זיך אי מיט דעם גוטן, אי מיט דעם שלעכטן, מיט די, וואָס קענען אים און דערקענען זיך צו אים, אַזוי אויך מיט די, וואָס קענען אים גאָר נישט און דערקענען זיך נישט צו אים. וואָרום דער גאַנצער באַשאַף איז זיינער און אַלע מעשים, צי אויסגעפירט פון זיינע אייגענע אָדער פרעמדע, — ניין, פרעמד איז נישט בנמצא ביי גאָט, מחמת קיין זאַך שטייט נישט מחוץ זיין ממשלה, צי בכיוון אָדער נישט־בכיוון, — ווערן אָנגעווענדעט פאַר איין תכלית: צו ברענגען ישראל צו זיין היימלאַנד. און נישט נאָר כורש, נאָר אַלע פעלקער זענען באַשטימט צו העלפן ברענגען צו דעם דאָזיקן תכלית. און עס הויבט־אָן זינגען אין אים א הערלעכער חזיון, וואָס ער זעט מיט זיינע גייסטיקע אויגן:

„זע, איך וועל אויפהויבן צו די פעלקער מיין האַנט,
און צו די אומות וועל איך אויפשטעלן מיין פאָן,
און זיי וועלן ברענגען דיינע זין אין בוזעם,
און דיינע טעכטער וועלן אויפן אַקסל געטראָגן ווערן".

ישראל איז די רינע, וואָס עס רינען דורך איר די וואַסערן פון דער ישועה — נישט נאָר פאַר ישראל אַליין, נאָר פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט. זייער גאולה הענגט־אָפּ אָן דער גאולה פון ישראל.

עס האָט געקלונגען אין אַלע אויערן, אז דער נביא האָט צו ברענגען א נייעם חזיון, א שירה פון דער גאולה. ניין, נישט אין באַהעלטענישן וועט ער איצט דאָס וואָרט פון גאָט לאָזן הערן, נאָר אויף דער ליכטיקער שיין, אין דעם גרויסן פּאַלאַץ פון די פירשטן, פאַר די גרויסע לייט פון יהודה און ישראל, פאַר פירשטן און אייזל־טרייבער, שררות און טעפּער. אַלע וועלן זיין צוזאַמען.

דער גרויסער פּאַלאַץ פון די פירשטן איז איבערגעגאָסן געווען פון צוהערער. אַלט און יונג, קינד און קייט, ווער עס האָט נאָר געקאָנט דערגיין דעם מהלך צום פּאַלאַץ. טיר און טויער זענען אָפן געווען אין דעם פּאַלאַץ פון די פירשטן, אָפן פאַר אַלע בני־ישראל. וואָרום דער נביא ברענגט זיין וואָרט פון גאָט זיין שירה פון דער גאולה.

די פירשטן אויף זייערע טראָן־שטולן. די שרים און די ראשי־האבות, די עלטסטע פון די לאַנדסלייט, די כהנים פון די בני־צדקיהו, די לוויים, די טויערלייט, די בני עבדי־שלמה, אפילו די גרויסע סוחרים און אונטער־נעמער, רב מלכיה־גבּרא אין זיין גאָלדענער קייט, די ברידער מוראשו אין זייערע רייך־קאָלירטע מאַנטלען און די אַנדערע מיט זייערע געאיילטע,

געקאַרבטע אסיר׳ישע בערד. אלץ איז געווען צוזאמען, גאנץ ישראל אונטער איין דאַך ווי ביים באַרג סיני.

אלע דוד׳ס פידלען און האַרפן האָבן זיך צעשפּילט, אלע לוויים האָבן זיך צעזונגען אין איין הללויה. עס איז געווען דאָסמאָל א הללויה נישט נאָר פאר יהוה׳ן, נאָר אויך פאר ישראל. ישראל איז דערהויבן געוואָרן צו דער העכסטער מדרגה. ישראל איז נישט נאָר קנעכט פון גאָט, נאָר די אויס־דערווײלטע כלי פון גאָט פאר דער ישועה און דער גאולה נישט נאָר פאר זיך, נאָר פארן גאנצן באשאף. דער נביא הויבט־אָן מיט א רוף צו די אינדזלען און צו די פעלקער פון דער ווייט. ער, דער נביא, און ישראל ווערן צונויפגעגאָסן אין איינס. ער רעדט וועגן זיך און מיינט ישראל, און ער רעדט וועגן ישראל און מיינט זיך:

„גאָט האָט מיך פון טראכט גערופן, פון מיין מוטערס לייב האָט ער מיין נאָמען דערמאָנט... און איך האָב צו מיר געזאָגט: אומנישט האָב איך מיך געמיט, אויף נישט און ניוועץ האָב איך מיין כוח פארלענדט. אָבער מיין משפט איז ביי יהוה׳ן, און מיין לוין ביי גאָט״.

און מיט א קלאָרקייט און א פעסטקייט, וואָס ער האָט עס קיינמאָל פריער נישט געוויזן, ברענגט ער ארויס דאָס שליחות פון ישראל: פאר וועלכן תכלית האָט גאָט גערופן ישראל פון זיין מוטערס טראכט? פארוואָס האָט ער אים אויסגעקליבן פון אלע אנדערע פעלקער צו זיין זיין עם־סגולה, זיין כלי? ניין, נישט פאר אים אליין, נאָר פאר דער גאנצער ערד און אלע מענטשן אויף איר:

„און אציגד האָט גאָט געזאָגט, —
דער, וואָס האָט מיך געפורעמט פון טראכט
פאר א קנעכט צו אים —
אומצוקערן צו זיך יעקב,
און ישראל זאָל איינגעזאמלט ווערן צו אים — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
קנאַפּ איז, ווייל דו ביסט מיין קנעכט,
אויסצוריכטן די שבטים פון יעקב,
און די צווייגן פון ישראל אומצוקערן;
נאָר איך וועל דיך מאכן פאר א ליכט פון די פעלקער,
אז מיין הילף זאָל זיין ביז צום עק פון דער ערד״.

און ווער זאָל דאָס זיין דאָס ליכט פון די פעלקער, וואָס דורך אים זאָל די הילף קומען ביז צום עק פון דער ערד?

„דער אויסלייזער פון ישראל זאָגט — —
צו דעם פאראכטן פון מענטשן,
צו דעם פאראומווירדיקטן פון פעלקער,
צו דעם קנעכט פון געוועלטיקער״.

(ווערסט זען, עס וועט קומען א צייט, ווען די פעלקער וועלן דערקענען

און דערזען דיין שליחות, אז פאַר זיי, פאַר זיי האָסטו גענומען אויף זיך דעם עול, פאַר זיי, פאַר זיי האָסטו געליטן.)

„מלכים וועלן זען און וועלן אויפשטיין,
שׂררות — און וועלן זיך בוקן,
פון וועגן גאָט, וואָס איז געטריי,
דעם הייליקן פון ישראל, וואָס האָט דיך אויסדערוויילט".

(אז דו זאָלסט זיין א כלי, וואָס דורך איר זאָל קומען די ישועה און די גאולה צו אלע פעלקער.)

דער נביא הויבט־אָן שילדערן דאָס הערלעכע בילד, וואָס ער האָט געזען אין חזיון, ווי ישראל גייט צוריק צו זיין לאַנד. ער זעט זיי ווי שאָף, וואָס הויערן אויף גראָזיקע פיטערפּלעצער, און מיט די ווערטער פון דוד־המלך מאָלט ער דעם וועג פון מערב, וואָס זיי גייען איבער אים: „ביי רואיקע וואסערן טוט ער זיי פירן". ער זעט, זיי קומען פון אלע ווינקלען פון דער ערד, פון צפון און מערב — און פון דעם לאַנד סינים.

און דער נביא צעזינגט זיך מיטן צושפּיל פון אלע האַרפן פון דוד־המלך, וואָרום זיין מליצה פון תהלים באַנוצט ער, און ווי דוד־המלך פאַרן אָרון, הויבט ער אויך אָן טאַנצן אין זיין התלהבות:

„זינגט, איר הימלען, און פריי זיך, דו ערד,
און ברעכט־אויס, איר בערג, אין געזאַנג.
וואָרום גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק,
און זיינע אָרעמע טוט ער דערבאַרעמען".

און מיט א קול פון געוויין אין הויכער התפעלות ווענדט ער זיך צו זיינע צוהערער:

„און ציון האָט געזאָגט: פאַרלאָזן האָט מיך יהוה,
און גאָט האָט פאַרגעסן אָן מיר.
קאָן א פרוי פאַרגעסן איר קינד ביי דער ברוסט,
נישט צו דערבאַרעמען דעם זון פון איר לייב?
אפילו די דאָזיקע זאָלן פאַרגעסן,
וועל איך אָן דיר נישט פאַרגעסן.
זע, אויף די האַנטפלאַכן האָב איך דיך אויסגעקריצט,
דיינע מויערן זענען תמיד פאַר מיר".

ווער האָט זיי אזוי געטרייסט? זינט ירמיה־הנביא האָבן זיי נישט געהערט אזעלכע ווערטער פון נחמה. טרערן רינען פון די אלטע אויגן.

און ער הויבט־אָן שילדערן פאַר זיי דאָס בילד, וואָס ער האָט געזען אין זיין חזיון, פון שיבת־ציון:

„הייב־אויף רונד ארום דיינע אויגן און זע:
זיי אלע זענען איינגעזאמלט, און קומען צו דיר.
אזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט,
אז זיי אלע וועסטו ווי א צירונג אָנטון,
און וועסט זיי אָנקניפּן אזוי ווי א כלה — —
— — — — — — — — — — — — —
זאָגן נאָך וועלן אין דיינע אויערן
דיינע אָנגעוואָרענע קינדער:
ענג איז מיר דאָס אָרט,
טרעט מיר אָפּ, איך זאָל קאָנען וווינען.
און וועסט דיר זאָגן אין דיין הארץ:
ווער האָט מיר די דאָזיקע געבוירן?
איך בין געווען אָן קינדער און עלנט,
פאַרטריבן און פארוואָגלט.
און די דאָזיקע ווער האָט אויפגעצויגן?"

דער נביא, אין זיין פּאַסיע, אין זיין ליבע צו ישראל, ווייסט בישט פון קיין גרענעצן. ער הערט אין זיינע אויערן דעם רוף פון גאָט צו די פעלקער פון דער ערד — צו קומען העלפן ישראל צוריקצוגיין אין זיין לאַנד:

„איך וועל אויפהויבן צו די פעלקער מיין האנט,
און צו די אומות וועל איך אויפשטעלן מיין פאָן,
און זיי וועלן ברענגען דיינע זין אין בוזעם,
און דיינע טעכטער וועלן אויפן אַקסל געטראָגן ווערן.
און מלכים וועלן זיין דיינע דערציער.
און זייערע שררה׳טעס דיינע אמען — —
— — — — — — — — — — — —
און אלע לייבער וועלן וויסן, אז איך, יהוה, בין דיין העלפער,
און דיין אויסלייזער איז דער מעכטיקער פון יעקב".

—*—

נאָך דעם ווי דער נביא האָט געהאט אויסגעזונגען זיין שירה פאר ישראל, איז צוגעקומען צו אים פירשט זרובבל און האָט געזאָגט צו אים:

„נביא, דניאל האָט געשיקט נאָך דיר. ער האָט א שליחות פאר דיר און וויל דיך זען".

„דניאל?" — פרעגט דער נביא אין וואונדער — „לעבט ער נאָך? פאַרוואָס האָב איך נישט געוווּסט דערפון?"

„ער איז זייער אלט און רעדט ווערטער, וואָס קיינער פארשטייט זיי נישט. מיר באהאלטן אים אויס ביי אונז אין פּאלאץ, ווייל מיר ווילן נישט, אז מען זאָל וויסן פון זיינע חזיונות, וואָס שרעקן מענטשן".

„פיר מיך צו אים, פירשט פון יהודה. איך וויל זיך בייגן פאר אים און פרעגן אויף זיין שלום".

פּירשט זרובבל האָט געפירט דעם נביא אין די אינעווייניקסטע געמאכן פון פּאַלאַץ. קיינער מער איז נישט געווען מיט זיי.

דניאל איז נישט געווען קיין מיטאָס. ער איז געווען א לעבעדיקער מענטש, וואָס איז נאָך קינדווייז געבראַכט געוואָרן קיין בבל און האָט דאָרט אָפּגעלעבט די אַלע יאָרן פון גלות ביז צום ערשטן יאָר פון כורש׳עס הערשאַפט. דאָך איז ער אַזוי באַקליידט געוואָרן מיט א וואָלקן פון מיסטעריע, אַז שוין ביי זיין לעבן איז ער באַטראַכט געוואָרן מער ווי א לעגענדע, א מיטאָס, איידער א לעבעדיקער מענטש. קיין חיה־רעה האָט אים נישט אָנגערירט, ווען ער איז געווען אין א שטייג מיט איר; קיין פייער האָט נישט געהאַט קיין שליטה אויף אים. ער האָט זיך געראַנגלט מיט שרים און מלכים און זיי האָבן אים נישט געקאָנט בייקומען. ער האָט אָפּגעלעבט אין בבל די גאַנצע צייט פון גלות, איבערגעלעבט אַלע מלוכה־רעזשימען, וואָס האָבן זיך דאָרט געביטן אין לויף פון יאָרן, און אין דער צייט פון זיין לעצטן אַקט פון א נביא אין בלשאצר׳ס פּאַלאַץ איז ער שוין געווען זייער אַלט. ער איז געווען א טיפער זקן, און דאָך איז ער נישט אַלט געווען. די השגה פון זקנה איז נישט חל געווען אויף אים. ער איז געווען לויטער הויט און ביינער. ער איז געווען דורכזעאיק, גלייך זיין גוף איז נישט באַשטאַנען אויס בלוט און פלייש, נאָר אויס עפּעס אַן אַנדער מין סובסטאַנץ, וואָס איז נישט פון דער וועלט. ער האָט כמעט נישט גענערט זיך ווי איטלעכער בשר־ודם, נאָר די שפּייז, וואָס ער האָט גענומען אין זיך, האָט, ווי זיין קערפּער, אויך געמוזט באַשטיין אויס געהיימע סובסטאַנצן. ער האָט נישט געלעבט אין ד ע ר וועלט. זיין דורכזעאיקער גוף אַליין האָט זיך געפונען אין איר; זיין גייסט האָט געלעבט אין אַן אַנדער וועלט. ער איז תמיד געווען פאַרטראַכט אין זיינע חזיונות, און ער האָט גערעדט אין א נעפּלדיק לשון, מיט חידות און סימבאָלן, וואָס קיינער האָט זיי נישט פאַרשטאַנען. וואָרום ער האָט גערעדט פון זאַכן, וואָס קיינער האָט זיי קיינמאָל נישט געזען, פון זאַכן, וואָס זענען גאָר נישט בנמצא אין דער וועלט.

ער האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי די פירשטן אין הויף. דאָרט האָט ער געהאַט זיין חדר מיוחד, און זיינע צוויי תלמידים, חגי און זכריה, וועלכע זענען נאָך געווען יונג, האָבן אים משמש געווען. מיט טרוקענע ביינער, ווי ביי א מומיע, איינגעהילט אין א ווייס קלייד, איז ער געלעגן אָדער געזעסן אָנגעלענט אויף זיין אָנלען־בעט. זיינע ווייסע לאָקן און ווייסע באָרד האָבן כמעט צוגעדעקט זיין אויבערשטן האַלבן קערפּער. די הויט אויף זיין אויסגעצערטן פּנים איז געווען אַזוי דורכזעאיק, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיין פּנים איז איין גרויס אויג. און מיט זיין פּנים און מיט זיינע אויגן האָט ער אַדורכגעקוקט דורך ווענט און מויערן און אַריינגעדרונגען אין א וועלט און אין א לעבן, וואָס געהערן צו אַן אַנדער, נישט־ערדישער קאַטעגאָריע.

ווען דער פרעמדער נביא האָט זיך געהאַט באַוויזן און געבראַכט די

בשורה וועגן דער גאולה, וואָס קומט, זענען די פּירשטן און די כהנים געקו־
מען צו דניאל'ן און זיך אָנגעפרעגט ביי אים: איז טאַקע די צייט פון דער
גאולה, ווי דער נביא איז מבשר, און זאָלן זיי זיך צו אים צוהערן, אָדער
אים פאַרוואַרפן? דניאל האָט זיי נישט געגעבן קיין קלאָרע תשובה. ער
האָט גערעדט פון א חלום, פון א חזיון פון זיין קאָפּ אויף זיין געלעגער.
ער האָט גערעדט פון פאַנטאַסטישע חיות, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון
א שטורעמדיקן ים: א חיה, אַזוי ווי א לייב, מיט פליגל פון אַן אָדלער,
וואָס איז פאַרקערט געוואָרן דערנאָך אין א מענטשן; א צווייטע חיה, גע־
גליכן צו א בער, וואָס פאַרשלינגט פלייש א סך, און נאָך א חיה, אַזוי ווי
א לעמפּערט, מיט פיר פליגל און פיר קעפּ, וואָס עס איז איר איבערגעגעבן
געוואָרן די ממשלה. און פון א פערטער, א לעצטער חיה, האָט ער גערעדט,
א חיה, וואָס איז „שרעקלעך און מורא'דיק, און געוואַלדיק שטאַרק; און
גרויסע אייזערנע ציין האָט זי געהאַט; און זי האָט געגעסן און האָט צע־
מאָלן, און דעם רעשט האָט זי צעטראָטן מיט אירע פיס; און צען הערנער
האָט זי געהאַט... און אַן אַנדער האָרן, א קליינער, איז אַרויסגעוואַקסן
צווישן זיי... און אויגן, אַזוי ווי די אויגן פון א מענטש, זענען געווען אין
דעם דאָזיקן האָרן, און א מויל, וואָס האָט גערעדט גרויס". — זיינע אויגן
האָבן געלויכטן ווי צוויי אָנגעצונדענע ליכטער, און זיין דין דורכזעאיק פּנים
האָט געשיינט ווי פייער, און זיינע דינע הענט האָבן געציטערט. זיין גאַנצער
גוף האָט געפלאַטערט, ווען ער האָט גערעדט וועגן אַן אַלטבאַטאָגטן, וואָס
„זיין מלבוש איז געווען ווי ווייסער שניי, און די האָר פון זיין קאָפּ ווי
לויטערע וואָל. זיין טראָן איז געווען פלאַמען פייער... און צען טויזנט מאָל
צען טויזנט זענען פאַר אים געשטאַנען. א בית־דין איז געזעסן, און ביכער
זענען געווען געעפנט". און דערציילט האָט ער אין דעם לשון פון די
כאַלדייער.

א גרויסע אימה איז באַפאַלן די צוהערער. זיי האָבן נישט געוווּסט,
צי עס קומט אויף זיי די גאולה, אָדער נייע צרות און פּורעניות. זיי האָבן
מורא געהאַט די טיר פון זיין חדר צו עפענען, אַזוי ווי דאָרט, אין דעם
חדר, וואָלט נישט אַן אַלטער, שוואַכער נביא זיך געווען געפונען, נאָר
א לעגענדאַרער באַפליגלטער לייב, וואָס איז געקומען צו פליען פון הימל
און האַלט אין זיינע קרעלן בראַנדיקע פיילן, מיט פייערפונקען, וואָס שפּריצן
פון זיין מויל, און מען ווייסט נישט, צי דאָס איז דאָס ליכט פון הימל,
אָדער פייער פון דער אונטערוועלט.

אין איינער פון די פיל קאַמערן אין דעם הויף פון די פירשטן איז
געלעגן א בינטל ביינער, אַרומגענומען און געהאַלטן צוזאַמען מיט א דינער
הויט, וואָס האָט געלאָזט אַדורכזען ווי דורך א גלאָז דאָס אינעווייניקסטע
געווערק פון די אברים. און דאָס אויג אין דעם בינטל ביינער האָט גע־
וואַנדערט איבער געשעענישן, וואָס באַדאַרפן ערשט קומען, ווי איינער
וואַנדערט איבער א וועג אויף זיין אייגענער היימישער לאַנדשאַפט. און
וואָס ער האָט געזען אין זיין וואַנדערן, האָט ער דאָס אונז איבערגעגעבן

דורך א ריי סימבאָלן פון פאַנטאַסטישע חיות און שטורעמדיקע ווינטן, וואָס טראָגן אין זיך דעם סוד פון די קומענדיקע געשעענישן, דעם סוד, וואָס גאָט איז מגלה דורך א באַזונדער סגולה פאַר זיינע אויסדערוויילטע.

זרובבל און דער נביא ישעיה האָבן געטראָפן דניאלן זיצן אויף זיין בעט. ער האָט געוואַרט אויף זיי. דער יונגער נביא האָט זיך טיף פאַרבויגן פאַר אים און האָט צו אים געזאָגט:

„שלום צו דיר, מיין פאָטער און מיין לערער, די אויגן און די אויערן פון ישראל!"

דניאל האָט אויפגעהויבן זיינע ווייסע ברעמען און אָנגעקוקט דעם נביא א לענגערע וויַיל. דערנאָך האָט ער אויסגעשטרעקט צום נביא זיין בלייכע האַנט:

„שלום צו דיר, מיין זון", — האָט ער אָנגעהויבן מיט א קלאָר קול. — „איך האָב געשיקט נאָך דיר — דיר צו זאָגן: בעט ביי גאָט, אַז דו זאָלסט נישט מבולבל ווערן, ווען דיינע אויגן און דיינע אויערן וועלן זיך עפענען".

דער נביא, א דערשראָקענער, איז בלייך געוואָרן, און ער האָט גע־זאָגט מיט א ציטערדיק קול:

„פאָטער פון ישראל, האָבן מיינע אויגן פאַלש געזען און מיינע אויערן פאַלש געהערט?"

„חלילה! דיינע אויגן האָבן רעכט געזען און דיינע אויערן רעכט געהערט, נאָר דיין הארץ איז צו־האַסטיק און דיין תשוקה צו דער גאולה צו־להוט. האָסט צופיל בטחון אָנגעהאַנגען אויף א בשר־ודם, וואָס היינט איז ער דאָ און מאָרגן פאַרגייט ער. האָסט געזען א בלעטל, און דו האָסט עס אָנגענומען פאַרן בוים".

און דער אַלטער דניאל האָט צוגעמאַכט די אויגן. זיין פּנים איז געוואָרן נאָך מער דורכזיכטיק, באַגאָסן מיט א ליכט, ווי דאָס ליכט פון חשמל, און ער האָט אַרויסגעזונגען פון זיך מיט א יונג קול:

„איך האָב געזען אין זעאונגען פון דער נאַכט,
ערשט אויף וואָלקנס פון הימל
איז אָנגעקומען אַזוי ווי א מענטשנקינד,
און ביז דעם אַלטבאַטאָגטן האָט ער דערגרייכט,
און מען האָט אים געבראַכט פאַר אים.
און אים איז געגעבן געוואָרן געוועלטיקייט,
און כבוד, און מלוכה.
אַז אַלע פעלקער, אומות און לשונות
זאָלן דינען צו אים.
זיין געוועלטיקייט, אַן אייביקע געוועלטיקייט, וואָס פאַרגייט נישט,
און זיין מלוכה אַזאַ, וואָס ווערט נישט צעשטערט".

דער אַלטער איז שטיל געוואָרן, ווי ער וואָלט איינגעשלאָפן.

און דער נביא איז אַרויסגעגאַנגען פון דניאל׳ס חדר, א שווייגנדיקער, מיט א צעשטערט געמיט.

„איך האָב דיר געזאָגט, אז ער איז אלט געוואָרן, דניאל, און ווייסט נישט, וואָס ער רעדט", — האָט געזאָגט פירשט זרובבל.

„ער ווייסט, וואָס ער רעדט", — האָט דער נביא געענטפערט ווי פאר זיך. — „ער זעט ווייטער, ביז צום סוף פון די טעג".

## סוף ערשטער טייל

# קאַפּיטל איינס

ווי אַ טייך, וואָס שוועלט־אָן, ווען אַ פאַרפלייצונג קומט איבער זיינע ברעגן, אַזוי איז די שטאָט בבל אָנגעשוואָלן געוואָרן מיט אַן איבערפלייץ פון מענטשן. קיינמאָל, קיינמאָל האָט בבל נישט אויפגענומען אַזאַ גרויסע באַפעלקערונג. גלייך ווי די מענטשן־שטראָמען פון גאָר דער וועלט וואָלטן זיך אַריינגעגאָסן אין איר קאָרעטע. מחנות, פעלקער גאַנצע פון איטלעכן קאָליר, פון אַלערליי פאָלקס־טראַכטן, און זיי האָבן איבערגעפולט אַלע גאַסן, קאַנאַל־שטראַנדן, מאַרק־פּלעצער, אַרויסגעגאָסן זיך פון די גאָרקיכן, פון די טעמפּלען, פון אַלע ווינקלען, ווי אַן איבערפלייץ פון אַ מבול.

די גאַס פון די שייטלמאַכערס, דעקאָרירט מיט פלאַכטעס, טיכער און פּאַלמען־צווייגן, איז באַלייגט מיט מאַמעס און קינדער. זיי שטייען אויס־געשטעלט אין לאַנגע שורות, און די בעל־מלאכה׳ס שייטלמאַכערס העלפן זייערע קליענטן אָפּצוקלייבן די האָר פון די קינדערשע קעפּ, וואָס די מאַמעס האָבן געבראַכט אויפן יאַריד צו פאַרקויפן. קוים זענען שייטל־מאַכער און קונה איינגעגאַנגען אויף דער צאָל זעקלעך גערשטן אָדער גריץ, אָדער אויף דער וואָג שקלים און זילבער, אַלס פּרייז פאַר אַ שייטל און אַ באָרד, אויסגעאַרבעט פון  אַן אָפּגעקליבענעם קאָפּ האָר פון אַ קינד, אַזוי קומט דער שערער, וואָס שטייט שוין גרייט מיט זיינע מכשירים, צו צום קינד, אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל, שניידט־אָפּ די לאַנג געוואַקסענע האָר און לאָזט איבער דאָס קינד ווי אַ שעפּס נאָכן שערן. די סוחרים פון די לעבעדיקע קעפּ האָר האַלטן אין איין אויסרופן און רימען זייערע סחורות:

„לכבוד בל־מרודך דעם מעכטיקן, לכבוד ניי־יאָר, מאַכט אייך אַ נייעם שייטל, באַקליידט אייך מיט אַ נייער באָרד! זעט דעם לעבעדיקן אָפּגלאַנץ פון די האָר, פילט די וואָג פון די לאָקן, פּופציק שקלים אין וואָג! אַ באָרד ווי ביי גילגאַמאַשן קאָן איך אייך קניפּן פון דעם קאָפּ האָר", — ווייזט דער שייטלמאַכער, וועגנדיק אויף דער האַנט דעם שיין־געלאָקטן קאָפּ האָר פון אַ יונג געזונט מיידל.

„די האָר מיט דעם לעבעדיקן לייב, וויפל וועט עס באַטרעפן אין שקלים?" — פרעגט איינער מיט אַ דיקלעכן בויך, ווו עס באָמבלט זיך ביי אים אַ חותם־רינג אין גאַרטל, מיט זיין קנעכט הינטער אים, וואָס טראַגט אים נאָך דאָס זעקל זילבער.

„איך פאַרקויף נאָר די האָר. דאָס לעבעדיקע לייב געהערט צום פאָטער. אָט דאָרט שטייט ער, אין יוועלן־מאַרק. ער וויל טאַקע זיין טאָכטער פאַר־קויפן. פאַר אַ נייעם בבל׳שן קאָלירטן מאַנטל, וואָס ער וויל זיך איינשאַפן

לכבוד דעם יום־טוב פון מרודך, דעם מעכטיקן, וועט ער די טאָכטער אוועקגעבן".

אויף דעם שקלאפן־מארק, וואָס איז באַלד ביים געסל פון די שייטל־מאכערס, שטייט א קרעפטיק, קערנדיק הארט־געקנאָטן לייב פון א נעגער־ווייב אויף דעם ארויסשטעל־קלאָץ צום פארקויפן. דער אראבישער סוחר, אין זיין מדבר־ליילעך, וואָס באדעקט זיין שאנד, בעת דער פרויס שאנד איז אנטפלעקט, האלט אין זיין האנט די טורעם־געפאָרעמטע ברוסט פון דער פרוי און רופט מיט א פארכאפט קול:

„לכבוד בל־מרודך דעם גרויסן, קויפט אייך א קעבסווייב, וואָס טויג צו אלץ. זעט א ברוסט, זעט, נישט קיין קינדער־מילך גיט זי, מענער־מילך, מענער־מילך! קויפט אייך איין לכבוד דעם יום־טוב פון ניי־יאָר, לכבוד בל־מרודך דעם אלמעכטיקן!"

און אזוי אומעטום ווו מען קערט זיך און ווענדט זיך אין דעם לאבירינט ווינקל־פארשאָטנטע געסלעך פון דעם גרויסן באזאר, שטייען די סוחרים פאר זייערע קרעמלעך, רופן־אויס זייערע סחורות לכבוד דעם יום־טוב פון ניי־יאָר, לכבוד בל־מרודך, דעם גאָט איבער אלע געטער, וואָס האָט מציל געווען בבל פון צעשטערונג.

„קויפט־איין די זיסע ווײַרויך־בשמים, וואָס קומען פון אראבישע קאק־טוסן, צו דעמפן פאר מרודך דעם שטראלנדיקן! האנדלט אייך איין דעם ווויל־דופטיקן אייל, געדריקט פון די זעלטנסטע וואָרצלען פון אינדישע קרייטעכער, צו זאלבן אייער לייב צום גרויסן יום־טוב פון מרודך דעם הערלעכן! פארזיסט די זויערקייט פון אייער לייב מיט דעם האָניק־טעם פון זאפראן און בעגעלעך, יאסמין און אינגבער. דער ריח פון אייער לייב זאָל אויפגיין אָנגענעם אין די נאָזלעכער פון מעכטיקן גאָט און פון זיין געליבט ווייב, דער געטין גימיל, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט בבל פון אונטערגיין".

ביי די שניט־קראָמען האָבן די סוחרים פארקויפט צייג פאר בבל'ער מאנטלען, זיידנס פון פערסיע, לייוונטן פון צידון, בונטפארביקע וואָלנס לכבוד בל־מרודכ'ן. די זילבערשמידן האָבן ארויסגעשטעלט צום פארקויפן זילבערנע ווייבערשע גארטלען, נאָזרינגען, בראסלעטן, שטערנטיכלעך, קייטעלעך און רינגען לכבוד דעם יום־טוב פון גאָט. די סאנדאלן־נייער אין דעם סאנדאלן־געסל, די טעפער אין דעם טעפער־געסל, סוחרים פון געדוי־כערטן שעפסן־פלייש אין דעם יאטקע־געסל, שענקער פון זויערן ביר אין די שענקען פון ביר און וויין, די הענדלער פון גרינוואַרג ביי די געשטעלן פון גרינסן, ווי די פלעצלעך פון געדעשטן אין דעם בעקער־געסל, מיט איין וואָרט, אלץ, וואָס איז געווען צו פארקויפן אין דעם ווייט־אויסגע־שפרייטן באזאר, פון א מענטשן־שקלאַף, אָדער קעבסווייב ביז צו א סאנ־דאלן־בענדל, איז פארקויפט געוואָרן אין דעם נאָמען פון דעם מעכטיקן גאָט איבער אלע געטער און מענטשן, דעם גאָט פון הימל און ערד, דעם גאָט בל־מרודך. זיין נאָמען איז נישט אראָפּ פון די ליפּן, מחמת גאַנץ בבל האָט זיך מכין געווען צו זיין יום־טוב פון ניי־יאָר, וואָס ווערט געפייערט

דעם ערשטן טאָג פון חודש ניסן.

אָבער מער ווי ערגעץ אַנדערש ווו איז בל־מרודכ׳ס נאָמען געפּרייזט און געלויבט געוואָרן אין דעם געסל, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט תּפילות און הלל געזאַנגען. אויף גידעריקע בענקלעך אָדער מיט די פיס אונטער זיך זענען געווען אויסגעזעצט אין דעם געסל די שרייבער פון תּפילות. זיי האָבן מיט אַ שטילעט אויסגעקריצט אויף ליימענע טאָוועלעך אָדער צילינדערס סיי די תּפילות און הימנען, וואָס זענען שוין באַקאַנט געווען און אָנגענומען פון בל־מרודכ׳ס כּהנים, סיי אַזעלכע, וואָס זענען ניי פאַר־פאַסט געוואָרן פאַר דעם אָנקומענדיקן יום־טוב. אויף פּלאַכטעס, אויסגע־שפּרייט פאַר זיי, האָבן זיך געבאַקן אויף דער זון די פאַרשריבענע טאָווע־לעך. אַנדערע אויסגעלייגטע טאָוועלעך זענען שוין גרייט געווען צום פאַר־קויף: אויסגעבאַקן פון לאַנג אין אויווּנס, זענען זיי געווען שטאַרקער, מער פאַרהאַרטעוועט, און דערפאַר העכער אין פּרייז. די שרייבער פון די תּפילות זענען געווען לרוב שקלאַפן, וואָס האָבן געטון די אַרבעט פון פאַר־פאַסן און אויפשרייבן תּפילות פאַר זייער בעל־הבית, ווי די שקלאַפן פון יעדער אַנדער מלאָכה. דער בעל־הבית פון שרייבער־שקלאַפן, אַ סוחר אָדער אַ פאַרלעגער פון תּפילות און הימנען, איז געווען געוויינטלעך אַ בכבודיק־אויסזעענדיקער בבל׳ער, אויסגעפּוצט אין אַ שיינעם בבל׳ער שוואַרצן מאַנטל. שטייענדיק מיט פאַרלייגטע הענט אין דער פּאָזע פון דעם גאָט פון חכמה, נבו, וואָס זיין סטאַטוע איז טאַקע געשטאַנען ביי דעם געוועלב, האָט דער סוחר אויסגערופן זיין סחורה מיט אַ בנעימות׳דיקער מינע, פאַר־גלאָצנדיק פרום די אויגן:

„דאָס איז די תּפילה, וואָס די הייליקע כּהנים פון גרויסן גאָט בל־מרודך האָבן מתקן געווען צו זאָגן דעם ראָש־השנה, וואָס קומט־אָן, אַ הלל־געזאַנג פאַר דעם גרויסן נס, וואָס ער האָט אונז געטון, אָפּראַטעווענדיק בבל זיין שטאָט פון צעשטערונג. שאַפט אייך איין, עס וועט אייך ברענגען גרויס הצלחה״.

אַ פרומער בבל׳ער, מיט אַ שטילעט און אַ שרייב־טאָוועלע אָראָפּהענ־געגדיק ביי אים פון אַ קייטל אויפן האַלדז, קענטיק, אליין אַ געלערנטער, אַ סופר, גייט אַרויס פון דעם קרייז ביישטייער, קומט־צו צום סוחר פון הימנען, הויבט־אויף פון דער ערד איינס פון די אויסגעטריקנטע ליים־טאָוועלעך און לייענט בדחילו־ורחימו אַדורך די תּפילה, צוערשט פאַר זיך, ־ערנאָך מיט אַ פרומען ברום, שאָקלענדיק זיך בשעת־מעשה:

„געוואַלדיק גרויס איז דיין נאָמען, בל־מרודך,
אין הימל ביסטו דערהויבן, אויף דער ערד ביסטו אונזער מלך.
אָ, גאָט, ווי הערשער אין הימל און הערשער אויף דער ערד,
האָסט נישט קיין גלייכן צווישן דיינע ברידער די געטער.
דיך אליין איז גוט צו לויבן און פּאַסיק צו פּרייזן
פאַר דעם גרויסן נס, וואָס דו האָסט אונז געטון״.

„אָ־וואַ, פלאַי־פלאַים, אַ ריין תּפאַרת׳ל!״ — באַלעקט דער געלערנטער

מיט דער צונג זיין טרוקענע ליפּ, און שוין באַלד נעמט ער גלעטן פאַר נחת די לאַנגע געקאַרבטע באָרד זיינע.

„דאָס האָט מיין אַסירישער קנעכט פאַרפאַסט, אַגאַ־מאַ, און די כהנים פון על־סעגילאַ האָבן עס אָנגענומען. דער כהן־גדול אַליין האָט געגעבן זיין הסכּמה, אַז מען זאָל די תפילה זאָגן דעם ראָש־השנה. אַליין אַמאָל געווען אַ סופר ביים טעמפּל פון גאָט אשור איך נינוה", — ווייזט דער אַרויס־געבער פון תפילות אָן אויף אייגעם פון זיינע שקלאַפן־שרייבער, וואָס איז אַ דאַרער אויסגעטריקנטער זקן; ער זיצט מיט די פיס אונטער זיך פאַר־טיפט אין אויסקריצן שריפט־צייכנס אויף ליים־טאָוועלעך. — „די כהנים פון דער געטין אישתר האָבן אים געוואָלט ביי מיר אָפּדינגען, ער זאָל שרייבן פאַר זיי הימנען און תפילות. איך האַלט אים אָבער פאַר די כהנים פון בל־מרודך. ווילט איר זען דעם הימן וואָס ער האָט מחבר געווען פאַר דעם גאָט שמש? נאָט, לייענט. איך זע, אַז איר זענט אַ מבין אויף שירים". — און דער סוחר האָט אויפגעזוכט צווישן די טאָוולען און געגעבן איינס דעם מבין.

דער פרומער געלערנטער בבל'ער האָט אָנגעהויבן לייענען דאָס נייע טאָוועלע:

„„באַליכטיקער פון דער טונקלעניש, אויפהעלער פון הימל,
פאַרניכט דאָס בייזע פון אויבן און אונטן.
עס באַדעקט ווי אַ נעץ זיין גלאַנץ די ערד,
די מעכטיקע בערג לאָזט ער אויפשיינען.
ער צינדט די הימלען מיטן פייער פון זיין ליכט,
און די ערד שמייכלט אים אַנקעגן.
ביי דיין אויפגאַנג, שמש, פרייען זיך הימל און ערד.
גרויסער פירשט שמש, דער גאַנצער באַשאַף פרייט זיך
מיט דיר".

„פּלאַי־פּלאַים! וואָס קאָסט עס?"

„נאָר צוויי מעסטלעך גערשטן, אָדער דריי אייער. זילבער אָדער קופּער אין וואָג פון אַ פערטל שקל. בחצי חינם".

דער פרומער בבל'ער באַצאָלט מיט אַ שטיקל זילבער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין גאַרטל, נעמט דאָס טאָוועלע און לייגט עס זיך אַריין בדחילו־ורחימו אין דעם בוזעם פון דעם ברייטן בבל'ער מאַנטל.

„גוטער מענטש, אפשר האָט איר אַ תפילה פאַר אַ לאַנג און געזונט לעבן?" — פרעגט אַן עלטערע פרוי, וואָס איז ערשט צוגעקומען, מיט אַ ציטער אין קול; איר פּנים איז צעקנייטשט, איינגעשרומפּן. — „איך פיל זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען. איך בין געגאַנגען צו די כהנים פון דער גרויסער געטין אישתר, האָב איך זיך געוואָלט אָוועקזעצן צווישן די ווייבער צו ווערן אַ קדשה פאַר דער געטין, האָבן מיר די כהנים געזאָגט, אַז פאַר אַ קדשה בין איך שוין צו־אַלט, קיינער וועט מיך נישט וועלן מקדיש זיין

פאַר דער געטין. זוך איך אַ תּפילה".

„אַ תּפילה וועט נישט טויגן פאַר אייך, גוטע פרוי. איר קענט דאָך נישט לייענען. איך וועל אייך בעסער פאַרקויפן אַ קמיע, וואָס איז אַן אויסגעפּרוווטע סגולה פאַר אַ גוטע עלטער. וואָס האָט איר געבראַכט פאַר דער קניה? אַ ציקעלע, אַ פעט גענדזל?"

„אוי, גוטער מענטש, ווער האָט הייַנט, מישטייגס געזאָגט, אָוועקצוגעבן אַ ציקעלע אָדער אַ גענדזל? איך האָב געבראַכט אַ שיין בינטל געוואַשענע וואָל, וואָס איך האָב אָפּגעשוירן פון מיינע צוויי שעפעלעך. עס וועט סטייען פאַר אַ גוטן קאַפּטן".

„פאַר אַ ביסל וואָל פון צוויי שעפּסן קאָן איך אייך נישט געבן די סגולה. עס קאָסט מיך אַליין טייערער. איך וועל אייך געבן אַ סגולה, וואָס וועט אייך אָפּהיטן פון אַ בייז־אויג", — און דער סוחר לייגט צוריק דאָס טאָוועלע מיט דער סגולה פאַר אַ גוטע עלטער, וואָס ער האָט שוין געהאַלטן אין האַנט, אויף זיין אָרט, נעמט אַ צאָן פון אַ קעמל און גיט עס דער פרוי. — „דער כהן פון גאָט נבו האָט עס אַליין אָפּגעשפּראָכן. עס איז אַ סגולה פאַר אַ בייז אויג און העלפט צו ציין־ווייטיק. טוען אייך וויי די ציין?"

„וואָס נוצט מיר אַ סגולה פאַר ציין־ווייטיק, אַז איך האָב שוין מיינע ציין לאַנג אויפגעגעסן?" — פּלאַפּלט די אַלטע מיט איר איינגעפאַלענעם מויל אָן ציין, אין אַ לשון, וואָס לאָזט זיך שווער פאַרשטיין — „אַלע בעטן הייַנט צו בל־מרודך, וואָלט איך אויך עפּעס געוואָלט האָבן אַ תּפילה, אַ סגולה, לכבוד דעם יום־טוב, ער זאָל מיך באַשיצן אויף מיינע אַלטע טעג".

„אַ תּפילה פאַרן גאָט בל־מרודך פאַר דעם ביסל וואָל פון צוויי שעפּע־לעך? ניין, ניין, אַלטישטקע. תּפילות פאַרן גאָט מרודך ווערן געריסן הייַנט פון די הענט. אַלע ווילן זיך אויספּוצן הייַנט מיט קמיעות און סגולות פון גאָט מרודך. נאַט, דאָ האָט איר אַ תּפילה. עס וועט אייך העלפן. עס איז אַ תּפילה פאַר אַ גוטע עלטער", — זאָגט דער סוחר, נעמט אַ פאַרשריבן שערבל אַרויס פון אַ טאָפּ און גיט עס דער אַלטער. — „עס וועט אייך זיין אַ רפואה פאַר אַלע חולאת'ן".

„עס איז אַ תּפילה צו בל־מרודך?" — פרעגט די אַלטע.

„יאָ, יאָ, צו אים אַליין. די כהנים פון זיין טעמפּל על־סעגילא האָבן עס געשריבן אין זיין נאָמען. און לאָזט מיך איצט געמאַך!"

—*—

אַ דרייפאַכער יום־טוב האָט געזאָלט זיין דער ניי־יאָריקער ראש־השנה אין בבל: דער יום־טוב פון ניי־יאָר גופא, וואָס פאַלט־אויס דעם ערשטן טאָג פון חודש ניסן און ציט זיך פיר־פינף טעג; דער יאָר־טאָג פון כורש'עס איינגעמען בבל אָן ווידערשטאַנד און די אָרדינאַציע דורך בל־מרודך פון דעם נייעם מלך איבער בבל. קיין מלך איז נישט באַפולמעכטיקט געוואָרן אין בבל ביז ער האָט נישט באַקומען די סמיכות פון גאָט דורך אָננעמען די אייבערשטע געטלעכע מאַכט, איבערגעבנדיק זיך איר באַשיצונג און

איר חסד. אויך כורש האָט געמוזט זיך דערנידעריקן אזוי. ער האָט דאָס אָבער אויסגעמיטן אין זיין אייגענער פערזאָן און איבערגעגעבן דעם רשות זיין יורש־עצר קאַמביז.

דער עיקר טייל פון די אלע פייערונגען האָט געזאָלט זיין דאָס אומקערן צוריק אהיים די געטער, וואָס מען האָט זיי אין די טעג פון דער־מלחמה געהאַלטן אויסבאַהאַלטן אין בבל דער שטאָט. שוין די דערלויבעניש צו ברענגען די געטער צוריק צו זייערע טעמפּלען איבערן לאַנד איז אָנגענומען געוואָרן ווי א סימבאָל, א צייכן פון כורש'עס דערקענען־זיך צו דער אָנגענומענער אמונה פון בבל, פון זיין גרייטקייט צו דינען צו די געטער פון בבל. האָט, בכן, דאָס אַרויספירן די געטער פון בבל געזאָלט געפייערט ווערן מיט באזונדערן פּאַראַד און פּאָמפּע.

עס איז געווען די שענסטע צייט פון יאָר אין בבל. אויב אפילו בבל האָט קיין ריכטיקן ווינטער נישט, און דער שניט פון קערנער־תבואה קומט דאָרט פּאָר עטלעכע מאָל א יאָר, דאָך איז פרילינג די צייט פון יאָר, ווען אלע פעלדער אין בבל, באוואסערט פון די קאַנאַלן אַרום, זענען באדעקט מיט א ווייטן און ברייטן אויסשפּרייט פון טעפּיכער אין אלערליי געמישטע קאָלירן, ווייס, בלוי, רויטלעך, און וויאָלעט, די בליאונג פון דעם פרילינג־פּאַרזיי פון גערשטן, וואָס שלאָגט אַרויס פון דער ערד. אלע גערטנער אין שטאָט און אַרום דער שטאָט שטייען אין פולן אויפבלי. די מאַנדלביימער זענען באדעקט מיט ראָזיקע שלייערן, ווי א כלה, אויסגעפּוצט צו דער חופּה, און אזוי אויך די פערשקע־ביימער און די ווילדע קאַרשן. די בשמים־גערטנער האַלטן אין צייטיקן, און א שטאַרקער פּערפום־ריח גייט־אויף פון דעם זאַפראַן און דעם קאָריאַנדער. און די גרינס־גערטנער, וואָס נעמען־אַרום בבל, ווי א גרינער גאַרטל, ביי די קאַנאַל־שטראַנדן און ציען זיך, ווי גרינע בענדער פּאַזע די קאַנאַלן דורך דער שטאָט, זענען באדעקט מיט דעם געבלי פון קנאָבל, ציבעלע און ליק, וואָס די בבל'ער באַנוצן אזוי פיל, אז דער גערוך פון קנאָבל און ציבעלע טראָגט זיך שווער פון איט־לעכער בבל'ער באַרד און איטלעכן בבל'ער מאַנטל, ווי די קוילראַבי און דער ווילדער קרויט פון זייערע מיילער. אָבער די שטאָט בבל באַקומט איר יום־טוב'דיקע מראה, די בתולה'דיקע פרישקייט פון פרילינג, דער עיקר, פון דער פרישער גרינקייט, מיט וועלכער עס באַקליידן זיך די פּאַלמען, די פּאַמעגראַנאַטן, די טייטלביימער, להיפּוך צו דער ערנסטער סטאַבילער אַלטקייט, וואָס די בכבוד'ע טיף־פּאַרוואָרצלטע און ברייט־צעצווייגטע איילבירט־ביימער אַרום סוגעסטירן מיט דער געדיכטער גרינקייט פון זייערע פריש־באַבלעטערטע צווייגן.

די אויסנשטאָטישע באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן אַריינשטראָמען אין שטאָט אַריין טעג צופריער און געבראַכט מיט זיך קרענץ און גירלאַנדעס בלומען. מען האָט זיי געגעבן רשות אויפצושלאָגן געצעלטן אויף יעט־וועדער לייריקן פּלאַץ, וואָס זיי וועלן געפינען. זיי האָבן פאַרהילכט די לופט מיט זייער ערב־יום־טוב'דיקן געריהדער. פון אומעטום האָט זיך

געהערט אַ לוסטיק רוישן פון געלעכטער, פון געזאַנג און טאַנץ. איבער אַלע מאַרק־פּלעצער און באַזאַרן זענען צעשטעלט געווען אָן אַ שיעור דרייפוס־בראַטערס, געהייצט מיט בהמה־מיסט, סמאַלע און געטריקנטע פּאַלמען־בלעטער, וואָס די אָנגעלאָפענע מאַסע מענטשן האָבן געבראָטן דערויף שעפּסן־פלייש, ציגן־פלייש, היבער און געגדז, זייער צידה־לדרך, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אין ערדענע טעפּ, אין געפלאָכטענע קערב. און די לופט פון בבל איז פאַרדאַרבן געוואָרן דורך אַ געשטאַנק פון געדעמפּטע, געריכערטע און געריישטע פליישן, באַווירצט מיט ציבעלע און קנאָבל, מיט זאַפּראַן און בשמים־בלעטער. די רויך־וואָלקנדלעך, די פּאַרע, וואָס האָט געזעצט פון די דרייפוס־אויוועלעך, דאָס געריישעכץ פון געפּרעגלטן פעטס, דער שאַרפער ריח פון ציבעלע און קנאָבל און דער זויערער געשמאַק פון שלעכטן ביר איז פאַרגאַנגען אין די נאָזלעכער און געביסן איטלעכע קעל.

מיטן אָוונט האָבן זיך אָנגעצונדן די שטורקאַצן, וואָס האָבן באַלויכטן דעם שלל קאָלירן פון דעם המון, וואָס האָט זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד, אין דעם רויך און נעפּל, וואָס איז געהאָנגען איבער דער שטאָט, צום ווילדן ליאַרם און געבראַזג פון פּייקלעך, פייפלעך און טאַצן, געווירבלט זיך אין אַ פאַרשאַרפטן כאַאָטישן טאַנץ, ווי באַנומענע פון בייזע רוחות, וואָס זענען באַפאַלן די שטאָט. איבער די קאַנאַלן האָבן זיך געשאַרט גרעסערע און קלענערע שיפן, באַהאָנגענע מיט גירלאַנדן־בלומען, באַלויכטענע מיט סמאַלע־פאַקעלן, וואָס האָבן אָפּגעוואָרפן זייערע בלוט־רויטע פלאַמען איבער דעם וואַסער־שפּיגל, געבנדיק די קאַנאַלן פון בבל דעם אָנבליק פון פלאַקערדיקע נאַפט־טייכן. אַ מעלאַנכאָליש תּפילה׳דיק געזאַנג, באַגלייט מיט אַן אָנשרעקנדיק מאָנאָטאָן פּייקלען, איז געקומען פון די שיפן. דאָס האָבן געזונגען די משוררים, וואָס זענען געקומען מיט די שליחים פון שטעט, געשיקט צו ברענגען צוריק אַהיים די געטער זייערע פון בבל, וווּ זיי האָבן אָפּגעריכט גלות אין דער צייט פון כורש׳עס אינוואַזיע. איטלעכע שליחים־גרופּע האָט געהאַט איר פאָן, וואָס האָט געפלאַטערט מיט אירע אייגנאַרטיקע קאָלירן פון דער שיף אויפן קאַנאַל, אירע אייגענע הימנען און תּפילות, געזונגען פון כהנים־סריסים אין פאַרבנרייכער הלבשה. עס איז געקומען אַ גרויסע גרופּע פון די פני פון דער שטאָט באַרסיפּאַ, באַגלייט פון כהנים, אומצוקערן פון גלות זייער גאָט נבו. אויך פון אַלעפּאַ, אין סיריע, איז געקומען אַ גרופּע שליחים צו נעמען אַהיים זייער גאָט פון שטורעם, הדר. און אַזוי פון שטאָט און שטאָט, און די איינוווינער פון בבל האָבן זיי מקבל־פּנים געווען מיט שטורמישער פרייד און אָנקעגנגעיובלט מיט טריאומף־אויסגעשרייען.

די פּראָצעסיע־גאַס איז געווען פאַרטרונקען אין רויזן־רויט און פּאַלמען־גרין, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען אין גירלאַנדן פון איטלעכן בנין איבער דער גאָרער לענג פון גאַס, פון בל־מרודכ׳ס טעמפּל־טורעמס ביז צו דעם אישתר־טויער. די פיל גרין־קאָלירטע פּירעקעדיקע טורעמס איבער

דעם אישתר־טויער זענען באדעקט געווען מיט טעפיכער רויזן־רויט, וואָס עס האָבן דורך זיי ארויסגעשיינט אין זייערע קאָלירן פון בלוי, ווייס און וויאָלעט די חיות פון די גלאזירטע קאכליעס אויף די ווענט. די הויכע מויערן פון נבוכדנאצר׳ס פאלאץ זענען באהאלטן געווען אין בלומען, וואָס זענען, ווי פיל־קאָלירטע קאסקאדן, געפאלן ארונטער פון די הענגענדיקע גערטנער איבער די מויערן. אויף דער גאס גופא זענען אויך אויפגעשטעלט געוועןביידלעך פון גאנצע בליענדיקע ביימער, ווי דער סיקאָמאָר, וואָס איז פארהייליקט געווען פון קדמונים, דער אקאציע־בוים ביז צום מאנדל־בוים. די גרין־בליענדיקע ביידלעך האָבן באהאלטן אין זייער שאָטן אָפבילדער פון די געטער. די גאס, ווי די מויערן, איז באלייגט געווען געדיכט מיט זעגעכץ פון צעדערבוים, וואָס איז פאר דעם געבראכט געוואָרן פון לבנון. וואָרום די געטער האָבן ליב דעם אראָמאַט פון צעדערהאָלץ. זייער לייב ווערט געגליכן אין די הימנען צום צעדערהאָלץ. די כהנים האָבן אפילו געלערנט ארויסצוציען פון דעם צעדערבוים א געווויסן זאַפט און אויסגעארבעט פון דעם א צעדער־פערפום, וואָס זיי האָבן מיט דעם באַשפּרענקלט דעם ברוקיר־שטיין אויף דער גאס, די בלוי־גלאזירטע קאכליעס, וואָס די פראָצעסיע וועט טרעטן איבער זיי.

א גאנצע נאכט האָבן געהאלטן אין אָנקומען שליחים פון פארשידענע שטעט, מיליטערישע און ציוויל־באאמטע, גובערנאטאָרן, פארטרעטער פון פארשידענע מדינות און פראָווינצן. נאָר די גאָר אָנגעזעענע זענען אריינגעלאָזט געוואָרן דורך דעם אישתר־טויער אין דער פראָצעסיע־גאס. אָבער אויך זיי זענען, ווען אפילו שוין אריינגעקומען אינעווייניק, געהאלטן געוואָרן פון א מיליטער־וואַך אין העלמען און מיט לאנגע שפּיזן אין אָרדענונג, הארט ביי די מויערן, כדי צו לאָזן א ווארע פאר די וועגענער, געשפּאנט מיט שורות כהנים, וואָס וועלן ארויספירן די געטער דורך דעם אישתר־טויער צו דעם טייך פרת, וווּ עס וועלן וואַרטן אויף זיי די דעקאָרירטע שיפן, וואָס וועלן זיי אָפּפירן מיטן טייך אהיים. דער המון־עם האָט געמוזט זוכן פאר זיך ערטער אויף יענער זייט פון די מויערן, וואָס האָבן אָפגעשלאָסן די פראָצעסיע־גאס. כהנים פון צווייטן גראד, קדשות, קליינע באאמטע, חיילסלייט פון נידעריקן ראנג האָבן באלייגט און באהאָנגען די דעכער פון די פיל לאָקער־טורעמס אויפן אישתר־טויער, די הייך פון די פעסטונג־מויערן, די הענגענדיקע גערטנער איבער נבוכדנצאר׳ס פאלאץ.

פון קדמונים אָן איז אויסגעארבעט געווען א ריטואל פאר דער פראָצעסיע פון די געטער, וואָס איז שטרענג אָפגעהיט געוואָרן. אין דעם סאמע הרף־עין, ווען דער שטערן ווענוס, לויט דעם אָנווייז פון די אסטראָלאָגן און די שטערנזעער, באווייזט זיך פאר דעם אויפגיין פון מאָרגנשטערן, אויף א געוויסן פונקט אין הימל, איז דער כהן־גדול אריינגעקומען אין דעם טורעם פון בבל, אין דעם קדשי־קדשים, וווּ עס געפינט זיך די מעכטיקע גאָלדענע סטאַטוע פון בל־מרודך. ער איז אריינגעקומען אָנזאָגן דעם גאָט די בשורה פון נייעם יאָר, אים פאָרברייטן צום צערעמאָניאל, אים

וואשן, אים אָנטון און זאָגן פאַר אים די געהעריקע תפילות.

צו דער מינוט, וואָס דער ריטואַל האָט באַשטימט, איז קאַמביז, דער מושל פון בבל, באַקליידט אין דער הלבשה פון אַ קעניג פון בבל, מיט דער דריי־פאַלדיק געקאַרבטער באָרד, מיט דער קעניגלעכער קרוין אויפן קאָפּ, מיט דעם רינג פון דער ממשלה אויפן פינגער, מיטן צעפּטער אין דער האַנט, געקומען פאַר דעם כהן־גדול שראַצר־בר, וואָס איז אַליין געווען אָנגעטון אין זיינע בגדי־כהונה.

שראַצר־בר האָט קאַמביז'ן אַריינגעפירט אין טורעם פון בבל, אין דעם קדשי־קדשים. פאַר דעם גאָלדענעם גולם, בל־מרודך, אין זיין שטיין־אויסגעזעצטן קלייד, אין זיין טיאַרע אויפן קאָפּ, מיט דער פּיפּערנאָטער־שלאַנג ביי זיינע פיס, האָט דער כהן־גדול געקניט און געזאָגט פאַר אים זיין לויב:

„בל, רחמנות'דיקער מלך, האַר איבערן לאַנד,
האַר איבער מלאכים, ליכט פון אַלע מענטשן, באַשיצער פון מזלות —

— — — — — — — —

האָב רחמנות אויף דיין שטאָט בבל,
קער־צו דיין פּנים צו דיין הייליקן טעמפּל על־סעגילאַ,
רוף פריילאָזונג פאַר דיינע קינדער אין בבל,
באַשיץ זיי פון באַדריקער, לאָז זיי פריי פון אונטערטעניקייט,
מעג דיין ליכט שיינען איבער די קינדער פון בבל".

און פאַר דעם גאָלדענעם גולם איז געשטאַנען דער שטעלפאַרטרעטער פון דעם גרויסן מעכטיקן מנצח, דער יורש־עצר פון מלך כורש — קאַמביז. ער האָט אַראָפּגענומען זיין מלכות־קרוין פון קאָפּ, דעם רינג פון זיין פינגער, האָט גענומען דעם צעפּטער און דאָס אַלץ איבערגעגעבן אין די הענט פון בל־מרודכ'ס כהן־גדול. דער כהן־גדול האָט געלייגט די אינסיג־ניעס פון דער קיניגלעכער ממשלה פון בבל פאַר דעם אָפּגאָט. דער כהן־גדול האָט דערנאָך צוגעפירט דעם יורש־עצר פאַרן אָפּגאָט, האָט געשלאָגן אים מיט דער האַנט אויף דער באַק, אים געצוואונגען פאַרן אויער, אין צייכן פון אונטערטעניקייט צו בל־מרודך. דער יורש־עצר האָט דעמאָלט געקניט פאַרן אָפּגאָט און געזאָגט די תפילה:

„איך האָב נישט געזינדיקט, האַר פון אַלע לענדער,
איך האָב נישט באַליידיקט דיין געטלעכקייט,
איך האָב נישט צעשטערט די שטאָט בבל,
איך האָב נישט פאַריאָגט אירע איינוווינער,
איך האָב זיי נישט פאַרשעמט.
איך גיב אַכטונג אויף בבל,
איך האָב נישט געשטורעמט אירע מויערן,
איך האָב זיך נישט דערנענטערט צו דיין בית־המקדש.

האָב רחמנות אויף מיר,
נעם מיך אויף אין דיין חסד, מעכטיקער גאָט".

און דער מלך איז געבליבן שטיין אויף די קני פאַרן גאָלדענעם געץ.
דענסמאָל האָט זיך געווענדעט דער כהן־גדול צו כורש'עס יורש־עצר און פאַרטרעטער:

„האָב נישט קיין מורא, בל האָט געהערט דיין געבעט.
ער וועט באַגליקן דיין מלוכה,
וועט באַהערלעכן דיין ממשלה.
דער, וואָס בבל איז זיין שטאָט,
דער, וואָס על־סעגילא איז זיין טעמפּל,
דער, וואָס די קינדער פון בבל זענען זיינע קינדער,
ער וועט דיך בענטשן אויף אייביק.
ער וועט צעשטערן דיינע פיינט,
ער וועט צעשלאָגן דיינע קעגנשטייער
פעלקער און לענדער אונטערטעניק מאכן צו דיינע פיס".

דענסמאָל האָט דער כהן־גדול גענומען די אינסיגניעס פון מלכות בבל און באַקליידט מיט זיי צוריק דעם מלך פון בבל.

די פויקן האָבן געפּויקט אינדרויסן, די טראָמפּייטן האָבן געשאַלט פון אַלע פיר עקן פון בבל'ס טויערן, אָנזאָגנדיק דער וועלט, אַז קאַמביז האָט, אין נאָמען פון זיין פאָטער, דעם מעכטיקן כורש, „אָנגענומען בל־מרודכ'ס האַנט" און איז מיט דעם אויפגעזעצט געוואָרן ווי דער רעכטלעכער מלך פון בבל און אַלע אירע לענדער.

קאַמביז, דער רעכטלעכער אויפגעזעצטער מלך פון בבל, האָט איצט געהאַט די עובדה צו פירן די פּראָצעסיע פון ניי־יאָר, דאָס הייסט, צו גיין בראש אין דעם פּאַראַד־צוג פון די געטער, וואָס קערן זיך אום צוריק אַהיים, צו זייערע טעמפּלען.

עס איז נישט געווען קיין שיעור צו דעם ענטוזיאַזם פון די בבל'ער, ווען זיי האָבן דערזען דעם נייעם הערשער, קאַמביז'ן, דעם אייננעמער פון בבל, בראש פון זיינע חייל־פירער און סאַטראַפּן און די בבל'ער גרויסע לייט באַקליידט אין בגדי־מלכות פון אַ בבל'ער מלך, מיט דער בבל'ער טיאַרע־קרוין אויפן קאָפּ, מיט דעם צעפּטער אין דער האַנט, פירנדיק די פּראָצעסיע פון די געטער. גאַנץ בבל האָט שוין געוווּסט, אַז דער נייער מושל האָט אָנגענומען בל־מרודכ'ס האַנט און האָט זיך איינגאַנצן באַקערט צו דעם גרויסן גאָט פון בבל. ער אַליין, און אין דעם נאָמען פון זיין פאָטער, איז נוהג־כבוד אין די געטער, פירט־אָן די פייערלעכע פּראָצעסיע לכבוד זייער פריילאָזונג פון גלות. איז עס נישט דער בעסטער באַווייז, אַז קיין גאָט פון אַ פרעמד לאַנד האָט נישט מנצח געווען די געטער פון בבל? בל־מרודך איז דער גאָט איבער אַלע געטער, דער מעכטיקסטער. דורך זיין ווילן איז דאָס אַלץ געשען. ער איז געגאַנגען ביי

כורש׳ס רעכטער האַנט און האָט אים געבראַכט קיין בבל, ווייל ער האָט געוואָלט ברענגען אַ שטראָף אויף נאַבוגיד׳ן און בלשאצר׳ן. ער האָט געלייטזעליקט בבל מיט אַ נייעם מעכטיקן מלך, וואָס האָט איינגענומען לעגנדער און פעלקער און זיי געבראַכט צו די פיס פון בל־מרודך. אַ שטאָלץ און אַ יראת הכבוד פאַר זייערע געטער האָט אַרומגענומען די בבל׳ער. בל־מרודך איז געהויבן און געאַכפּערט געוואָרן עד אין־לשער, און זייער אייגענע חשיבות האָט פון דעם פיל געוואונען: איז נישט בל־מרודך דער גאָט פון בבל, און זענען זיי נישט זיינע קינדער? מיט דעם, וואָס כורש און זיין זון האָבן אים דערקענט, איז ער צוריק געוואָרן דער גאָט פון אַלע פעלקער און לענדער, וואָס איטלעכע קני מוז זיך בייגן פאַר אים, זיין טעמפּל, על־סעגילא, דער מיטלפּונקט פון דער גאַנצער וועלט, בבל די שטאָט — די שטאָט איבער אַלע שטעט, אַזוי ווי זי איז געווען אין דער צייט פון נבוכדנאצר׳ן, און נאָך מער.

ביין, נישט אויף אייזלען געלאָדן, נישט מיט אָקסן געשלעפּט, אַזוי ווי זיי זענען אַרייגגעקומען קיין בבל, ווען זיי זענען אַנטרונען פון אָנקומענדיקן שונא, האָבן די געטער זיך אומגעקערט צוריק אהיים, צו זייערע אייגענע טעמפּלען. געהילטע אין בונטפאַרביקע געוואַנטן, באַקראַנצטע, באַקרוינטע, באַגלייט מיטן צושפּיל פון פלייטן און האַרפן, זענען זיי איצט אַרויסגעפירט געוואָרן אויף בלומען־באַפּוצטע וועגענער, געשפּאַנטע מיט לאַנגע שורות כהנים.

צוערשט האָט מען אַרויסגעפירט אויף אַ גאָלד־באַשלאָגענעם וואָגן, זיצנדיק אויף אַן עלפאַנטביינערנעם טראָן, דעם גרויסן גאָט שמש, אין זיין זכרשער געשטאַלט, מיט אַ בכבוד׳ער באָרד. דאָס רעכטע אויג פון בל־מרודך, פאָטער פון דער געטין אישתר, אַ גלגול פון מצרישן גאָט רא, איז שמש פאַרהייליקט און געאַכפּערט געווען אין פיל לענדער ווי דער גאָט פון דער זון. גרויס איז געווען די צאָל תפילות, הימנען, פּסאַלם־געזאַנגען, וואָס די בבל׳ער האָבן מחבר געווען פון זיין כבוד וועגן. זיין זיצאָרט איז געווען די שטאָט סיפּפּאַר. די פּני פון זיין שטאָט, געשיקט צו ברענגען אים מיט גרויס פּאַראַד אהיים, האָבן אים אָנגעטון אַ גאָלדענע טיאַרע אויפן קאָפּ, אים באַהאַנגען מיט אַן אַ שיעור קייטן און רינגען, וואָס זאָלן שטראַלן און בליאַסקען אין דער זון. די אומגעהויערע מענטשן־מאַסע אין דער פּראָצעסיע, ווי די נאָטאַבלען אין זייערע טראָג־שטולן, די כהנים און די קדשות אויף די טעראַסן פון די טעמפּלען, דער המון־עם פון בבל, וואָס איז געהאָנגען אויף די מויערן, אויף די דעכער און די געזימסן פון די הייזער, האָבן אַרויסגעלאָזט אַ יובל־געשריי, וואָס האָט געשפּאָלטן די הימלען, ווען זיי האָבן דערזען דעם קאָפּ פון זון־גאָט, פלאַקערנדיק אין דער זון. און עס האָבן נאָך די כהנים־משוררים אויפגעהויבן זייער קול אין געזאַנג:

„שמש, ווען דו באַווייזט דיך איבערן הימל,
זאָלן דיך די טויערן פון הימל באַגריסן.

זאָל יושר, דיין באַליבטער ממונה, דיך רעכט פירן.
הימל און ערד שיינען דיר אַנקעגן,
איטלעך בלימל און איטלעך גרעזל פרייען זיך מיט דיין
אָנבליק.

ווען די גייסט־אויף, הערשט דאָס לעבן;
פאַרגייסטו, געוועלטיקט דער טויט".

נאָך דעם גאָט שמש איז געקומען צין, דער לבנה־גאָט, דאָס ליבקע אויג פון בל־מרודך, די מוטער פון דער געטין אישתר, כאָטש איר געשטאַלט איז געווען א זכר׳שע, אָדער אפשר פון א נקבה, וואָס מען האָט איר אָנגעקלעפּט א באָרד, געשלעפּט פון אירע כהנים אין געשפּאַן פון א זילבער־באַשלאָגענעם וואָגן מיט א באַלדאַכין.

באַגלייט פון נאָטאַבלען פון זיין שטאָט באָרסיפּפּא, איז געפירט געוואָרן אַדוהו, דער גאָט פון שטורעם, די אָרעמס פון בל־מרודך, דער, וואָס האָט געבראַכט דעם מבול אויף דער וועלט. און אַזוי אויך דער גאָט נבו, וואָס האָט אויך געהאַט זיין טעמפּל אין באָרסיפּפּא. דער גאָט פון חכמה און שריפט, די בריסט פון בל־מרודך, איז אַרויסגעפירט געוואָרן, א שטייענדיקער, אין זיין צילינדער־הוט, די הענט פאַרלייגט אייבע איין דער אַנדערער. זיינע כהנים זענען געווען די געלערנטע פון בבל, די שרייבער, די שטערנזעער, די מאַגיקער און די מעדיצין־לייט. אָן א צאָל זענען געווען די שליחים, וואָס האָבן באַגלייט דעם גאָט נאָך זיין וואָגן.

און ערשט איצט זענען געקומען די גרויסע געטער.

אין א וואָגן, באַהאָנגען מיט פּערסישן זיידנס, געשפּאַנט מיט כהנים־סריסים און אַרומגערינגלט מיט קדשות, איז געפאָרן די געטין אישתר. די געטין איז געווען א פאַרזעעניש פון א פרוי, געשניצט פון עבנהאָלץ, זייער אַלט, אַז די פּרוכנע האָט זיך געשאָטן פון איר פיגור. א הויכע, דאַרע אויסגעצויגענע ווייבערישע פיגור מיט א לאַנג פאַרחושכ׳ט פּנים, לאַנגע אויערן מיט א גרויסן אוירינג אין איין אויער, האָט זי געהאַלטן אין די הענט צוויי טויבן צוגעדריקט צו אירע פלאַכע בריסט. זייער פאַרהייליקט פון אַלטע דורות, איז זי געבראַכט געוואָרן פון זייער וויט, פון א שטאָט, וואָס ליגט ביים טייך חידקל. זי האָט געמוזט זיין זייער פאַרהייליקט אויך ביי דעם המון פון בבל, וואָרום ווען די פיגור, אונטערגעהאַלטן פון כהנים־סריסים, האָט אין א שטייענדיקער פּאָזע זיך דערנענטערט מיט אירע קדשות צו דער מאַסע, האָט זיך אָפּגעריסן שטורעמדיק א יובל־געשריי, און פיל פון דער מאַסע, לרוב פרויען, האָבן זיך געוואָרפן מיטן פּנים צו דער ערד און גערופן: „אָ, געטין פון פרימאָרגן!" — „מויד אישתר, צירונג פון הימל!" — „מויד אישתר, קיניגין פון הימל!"

די קדשות האָבן אַרויסגעלאָזט א פּאָר טויבן, וואָס האָבן גענומען פלאַטערן, קרייזן אַרום דעם וואָגן. ווייבער, אכפּעריינס פון אישתר, האָבן אַרויסגענומען צוגעגרייטע קיכעלעך פון די בוזעמס, צעקרישלט זיי און מיט גרויס ליאַרם געוואָרפן די ברעקלעך צו די טויבן: „אָ, אישתר, קיניגין

פון הימל! מויד אישתר, צירונג פון הימל!"

נאָך דעם וואָגן פון דער געטין אישתר איז געקומען דער גרויסער מאָמענט פון דער פּראָצעסיע.

עס איז געקומען מיטאמאָל א שטילקייט איבער דער וועלט. אזוי ווי די שטילקייט וואָלט אראָפּגעפאַלן פון הימל אויף אן אומגעזעענעם וואָלקן און וואָלט פּאראַליזירט די גרויסע מאסע מענטשן, וואָס האָט פול געמאכט די פּראָצעסיע־גאַס, זי צוזאמענגעקנאָטן אין איין שטיק, וואָס איז געבליבן פארגליווערט, פארשטיינט אזוי ווי זי איז געווען. די שטילקייט איז וואָס־אמאָל מער געוואָקסן און פארוואנדלט זיך אין א טויט־שרעק, וואָס האָט זיך געלייגט מיט שווערן דרוק איבער מענטשן. אלע אויגן זענען געווען געווענדעט צו די ווענט פון בבל'ס טורם, וואָס האָבן דערלאנגט מיט זייערע גלייכע ווערטיקאַלע ליניעס צו די הימלען. איבער די גראָדע הויכע טרעפּ, וואָס האָבן געבידערט פון טעראַסע צו טעראַסע, האָט זיך ארונטער־געלאָזט א מאסע כהנים, געקליידטע אין ווייסן, און פון צווישן זיי האָט זיך ארויסגעהויבן, א באשטראַלטע מיט אלע זון־שטראַלן, א גאָלדענע־פיגור, געטראָגן אויף מענטשלעכע אקסלען. עס האָט לאנג געדויערט ביז די גאָלדענע פיגור אין מיטן דער ווייסער מאסע האָט דערגרייכט די אונ־טערשטע טרעפּ. דער המון איז די גאנצע צייט פארבליבן אין זיין פאר־גליווערטן אומבאוועגלעכן צושטאַנד. לסוף האָט זיך דערהערט אן אומ־היימלעך ברומען, וואָס איז ארויסגעגאנגען פון הונדערטער מיילער, א געזאנג אין נידעריקן טאָן. די בראָנדז־באדעקטע טויערן פון על־סעגילא האָבן זיך פונאנדערגעעפנט. עס האָבן זיך געוויזן די ערשטע שורות וויס־געקליידטע כהנים. דער עולם איז אלץ פארבליבן פארגליווערט, שטאַר. שורה נאָך שורה זענען ארויסגעקומען פון די טויערן די כהנים, זינגענדיק אלץ אין שטילן טאָן, מיט דער באגלייטונג פון א שטילן דומפן פייקלען. און ווען די גאָלדענע פיגור, אויפגעהאלטן אויף די אקסלען פון כהנים, פינקלענדיק אין די פלאַקערדיקע שטראַלן פון דער זון, איז געקומען נעענטער, נעענטער צו די מענטשן, האָט די גאנצע מאסע, אויפגעבראָכן אין איר פארגליווערטקייט, ווידער ווי איין שטיק זיך געוואָרפן מיטן פּנים צו דער ערד, און איז געבליבן אזוי ליגן — טויט, אומבאוועגט.

דורך דעם געפאלענעם קערפּער פון דער מאסע האָבן די כהנים אדורכגעטראָגן דעם גאָט בל־מרודך, אן אויסגעצויגענעם אין זיין גאנצער ריזיקער הויך, מיט דער גאָלדענער טיאַרע אויפן קאָפּ, אין זיין גאָלד־געהאָפטענעם קלייד, באזעצט מיט בליאסקעדיקע איידלשטיינער און מיט מיסטישע דיאגראַמען, ברומענדיק אלץ אין שטילע פארגאנגענע טענער תהילות־ותשבחות צו זייער גאָט. די מאסע, אויסגעלייגט אין גרויס ציטערניש אויף דער ערד, האָט מורא געהאַט אויפצוהויבן דעם קאָפּ און אים אָנקוקן. און אזוי זענען זיי געבליבן ליגן, פארשטאַרט, נישט צו רירן מיט קיין אבר, ביז די כהנים האָבן געבראכט די גאָלדענע פיגור צו א בימה, וואָס איז געווען א קאָפּיע אין א מיניאַטור־פאָרמאט פון דעם טעמפּל

על־סעגילא, מיט פיר־קאנטיקע טעראסן, געהויבן אייגע איבער דער אנדע־רער, מיט א דרייפוס־מזבח פאר איטלעכער טעראסע. די כהנים האבן אויפגעשטעלט בל־מרודכ׳ס פיגור אויף דער בימה. דער כהן־גדול שראצר־בל, מיט זיין באקעט־אפגעגאלטן קאפ און פנים, מיט א רויט־פלאקערדיקן שערץ איבער זיין נאקעט לייב, האט גענומען א הויפן רויכער־בשמים פון א גאלדענעם קעסל, וואס איז געשטאנען פארן מזבח, האט געווארפן די בשמים אויפן קוילן־פייער פון דרייפוס און אנגעהויבן די תפילה פאר בבל דער שטאט און אירע איינוווינער, די תפילה, וואס ווערט געזאגט אין דעם יום־טוב פון ראש־השנה:

„בל, האר איבער אלע געטער און מלכים,
ליכט פון אלע מענטשן, באשטימער פון מזלות,
בל, בבל איז דיין זיצארט, בארסיפפא איז דיין קרוין,
האב רחמנות אויף בבל דער שטאט,
קער דיין פנים צו על־סעגילא, דיין טעמפל,
פריי זאלן זיין די קינדער פון בבל,
אויף דיין שוץ און באשירעמונג קוקן זיי אויס”.

ערשט דענסמאל האט דער המון־עם געפונען מוט אין זיך אויפצוהויבן דעם קאפ פון דער ערד, אויסשטרעקן די הענט צו דער גאלדענער פיגור פון בל־מרודך און, קניענדיק, זאגן בציבור די תפילה פון ראש־השנה:

„מרודך, גרויסער האר, אויף דיין דערהויבענעם געבאט,
מעג איך געזונט זיין, מעג איך גאנץ זיין,
איך זאל קאנען דיין געטלעכקייט רימען.
אזוי ווי איך ווינטש עס, זאל עס געשען”.

קאמביז, זון פון מלך כורש, ניי־אויפגעזעצטער מלך פון בבל, באגלייט פון דעם אלטן גאבריאס, גובערנאטאר פון בבל, פון זיינע סאטראפן און חייל־פירער, איז איצט אנגעקומען מיט דער פראצעסיע צום מזבח ביי דעם אישתר־טויער. מלך קאמביז איז ארויסגעטראטן פון דער סוויטע, וועלכע איז געבליבן אין סימעטרישער פארמאציע שטיין הינטער אים.

און גאנץ בבל האט געזען ווי מלך קאמביז פאלט מיטן פנים צו דער ערד פאר דעם גאט פון בבל, ברענגט זיין הכנעה און אכפערונג פאר דעם גאט פון בבל.

שיכור פון פרייד איז געווארן דאס פאלק פון בבל, און א גרויס קול, ווי א דונער, האט אפגעהילכט פון איין עק בבל צו דעם אנדערן:

„גרויס איז בל־מרודך, האר פון הימל און ערד,
באשיצער פון אלע מענטשנקינדער”.

און בל־מרודך איז געשטאנען אין מיטן פון דער פראצעסיע־גאס, ארומ־גערינגלט מיט די געטער פון בבל, שמש, נבו, צין, אלע אין געשטאלט פון

מענטשן־זכרים מיט בערד. נאָר ער אליין איז געווען אלע געטער צוזאַמען. ער האָט זיי אלע איינגעשלונגען, אלע זענען זיי געווען אין אים; דער גאָט פון דער זון, פון דער לבנה, דער גאָט פון חכמה, פון פרוכפּערדיקייט, דער גאָט פון געזונט, פון שלימות. און ווי ער איז געווען דער גאָט איבער אלע געטער, אזוי איז ער אויך געווען קעניג איבער אלע קעניגן אויף דער ערד. די גאנצע וועלט איז געלעגן צו זיינע פיס. דער טורעם פון בבל, וואָס שטאַרצט מיט זיינע הויכע שפּיצן אין הימל, די הענגענדיקע גערטנער פון נבוכדנאצר׳ס פּאלאַץ דינען אים פאר א הינטערגרונט. פאר אים ליגט ווייט אויסגעשפּרייט די גרויסע שטאָט בבל מיט אירע אַנציייליקע טורעמס, פעסטונגען, קאנאלן, הייזער, — בבל, די שטאָט פון דער וועלט. און צו זיינע פיס ליגט אויסגעצויגן דער מלך פון דער וועלט, דער נייער מושל פון בבל, קאַמביז, וואָס ער, בל־מרודך, האָט אים אָנגענומען ביי זיין רעכטער האנט און אים געזעצט אויפן טראָן פון בבל צו באַשטימען די מזלות, די גורלות פון וועלט און מענטש. דעם מלכ׳ס חייל־פירער, זיינע גובערנאטאָרן, זיינע אונטערטעניקע מלכים, — אלע קומען זיי פארן גאָט, און איינער נאָכן אנדערן בייגן זיי די קני, פאלן מיטן פּנים צו בל־מרודכ׳ס פיס.

פון בבל דער שטאָט איז געקומען צו שווימען א רויטער וואָלקן, וואָס האָט זיך געלייגט איבער דעם פארנאכטיקן הימל פון דער פראָצעסיע־גאַס. דאָס האָט בבל אָנגעצונדן א ים שטורקאצן און שייטער־פייערן, ווי דער מנהג איז אין גרויסע פייערטעג. בל־מרודכ׳ס גאָלדענער קאָפּ, באקרוינט מיט דער גאָלדענער טיארע, ווי זיין גאָלדן, מיט איידלשטיינער אויסגע־זעצט קלייד, האָט אָפּגעגלאנצט אין דעם רויטן שיין פון וואָלקן. און דענסמאָל איז פון דעם טורעם פון בבל, געטראָגן אין איר טראָן־שטול אויף די אקסלען פון האלב־נאקעטע סריסים־כהנים, ארומגערינגלט מיט אירע קדשות, אָנגעקומען אין דער פּראָצעסיע, אזוי ווי שווימענדיק אין דער לופט, גימיל. זי איז דערהויבן געוואָרן צו דער העכסטער מדרגה, וואָס א באגלייטערין פון בל־מרודך קאָן דערגרייכן: "דאָס ווייב פון בבל" איז געווען איר איצטיקער טיטל. דער כהן־גדול פון בל־מרודך האָט זי פראָקלאמירט פאר געטין און באשיצערין פון די קינדער פון בבל. און ווי מרודכ׳ס גאָלד־געגאָסענע פיגור האָט אָפּגעגלאנצט אין דעם רויטלעכן שיין פון וואָלקן, אזוי האָט אויך די פרישע ראָזקייט פון גימילס קאָמפּאקט־געבויטן לייב געמיניעט זיך אין דעם אָפּשיין פון רויטן ליכט, וואָס איז געפאלן אויף דער פּראָצעסיע־גאַס פון די שייטער־פייערן און די שטורקאצן־פלאמען. שווימענדיק מיט אירע אויסגעבלויזטע בריסטן איבער די קעפּ פון אירע כהנים און קדשות, באגלייט מיט צושפּיל פון פייפלעך און א נישט־אויפהערלעך פויקן פון פייקלעך, האָט זי אויסגעזען ווי א סטאַטוע פון א געטין, וואָס איז געקומען צום לעבן.

דאָס פאָלק פון בבל איז ווילד געוואָרן פון גרויס פרייד און עקסטאַז, ווען עס האָט דערזען גימילס ראָזיק לייב אין אָפּשיין פון רויטן הימל.

זיי האָבן פאַרגעסן אויף וועלכער וועלט זיי זענען. זיי האָבן פאַרגעסן אין די אַנדערע געטער, האָבן אפילו נישט געדאַכט מער אָן בל־מרודך. זיי האָבן נאָר געזען פאַר די אויגן „דאָס ווייב פון בבל", דעם סימבאָל פון אַלץ, וואָס איז בבל. יעדעס מויל און יעדע צונג האָט אויסגעזונגען און אויסגערופן א לויב צו איר:

„גימיל, ווייב פון מרודך, ווייב פון בבל,
גיב לעבן די קינדער פון בבל, דיינע אונטערטעניקע,
בעט פאַר זיי צו מרודכ'ן, מלך פון די געטער,
ווייב פון בל־מרודך, ווייב פון בבל".

און ווען זי איז אַראָפּ פון איר טראָן צו טאַנצן דעם ריטועלן טאַנץ פאַר דעם גאָט בל־מרודך, און ווען די בבל'ער האָבן באַלד דערזען דאָס ספּאַזמאַטישע ציטערן פון אירע ראָזיק־שימערדיקע בריסט און רוקן, האָבן זיי איר אָפּגעגעבן דעם גרעסטן לויב, וואָס זיי האָבן פאַר דער פרוי און אויסגעשריגן:

„אין דיינע בריסטן קווועלט־אָן די מילך פאַר גאָט און מאַן,
ווייב פון בל־מרודך, ווייב פון בבל!"

# קאַפּיטל צוויי

ערשט נעכטן זענען זיי געהאָנגען אויף זיין מויל, און איטלעך וואָרט, וואָס זיי האָבן געהערט פון אים, האָבן זיי דאָס אָנגענומען ווי אַן אמתע שליחות פון גאָט צו זיין פאָלק. און הייַנט?

נאָך דעם ווי עס באַוווּסט געוואָרן צווישן די גולי־בבל, אַז קאַמביז האָט אָנגענומען די האַנט פון בל־מרודך און דערקלערט אים פאַר דעם גאָט פון בבל און פון אלע לענדער, וואָס כורש האָט איינגענומען, נישט דעם גאָט פון ישראל, ווי דער נביא האָט נביאות געזאָגט, איז אַ גרויסער פּחד און אימה געפאַלן אויף זיי. זיי האָבן זיך געזען אָפּגענאַרט און אויסגעלאַכט, פאַרוואָרפן, ווי אַ מצורע, פון די געטער. אַלע פעלקער לעבן אונטערן שוץ פון דעם מעכטיקן בל־מרודך און זענען מצליח: זיי זענען איינגעפלאַנצט אין זייערע לענדער און זענען נהנה פון די חסדים פון זייערע מלכים. נאָר ישראל אליין, פאַרטריבן פון זיין היים, בלאָנדזשעט אַרום ווי אַ פאַרלוירענע שאָף, געפינט זיך נאַקעט און בלויז, אָן דעם שוץ פון אַ גאָט, אָן דעם חסד פון אַ מלך.

„כל־זמן מיר זענען געווען ביכולת צו נערן אים מיט בלוט, מיט אָקסן און שאָף, מיט רינדער און פי; כל־זמן דער בית־המקדש איז געשטאַנען און מיר האָבן אים געבראַכט קרבנות אויפן מזבח, האָט יהוה געדענקט אין אונז, האָט ער זיך אַמאָל אָנגענומען פאַר אונז. וואָס האָט ער פון אונז דאָ? שיינע ווערטער, לויבגעזאַנג. געטער זענען דאָרשטיק. געטער ווילן בלוט, נישט קיין ווערטער", — האָט געטענהט דער דיקער גאָרטלמאַכער זכריה פון די בני־זהוא, פאַר זיינע לאַנדסלייט אויפן בבל'ער באַזאַר. — „און מיר האָבן זיך צוגעהערט, וואָס דער נביא, אַ בויך, פול מיט מזרח־ווינט, האָט אונז אָנגעפלוידערט".

„וואָס, די בבל'ער האָבן נישט קיין שיינע ווערטער פאַר זייערע געטער? האָסטו אַמאָל געהערט זייער תהלים־זאָגן, זייערע תהלות־ותשבחות פאַרן גאָט שמש? מתפלל זיין קאָן מען אויך פאַר זייערן אַ גאָט. אָט האָט מיר דערציילט נתן פון תל־מלח, — איר קענט אים, דער, וואָס שטעלט מיר צו וואָל, — אַז דריי חדשים האָט זיין קו קיין מילך נישט געגעבן, און די שאָף זיינע האָבן אויפגעהערט זיך שעפּסלען. ער האָט מתפּלל געווען פאַר יהוהן, עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ביז אַ לאַנדסמאַן האָט אים געגעבן אַן עצה־טובה, ער זאָל זיך אַהיימברענגען אַ ליימענעם געץ, זייער גאָט בל. קוים האָט ער דעם געץ אונטער זיין באַלקן געבראַכט און געדעמפט פאַר אים בשמים, האָט די קו אָנגעהויבן געבן מילך און די שאָף האָבן זיך גענומען ווידער שעפּסלען. געטער ווילן פלייש, בלוט,

נישט קיין ווערטער. דאָס האָסטו ריכטיק געזאָגט, זכריה".

„פון די תל־מלחער איז נישט קיין ראיה צו ברענגען. עס איז גאָר אַ ספק, צי זיי זענען פון די בני־ישראל. אַ סך פון זיי זענען גויים, אסיריער, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט די מענטשן פון בית־אל, פון די עשרת־השבטים, וואָס נבוכדנאצר האָט זיי געבראַכט אַהער פון אשור. אַ סך פון זיי ווייסן אפילו נישט, ווער זייערע עלטערן זענען געווען, ייִדן צי גויים", — ענטפערט־אָפּ דער קורץ־געוויקסיקער רחום פון די בני־זכי, באַוווּסט ווי ריין־בלוטיקע בני־ישראל, וואָס האָבן געהאַט זייערע ווערקשטעלן פון זילבערשמידן נעבן די שטעלן פון די גאַרטלמאַכער, די בני־זתוא, אויפן בבלער באַזאַר.

„הונדערט שטיראָקסן און הונדערט עקסלעך איין יאָר אַלט, און פינף הונדערט דריי־יעריקע קעלבלעך, און טויזנט יונגע, ערשט אַנטוויינטע ציקעלעך האָט גאַבריאָס געבראַכט קרבנות אויף די מזבחות פון בל־מרודך אין דער נאַכט פון ניי־יאָר. אַלע כהנים פון בל־מרודך און פון שמש האָבן זיך געפּאָרעט אַרום די מזבחות. נישט מער ווי דאָס פעטס און די נירן האָבן זיי פאַרברענט פאַרן גאָט, דאָס פלייש האָט מען צעטיילט צווישן כורשעס חיילסלייט און די עולי־רגל. גאַבריאָס דער גובערנאַטאָר האָט געהייסן די שענקן צוצושטעלן דעם ביר און דעם זויערן וויין, וואָס איז פאַראַן אין בבל, פאַרן פאָלק צו טרינקען פריי. די מוראשוס האָבן געעפנט זייערע שפּייכלערס און צעטיילט זעק גערשטנגרויפּן, קערב איילבירטן, קרוגן אייל און לאָגלען טייטלוויין פריי פאַר אַלעמען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די ווייבער געבאַקן פלעצלעך, די קוכערס געבראָטן פלייש, און אין דעם טעמפּל פון אישתר זענען די קדשות און די ווילקע ווייבער געווען גרייט פאַר איטלעכן זכר. און אַזוי האָבן די בבלער די גאַנצע נאַכט געפרעסן, געזויפט און זיך אָפּגעגעבן מיט זנות. און אין די טעמפּלען האָט נישט אויפגעהערט דאָס תפילה־טון און דאָס זאָגן הלל פאַר בל־מרודך. די געוואַלדן און די געשרייען, וואָס האָבן זיך געהערט, דאָס זינגען און דאָס שפּילן, דאָס טאַנצן און דאָס ווילדעווען אַרום די שייטער־פייערן איז אויפגעגאַנגען ביז צום טורעם פון בבל, ווו עס וווינט זייער גאָט. אָט דאָס הייסט אַ גאָט לויבן, דאָס הייסט אַ גאָט דינען! נישט ווי אונזערע נביאים, וואָס הייסן אונז דאַווענען און פאַסטן, פאַסטן און דאַווענען. איז עפּעס אַ חידוש, וואָס בל־מרודך העלפט זיינע גלויביקע און יהוה האָט פאַרגעסן אין אונז? מיט וואָס דערמאָנען מיר אים אָן אונז?" — זאָגט דער גאַרטלמאַכער זכריה נישט אָן קנאה, באַלעקנדיק די ליפּן מיטן שפּייעכץ, וואָס איז אים געקומען אין מויל אַריין.

„בני־ישראל, וואָס טוט איר? ווייניק האָבן אונזערע עלטערן זיך פאַרזינדיקט קעגן יהוהן, אַז מיר זאָלן נאָך מערן צו זינדיקן?" — פּרוווט רחום פון די בני־זכי מיט אַ וואָרט פון מוסר.

„עס איז שוין נישטאָ קיין יהוה. יהוה איז געווען אין יהודה, און מיר זענען אין בבל. אין בבל איז דאָ נאָר איין גאָט, וואָס קאָן אונז

העלפן, און דאָס איז דער גאָט, וואָס אַלע בבלער און פעלקער דינען צו אים, בל־מרודך!"

נאָך ערגער האָט דער יאוש באַפאַלן די ווייבער פון די בני־הגולה. זיי האָבן זיך איצט אָפן באַקערט צו דער געטין אישתר. זיי זענען געגאַנגען פראַנק און פריי צו איר עבודה אין טעמפל, האָבן געבאַקן קיכלעך פאַר די טויבן ארום דעם טעמפל, זענען געזעסן אויף די טרעפ און שווען פון טעמפל מיט די בבלער ווייבער, גרייט און ווילִיק צו דינען ווי קדשות פאַר דער געטין. זיי האָבן געבראַכט אין הויז אַריין א געשניץ אָדער אָפגוס פון דער געטין, געשמירט איר נאָפּל מיט האָניק און בשמים און געבעטן צו איר אויף גליק און מזל־ברכה.

און דער נביא האָט געזען און האָט געהערט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים מיט טויזנט אויגן און טויזנט אויערן. גאָט האָט אויפגעעפנט אַלע זיינע חושים, די פאָרעס פון זיין הויט האָבן, ווי אַ שוואָם, איינגעזאַפּט אין זיך דעם צער און די ביטערקייט, וואָס איז באַפאַלן זיין פאָלק. ער איז געוואָרן דער טרעגער פון דעם צער, און זיין לייב האָט אויפגענומען אַלע פאַרסמטע בליקן, ווי שפיזן, וואָס זענען געצילט געוואָרן אין זיין גאָט. ניין, ער האָט נישט באַשולדיקט ישראל, ער האָט זיי נישט פאַר־משפּט פאַר זייער ווידערשפּעניקייט. ווי ער האָט געפילט מיט אַלע זיינע חושים. וואָס זענען זיי שולדיק? פאַרוואָרפענע קינדער, פאָטער און מוטער האָבן זיי פאַרלאָזן. דער צילברעט פאַר די פיילן פון פאַר־אַכטונג און דערנידערונג, וואָס גאָט שיקט אויף זיי, שרייען זיי אויס זייער צער. דער בונד, וואָס זייערע אבות האָבן געשלאָסן מיט זייער גאָט, לעבט נאָך אין זיי, ווען אפילו די הבטחה, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן, איז נישט מקויים געוואָרן. פון זייערע מיילער קומט ארויס דער געשריי פון צער פאַר דער צעשטערטער הבטחה.

און דאָך האָט אים גאָט אויף טויזנטער אופנים געלאָזט הערן און זען, — די הבטחה לעבט. און קיינמאָל איז דער בונד פון די אבות מיט זייער גאָט נישט געווען אַזוי האַפטיק, נישט צום איבעררייסן, ווי דווקא איצט. טאָג נאָך טאָג האָט גאָט אויפגעעפנט זיינע חושים, ער זאָל באַנעמען דאָס געטלעכע זיין אין ישראל; טאָג נאָך טאָג האָט אים גאָט געוויזן באַשיינפּערלעך — דורך זיינע מעשים — אַז ער וואַכט איבער ישראל, ער האָט זיי נישט פאַרלאָזט, און ער שיצט זיי און היט זיי, ווי אַ פאָטער באַהיט און באַשיצט זיין קינד.

דער נביא האָט אַ וויזיע וועגן ישראל. דער וואָרעם ישראל איז נישט קיין יתום, נישט קיין הויזגעבוירענער שקלאַף. ער איז דער יורש. ער איז באַשטימט פון זיין מוטערלייב צו זיין גאָטס קנעכט, און ווי אַזעלכן האָט אים גאָט אָנגענומען פאַר זיין זון און אים אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע פעלקער. ישראל קאָן קיינמאָל נישט אונטערגיין, קיינמאָל נישט פאַרלוירן ווערן צווישן די פעלקער. ער איז אָנגעצייכנט פון גאָט פאַר זיין באַזונדערער עובדה — צו זיין גאָטס ליכט פאַר די

פעלקער. ישראל האָט אַ מוטער, אַ סימבאָלישע מוטער. דאָס זענען די אבות פון ישראל, וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיט זיי אַן אייביקן בונד בנוגע דעם קינד ישראל. און דורך דעם בונד מיט די אבות, און דורך דער הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן די אבות, איז גאָט געוואָרן דער פאָטער פון ישראל. גאָט האָט אַ שותפות אין זיין קינד מיט דער מוטער, וואָס האָט אים געבוירן. דורך זיין הבטחה האָט גאָט זיך מחייב געווען נישט צו פאַרלאָזן דאָס קינד. ער האָט זיך מחייב געווען צו באַשיצן אים אין יעטוועדער נויט, אויסצוהיטן אים פון יעטוועדער סכנה. מיט געוואַלד, ווען דאָס וועט בויטיק זיין, וועט ער אים ברענגען צו דעם תכלית, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט פאַר אים. זיין זון און קנעכט וועט ישראל זיין, און ווי אַן אָדלער, וואָס טראָגט זיינע עופעלעך אויף זיינע פליגל, אַזוי וועט גאָט אַדורכטראָגן ישראל דורך אַלע נויטן און סכנות. ער וועט אים מאַכן פאַר דעם ליכט פון די פעלקער, כדי אַלע פעלקער זאָלן דערקענען דעם גאָט פון ישראל פאַר זייער גאָט, דעם פאָטער פון ישראל פאַר זייער פאָטער, — דעם שטיין פון זיין גרונטפעסט, דעם מקור, פון וועלכן זיי קומען אַרויס.

און איז נישט גאָט דאָס פאָטערלעכע און דאָס מוטערלעכע פון גאַנצן באַשאַף? און האָט נישט גאָט אויסגעגאָסן דעם חסד פון זיין מוטערלעכער מידה איבער דעם גאַנצן באַשאַף? אויב נישט, פון וואַנען קומט צו דעם באַשעפעניש די מוטערלעכקייט, וואָס איז דער יסוד און דער תנאי פאַר דעם קיום פון באַשאַף? צי זעט ער דען נישט איטלעכן טאָג ווי די מידה פון מוטערלעכקייט אַנטפּלעקט זיך אין איטלעכער פאַרעם פון באַשאַף?

פון וואַנען ווייסט די מוטער־פויגל צו פאַרזען איר אייגענעם הונגער, אייגצוהאַלטן איר אייגענעם דאָרשט, און צוטראָגן דאָס קערנדל, דאָס ווערימל, וואָס זי האָט אויפגעפיקט פון דער ערד, צו דער נעסט, וואָס זי האָט אויפגעבויט פאַר אירע קינדער? עופעלעך? וויפיל מאָל האָט ער געזען אויפן ברעג פון טייך פרת, ווי די מוטער־אָדלער טראָגט־צו אין איר מויל אַ שלענגל צו די אָפענע פאַרשמאַכטע מיילער פון די קליינע אָדלערלעך, וואָס ציען אויס זייערע נאָך נישט באַפעדערטע העלדזלעך נאָכן ביסן שפייז.

„הנה...״ — האָט דער נביא זיך געווענדט מיט זיין אייגעוווינט ווערטל צו זיין באַגלייטער, ברוך בן־נריה, אָנווייזנדיק אים אויף די אומבאַפעדערטע אָדלערלעך, וואָס שטעקן אַרויס די העלדזלעך פון דער נעסט אויפן פעלדזנבאַרג. — „דו זעסט די קליינע? דאָס איז ישראל. אַזוי ווי די קליינע אָדלערלעך זענען אָנגעוויזן מיט זייער נערונג אויף דער מוטער, אַזוי איז ישראל אָנגעוויזן מיט דער ישועה אויף זיין גאָט. און דער, וואָס האָט אַריינגעגעבן דאָס רחמנות פון דער מוטער אין זיין יצירה, וועט דאָס פאַרמיידן פון זיינע אייגענע? און ישראל זאָגט, אַז גאָט האָט זיי פאַרלאָזן״.

אַנומעלטן האָט ער זיך געפונען אויפן שקלאַפן־מאַרק ביים בבלער באַזאַר. אויף דער אַרויסשטעל־קלאָץ איז געשטאַנען אַ כנעניש פרוי מיט איר קינד, אַ מיידעלע, ביי דער זייט. איין מאַן, וואָס האָט זי געקויפט, האָט זי געוואָלט פּאַר אַ קעבסווייב. אַ צווייטער האָט געוואָלט דאָס קינד. דער שקלאַפן־הענדלער, אַן אסיריער, האָט געפּרווט אַוועק־נעמען דאָס קינד פון דער מוטער. ווי אַ טיגער־קאַץ האָט די מוטער זיך געוואָרפן אויפן מעכטיקן אסיריער און אַוועקגעריסן דאָס קינד פון זיינע הענט. זי האָט אריינגענומען דאָס מיידעלע צווישן אירע קני, באַדעקט זי מיט איר גאַנצן לייב, מיטן בויך, מיט די בריסט, מיט די אָרעמס. דער אסיריער איז אַריין אין אַ פּוריע און גענומען שלאָגן די פרוי מיט ווילדער רציחה. די פרוי האָט אויסגעהאַלטן די שווערע קלעפּ און שלעק, און נישט געלאָזט באַין־אופן דאָס קינד אַוועקנעמען פון זיך.

דאָס איז געווען אַ טאָגטעגלעכע סצענע, וואָס דער נביא האָט צוגעזען אויפן שקלאַפן־מאַרק אין בבל. און ער האָט זיך ווידער און ווידער געפרעגט: ווער איז דאָס, וואָס האָט אויסגעטיילט דאָס געפיל פון אַ מוטער אין באַשאַף? איז עס נישט דער באַשעפער אַליין? איז ווי אַזוי קאָנען זיי זאָגן, אַז דער באַשעפער פון אַלץ, וואָס לעבט, וואָס איז דער גאָט פון ישראל, האָט פאַרלאָזט זיינע קינדער?

ער איז געגאַנגען צו זיי אויף די מאַרקפּלעצער, אויף די באַזאַרן, אין די הויפן, ווו די לאַנדסמאַנשאַפטן פון די גולי־בבל האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען ביי זייערע געווערקשטעלן, ביי זייערע קראָמען, און ער האָט גערעדט צו זיי, ווען ער האָט זיי געזען, ווי נידערגעשלאָגן און פאַרשעמט זיי שטייען, געבראָכן אין געמיט, פאַריאושט, און ער האָט געפּרווט טרייסטן זיי, איינטענהן מיט זיי:

„און ציון האָט געזאָגט: פאַרלאָזט האָט מיך יהוה, און גאָט האָט פאַרגעסן אָן מיר. קאָן אַ פרוי פאַרגעסן איר ברוסטקינד, נישט צו דערבאַרימען דעם זון פון איר לייב? אפילו די דאָזיקע זאָלן פאַרגעסן, וועל איך אָן דיר נישט פאַרגעסן".

„גיי, גיי, פּלוידערער!"

„ווי אַ לאָגל, וואָס איז פול מיט ווינט, קאָן קיין ווייַן נישט אַרויסגעבן פון זיך, נאָר נישט מער ווי פּוסטע לופט, אַזוי קאָן דער קיין טרייסט נישט ברענגען".

„שיינע ווערטער, נאָר אויסצוזינגען זיי אין די גאַסן. ווי ער האָט זיך עס גרויס געמאַכט: „געקניט איז בל, געבויגן איז נבו". האָסט געזען ווי בל־מרודך איז געקניט און נבו געבויגן?"

„פאַרטרייבן, פאַריאָגן באַדאַרף מען אים פון בבל, זאָל ער גיין פון וואַנען ער איז געקומען!"

„אַ פאַלשער נביא, אַ שיין־רעדער, אַ שפּרינגער, אַ קונצנמאַכער, וואָס קאָן ציען שיינע רייד פון זיין מויל".

„צווישן די קונצנמאַכער באַדאַרף ער זיך שטעלן אויפן באַזאַר,

דאָרט טרייבן זייַנע שטיק, נישט ביי אונזערע אסיפות".

נישט נאָר אין די בתי־כנסיות, אָדער אויף די מאַרקפּלעצער, ווו די גולי־בבל האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען משפּחהווייז, אין לאַנדסמאַנשאַפטן, האָט דער נביא זיך נישט געקאָנט באַווייזן, נאָר אפילו דעם הויף פון די בית־לחמער, וואָס זענען תמיד געווען געניי‏גט צו אים און אים באַשיצט, האָט ער געמוזט פאַרלאָזן.

נריה בן־שריה האָט אים מיט געוואַלד אַוועקגענומען פון דאָרט און אים געבראַכט צוריק אין זיין פאָטערס הייזל ביים ברעג פון טייך פּרת, וואָס זיין פאָטער האָט, זינט דעם אַראָפּנעמען די באַלאַגערונג פון בבל, ווידער פאַרנומען. און דאָרט האָט נריה געהאַלטן דעם נביא. און דאָרט, אין זיין עליה אויפן דאַך פון הייזל, אין זיין צווייגן־געצעלט, האָט דער נביא אויסגעוואַרט אויף גאָטס וואָרט.

און דאָס וואָרט פון גאָט איז געקומען צו אים אין חזיונות, וואָס ער האָט געזען אין די ליכטיקע נעכט, וועלכע האָבן געלאָזט דעם פרילינג לייכטן און שיינען איבער בבל. עס איז געווען עפּעס ווי אַ דריטער זמן אין מעת־לעת. ניש נאַכט, נישט טאָג, נאָר אַ מין בייטאָגיקע נאַכט, ווי גאָט וואָלט געלאָזט שיינען איבער בבל אַ ליכטיקייט פון זיינע באַהאַלטענע וועלטן אַרויס, אין צייכן פון פריייד און בטחון פאַר ישראל. וואָרים די חזיונות, וואָס דער נביא האָט געהאַט, זענען געווען אינגאַנצן דער היפוך פון דעם צער און דעם יאוש, וואָס איז באַפאַלן די גולי־בבל. עס האָט זיך ביים נביא אויסקריסטאַליזירט דער געדאַנק פון דער מוטערלעכקייט פון גאָט, אָנגעמענדיק ביי אים די פאָרעם פון אַ סימבאָלישער מוטער פון ישראל. אַ העכערע מוטער, אַ הימלשע רחל, וואָס ער האָט זי געזען, ווי ירמיהו האָט זי געזען, אמת טאַקע, מיט פאַרוויינטע אויגן נאָך, אָבער שוין אַ געטרייסטע, נאָך דעם ווי גאָט האָט אָפּגעווישט אירע טרערן און זי באַקרוינט מיט דער קרוין פון בטחון. נאָך זענען אירע אויגן פאַרטרערט, נאָר פון איר פּנים שיינט אַרונטער דער חסד פון רחמים. די גאַנצע מוטערלעכקייט, וואָס גאָט האָט אַריינגעקנאָטן אין זיין יצירה, האָלט זיך אויף צווישן די רונצלען און קנייטשן פון איר מוטערלעך פּנים. אירע אויגן שטראַלן פון טרערן, זיי שיקן שוין אָבער אַרויס פון זיך די גאַנצע זיכערקייט און שטאַרקייט, די טרייסט, וואָס ליגט אין דער הבטחה פון גאָט. זי איז דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה נישט נאָר פון דער העכערער הימלשער מוטער פון ישראל, נאָר צו דעם סימבאָל פון מוטערלעכקייט אין דער גאַנצער יצירה.

וואָרים אין דעם נביאס מחשבה האָט די השגה פון גאָטס מוטערלעכער מידת־הרחמים זיך אויסגעברייט איבער דער גאַנצער יצירה. דער גאָט פון ישראל איז דער איין־איינציקער באַשאַפער. עס איז נישטאָ לעבן אים קיין אנדער באַשאַפער. מחמת דעם לאָזט ער נישט צו קיין אַנדערע געטער צו זיך, ווי בל־מרודך און נבו. ער איז דער איינציקער לעבעדיקער גאָט, וואָס איז, און מער איז נישטאָ. די יצירה קאָן נישט קומען צוריק

צו איר שלימות אזוי ווי זי איז געווען צוערשט אין דער מחשבה פון גאָט, אויב זי וועט אים נישט אויסגעפינען, וועט זיך נישט באַקערן צו אים, וועט נישט שעפּן פון זיין חסד און נישט אָנגעמען זיינע מידות. דאָס איז דער וועג, וואָס גאָט האָט אויסגעלייגט אין זיין מחשבה פון אָנהייב אָן. דאָס ברענגען גאָטס מחשבה לפועל איז דער תכלית פון אַלץ, וואָס געשעט, דער וועג צו דער גאולה.

און ער האָט געזען קלאָר אין דעם קומען פון מלך כורש אַ שריט נעענטער אויף דעם וועג צו דער גאולה. נישט געקוקט אויף אַלע קרומענישן, אויף אַלע זיגזאַגישע אָפּנייגן און בלאָנדזשעגישן, האָט דער גאַנג צו דער גאולה זיך אָנגעהויבן און קיינער קאָן אים נישט צוריקהאַלטן.

ער האָט זיינע געדאַנקען איבער דער גאולה קלאָר ארויסגעבראַכט פאַר זרובבלען און דעם כהן ישוע, נישט אין חזיונות, נישט אין נביאישן לשון, נאָר אין פּשוטע ווערטער, ווען די ביידע זענען אין געהיים געקומען צו אים אין שריהס הייזל צו וואָרענען אים וועגן דעם שטורעם, וואָס האָט אויסגעבראָכן קעגן אים, און אים ראָטן צו פאַרלאָזן בבל און פאַרגעסן אין דעם חלום, וואָס ער האָט געהאָט.

זרובבל האָט דעם נביא געפרעגט, צי ער ווייסט פון דעם, אַז קאמביז, יורש־עצר פון מלך כורש און זיין שטעלפאַרטרעטער, האָט דעם ביי־יאָר זיך אויסגעשפּרייט מיטן פּנים צו דער ערד פאַר בל־מרודך און דערקלערט, אין דעם נאָמען פון זיין פאָטער און אין זיין אייגענעם נאָמען, אַז בל־מרודך האָט אים, קאמביזן, אָנגענומען ביי דער רעכטער האַנט און אים געבראַכט קיין בבל. און מיט טיפן צער, מיט טרויעריקייט, וואָס האָט פאַרפינצטערט זיין שיין מענעריש אָפן פּנים האָט זרובבל צוגעלייגט:

„און דו האָסט געזאָגט אויף כורש׳ן, אַז ער איז דער געזאַלבטער פון גאָט, וואָס גאָט האַלט זיין רעכטע האַנט צו מאַכן אונטערטעניק פאַר אים פעלקער".

„זיכער איז כורש געזאַלבט פון גאָט צו טון גאָטס שליחות, און גאָט האָט אים דערפאַר אָנגענומען ביי זיין רעכטער האַנט צו מאַכן אונטער־טעניק פאַר אים פעלקער. ווער דען האָט אים געבראַכט קיין בבל, דער גאָלדענער גולם, מרודך ? ,פון וועגן דעם קנעכט מיינעם יעקב, און ישראל מיין אויסדערוויילטן, האָב איך דיך גערופן ביי דיין נאָמען, דיך באַטיטלט מיין משיח, הגם דו האָסט מיך נישט געקענט׳. באַדאַרף דען דער גאָט פון ישראל, אַז אַ ווערימל זאָל אים קענען ? איז דער בורא פון אַלע וועלטן אייפערזיכטיק צוליב אַ בשר־ודם, וואָס בייגט זיין קני פאַר אַ גאָלדענעם גולם? ווער איז כורש ? אַ בלינדער אייזל, וואָס גאָט האָט אים איינגעשפּאַנט צו שלעפּן דעם וואָגן אַ ווייל. אַזוי ווי אשור און בבל, אויך בלינדע אייזלען, וואָס זענען געשפּאַנט געווען אין גאָטס מילראָד פאַר כורש׳ן. ,איך האָב דיך באַגורט, הגם דו האָסט מיך נישט געקענט׳, זאָגט דער גאָט פון ישראל אויף כורשן. באַגורט — צו טון גאָטס שליחות. איידער די וועלט האָט נאָך גערוט אויף איר פונדאַמענט,

האָט שוין דער גאָט פון ישראל אָנגעצייכנט זיין וועג צו דער גאולה. און אויף דעם וועג שיקט ער זיינע שליחים — טריט נאָך טריט, פון מעטע צו מעטע. ער באַנוצט סיי גוטס, סיי שלעכטס, וואָרים ביידע זענען דאָס ווערק פון זיינע הענט. ,ער פורעמט ליכט און באַשאַפט פינצטערניש׳. איטלעכער שליח האָט זיין אויסגעזעצטע מעטע, זיין אויסגעזעצט שליחות. איינעם באַנוצט ער צו זיין די רוט פון זיין צאָרן, צו שטראָפן ישראל, דעם אַנדערן באַנוצט ער צו היילן די ווונדן פון געשלאָגענעם ישראל. און ווי ער האָט באַנוצט אשור און נבוכדנאצרן צו זיין די רוט פון שטראָף, אַזוי האָט אויך כורש זיין אויסגעזעצטע מעטע: צוריקצוברענגען ישראל צו זיין נחלה. און נאָך דעם ווי כורש וועט אויספירן זיין טייל שליחות, וועט ער טיילן דעם גורל פון אשור און בבל, און אַן אַנדערער וועט קומען אויף זיין אָרט. און דער אַנדערער וועט אויך מיינען, ווי כורש, ווי אשור און בבל פאַר אים, אַז ער איז דער תכלית, דער ציל, ווייל אַלע זענען ווי דער קרויטמאָל, וואָס קריכט אויף אַ בלעטל קרויט און מיינט, אַז דאָס בלעטל איז די וועלט. אַלץ האָט זיין צייט און זיין אָרט, און אַלץ פירט צו איין תכלית. דאָס איז די גאולה, וואָס זי אַליין איז, פון אייביק און אייביק איבער גאָר דער וועלט.

„עס איז נישט גוט צו קומען צו אַ פאָלק, וואָס שטייט פאַרשעמט און דערנידעריקט, און טרייסטן אים מיט אַ האָפענונג, וואָס ווערט נישט מקויים", — זאָגט זרובבל צו אים מיט טרויעריקייט. — „גיי אַרויס און זע דעם מעמד פון ישראל. אַרום אים יובלען די גויים, זינגען צו זייער גאָט בל־מרודך די תהלות־ותשבחות, וואָס ישראל האָט זיך געריכט צו הערן זיי זינגען צום גאָט פון ישראל, אַזוי ווי דו, נביא, האָסט זיי געזאָגט. מלכים קניען, פאַלן כורעים פאַר בל־מרודכן, נישט פאַרן גאָט פון ישראל, ווי דו האָסט געזאָגט. איז דען אַ חידוש, וואָס ישראל קערט זיך אָפּ פון זיין גאָט? זיי זאָגן: יהוה האָט פאַרגעסן אין אונז, קומט, לאָמיר זיך ווענדן צו בל־מרודכן, לאָמיר צוזאַמענגיסן אונזערע תפילות מיט די תפילות פון די גויים פאַר בל־מרודכן. זייערע תפילות זענען נישט קיין סך אַנדערש פון אונזערע. אויך זיי רופן זייער גאָט — דער גאָט פון הימל און ערד".

„ניין, נישט מרודכן אַכפּערן די גויים, נאָר דעם גאָט פון ישראל", — רופט־אויס דער נביא. — „אײדער זיי האָבן אים נאָך דערקענט, האָט דער גאָט פון ישראל איינגעפלאַנצט אין זייערע הערצער דעם באַגער נאָך אים. ווי אַ פייער, ברענט אין זיי דער דאָרשט נאָך דעם גאָט פון ישראל, און דער דאָרשט שאַפט אין זייערע הערצער דעם געטראַנק פון די תהלות־ותשבחות, וואָס זיי ברענגען צו זייערע געטער. זיי טאַפּן אין דער פינצטער און זוכן אים. און געפינען זיי אים נישט, אַזוי האַלדזן זיי דאָס האָלץ און דעם שטיין און רופן דאָס אויפן נאָמען פון דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט. ווי אַ מוטער, קראַנק איבער דעם, וואָס איר קינד איז אַוועקגענומען געוואָרן פון איר, וועט האַלדזן איר קינדס ליאַלקע, אַזוי

האַלדזן די גויים און דריקן צום האַרצן זייערע אָפּגעטער. וואָרים גאָט האָט זיי געבונדן צו זיך דורך דעם באַגער און דער בענקשאַפט נאָך אים. דאָס איז דער דאָרשט נאָך דער גאולה, וואָס ברענט אין זיי און שרייט אַרויס אין זיי דורך לויב־געזאַנג צו זייערע געטער. און דערפאַר מוז ישראל צוריקגיין אין זיין לאַנד אַריין. נישט נאָר פאַר זיך אַליין מוז ער צוריקגיין, נאָר כדי פאַרצובערייטן די גאולה פאַר די גויים".

„איז נישט ישראל אַליין אַ תכלית פאַר זיך? לעבט ישראל נאָר פאַר אַנדערע?"

„ישראל איז די כלי פון גאָט, זיין הייליקער קנעכט, וואָס ער האָט אים אָנגעצייכנט פון זיין מוטערלייב צו ווערן דער אור־לגויים. דאָס איז דער ווילן פון גאָט, און דאָס איז געווען זיין מחשבה פון אָנהויב אָן. און ווי אַ פייל, געשפּאַנט פון אַ געניטן בויגנשיסער, וועט טרעפן אין איר ציל און נישט קומען צוריק, אַזוי וועט דער ווילן פון גאָט דערגרייכן זיין ציל און תכלית. און פאַר דעם ציל און תכלית האָט גאָט אייַנגעשפּאַנט די פעלקער פון דער וועלט צו טון זיין רצון: צו העלפן ישראל צו קומען צוריק אין זיין לאַנד, — צי זיי ווילן דאָס יאָ, צי זיי ווילן דאָס נישט. און אויך כורש וועט טון דעם רצון פון גאָט. מעג ער זיך וואַרפן מיטן פּנים פאַר בל־מרודך, מעג ער האַלדזן נבו, מעג ער אָנרופן שמש זיין פאָטער און צין זיין מוטער, נאָר טון וועט ער, וואָס דער גאָט פון ישראל וועט אים הייסן טון, אַזוי ווי גאָט האָט געזאָגט צו זיין קנעכט. ער האָט אויפגעעפנט מיין אויער, און איך האָב עס געהערט; געמאַכט פאַר־שטאַנדיק מיין האַרץ, און איך האָב עס דערקענט. און ווי אַ געטראַנק האָב איך עס אַריינגעטרונקען אין מיר. גאָט האָט עס פאַרשריבן אויפן טאָוול פון מיין האַרץ, ווער וועט עס אויסמעקן? און דאָס זענען זיינע ווערטער: ,גאָט זאָגט אויף כורשן: ער איז מיין פאַסטוך, און אַל מיין באַגער וועט ער אויספירן, צו זאָגן אויף ירושלים: זי זאָל געבויט ווערן, און צום טעמפּל: זאָלסט געגרונטפעסט ווערן' ", — האָט דער נביא אויסגערופן מיט זיין גאַנצער פעסטקייט און זיכערקייט.

זרובבל און דער כהן ישוע זענען שטום געבליבן אויף דעם נביאס אויסרוף, מער אויף דער פעסטקייט פון זיין גלויבן, וואָס האָט אַרויס־געשריגן פון זיינע גרויסע טיף־געזעצטע אויגן. שפּעטער אַ ווייל האָט זיך זרובבל אָנגערופן:

„זע, נביא, בעט צו גאָט, עס זאָל באַלד געשען, וואָרים די צייט איז קורץ, דאָס פאָלק איז פאַרביטערט און אָפּגענאַרט. דיינע שונאים מערן זיך און שטאַרקן זיך פון טאָג צו טאָג. עס איז נישט מער מרדכי מוראָשו אַליין, אָדער מלכיה־גברא, נישט זיי אַליין זאָגן עס, נאָר אויך די זקני־ישראל פון די בתי־כנסיות, און די כהנים, און די לוויים, און אפילו די בני־הנביאים. אַלע רופן זיי דיך אָפּגענאַרער, וואָס דו האָסט פאַרפירט דאָס פאָלק מיט פאַלשער האָפענונג. איך גלויב אין דיר, נביא, איך גלויב, דיינע ווערטער וועלן מקוים ווערן, און אַזוי גלויבט אויך דער כהן

ישוע, וואָס איז מיט מיר. נאָר דאָס פֿאָלק זאָגט, אַז דו ביסט אַ פֿאַלשער נביא. דיין לעבן איז אויסגעשטעלט אויף סכנות. נריה בן־שריה, גיב אַכטונג אויף אים. לאָז אים נישט גיין אין די בתי־כנסיות, לאָז אים נישט ווייזן זיך אויף די מאַרקפּלעצער, וואָרים מרדכיס לייט זענען הינטער אים, און אַזוי אויך די טויערלייט פֿון מיין פֿאָטער דעם פּרינץ".

„חלילה פֿון מיר צו טון אַזאַ זאַך!" — האָט געענטפֿערט מיט גרויס עניוות נריה בן־שריה, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען באַשיידן און שטיל אָן א זייט — „צו דערוועגן זיך צוריקצוהאַלטן דעם נביא פֿון ברענגען דאָס וואָרט פֿון גאָט צו די בני־הגולה? האָט ברוך בן־נריה, אָפּגעהאַלטן דעם נביא ירמיהו, אָדער, חלילה, אים אָפּגערעדט פֿון צו טון זיין שליחות?"

זרובבל און ישוע האָבן אָנגעקוקט נריהן, דעם נביאס באַגלייטער. זיי האָבן געזען די טיפֿע אמונה, וואָס זיין תמימותדיק פּנים דריקט־אויס, און זיי האָבן זיך פֿאַרשעמט פֿאַר אים.

ווען דער נייער אומבאַקאַנטער נביא האָט זיך באַוויזן אין בבל און אויסגערופֿן די צייט פֿון דער גאולה, האָט זיך נריה אים איבערגעגעבן בלב־ונפֿש. מיט דער צייט איז ער געוואָרן פֿאַרן נביא דאָס, וואָס זיין פֿעטער ברוך איז געווען פֿאַר ירמיהון. ווי ברוך האָט געגלויבט באמונה־שלימה אין ירמיהוס נבואות פֿון חורבן, אַזוי האָט נריה געגלויבט אין זיין נביאס נביאות־זאָגן וועגן דער גאולה, וואָס קומט, — געגלויבט, אַז דעם נביאס רייד זענען אמת־וצדק און וועלן נישט פֿאַרפֿעלן מקויים צו ווערן.

פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס דער נביא האָט זיך געוויזן אין שריה בן־מחסיהס הייזל ביים טייך פּרת, האָט אים נריה ארייגגענומען צו זיך. ער און זיין ווייב האָבן אים משמש געווען, געזאָרגט פֿאַר אים, געשיצט אים קעגן די רדיפֿות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין פֿון מרדכי מוראשוס מענטשן. שפּעטער איז ער געוואָרן דעם נביאס סופֿר און מזכיר, און ער האָט געלערנט צו פֿאַרצייכענען אויף שערבלעך, אויף ערדענע כלים, אויף טעפּ און שיסלען, אַמאָל אויך אויף פֿאַרמעט, די רייד פֿון נבואה, וואָס זענען געקומען פֿון נביאס מויל, די דרשות, וואָס דער נביא האָט געהאַלטן אין די בתי־כנסיות אָדער אין די הויפֿן פֿון די לאַנדסלייט. אָפּטמאָל האָט אים דער נביא אַליין דיקטירט, פֿירגעזאָגט וואָס צו שרייבן, — אַמאָל ווערטער פֿון נבואה, אַמאָל אַ תפֿילה, אַ מזמור, אַ שיר־המעלות, אָדער אַ „שגיון", אַ חזיון, וואָס האָט ארויסגעקוועלט פֿון אים אין דער שעה פֿון חסד, ווען דער רוח־הקודש איז געקומען איבער אים. דער נביא האָט צומאָל נישט געוווסט, אַז נריה הערט זיך איין אין זיינע רייד פֿון נביאישן פּאַטאָס, וואָס ער לאָזט הערן אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט פֿון זיין געלעגער. נריה הערט זיך איין און פֿאַרשרייבט איטלעך וואָרט. וואָס דער נביא באַשטעטיקט פֿון זיינע אייגענע רייד, דאָס באַהאַלט נריה און היט עס אָפּ; וואָס דער נביא פֿארוואַרפֿט, דאָס צעשטערט ער.

נריה האָט קיינמאָל נישט געפּרוּווט דעם נביא אָפּהאַלטן פון צו גיין צו יענע מסוכנע פּלעצער, ווו ס׳איז געווען צו טרעפן זיינע שונאים, ווי מרדכיס מענטשן, אָדער אַנדערע, וואָס שטעלן זיך קעגן שיבת־ציון, ווען דער נביא האָט געגאַרט צו ברענגען צו זיי זיין וואָרט. ער האָט זיך געפּונען לעבן דעם נביא אין יעטוועדער סכנה, גרייט צו באַשיצן אים מיט זיין מעכטיקן כוח, און ער פלעגט אים אַוועקטראָגן פון אונטער די הענט פון זיינע באַפאַלער, ווי מען ראַטעוועט־אָפּ אַ קינד פון די קרעלן און ציין פון א חיה־רעה. אויך איצט, נאָך דעם בבל׳ער ביי־יאָר, ווען די ביטערקייט און די העצעריי קעגן דעם נביא האָבן זיך געשטאַרקט, האָט אים נריה ארויסגענומען פון דעם הויף פון די בית־לחמער, וואָס דער נביא האָט זיך דאָרט געהאַט אויסבאַהאַלטן, און אים געבראַכט צוריק אין דעם הייזל ביים טייך פּרת: דער נביא איז שוין איצט נישט זיכער געווען מיט זיין לעבן אפילו צווישן די לאַנדסלייט פון בית־לחם.

אַ גרויסער שטורעם האָט זיך געטראָגן קעגן דעם נביא. צו זיינע אַמאָליקע שונאים, ווי די מוראשוס, וואָס האָבן גלייך פון אָנהייב זיך געשטעלט קעגן אים, זענען איצט צוגעקומען די פרומע מנהיגים און דעה־זאָגער איבער בני־הגולה, די כהנים און די זקנים. וואָרים מען האָט דערזען אין דעם נביא׳ס טאָוונגען גרויס סכנה נישט נאָר פאַר דעם פּאָליטישן סטאַטוס פון די יידן אין בבל, — כורש׳עס גרייטקייט צו ברענגען די יידן צוריק קיין יהודה האָט נאָר געקאָנט פירן צו אַ גזירה פון גירוש־בבל, פון געצוווּנגענער שיבת־ציון אָן אַ גואל, — נאָר מען האָט נאָך מער זיך געשראָקן פאַר דער סכנה, וואָס האָט געלויערט אויף דער יידישער אומנה מיט דער אַנטוויקלונג אין דעם נביא׳ס נביאת־שקר. די פּאָליטישע קעגנער פון נביא האָבן געמאַכט יד־אחת מיט די רעליגיעזע; צו די מוראשוס זענען צוגעשטאַנען פיל פון די זקנים און די כהנים, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין בי־כנישתא פון די פירשטן פון יהודה, די אמתע מאַכטהאָבער אין דעם לעבן פון די בני־הגולה.

# קאַפּיטל דריי

בחינם האָט זרובבל און אַנדערע זיינע פריינט געפּרוווט דעם נביא אָפּהאַלטן, ער זאָל נישט ווייזן זיך ביז א צייט אין די בתי־כנסת. עס האָט נישט געהאָלפן קיין וואָרעניש, קיין אָפּשרעק. עס איז געקומען שבת, איז דער נביא געגאַנגען — שוין נישט צו די בית־לחמער לאַנדסלייט, וואָס צווישן זיי האָט ער דאָך געהאַט פריינט און פאַרערער, איינגעגלויבטע אין זיין נביאות, נאָר צו די משפחות בני־זתוא, בני־סנאה און בני־פשחור, סאַנדאַלן־נייער, מאַנטל־מאַכער און זילבערשמידן, וואָס האָבן אַלע געוווינט ארום דעם גרויסן באַזאַר פון בבל, ווו זיי האָבן געהאַט זייערע ווערק־שטעלן און געוועלבן. עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן צווישן זיי, אין זייערע הויפן, פיל ערדארבעטער און שעפּסנציער פון תל־אביב, ווען זיי זענען געקומען מיט זייערע סחורות צו פאַרקויפן אויפן בבלער מאַרק; לאַנדסלייט פון בית־אל, מיט זייער פּראָדוקציע פון ערדענע טעפּ און קרוגן. די געדיכטע מאַסע בני־הגולה, — בעלי־מלאכות און הענדלער, פּי־ציער און פישערלייט, — האָט באַוווינט די אומגעגנט פון בבלער באַזאַר, וואָס פון דאָרט האָט זי געצויגן איר חיונה.

אין איינעם פון די הויפן האָט זיך געפונען אַ בית־הכנסת. די זקנים האָבן אויף שבת און יום־טוב געשיקט אהין א כהן אָדער א לוי צו לייענען פאַר דער עדה פון תורת־משה, צו זינגען פאַר זיי שיר־המעלותן, צו דערמאַנען זיי אָן ציון און ירושלים, אַז עס זאָל נישט איבערגעריסן ווערן דער צובונד צום מקור.

דער נביא איז געקומען און האָט ווי מיט אַ פייערדיקן ווינט צעבלאָזן דעם פונק בטחון אין דער גאולה, וואָס האָט ערגעץ־ווו געטליעט אונטער דעם אַש פון חורבן אין זייער האַרץ. און דער בטחון, וואָס דער נביא האָט אויפגעוועקט אין זיי, איז געווען נישט נאָר דער בטחון אין זייער אייגענער גאולה פון גלות־בבל, נאָר אין אַ גאולה, וואָס וועט קומען פאַר די בבלער גופא און פאַר אַלע אַנדערע פעלקער, ווען זיי וועלן דערקענען דעם איינציקן לעבעדיקן גאָט פון ישראל. אין זייער תמימותדיקן גלויבן האָבן זיי אָנגענומען די געפליגלטע ווערטער פון נביא איבער דעם ליכטיקן עתיד פון ישראל אין זייער פשוטן זינען. זיי האָבן באמת געגלויבט, אַז כורש, דער מנצח איבער בבל, וועט נישט נאָר דערקענען דעם גאָט פון ישראל און אומקערן דאָס פאָלק ישראל צוריק אין זיין לאַנד, נאָר עס וועט אויך מקויים ווערן דעם נביא׳ס הבטחה, אַז „מלכים וועלן זיין דיינע דערציער און זייערע שררה׳טעס דיינע אַמען״. זיי האָבן זיך באַרימט און זיך געגרייסט פאַר זייערע

שכנים, די בבלער, מיט דעם נביא׳ס הבטחות. ווען דער יום־טוב פון גיי־יאָר איז פאַרביי, האָבן די שכנים זיי אויפגעהויבן אויף געלעכטער, געחוזק׳ט פון זיי און זיי פאַרשעמט:

„נו, ווען גייט איר שוין צוריק קיין יהודה? מלכים וועלן זיין אייערע דערציער און שרה׳טעס אייערע אַמען?"

און צו אָט די פּשוטע מענטשן, פאַרביטערטע, אָפּגענאַרטע אין זייער בטחון, האָבן די מוראשוס אַרויסגעשיקט זייערע מענטשן צו העצן זיי קעגן דעם נביא.

„נישט אַנדערש, נאָר אָן אומגליק, אָן אומגליק וויל ער ברענגען אויף אונזער קאָפּ. ער רעדט אָן דאָס מלכות, אַז עס זאָל אונז ארויסשיקן פון בבל. אַ שוואַרצע גזירה וויל ער ברענגען אויף דעם שארית־ישראל".

און צו אָט די פאַראומערטע, מיט שנאה פאַרסמטע מענטשן האָט דער נביא געוואָלט ברענגען זיין וואָרט פון נחמה און ישועה, ברענגען זיי דעם חזיון פון גאָטס מוטערלעכע געפילן, וואָס זענען אַנטפּלעקט אין דער מוטער ציון.

זיי, זיי, די שטומע שאָף, וואָס ער האָט געזען אין זיי די קרקע־בתולה, אין וועלכע גאָט האָט פאַרפלאַנצט דעם בטחון פון ישראל; זיי, די טרעגער פון דער הבטחה, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו די אבות; זיי, וואָס וועלן מיט גאָטס רצון פאַרקערפּערן אין זיך „דאָס ליכט פון דער וועלט", — זיי שטייען איצט, פאַרשעמטע, פאַרלאָזענע, — פאַרשעמט פון פרעמדע, פאַרלאָזן פון אייגענע. שטייען ווי שטומע שאָף, וואָס אַ פאַסטוך האָט פאַרפירט אויף דעם העכסטן שפּיץ פון באַרג און פאַרלאָזט זיי, זיי איבערגעלאָזט אַליין. דאָס רחמנות און די ליבע צו זיין פאָלק האָט אים צעריסן דאָס האַרץ, אָבער נאָך גרעסער פון דער ליבע און דעם רחמנות, גרעסער, שטאַרקער, טיפער און הייליקער, איז געווען דאָס גרויסע שליחות, וואָס איז באַשטימט פאַר ישראל. און ער האָט געוווסט, דער נביא, אַז דאָס שליחות מוז דערפילט ווערן. ישראל איז די כלי פאַר דעם שליחות. גאָט וועט נישט צעברעכן די כלי, וואָס ער האָט באַשאַפן און באַשטימט פאַר זיין ווערק.

ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין דעם אָנגעפילטן הויף, האָט בריה, זיין באַגלייטער, תיכף דערפילט דעם שווערן געפּרעסטן צאָרן, מיט וועלכן די מאַסע מענטשן איז באַלאָדן. אַ מינוט צופריער איז דער הויף פול געווען מיט רעש און גערודער, אָבער ווי נאָר דער נביא האָט זיך באַוויזן, האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטילקייט. אַ געדריקטע מרה־שחורה׳דיקע שטילקייט, וועלכע איז נאָך שווערער געוואָרן דורך דעם מורמל, וואָס האָט אדורכגעצויגן דורכן עולם. דער נביא האָט אָבער גאָרנישט באַמערקט. ער האָט גאָרנישט געזען. זיין האַרץ איז געווען אָנגעזאַפּט מיט ליבע און רחמנות צו דער מאַסע מענטשן, און זיינע אויגן זענען געווען פאַר־טראָגן אין דעם חזיון, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך, דעם אָנזאָג פון גאָט צו ברענגען זיי נחמה און בטחון.

ער האָט אָנגעהויבן מיט דער דערקלערונג, ווי תמיד אין אַלע זיינע נבואות, אַז נישט ער זאָגט, וואָס ער זאָגט:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט...״

„נישט גאָט זאָגט, נאָר דו זאָגסט. לאָז־אויס גאָט׳ס נאָמען״, — האָט זיך געהערט פון עולם.

דעם נביא׳ס פּנים, איינגעפאַלן אין זיין קורצער שוואַרצער באָרד, איז בלייך געוואָרן ווי דאָס ווייסע טוך, וואָס האָט באַדעקט זיין קאָפּ. זיינע אויגן האָבן אַ שמייכל געטון מיט אַ פיינלעכן שמייכל, ווי זיי וואָלטן געבעטן זיך מען זאָל אים לאָזן אויסריידן. די הענט, וואָס ער האָט געהאַלטן אויסגעשטרעקט צום עולם, האָבן אַ ציטער געטון ביי אים און ער האָט איבערגעחזר׳ט די ווערטער:

„כה אמר יהוה...״

„נישט גאָט, נאָר דו זאָגסט״, — האָט זיך ווידער געהערט דאָס זעלבע קול, קומענדיק פון אַ קאָפּ, וואָס האָט זיך ארויסגעהויבן איבער אַלע קעפּ אין הויף, פון אַ האַרט פּנים, מיט אויגן, וואָס האָבן געשיקט שפּיזן פון ברענענדיקן צאָרן אין נביא.

„לאָזט אים ריידן. לאָמיר הערן, וואָס גאָט האָט אים געזאָגט דאָס מאָל״, — האָט זיך געטראָגן אין דער לופט אַ צוויט שטאַרק קול, אַ באַפעלעריש קול פון איינעם מיט אַ שוואַרצער געקעכלטער באָרד, קענטיק, פון אַ העכערן באַאַמטן אָדער כהן.

דער נביא האָט ווידער אויסגעשטרעקט די הענט צום עולם און אויסגערופן מיט אַ קול, וואָס האָט אָפּגעקלונגען מיט דעם געוואַלד פון ווייטיק און ליבע:

„וו איז דער גט פון אייער מוטער,
אז איך האָב זי אוועקגעשיקט?
אָדער ווער איז פון מיינע מאָנער,
וואָס איך האָב אייך פאַרקויפט צו אים?״

„גענוג שיינע רייד. וואָס האָט דיר גאָט געזאָגט? לאָמיר הערן״.

„זעט, איבער אייערע זינד
זענט איר פאַרקויפט געוואָרן,
און איבער אייער פאַרברעכן
איז אייער מוטער אַוועקגעשיקט געוואָרן״.

„ניין, נישט איבער אונזערע זינד, נאָר איבער די זינד פון אַזעלכע לייט ווי דו ביסט, וואָס טראַכטן אויס פאַלשע רייד פון זייער האַרץ און זאָגן דאָס אין גאָט׳ס נאָמען״, — האָט זיך געהערט דאָס קול אַריבער אַלעמענס קעפּ.

„איבער די זינד פון פאַלשע נביאים, וואָס נאַרן־אָפּ דעם בטחון פון פאָלק״, — האָט אָפּגעענטפערט נאָך אַ קול.

דער נביא איז שטיל געוואָרן, אָבער זיינע אויגן, אָנגעקוואָלענע מיט

טרערן, האָבן זיך ווידער גענעבעטן.

„פאַרזינדיקט זיך נישט אין נביא! — האָט אָפּגעהילכט אַ קלאָגעדיק קול פון פאָלק ארויס — „אַ גרויס אומגליק ברענגט איר אויף אונזערע קעפּ!״

„לאָזט דעם נביא ריידן. לאָמיר הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן״.

דער נביא האָט אַלץ געשוויגן, אַלץ געקוקט מיט זיין פאַרטרערטן בליק דעם עולם אין פּנים אַריין. זיינע ליפּן, געצייכנט אין אַ קרומלעכער ליניע פון צער און רחמנות, האָבן זיך באַלד געעפנט, און ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ פאַרטרערט און בעטנדיק קול:

„פאַרוואָס בין איך געקומען, און קיין מענטש איז
נישט געווען?
גערופן, און קיינער האָט נישט געענטפערט?״

„מיר זענען נישט געקומען?״ — רייסט זיך אריין דאָס קול פון אַריבער אלעמענס קעפּ —, דיין גאָט, וואָס דו רעדסט אין זיין נאָמען, איז נישט געקומען. ווו איז די גאולה זיינע, וואָס ער האָט צוגעזאָגט מיט דיין מויל״.

דער נביא האָט זיך נישט געלאָזט שטערן פון די פיינטלעכע צווישנרופן. גאָטס כוח אויסצולייזן איז געשטעלט אין ספק? זיין יכולת פאַר דער גאולה ווערט אָפּגעפרעגט? און דער נביא האָט זיך איבער־גענומען מיט גאָטס גבורה. עס האָבן זיך אַנטפּלעקט חזיונות פאַר זיינע אויגן, חזיונות פון גאָטס אַלמעכטיקייט, און ער האָט אויסגעשריגן אין גאָטס נאָמען:

„איז דען קורץ מיין האַנט אויסצולייזן,
צי נישטאָ קיין כוח אין מיר אייך מציל צו זיין?
זעט, מיט מיין אָנגעשריי טריקן איך אויס דעם ים
און מאַך פון טייכן אַ מדבר;
זייערע פיש ווערן דומפּיק אָן וואַסער
און שטאַרבן פון דאָרשטיקייט.
איך קלייד די הימלען אין שוואַרצקייט,
און מאַך אַ זאַק פאַר זייער צודעק״.

נאָר ביז דאַנען האָט דער נביא געקאָנט ארויסברענגען זיין חזיון פון גאָטס גרויסקייט. דאָס ליד איז אין מיטן איבערגעריסן געוואָרן, ווען אַ מעכטיקע האַנט פון אַ מענטשן האָט זיך געלייגט שווער אויף דעם נביא׳ס פּנים און אים פאַרמאַכט דאָס מויל.

„גענוג דיר מיט שיינע רייד! דערויף, ווייזן מיר, ביסטו אַ בריה. דו זאָג אונז בעסער, ווער האָט דיך געדונגען, דו זאָלסט דאָס פאָלק פאַרפירן מיט פאַלשע הבטחות? און ווער באַצאָלט דיר, אַז דו זאָלסט דאָס פאָלק אָנריידן צו פאַרלאָזן בבל?״ — האָט געזאָגט דער מאַן, וואָס

איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פון דער מאַסע, ווי ער איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אויפן בעלעמער, ווו דער נביא איז געשטאַנען, און האָט מיט דער גאַנצער וואָג פון זיין ברייטער לאַפּעדיקער האַנט צוגעפּלאַטשט דעם נביא׳ס פּנים.

„פאַרזינדיקט אייך נישט אין נביא... אַ גרויס אומגליק ברענגט איר איבער אונזערע קעפּ“, — האָט ווידער אויסגעוויינט דאָס דינע קול פון עולם אַרויס.

דאָס קול איז פאַרשטיקט געוואָרן אין דעם ליאַרם פון צווישנרופן.

„זאָל ער טאַנצן פאַר אונז דאָס טענצל: ,גייט אַרויס פון בבל, אַנט־לויפט פון די כשדים‘“.

„דאָס וויל ער דאָך“.

„פרעג אים, ווען וועלן די אומות ברענגען אונזערע זין אין בוזעם און אונזערע טעכטער אויפן אַקסל טראָגן“.

„ניין, פרעג אים בעסער, ווען וועלן זיי זיך בוקן צו אונז מיטן פּנים צו דער ערד און דעם שטויב פון אונזערע פיס לעקן, ווי ער האָט אונז צוגעזאָגט“.

„האָסטו נישט אליין געזען צו וועמענס פיס זיי בוקן זיך און וועמענס שטויב זיי לעקן?“ — האָט ווער געפרעגט.

„בל־מרודכ׳ס!“ — האָבן אָפּגעדונערט פיל קולות אין כאָר.

דער נביא איז געלעגן אין די הענט פון דעם שטאַרקן מאַן, ווי אַ קינד אין די לאַפּעס פון אַ בער. ער איז געלעגן, פאַרדריקט מיט דער מאַסע פלייש, און האָט געשוויגן.

בחינם האָט נריה, געפּענטעט אין אַנדערע אָרעמס, זיך געריסן צו קומען דעם נביא צוהילף. ער האָט נאָר געקאָנט זען פון דער ווייטנס ווי דער נביא, זיין נביא, דער נביא פון נחמה און בטחון, ווערט געדריקט פון אַ שווערער מאַסע, וואָס בייגט אים צו דער ערד.

„זייט שטיל!“ — האָט דער שטאַרקער מאַן אויסגערופן צום עולם און צוגעווונקען מיט די אויגן — „איך וועל אייך זאָגן, ווער עס האָט אים געדונגען צו נאַרן דאָס פאָלק, ווער עס צאָלט אים פאַר דער מי, וואָס ער האָט זיך געמיט“.

און דער מאַן, אָפּלאָזנדיק דעם נביא׳ס פּנים, האָט אַריינגענומען אין דער האַנט אַ זשמעניע האָר פון דעם נביא׳ס באַקנבאָרד און מיט איין גבורה־דיקן ריס אויסגעפּליקט די האָר מיטן פלייש.

„דאָס באַצאָלן דיר די כשדים, אַז דו זאָלסט מיט פאַלשע הבטחות אַרויסגענאַרן אונזער פאָלק פון בבל“, — האָט ער אויסגעשריען און אַרויסגעלאָזט אַ מויל שפּייעכץ דעם נביא אין פּנים אַריין.

„לאָזט מיך צו, לאָזט מיך צו!“ — האָבן מענטשן זיך געריסן פאָרויס און מיט די אַקסלען און די עלנבויגנס זיך אַדורכגעשפּאַרט דורך דער געדיכטער מאַסע אַ וועג צום נביא.

„טמא, טמא, טמא !"

און איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי געשפּיגן דעם נביא אין פּנים אַריין.

ער איז געשטאַנען, א גלייכער אין זיין גאַנצער הויך. דאָס בלוט פון זיין רוי־צעריסענער באַק האָט אַראָפּגערונען אין ריטשקעלעך אויף זיין ווייסן כאַלאַט, האָט געפּלעקט רויט זיין טלית. ער האָט זיך נישט געווערט, נישט אָפּגעווענדט דאָס פּנים פון די שפּייער, נישט אָפּגעקערט דאָס פּנים, ווען אפילו נאָך איינער און אן אַנדערער האָבן מיט תאווה׳דיקער פרייד זיך געכאַפּט צו פליקן דעם רעשט פון זיין באָרד. ער האָט אַריינגעקוקט די אָנגרייפער גלייך אין פּנים אַריין, אָן שום סימן פון כעס אָדער פאַר־אַכטונג, נאָר מיט אַ בליק, געמילדערט, ווי פריער, מיט רחמנות, מיט ליבע. ער האָט זיך אָנגעטאָן א כוח צו האלטן זיך אויף די פיס, כאָטש דאָ און דאָרט האָט ער זיך געגעבן א וואַקל אזוי ווי צום פאַלן.

און די גאַנצע צייט פון דעם טומל און דעם געררויש פון קולות, וואָס האָט זיך געטראָגן ארום, האָט נישט אויפגעהערט דאָס קלאָגעדיקע געוויין ווי פון א געפּייניקט פאַרמוטשעט קינד:

„אַ גרויס אומגליק ברענגט איר איבער אונזערע קעפּ... איר פאַרזינ־דיקט זיך אין נביא".

עס האָט געדויערט א היפּשע ווייל ביז דער אויפגערייצטער המון־עם האָט זיך געקילט דאָס הארץ, געלאָשן זיין צאָרן אין דעם רעגן פון שפּייעכץ.

לסוף האָט ביי דעם בעלעמער, וווּ דער נביא איז געשטאַנען, זיך געוויזן דער מאַן מיט דער געקניפּטער באָרד פון אַ הויכן באַאַמטן. עס איז איצט געווען צו זען די קייט פון אַמט, וואָס איז געהאָנגען ביי אים אויפן האַלדז. מיט אים זענען געווען א פּאָר טויערלייט פון דעם פּאַלאַץ פון די יידישע פירשטן. דער מאַן האָט געלייגט די האַנט אויפן נביא׳ס אַקסל און געזאָגט מיט זיין באַפעלערישן טאָן:

„אין נאָמען פון פירשט און כהן־גדול, א באַפעל איז מיר געגעבן דיך פעסטצוהאלטן און ברענגען פאַרן ועד פון די זקנים אין בי־כנישתא פאַר א חקירה־ודרישה פון דיינע טואונגען. קום מיט מיר !"

די טויערלייט האָבן אָנגענומען דעם נביא ביי די אָרעמס און אים אַרויסגעפירט פון הויף.

בריה, פרייגעלאָזן פון די הענט, וואָס האָבן אים געהאַלטן געפּענטעט, האָט נאָכגעפאָלגט אין זייערע טריט.

און דאָס קלאָגעדיקע קינדישע געוויין האָט אַרויסבאַגלייט דעם נביא פון דעם הויף פון די בני־זתוא, די בני־סנאָה און די בני־פשחור:

„ווי איז צו אונז, מיר האָבן זיך פאַרזינדיקט אין נביא, אזוי ווי אין ירמיהו׳ן !"

*

אין דער קאַמער איז געווען פינצטער און נאַס. קיין שפּאַרע, קיין שפּעלטל, וואָס זאָל אַריינלאָזן אַ שפּראָץ ליכט פון דרויסן. טויטע געווועלבן האָבן אים אַרומגערינגלט, אים פאַרטרונקען אין א שטאָק־פינצטערניש.

אויפן ערהדענעם דיל איז געלעגן דער נביא, א בינטל ביינער, איינגעוויקלט אין א פארבלוטיקטן ליילעך. ער האט אויפגעהויבן די אויגן, זיך איינגע־עקבערט אין דער שווארצקייט פון חלל און געשפאלטן מיט זיין פייערדיקן בליק דעם געדיכטן געוועב, וואס איז געהאנגען איבער אים. ער האט געזען, וואס ער האט געזען, און אויסגערופן:

„א, גאט פון ישראל, הער מיך. דיך האב איך פארקויפט צו זיי, דיך האב איך פארמשכנט צו זיי, אין דיין נאמען האב איך זיי געבראכט די בשורה און די הבטחה. איצט פאדערן זיי דיך פון מיין האנט. דו האסט אויפגעעפנט מיין אויער, און איך האב געהערט. האסט ארייגעטאן דיין ווארט מיר אין מויל אריין, און איך האב עס אויסגעשריען. דיין תקווה און דיין נחמה האב איך זיי געגעבן. איך האב זיי אויפגעהויבן צו די העכסטע הויכן, כדי זיי זאלן פאלן צום טיפסטן נידער. ווי א ווארעם ליגט ישראל צעטראטן צו די פיס פון די גויים. דער בטחון אין דיר אויסגעלאכט, דיינע הבטחות פאראכט. דיין כבוד פאדערן זיי פון מיין האנט. דיין נקמה נעמען זיי אין מיר. ווארום דיין נאמען ווערט גערופן אויף זיי. אין ישראל ווערט דיין נאמען פארשעמט. האסט געשיקט דיין קנעכט אין דיין שליחות. ווי א קעמל, פארלאזט פון זיין אנטרייבער, גייט דיין קנעכט, באלאדן שווער מיט דיין שליחות, דורך א וויסטן מדבר. שטאכערס און דערנער צעבלוטיקן אים די פיס, שלאנגען און עקדישן קריכן אונטער זיין בויך, חיות־רעות לויערן אויף אים פון זייער אויסבאהאלט. ער הערט זייער ברומען. און די נבלה־חיות פאדיען ארום אים מיט א הונגעריקן געוואי, א רוף צו די פארצוקנדיקע חיות. און דאך גייט ער. איינער אליין שלעפט ער די שווערע מאסע, וואס דו האסט געלייגט אויף זיין רוקן. מיין גאט, שיק דיין טרייסט צו דיין פאלק ישראל, וואס איז מיד געווארן, באלויכט אים דעם וועג מיט די ברכות פון דיין הבטחה, נעם אראפ דאס בלינדעניש פון זיינע אויגן און זאל ער זען דאס זאנפטיקע ליכט, וואס גייט אים פארויס. אויב נישט, פארשטאפ מיין אויער פון צו הערן דאס געזאנג פון דער גאולה, שלאג מיך מיט בלינדעניש, אז איך זאל נישט זען דעם וועג, וואס דו האסט אויסגעלייגט פאר זיי. מיין הארץ ווערט צעבראכן פאר רחמנות אויף זיי. לאז מיך זיין טויב און בלינד, ווי זיי, און זאל איך אונטערגיין ווי דער צילברעט פון זיינע פיילן וואס זיי שיקן אין מיר — אין נקמה פאר דיר".

אויסגעמאטערט און אויסגעשעפט, האט ער פלוצלונג דערזען ווי פון א לאנגן, לאנגן קארידאר טרעט ארויס פון דער פינצטערער אומענדלעכ־קייט א געשטאלט פון א פרוי. די געשטאלט אליין איז פארטרונקען אין דער טונקלקייט, וואס איז ארום איר, מער נישט איר שאטן־סילועט שניידט זיך קלאר ארויס. ער זעט נישט מער ווי איר נאקעטן פוס־טראט, וואס די הויט דערויף איז אזוי ציטעריק העל און פון אזא איידעלער ווייסקייט, אז זי ווארפט־אפ א שיין פון זיך, וואס בלייכט דעם שטעג, אויף וועלכן זי טרעט. און וואס נענטער אירע טריט קומען־אן, אלץ מער באלויכטן ווערט

איר אַרום. איר טראָט איז א לייכטער, ווי זי וואָלט געשוועבט אין דער לופטן. זי קומט און שטעלט זיך לעבן אים. פון איר טונקעלן שלייער שטרעקט זי אויס איר האַנט צו אים, באַרירט זיין ברענענדיק פּנים מיט א פינגער. איר פינגער, ווי ער וואָלט געווען באַדעקט מיט דער הויט פון א ברוסט, האָט אַרויסגעגעבן פון זיך א טויאיקע קילקייט. און דער אַנדער פון דעם פינגער אויף זיין פּנים האָט ארייננגעטריפט אין אים א הייליקע אויסגעלייטערטע איידלקייט און פאַרקערט זיין צער אין הימלשע זיסקייט. און עס איז געקומען איבער אים א הייליקער שלומער, ווי דער שלומער פון א געפייניקט קינד, וואָס ווערט געטרייסט און געהיילט אין דער מוטערס אָרעמס.

אין דעם שלומער האָט זיך צו אים נאָכאַמאָל באַוויזן דער מאַן, וואָס ער האָט אים שוין אזוי פיל מאָל געזען אין דעם חזיון פון מדבר. ווידער געפינט ער זיך אין מדבר, אויפן וועג פון בבל קיין יהודה. ווידער איז דער מדבר פאַרפלאַנצט אין א גן־עדן פון גאָט, ווי ער האָט אים אזוי אָפט געזען אין זיינע חזיונות פריער. ער הערט דאָס קילע ריזלען פון באָכן און ריטשקעס וואַסער, וואָס ציען זיך ווי אָרעדן דורך די זאַמדיקע פלאַכן, גיסן זיך אַריין אין דעם געדיכטן גרינס, וואָס איז געשפּרענקלט מיט אויסטערלישע שמעקעדיקע געוויקסן, לויפן פאַזע דעם וועג, וואָס גאָט האָט אויסגעלייגט מיט גרינע דעקן אין מדבר פאַר די שובי־ציון. ער האָט געזען ווי פוקסן, היענעס און שאַקאַלן קומען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, פון די לעכער און נאָרעס אין זאַמד, קוקן זיך שרעקעדיק אַרום, הערן זיך איין אין דעם רויש פון וואַסער, שאַרן זיך מיט ציטערניש אַדורך דעם געדיכטן גרינס און לויפן מיט א פאַרכאַפּטן העשען, צו צום לעבעדיקן וואַסער, וווּ זיי לעשן מיט גרויס גיריקייט דאָס פאַרצערנדיקע פייער פון זייער מדבר־דורשט. ער האָט געזען סאַרנעס און גאַזעלן אַרומלויפן איבער דעם גרינגראָזיק דעק; פייגל פלאַטערן אין דער לופט, מיטן שאָטן פון זייערע פליגל פאַלנדיק אויף די זאַמדיקע פלאַכן, — זעגלשיפן אויף א ים פון זאַמד. אלע קומען זיי צו לויפן און צו פליען אזוי ווי אין גרויס וווּנדער איבער דעם אָנבליק פון וואַסער און גרינס, וואָס האָט זיך אויפגעעפנט פאַר זיי. און דאָס פלאַטערן פון די פייגלשע פליגל, ווי דאָס וואָיען פון די מדבר־חיות קומט־פאָר ווי אן אויסגעשריי פון אַנטציקונג און פרייד, א הימן פון פרייד און לויב צום באַשעפער, וואָס דער חיה׳שער חוש ברענגט אַרויס אין די שטומע באַשעפענישן.

דער גרין־באַדעקטער וועג אין מדבר רייסט זיך אָפּ פון דער ניִדער, הויבט זיך, הויבט זיך ארויף אין דער הויך, בלייבט הענגען און טראָגט זיך דערנאָך אין דער לופטן. און פאַר דעם נביא׳ס אויגן וואַקסט אויס א שטאָט, וואָס שוועבט אויף וועלן לופט, אויף רויכערדיקע וואָלקנס. ער דערקענט די שטאָט. עס איז ירושלים. דאָס אויבערשטע ירושלים, וואָס שווימט איבער דער פלאַך פון הימלשע ימים, שוועבט איבער חשמל־טייכן. און פון דער ירושלים הויבט זיך אַרויס, אויך א שוועבנדיקער אין דער

לופט, דער באַרג מוריה, דער פּלאַץ פון בית־המקדש. און פון דעם קנויליקן וואָלקן־רויך איבער דעם באַרג מוריה גייט־אויף הויך, איין גרויסער מזבח.

און צו אָט דער אויבערשטער ירושלים, צו אָט דעם אויבערשטן הר־מוריה און זיין מזבח, זעט ער, גייען די בני־ישראל אויף פון בבל. ער הערט זיי זינגען און שאַלן אונטן אין טאָל. ער זעט זיי ווי זיי ציען — משפחה׳ווייז, לאַנדסלייט מיט לאַנדסלייט, מיט זייערע ווייבער און קינדער, מיט זייער פי און שאָף, — ציען פון בבל דער שטאָט, וואָס ליגט פאַרהוילן אונטערן האָריזאָנט. ער זעט זיי אַרויסטרעטן פון האָריזאָנט אין מדבר. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז גייט די וויסטעניש פון מדבר אַריבער אין דעם פאַרפלאַנצטן גאָרטן פון גאָט. זיי טרעטן שוין אַריין אין דעם גאָרטן און גייען פאַזע די קוועלנדיקע לויפנדיקע באַכן און ריקעס, צווישן סטעזשקעס און שטעגן, פאַרטרונקענע אין גערדיכטן גרינס. זייער געזאַנג קומט־אָן וואָס אמאָל בעסער. ער קאָן שוין איצט אָפּשיידן די כהנים און די ראשי־הגולה. זיי טראָגן די כלים פון בית־המקדש פאָרויס פון די עולי־הגולה. ער הערט די טראָמפייטן שאַלן, דאָס זינגען פון די לוויים, דאָס געלעכטער און די פרייליכע רופן פון פאָלק, וואָס איז הינטער זיי:

„אז גאָט האָט אומגעקערט די אומקערונג פון ציון,
זענען מיר געווען ווי אין חלום.
דענסטמאָל איז פול געוואָרן אונזער מויל מיט געלעכטער,
און אונזער צונג מיט געזאַנג...״

זיי שטייגן וואָס אַמאָל העכער. זיי שוועבן שוין איצט אין די קנויליקע וואָלקן־רויכן, וואָס גאָט האָט געשפּרייט פאַר זיי, א וועג פון בבל קיין ציון.

מיטאַמאָל דערזעט ער אַ מענטשלעכע פיגור, וואָס שניידט זיך אויס פון דעם וואָלקן־רויך. ער איז נאָך האלב פאַרהוילן צווישן די געפליגלטע וואָליקע שאָף, וואָס ארום אים. באלד ווערט די פיגור קענטיק: אן אלטער מאַן, זייער א הויכער און זייער א ווייסער. ער גייט שוועבנדיק און לעבן אים א יינגל אין א כתונת. דעם יינגלס רוקן איז באַלאָדן מיט א בינטל צווייגן. דער אַלטער מאַן האַלט דאָס יינגל ביי דער האנט. זיי גייען טראָט אין טראָט, שווייגנדיק, אין דעם שוועבעדיקן וואָלקן־רויך.

ער דערקענט דעם אַלטן מאַן. ער ווייסט, וואָס דאָס איז. דאָס פירט אברהם זיין זון יצחק צו דער עקדה. ער זעט שרה׳ס פּנים ווי זי קוקט אַרויס דורך א ריס צווישן די וואָלקנס, קוקט־נאָך איר מאַן ווי ער פירט איר קינד צו דער עקדה. און דער נביא וווּנדערט זיך אין זיין חזיון איבער דעם חזיון, וואָס ער זעט, אין זיין חלום אויף דער וואָר.

„גאָט ווייזט מיר דעם אָנהויב פון ישראל. דעם חסד פון אברהם, דעם זכות פון יצחק. פון שרה׳ן קומען מיר אַלע אַרויס. גאַנץ ישראל איז איין יצחק, געבונדן פאַר דער עקדה. ווי דער עמוד־האש אין מדבר, גייט ישראל פאָרויס זיין זכות אין יצחקן, זיין חסד אין אברהמ׳ען״.

א פרייד האָט דעם נביא ארומגענומען, ווי גאָט וואָלט אים צו טרינקען געגעבן פון דעם כוס פון נחמה, און ער איז שיכור געוואָרן פון פרייד.

גאָט האָט אים געוויזן די זכיות פון ישראל, ווער קאָן זיי פאַרלייקענען ?

און מיטאַמאָל האָט אַ האַנט זיך אויסגעשטרעקט צום נביא פון דעם רויך פון וואָלקן ארויס, האָט אים אָנגענומען, ווי אַ שטורעמווינט נעמט־אָן אַ בוים, אים אוועקגעטראָגן און אַוועקגעשטעלט אויפן שפּיץ באַרג, ווו דער בית־המקדש איז געווען.

דאָס ליכט איז געווען נישט ווי דאָס ליכט פון טאָג, נישט ווי דאָס ליכט פון נאַכט, נאָר ווי דאָס ליכט פון אַ הימלישן בין־השמשות. דער הימל איבער זיין קאָפּ איז געווען באַגאָסן מיט אַ שיינענדיקער העלער בלויקייט, און די ערד, אויף וועלכער ער איז געשטאַנען, האָט געדעמפּט מיט אַ רויט־אָנגעצונדענעם דאַמף.

און ער האָט געזען אויפן הויף פון בית־המקדש שטיין אַ מאַן אין אַ ווייסן קלייד, פון אַ ווייסקייט, וואָס איז אויך נישט פון דער וועלט. און אַרום אים איז אַ גרויס געדרענג פון פיל לייט, יונג און אַלט, אַלע באַקליידט אין אַ ווייסער שיינענדיקער ליכטיקייט, אין הילעס און טיכער אַזוי ווי נישט פון ערדישע שטאָפן, נאָר פון אַ הימל'שער ברענענדיקער ווייסקייט. די האָר אויפן קאָפּ און די באָרד זענען ביי אים ווייס ווי אָקאָרשט געפאַ־לענער שניי, נאָר דאָס פּנים ביי אים אַזוי ווי פון אַ יינגל, אַ זקן אַ יינגל. ער האָלט איין האַנט אויסגעשטרעקט צום הימל, און דער ווייז־פינגער אויף דער האַנט איז ביי אים זייער אַ לאַנגער, ווי ער וואָלט דערלאַנגט מיט אים צום הימל. און ער רופט־אויס מיט אַ הויך קול :

„און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג,
וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז,
אויבן־אָן פון די בערג,
און דערהויבן איבער די הויכן.
און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען.
און פיל אומות וועלן גיין און וועלן זאָגן :
קומט, און לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון יהוה,
צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב.
און ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגן,
און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן.
וואָרום פון ציון וועט אַרויסגיין אַ תורה,
און גאָטס וואָרט פון ירושלים.
און ער וועט משפטן צווישן די פעלקער,
און אַנטשיידן איבער פיל אומות.
און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס,
און זייערע שפּיזן אויף צווייג־מעסערס.
אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט הויבן אַ שווערד
און מען וועט נישט מער לערנען מלחמה".

אין אַ כהרף־עין האָט ער דערהערט אַ געזאַנג, אַ געזאַנג פון גרויס

פרייד, א געזאַנג, וואָס זאָגט־אָן א גרויסע בשורה. א בשורה פון אייביקן שלום, א בשורה פון גרויסן נצחון, דעם נצחון פון גוטס איבער שלעכטס; א בשורה, וואָס זאָגט־אָן די גרויסע ישועה, שאַלט ארונטער פון בערג אין טאָלן אריין, ווי דאָס שטראָמען פון פיל וואַסערפאלן, מיט דער פרישקייט און לויטערקייט פון וואַסערפאַלן; שאַלט אַרונטער פון בערג אין טאָלן און פון טאָלן פון בערג ארויף, זאָגט־אָן צו ציון: עס קיניגט דיין גאָט!

אין א כהרף־עין צערינען די וואָלקן־רויכן אַרום אים. זיי צערייסן זיך ווי זיידענע שלייערן, שפּאַלטן זיך פונאַנדער, נעמען זיך פונאַנדער ווי פּרוכתן, און עס עפענען זיך אויף פאַר זיינע אויגן אַנסופיקע שטחים, ווייטע האָריזאָנטן פון לענדער און שטעט. לענדער, וואָס רוען אויף פלאַכן, אויסגעבעטע אין גרינס; שטעט, וואָס פיטערן זיך, ווי סטאַדעס שאָף, אויף גרינגראָזיקע לאָנקעס אין טאָל, און שטעט, וואָס קוקן אויס ווי זקנים מיט זייערע שניי־באַדעקטע בערג. און פון די אַלע לענדער און אלע שטעט גייען־אויף מענטשן אָן א צאָל, מאַן, ווייב און קינד, — פּאָטערס האלטן זייערע קליינע אויף די אַקסלען, מוטערס טראָגן זיי אויף די הענט. און אלע ווייזן זיי אויף די בערג פון ציון, און אלע זינגען זיי דאָס גרויסע טריאומף־געזאנג פון אייביקן שלום. און זיי שטייגן אויפן באַרג פון ציון, צום אָרט, וווּ עס שטייט דער בית־המקדש, און זאָגן־אָן די בשורה צו ציון: „דיין גאָט קיניגט!”.

און דער נביא האָט אויסגערופן אויף א הויך קול מיט דער גאַנצער וועלט אַרום אים:

„אמור לציון מלך אלהיך!”

מיט דעם אויסגעשריי האָט זיך איבערגעריסן דער חזיון. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען וווּ ער געפינט זיך. פאַר אים זענען געשטאַנען — זרובבל און נריה בן־מחסיה.

„איך האָב דיר געזאָגט, נביא, גרויס איז די צאָל פון דיינע פיינט, און זיי וועלן דיך באַמעכטיקן. זיי קלייבן זיך צו שטעלן דיך פאַרן משפט פון די זקנים. דאָס אָפּגעגאַנגענע פאָלק איז ביטער, און שווער איז די שולדיקייט, וואָס זיי ברענגען קעגן דיר”.

„גאָט מאכט מיך גערעכט, ווער וועט מיך שולדיק מאכן?” — זאָגט דער פאַרפייניקטער נביא.

„נעם אים, נריה, אהיים צו דיר”, — זאָגט זרובבל”.

„וואָס האָבן זיי געטאָן מיט דיר, מיין נביא?”

און ווי א פאָטער, וואָס זיין רחמנות צינדט זיך אָן אויף זיין געפייניקט קינד, אזוי האָט נריה אויפגעהויבן דעם נביא און אים גענומען אויף די הענט. זיינע טרערן זענען גערונען הייס פון זיינע אויגן און האָבן געוואַשן דאָס בלוט־פאַרלאָפענע פנים פון נביא.

## קאַפּיטל פיר

א מוטער־הון באַהיט נישט אַזוי געטריי אירע עופעלעך אונטער אירע פעדערן אין א קילער שוואַרצער נאַכט, ווי נריה און זיין ווייב אמא־בא האָבן אָפּגעהיט און געשיצט דעם נביא אונטער דעם באַלקן פון זייער קליין הייזל. דער נביא, וואָס זיי האָבן געהיילט מיט זאַלבן די רוי־צערי־סענע הויט אויף זיין פּנים, איז אָבער געווען מער אויסגעמוטשעט פון אויסוואַרטונג, פון תשוקה צו זען די דערפילונג פון זיין חזיון, וואָס ער האָט געגלויבט, אז ער איז מחויב וואָס א טאָג מקוים צו ווערן, איידער פון די פיזישע ווייטיקן און דער קרענקונג, וואָס מענטשן האָבן אים אָנגע־טאָן. אַלע האָבן אים פאַרלאָזט, און קיינער האָט מער נישט געגלויבט אין דעם אמת פון זיינע נבואות. אפילו זרובבל אליין האָט אָנגעהויבן מסופק זיין אין זיי, און אזוי אויך ישוע בן־יוצדק. ישוע, ווי זרובבל, זענען, אמת, געווען ווייט פון צו טראַכטן גאָר, אז דער נביא איז, חלילה, געווען א נביא־שקר, — נאָך אַלעמען, איז דאָך א טייל פון זיין נביאות מקויים געוואָרן, — נישט מער, זיי האָבן געהאַלטן, אז דער נביא, אין זיין קנאה פאַר דעם גאָט פון צבאות, אין זיין תשוקה צו זען איטלעכע קני זיך בויגן פאַר דעם גאָט פון ישראל און איטלעך מויל צו זינגען זיין לויב, איז פאַר־כאַפּט און פאַרצוקט געוואָרן פון זיין אייגענער פאַנטאַזיע. זיין ליבע צו ישראל, זיין באַגער צו זען אים אויבן־אָן פון אַלע פעלקער, א נס־לגויים, און זיין גאַרן נאָך גאולה האָבן אויסגעמאָלט פאַר זיינע אויגן חזיונות, וואָס זענען געקומען פון זיין אייגענעם דמיון, נישט פון גאָט.

זרובבל און ישוע זענען געקומען זיך נאָכפרעגן אויפן נביא, און זיי האָבן געוואָרנט נריה׳ן צו וואַכן תמיד איבער אים, וואָרום זיינע שונאים לאָקערן אויף אים.

דער נביא איז געלעגן אויף זיין געלעגער פון שטרוי אין זיין עליה. ער האָט געקוקט מיט די אויגן, ברייט אָפענע, טיף אין די הימלען, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט אזוי קוקן ווי נאָר ער אליין. ער האָט געזוכט און געפאָרשט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסציִען מיט די אויגן פון די הימלען אַן ענטפער אויף דער פראַגע, וועלכע האָט אים אַזוי גענאָגט. גאָט האָט אים געשיקט אָנזאָגן די בשורה פון דער גאולה צו זיין געפייניקטן, מיט פאַרכאַפּטן אָטעם האַרנדיקן פאָלק. גאָט עפנט אים אויף דעם אויער, טאָג נאָך טאָג, און ער הערט בת־קול׳ס. גאָט גיט אים סימנים, ער ווייזט אים צייכנס. ער זעט די גאולה דערנענטערן זיך און אָנקומען. אָבער פאַר־וואָס זאַמט זי זיך אזוי? פאַרוואָס קומט זי אָן מיט אזוי פיל צער און ווייטיק, מיט אַזוי פיל געגנאַרטקייט און פאַרפירונג? ניין, נישט פאַר זיך

איז ער געווען אומגעדולדיק צו וויסן דעם ענטפער, נאָך פאַר דעם אויס־געמאַטערטן פאָלק, פאַר די בני־הגולה, וואָס ווערן געוואָרפן פון די ליכ־טיקסטע האָפענונגען צו דעם פינצטערסטן יאוש. זיי האָבן דאָך מער נישט קיין כוח אויסצוהאַרן. וואָס מיינט גאָט מיט דעם? צו וואָס דאָס מאַטער־ניש? צו וואָס די טויטלעכע אנגסטן, וואָס פאַלן ווי ביטערע סמ׳עדיקע טוי־טראָפּנס אויף די צייטיקע טרויבן פון דער גאולה?

ער האָט געהאַלטן אין איין פאַרטיפן זיך אין דעם חזיון פון דער גאולה, וואָס גאָט האָט אים אזוי אָפט געוויזן, דעם חזיון פון שיבת־ציון, פון דער אומקערונג פון די גאולי־הבבל איבערן מדבר. דער מדבר איז דער צווייטער קריעת ים־סוף, און ווי גאָט האָט געשפּאָלטן דעם ים־סוף פאַר די יוצאי־מצרים, אזוי פאַרקערט ער דעם מדבר אין א גן־עדן פאַר די יוצאי־בבל. אָבער וואָס באדייט די עקידה, וואָס ער זעט זי ווי זי גייט פאָרויס די גאולים? וואָס איז דער טעם פון אברהמ׳ס פירן יצחקן מיטן בינטל צווייגן אויפן רוקן און שרה׳ס נאָכקוקן נאָך זיי דורך א ריס אין דעם וואָלקן? זאָל עס זיין אַן אָנדייט אויף די זכיות פון אברהם־אָבינו, פון יצחקן און פון זיין מוטער שרה, וואָס גייען זיי פאָרויס, צי עפּעס אנדערש? וואָס וויל אים גאָט זאָגן מיט דעם חזיון? וואָס איז זיין טעם און זיין באדייט?

און ווי ער קוועלט זיך אזוי איבער דעם פּתרון פון דער עקידת־יצחק, וואָס גאָט האָט זי אים געוויזן פאַר די טויערן פון ירושלים, פאַלט ער אַריין אין א שלאָף אויף דער וואָר. ער בלאָנדזשעט איינער אַליין אין א געדיכטער פינצטערניש, וואָס איז מעוברת מיט אַנגסטיקע פּחדים. די פינצ־טערניש איז געדיכט, זי איז אָבער נישט ווי די פינצטערניש פון דער נאַכט, וואָס מען קאָן זי נישט אָנזען. די פינצטערניש זעט מען יאָ. מען זעט זי און מען הערט זי. ער זעט די ביימער, פאַרשטיינערטע ביימער, מיט משו־נה׳דיקע ברואים, וואָס זענען אַריינגעוואַקסן אין זיי. זיי מיען זיך, די ברואים, זיך לויז צומאכן פון די ביימער, ארויסצושטופּן זיך פון דאָרט מיט זייערע רוקנס, מיט זייערע עלנבויגנס, נאָר די ביימער האַלטן זיי פעסט אין דער איינגעקלעמטקייט פון זייערע שטיינערדיקע צוואַנגען. און צווישן די ביימער קריכן ארום חיות. ער הערט זייער שווער אָטעמען, דאָס טופּן פון זייערע פיס, דאָס קנאַקעדיקע ברעכן־זיך פון זייערע גלידער אין באַוועגונג, איידער נאָך זיי ווייזן זיך פאַר אים. ער זעט זיי ארויסקריכן פון זייערע אויסבאַהאַלט־פּלעצער. זיי זענען אַזוי שוואַרץ ווי די נאַכט ארום אים, זיי זענען א טייל פון דער נאכט. לייבן בייכעדיקע, מיט מעכטיקע קנאָכיקע גלידער, ריזיקע שטיראָקסן, בלוטדורשטיקע טיגער־קעץ, אלע מיט מענטשלעכע פּנימער, מיט בערד; מענטשלעכע גופים מיט לאַנג־אויסגעצויגענע העלדזער און קעפּ פון שלאַנגען. ער קען זיי, ער ווייסט, ווער זיי זענען. דאָס איז אשור און בבל אין געשטאַלט פון זייערע ריזן־חיות. מענטש און חיה — איין באַשעפעניש. דער מענטש ליגט נאָך איינ־געזעצט אין דער חיה, ווי די ברואים אין די פאַרשטיינערטע ביימער. און

זיי גייען און גייען. ער הערט דעם אָפּהילך פון זייער טופּען, זייער קלאַפּן און קריצן מיט די ציין, ווי זיי וואָלטן זיי געשאַרפט אין זייער דערשמעקן מיט די צוקעדיקע נאָזדרעס דעם ריח פון בלוט און פלייש. זייער הייסער אָטעם לויפט שוין ווי אַן אַנגסטיקער צוגווינט איבער זיין לייב. זיי קומען נעענטער און נעענטער צו אים, צערייצטע, בלוטדורשטיקע, משוגה־ווילדע ריזן־חיות מיט מענטשלעכע פּנימער.

זיי רינגלען אים אַרום. עס איז נישטאָ מער קיין אַנטרינונג פאַר אים. ניין, ער איז נישט ער. ער איז ישראל. ישראל, איינגערינגלט אין אַ רינג פון חיות־רעות. און ער שרייט־אויס מיט אַ נישט־מענטשלעך קול:

„גאָט פון צבאות, באַשיצער פון ישראל, זיי האָבן מיך אַרומגערינגלט, די שטיראָקסן פון אשור און בבל. קום און אייל צו מיין הילף״.

און מיטאַמאָל באַווייזט זיך פאַר אים אַ מאַן. זיין פּנים זעט ער נישט, ער זעט נאָר זיין ווייס קלייד, וואָס שיינט פון אים אַרונטער ווי אַ זון. און ווען די חיות דערזעען דאָס ווייסע ליכט, וואָס שיינט אין דער נאַכט, באַפאַלט זיי דער פּחד פון גאָט. מיט אַ מאווימדיקן געברום, וואָס שפּאַלט די ערד, לויפן זיי צוריק אין זייערע פינצטערע נאָרעס אריין, אין די נאָרעס פון דער שוואַרצער נאַכט, — און ישראל ווערט פריי־געלאָזט פון דער ענגעניש. און ער וואַרפט זיך, דער נביא, צו די פיס פון דעם מאַן אין דעם ווייסן קלייד, און ער זאָגט צו אים:

„זאָג מיר האַר, וווּ בין איך ?״

און ער הערט דעם מאַנס, קול וואָס ענטפערט:

„אין דעם מלכות פון דער נאַכט, אין הארץ פון דער פינצטערניש״.

„און ווער זענען די חיות, וואָס איך האָב געזען ?״

„די באַווינער פון דער פינצטערניש, חיות־רעות מיט מענטשלעכע פּנימער״, וואָס הערשן אין דער נאַכט״.

„און די מענטשן־לייבער, וואָס רייסן זיך ארויסצוקומען פון די שטיינערנע ביימער ?״

„דאָס זענען די דורות, וואָס וואַרטן אויף מיין קומען. זיי רייסן זיך אַרויסצוקומען פון דער נאַכט״.

„און ווער ביסטו, מיין האַר ?״

„איך בין דאָס ליכט פון ישראל און די האָפענונג פון דער וועלט. איך בין דאָס געזעץ און די דערפילונג. וואָרום אַ תורה וועט ארויסגיין פון מיר, און מיין משפט וועל איך צום ליכט פון די פעלקער ארויסלאָזן. נאָ־ענט איז מיין גערעכטיקייט. און מיינע אָרעמס וועלן משפטן די פעלקער. די אינדזלען האָפן אויף מיר, און אויף מיין אָרעם הארן זיי אויס״.

און דער נביא האָט זיך געבויגן מיטן פּנים טיף צו דער ערד, צו די פיס פון דער ווייסער געשטאַלט, און ער האָט געפרעגט:

„ווען וועט עס געשען, מיין האַר ?״

און ער האָט געהערט דאָס קול פון דער געשטאַלט:

„איך בין די פרוכט, ישראל איז דער בוים. ישראל מוז איינגעפלאַנצט

ווערן צוריק אין זיין אקער, אז די פרוכט זאָל צייטיקן".

די ווייסע געשטאַלט איז פאַרשוואונדן, און דער נביא האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין חזיון.

— * —

געפאַנגצערט מיט דעם חזיון, וואָס ער האָט געזען, איז ער געשטאַנען פאַר דעם משפּט פון די זקנים. דער משפּט איז פאָרגעקומען נישט ביי די פּרינצן אין זייער פּאַלאַץ, נאָר אין דער בי־כנישתא, ווו די בני־הנביאים, וואָס מען האָט גערופן „זקנים", זענען געזעסן און האָבן חוקר־ודורש געווען אין די הייליקע שריפטן. וואָרום דער משפּט איז נישט נוגע געווען אין ענינים פון דער מדינה, נאָר אין ענינים פון אמונה. די זקנים, צום גרעסטן טייל תלמידים פון דעם נביא יחזקאל, האָבן ממשיך געווען די עבודת־קודש פון זייער רבין צווישן די גולי־בבל. זיי האָבן געהאַלטן אין איין דערמאָנען אין תורת־משה און שטאַרקן דעם בונד צווישן ישראל און זייער גאָט אין גלות מיט דער קנאַהדיקער התלהבות פון זייער רבין. דאָרט, אין דער בי־כנישתא, זענען געווען אויפגעהיט די שריפטן, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך קיין בבל: דער ספר „דברים", וואָס דער כהן־גדול חלקיהו האָט, אין די טעג פון מלך יאשיהו, אים געפונען אין „גאָטס הויז" און די שרים פון יהודה האָבן אים געבראַכט מיט דער ערד פון ירושלים אויף זייערע פּלייצעס אין גלות אריין; די שריפטן פון נביא ישעיה, וואָס דער מלך חזקיהו האָט געזאַמלט, אויך די שריפטן פון נביא ירמיהו, וואָס דער סופר ברוך בן־נריה האָט געזאַמלט און די תלמידים פון נביא האָבן ווייטער געפאָרשט און מסדר געווען. צו די זקנים אין בי־כנישתא זענען די לעצטע צייט נאָך צוגעקומען די תלמידים פון די נביאים דניאל, חגי און זכריה. די בי־כנישתא איז טאַקע גערופן געוואָרן אויף די נעמען פון יחזקאל און דניאל. איינער פון די בני־הנביאים האָט אין גלות־בבל מחבר געווען א דברי־הימים פון יהודה און ישראל, פון די שופטים אָן ביז צו מלך דוד און מלך שלמה; די בני־הנביאים אין דער בי־כנישתא, האָבן צוגעפירט די דברי־הימים ביז צום חורבן פון יהודה. אויף די בני־הנביאים, אָדער די זקנים, איז געלייגט געוואָרן די עובדה אויפצוהיטן די מסורה פון די שריפטן און מדריך צו זיין די בני־הגולה אין דעם וועג פון גאָט. זיי האָבן געציילט, פאַרשטייט זיך, נישט ווייניק כהנים אין זייער מיט, וועלכע האָבן, זינט ירמיהוס און יחזקאלס צייטן, מיט זייער גרויסן אָנזען און אויטאָריטעט פיל משפּיע געווען דאָס פאָלק. זיי האָבן נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען אין זייערע דרשות די עבודה אין בית־המקדש, וואָס זיי האָבן אַזוי אָרום געהאַלטן לעבעדיק און וואַך די בענקשאַפט נאָך ציון און ירושלים צווישן די בני־הגולה. די וועלטלעכע הנהגה אין ישוב איז געפאַלן אויף דער קליינער צאָל לוויים, וועלכע האָבן זיך מער קאָנצענטרירט אָרום דעם פירשטלעכן הויף. די מוראשוס, די בעלי־דעה אין דעם שטאַנד פון די גרויסע יידישע סוחרים אין בבל, האָבן אויך געהאַט צו זאָגן סיי אין די פירונגען פון דעם פירשטלעכן הויף, וואָס זיי

האָבן פיל בייגעטראָגן אין זיין אויפהאַלט, סיי אין דער הנהגה פון ישוב, — און די לוויים, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער אדמיניסטראַטיווער אַרבעט אין ישוב, האָבן געטאָן זייער ווילן.

דער אָנקלאָגער אין דעם משפט פון די זקנים איז דאָס מאָל געווען געווען נישט מרדכי מוראשו, — ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן אינגאַנצן פון דעם משפט, — נאָר אייגער אָן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער פּראָמינענטער לוויים־משפחה, די בני־שלום, אַן עלטסטער פון די מויערלייט, ווי אַ צינדזוהאַר, וואָס האָט געהאַט דעם אויפזע איבער דעם אויפמאָנען שטייערן פון די בני־הגולה פאַר דעם אויפהאַלט פון דעם פירשטן־הויז. איז ער געווען גוט אינפאָרמירט איבער די וווּנטשן, די נייגונגען און אָפּנייגונגען פון דעם ישוב. אַן אייגענער מענטש ביי די מוראשוס, וואָס האָט געאַרבעט האַנט אין האַנט מיט זיי, האָט מנשה פון די בני־שלום זיך אויך געשטעלט פעסט קעגן דעם געדאַנק פון שיבת־ציון, און געזען אין דעם מעגלעכן דעקרעט פון מלך כורש וועגן דער אומקערונג פון די בני־ישראל קיין יהודה נישט קיין פרייַנטלעכן אַקט פון אַ מלך־חסד, נאָר אַ שרעקלעכע גזירה. און ווער וואָלט געווען דער שולדיקער פון אַזאַ גזירה, אויב נישט דער נביא מיט זיינע פאַנטאַסטישע חזיונות? און דער אָנקלאָגער ביים משפט פון די זקנים האָט געשלאָגן אויף דעם אייגעם פּונקט, אַז דעם נביאס נבואות זענען נישט נאָר פאַלש, נאָר טראָגן אין זיך גרויס סכנה פאַר דעם קיום פון ישוב אין גלות סיי אין דעם גייסטיקן, סיי אין דעם פיזישן זינען, עלול צו ברענגען דעם ישוב צום ראַנד פון אונטערגאַנג.

„קומט אַרויס מיט מיר אין די ישובים, קיין תל־אָביב, קיין תל־מלח, קומט מיט מיר אין די מערק, אויף די באַזאַרן, און לאָמיר זיך איינהערן, וואָס דאָס פאָלק זאָגט", — האָט מנשה פון די בני־שלום געטענהט — אַ קורץ־געוויקסיקער, מיט אַ קורצן אָטעם, וואָס האָט געהאַט שוועריקייט צו שעפּן לופט דורך דעם פעטס־באַלייגטן האַלדז, זענען די ווערטער אַרויסגעקומען ביי אים מיט אַ מין הייזעריקלעכן כאָרכל. — „פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס ער האָט זיך געוויזן ביי אונז, האָט ער פאַרפירט דאָס פאָלק מיט זיין נביאות־שקר וועגן מלך כורש. כורש, באַקרוינט מיט דודס קרוין, באַקליידט אין דעם מאַנטל פון משיח, כורש, גאָטס קנעכט, האָט נישט נאָר געזאָלט אויסלייזן ישראל, ער האָט געזאָלט אויך ברענגען אַלע פעלקער צום גאָט פון ישראל. אָבער כורש און דער יורש־עצר האָבן אָנגענומען בל־מרודכן פאַרן גאָט, וואָס האָט זיי געבראַכט צו נצחון, און אונזער אמונה איז צוליב דעם אויסגעשטעלט געוואָרן אויף סכנות.

„גייט אַרויס און זעט, אונזערע בתי־כנסיות שטייען לער און וויסט. אחינו בני־ישראל שעמען זיך נישט מתפלל צו זיין אָפן צו בל־מרודך, און יידישע פרויען באַלאַגערן די טרעפּ פון אישתּרס טעמפּל", — האָט אַ צווייטער אונטערגעהאַלטן.

„ישראל מוז זיך אומקערן צו זיין לאַנד, האָט ער אונז געזאָגט", — ווייזט דער אָנקלאָגער אָן אויפן נביא, וואָס שטייט פאַר אים, — „צוריק צו

דער אָרעמער יהודה, וואָס אונזערע אָבות זענען פון דאָרט אנטרונען. נישט פאַר זיך, נישט פון דער אייגענער טובה וועגן, נאָר כדי צו זיין א ליכט פאַר די גויים, כדי צו ברענגען אלע פעלקער צום גאָט פון ישראל.

„ער האָט געוועקט ליכטיקע האָפענונגען ביים פאָלק. זיי זענען אָבער קיינמאָל נישט מקוים געוואָרן. „מלכים, האָט ער געזאָגט, וועלן זיין דיינע דערציער, און זייערע שררהטעס דיינע אמען". שטייט היינט דאָס פאָלק אָפגענאַרט, פאַרשעמט, פאַראכט אין די אויגן פון די שכנים. „ווען פאַרלאָזט איר שוין בבל?" — פרעגן ביי זיי די בבלער אין חוזק — „ווען פאַרלאָזט איר שוין בבל? וואָס טוט איר נאָך דאָ?" — גאָט האָט אים קיין זאַך נישט געהייסן זאָגן, און קיינער פון אונז האָט נישט בדעה זיך אומצוקערן קיין יהודה. דאָס האָט ער אליין אויסגעטראַכט פון זיין הארץ.

„פאַרשטומט מוז ווערן די פאַרפירערישע שטים! פאַרחתמעט מוז ווערן דאָס מויל, וואָס ברענגט אונז טויט און פאַרוויסטונג! פאַרטריבן מוז ער ווערן, דער פאַלשער נביא, פון אונזער סביבה, און לאָמיר דעם פאָלק זאָגן קלאָר, אז זייער גאָט איז מיט זיי אויך דאָ, אין בבל, און זיי קאָנען דינען צו אים, מתפלל זיין צו אים. ער וועט זיי אויסהערן, ווען זיי וועלן רופן צו אים. א סוף און אן עק זאָל עס נעמען צו דער אָפּגענאַרעריי און דער פאַרפירונג!".

ער איז נישט געקומען אליין, דער מנשה פון די בני־שלום. ער האָט געבראַכט מיט זיך א גאַנצע חברותא פאַלשע נביאים, וואָס זענען געווען פיל אין בבל, אפילו היסטערישע ווייבער, וואָס האָבן געזען חזיונות. זיי זענען אלע געגאַנגען אין די טריט פון די מוראַשוס און אנדערע קעגנער פון שיבת־ציון, און אין דעם גייסט האָבן זיי נביאות געזאָגט. זיי זענען ארומגעגאַנגען אין פאָלק און געהעצט קעגן דעם נייעם נביא, פאַרשריגן אים פאַר א פאַלשן נביא. איצט, ביי דעם יאוש און דער אפּאַטיע, וואָס איז באַפאַלן דאָס פאָלק, זענען זיי געוואָרן דרייסטער אין זייערע אַרויסטריטן קעגן שיבת־ציון. זיי האָבן געוווסט, אז די מוראַשוס און אנדערע מאַכטהאָבער אין דעם יידישן ישוב, אלע שונאי־ציון, שטייען הינטער זיי. זייער אָנפירער איז געווען אליעזר בן־גמלה פון די בני עבדי שלמה. ער איז געווען א הויכער, מיט א הדרת־פּנים, — א ברייטע שוואַרצע באָרד און שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, — וואָס ער האָט עס גענוצט צו באַוועלטיקן סיי די מענער, סיי די ווייבער אין זיין סביבה. זיי האָבן זיך געצויגן נאָך אים, זיך צוגעהערט צו אים; די ווייבער האָט ער געהאַלטן אין א שטענדיקן טראַנס פון ענטוזיאַזם: זיי האָבן אים געפאָלגט מיט פאַרמאַכטע אויגן.

ווען מנשה האָט פאַרענדיקט זיין אָנקלאָג קעגן דעם נביא, האָט אליעזר בן־גמלה זיך אויפגעשטעלט און זיין גאַנצער מעכטיקער שיינער פיגור, האָט זיך ארומגעקוקט מיט זיינע גרויסע אויגן און אָנגעהויבן מיט א זינגעדיק קול:

„הערט מיך אויס, איר קינדער פון די נביאים, און איר זקנים אין

ישראל, און איר עלטסטע און הויפטן פון פּאָטערהייזער! ניין, נישט פאלש און נישט שלעכט האָט דער נביא געזען. אויך צו מיר האָט זיך גאָט גע־וויזן מיט זיין חזיון, און איך האָב געזען: כורש, מלך פון פרס, פירט ווי א פאסטוך די קינדער פון ישראל. און גאָט האָט אויך צו מיר געזאָגט: פאר א פאסטוך איבער מיין סטאדע האָב איך געשטעלט כורשן. אמתדיק איז דער חזיון, וואָס דער נביא האָט געזען, מער נישט, ער האָט אים פאלש אויסגעטייטשט. נישט קיין יהודה און נישט קיין ירושלים זאָל דער פאסטוך ברענגען זיין סטאדע, נאָר פאר א פאסטוך האָט גאָט געשטעלט כורשן צו היטן די קינדער פון ישראל דאָ, אין בבל, ווו זיי זיצן אויף זייערע ערטער און אין זייער מנוחה. וואָרום נישט ווי די געטער פון די גויים איז דער גאָט פון ישראל. ער איז נישט צוגעבונדן צו איין אָרט. ער איז נישט קיין בוים, וואָס מוז זיין איינגעוואָרצלט אין זיין ערד. פארלאָזט האָט גאָט ירושלים, וואָס איז טמא געוואָרן איבער די זינד פון אונזערע אָבות, און פארוואָרפן האָט גאָט יהודה אויף אלע צייטן. זיין וווין־אָרט איז אין הימל און די ערד איז זיין פוס־בענקל, און אומעטום ווו איך וועל דערמאָנען מיין נאָמען, וועל איך קומען און דיך בענטשן, — האָט גאָט געזאָגט דורך זיינע נביאים. אויף די פעלדער פון בבל וועט מיין פאָלק זיך פיטערן, און כורש וועט זייער פאסטוך זיין, האָט גאָט געזאָגט צום נביא, ווי ער האָט דאָס געזאָגט צו מיר".

און די באנדע ווייבער, וואָס זענען געווען ארום דעם נביא, האָבן איבערגעחזרט זיין וואָרט:

„אויף די פעלדער פון בבל וועט מיין פאָלק זיך פיטערן, און כורש וועט זייער פאסטוך זיין".

„פעלשן האָט ער געפעלשט גאָטס וואָרט. אן אומגליק האָט ער גע־בראכט איבער אונזערע קעפּ, א בראָך אויף זיין אייגענעם קאָפּ!".

„פארשטיינען באדארף מען אים, פארשטיינען!" — האָבן זיך געהערט אויסרופן צווישן די לייט ארום דעם פאלשן נביא.

„נישט אים, נאָר אייך, פאלשע נביאים, עסערס פון מוראשוס טיש", — האָבן אָפּגעענטפערט אנדערע קולות.

מיט גרויס מי האָט אליקום בן־נחום, דער עלטסטער פון די תלמידים פון נביא יחזקאל, וואָס האָט אָנגעפירט די אסיפה, איינגעשטילט דעם ליאַ־רעמדיקן עולם און די קוויטשענדיקע חברותא, וואָס איז געקומען מיט מנשהן פון די בני־שלום. — אליקום, אן אלטער מאַן, אן אויסגעצערטער, הויט און ביינער, פון די פיל תעניתים, וואָס ער האָט געפאסט, פארצערט פון זיין אייגענער דביקות און התלהבות, האָט גערעדט מיט א שוואך קול, קוים צו הערן, אָבער מיט אזעלכע יללהדיקע טענער און אזא פרומען פארגיין־זיך, וואָס האָט ממש געבראָכן דאָס הארץ, אז דאָס קול האָט ווי מיט א מעסער אדורכגעשניטן דעם רעש און דעם טומל, וואָס האָט זיך אָפּ־געריסן צווישן די צוויי צדדים. לסוף האָט דער עולם זיך איינגעשטילט, און דער עלטסטער פון די בני־הנביאים איז געווען ביכולת אָנצוהייבן:

„ווי צו די אויערן, וואָס האָבן געהערט די ווערטער", — האָט ער אָרויסגעוויינט. — „דאָס הויז, וואָס מיר זענען דאָ אַלע פאַרזאַמלט, איז געבויט פון דער ערד פון יהודה און ירושלים, וואָס אונזערע פירשטן האָבן געבראַכט צו שלעפן אויף זייערע פּלייצעס. אונזערע הערצער גייען אויס קיין ירושלים אין אונזערע תפילות. און דו, מנשה, אליין פון די לוויים, צי ווייסטו, אַז דיינע אָבות, די לוויים, ווען נבוכדנאצר האָט זיי געבראַכט אין גלות אַריין, האָבן זיך אָפּגעהאַקט די פינגער פון די הענט, ווען זייערע באַצווינגער האָבן זיי געוואָלט בייטן צו שפּילן אויף די האַרפן פון די שירי־ציון, וואָס זיי האָבן געשפּילט אין בית־המקדש ? און דו, זייער זון, האָסט אַזוי גרינג גענומען און פאַרוואָרפן ציון און ירושלים. נאָר האַרבע רייד האָסטו געוואָרפן אויף אונזערע אויערן פאַר דעם נביא פון ירושלים. מיר ווילן איצט הערן, וואָס דער נביא האָט צו ענטפערן אויף דיינע אָנקלאָגנדיקע רייד".

די גאַנצע צייט, וואָס די ווענט אין דער בי־כנישתא האָבן אָפּגעהילכט מיט די אָנקלאָגנדיקע רייד פון מנשה און די זידלערייען, וואָס דער פאַלשער נביא, אליעזר בן־גמלה, האָט אים געוואָרפן אין פּנים אַריין, איז דער נביא פון ירושלים (אַזוי האָט מען אים איצט גערופן אומעטום) געשטאַנען, א בלייכער און א רואיקער. גאַנצע זשמוטן האָר האָבן געפּעלט אין זיין שוואַרצער באָרד, און די הויט אויף די באַקן איז נאָך געווען ביי אים רויט, פאַרלאָפן מיט בלוט. ער האָט געקוקט גלייך פאַר זיך, בישט צו שענקען קיין בליק זיינע אָנקלאָגער און גרינגשעצער, אָן שום שפּור אויף זיין פּנים פון פאַראַכטונג אָדער כעס פאַר זיינע פייניקער, נאָר די אויבערשטע ליפּ האָט זיך געקרומט ביי אים אין א ליניע פון א פייגלעכן שמייכל, איז אַן אויסדרוק פון טיפן צער. ער האָט אָנגעהויבן אין א שטיל־רואיקן טאָן, וואָס איז געשטיגן וואָס אַמאָל העכער און שטאַרקער, ווי א וואַסער, וואָס קומט אָן צו פליסן פון דער ווייטנס מיט א שטיל־מורמלדיקן ריזלען און שניידט־אַדורך מיט א שטאַרקן רוישיקן שטראָמען דורך שטיינער און וועלדער און קוסטן־געדיכטעניש :

„גאָט דער האַר האָט מיר געעפנט דאָס אויער,
און איך האָב נישט ווידערשפּעניקט,
נישט אָפּגעטרעטן אַהינטער.
מיין רוקן האָב איך געגעבן צו די שלעגער,
און מיינע באַקן צו די פליקער.
איך האָב נישט פאַרבאָרגן מיין פּנים
פון שאַנדן און שפּייעכץ.
אָבער גאָט דער האַר וועט מיך העלפן,
דערום וועל איך נישט פאַרשעמט ;
דערום האָב איך געמאַכט מיין פּנים ווי קיזל,
און איך ווייס, אַז איך וועל נישט פאַרשעמט בלייבן.

גאָענט איז מיין גערעכטגעבער
(שרייט ער מיטאמאָל אויס ווי א לייב).
ווער וויל זיך לאָדן מיט מיר ?
לאָמיר זיך שטעלן באנאנד.
ווער איז מיין בעל־דין ?
זאָל ער גענענען צו מיר.
זע, גאָט דער האר וועט מיר העלפן.
ווער איז דער, וואָס וועט מיך אומגערעכט מאכן ?
זע, זיי אלע וועלן ווי א בגד צעפאלן,
מאָל וועט זיי אויפעסן".

און געווענדעט צו די בני־הנביאים, רופט ער אויס :

„ווער איז צווישן אייך, וואָס האָט מורא פאר גאָט,
וואָס הערט צו דעם קול פון זיין קנעכט ?
וואָס איז געגאנגען אין פינצטערניש
און האָט קיין ליכט נישט געהאט ?
זאָל ער (ווי איך) זיך פארזיכערן אויף דעם נאָמען פון יהוה,
און זיך אָנלענען אויף זיין גאָט.
אָט איר אלע (ווענדט ער זיך צו זיינע דערשראָקענע
באשולדיקער), וואָס צינדט־אָן א פייער,
וואָס גורט־אָן פונקען —
גייט אין דעם פלאַם פון אייער פייער,
און אין די פונקען, וואָס איר האָט אָנגעצונדן !
פון מיין האנט געשעט דאָס אייך,
אין ווייטיק וועט איר ליגן. (און דער נביא איז שטיל געוואָרן).

„מיינע ברידער נביאים, איר האָט דאָס איצט געהערט פון זיין איי־גענעם מויל", — האָט זיך אָנגערופן אליעזר בן־גמלה מיט טריאומף. — „ער איז געגאנגען אין פינצטערניש און האָט קיין ליכט נישט געהאט. פון ווען אָן בלאָנדזשעט א נביא אין ישראל אין דער פינצטערניש ? אין דער פינצטערניש איז ער געגאנגען און דאָרט איז ער געבליבן. און ער וויל דאָס גאנצע פאָלק ישראל מיטשלעפן מיט זיך אין דער פינצטערניש. און ער דערוועגט זיך באַך צו שעלטן די קינדער פון גאָט ! פארשטיינען, פאר־שטיינען באדארף מען אים, דעם מסית־ומדיח, ווי משה האָט אונז געלערנט".

„פארשטיינען, פארשטיינען באדארף מען אים, דעם מסית־ומדיח, ווי משה האָט אונז געלערנט", — האָט דעם פאלשן נביאס חברותא מיט־געשריגן מיט אים.

דער נביא האָט זיך ווידער אָנגערופן מיט א שטיל־רואיק קול, וואַק־לענדיק זיך ווי טייך־גראָזן אין ווינט :

„יאָ, אין דער פינצטערניש בין איך געגאנגען, און איך האָב קיין

ליכט נישט געהאט. איך האָב זיך אָבער פאַרזיכערט אויף דעם נאָמען פון יהוה, מיט חיות־רעות בין איך געווען, אנגסטיקע פּחדים האָבן מיך אַרומ־געריגנלט, אָבער אויף גאָט האָב איך זיך פאַרלאָזט, און ער האָט מיר אויפגעעפנט די אויגן, און ווו די פינצטערניש, האָב איך א גרויס ליכט ארויסגעבראכט. הערט מיך צו, איר אלע, וואָס יאָגט זיך נאָך גערעכטיקייט, איר אלע, וואָס זוכט גאָט". — און געווענדעט זיך צו די זקנים:

„קוקט אויף דעם פעלדז פון וואנען איר זענט אויסגעהאקט,
און אויף דער ברונעמגרוב פון וואנען איר זייט אויסגעגראָבן;
קוקט אויף אברהם, אייער פאָטער,
און אויף שרהן, וואָס האָט אייך געבוירן.
איינער אליין, האָב איך אים גערופן,
כדי איך זאָל אים בענטשן און זאָל אים מערן."
און מיט איינמאָל האָט ער אויסגערופן מיט פרייד:
„פאַרוואָר, גאָט טוט טרייסטן ציון,
ער טרייסט אלע אירע חורבות.
און ער מאכט איר מדבר ווי עדן,
און איר וויסטע ווי דער גאָרטן פון גאָט!"

און פלוצים האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָפּ צום הימל. זיינע אויגן האָבן זיך איינגעגראָבן ווי אין באהאלטענע וועלטן, און האָט פון דאָרט ארויסגעשעפּט א חזיון:

האָרכט צו מיר, מיין פאָלק,
און פאַרנעמט צו מיר, מיין אומה,
א תורה וועט ארויסגיין פון מיר,
און מיין משפט וועל איך צום ליכט פון די פעלקער ארויסלאָזן.
נאָענט איז מיין גערעכטיקייט,
ארויס איז מיין הילף,
און מיינע אָרעמס וועלן משפטן די פעלקער.
די איינדזלען וועלן האָפן אויף מיר,
און אויף מיין אָרעם וועלן זיי האַרן".

דער נביא איז שטיל געוואָרן.

„וועמען מיינט ער מיט די ווערטער? אויף וועמען דייט ער אָן?" — האָט זיך געהערט א שטיל מורמלען צווישן די בני־הנביאים.

„ער מיינט ישראל, וואָס וועט ווערן דאָס ליכט פאַר די גויים".

„דעם זון פון דודס גזע, דעם אחרית־הימים, וואָס ישעיה האָט אונז פאַראויסגעזאָגט, דעם אייביקן שלום: „און ער וועט משפטן צווישן די פעלקער, און אנטשיידן צווישן פיל אומות". — האָבן די תלמידים פון נביא ישעיה געזאָגט פאַר זיך.

„וואָס ירמיהו האָט געזאָגט, וואָס אונזער פאָטער און רבי יחזקאל

האָט אונז געזאָגט", — זאָגן די תּלמידים פון נביא יחזקאל צווישן זיך.

„דער נביא זאָגט דאָס, וואָס אַלע אַנדערע נביאים פאַר אים האָבן געזאָגט. מיר הערן נישט קיין פאַלשקייט אין זיינע רייד, און מיר זעען נישט קיין שולד אין זיינע הענט. פאַרוואָס האָבן זיי געשלאָגן דעם גע־רעכטן?" — האָבן זיך שוין געהערט אָפענע פּראָטעסטן צווישן די בני־הנביאים.

„תּלמידים פון נביא ירמיהו, תּלמידים פון נביא יחזקאל, הערט אויס מיינע רייד. איך בין נישט קיין נביא און נישט קיין בן־נביא", — הייבט זיך זרובבל אויף פון זיין ווינקל, — „איך זיץ צווישן מיין פאָלק, און מיט מיין פאָלק האָב איך אויסגעוואַרט די גאולה, אונזער אומקערונג אין אונזער לאַנד אַריין, וואָס די פריערדיקע נביאים האָבן אונז צוגעזאָגט. אונזער נאַכט איז געוואָרן שוואַרץ. קיין שטראַל ליכט איז נישט אויפגעגאַנגען אונז האָפענונג צו געבן. האָט זיך באַוויזן צו אונז א נביא. ער האָט אונז גע־בראַכט די נחמה פון גאָט אין א צייט, ווען מיר האָבן זיך גאַרנישט געקאָנט אויף דעם ריכטן. דריי נבואות האָט ער אונז געבראַכט, וואָס מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן, אַז זיי וועלן מקוים ווערן. קיינער פון אונז האָט נישט געגלויבט, אַז כורש וועט מנצח זיין בבל, וואָס דער נביא האָט פאַראויסגע־זאָגט, — און עס איז געשען. קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז די טויערן פון בבל וועלן זיך עפענען פאַר אים, ווי דער נביא האָט עס פריער גע־זאָגט, — און עס איז געשען. דער נביא האָט אונז צוגעזאָגט אין נאָמען פון גאָט, אַז כורש וועט באַפרייען זיין פאָלק און אונז צוריקשיקן קיין יהודה. און איצט, ווען מיר האָבן אַלע סימנים אויף דעם, אַז דאָס נביאות פון נביא האַלט ביים מקוים ווערן, פאַרוואַרפן מיר דאָס און טוען מיטן נביא, וואָס אונזערע אָבות האָבן געטאָן מיט ירמיהון. בכן זאָג איך, לאָמיר זיך נישט פאַרזינדיקן ווי אונזערע אָבות האָבן זיך פאַרזינדיקט, טאָמער וועלן מיר מיט אונזער פאַרוואַרפן דעם נביא, חלילה, אויך פאַרוואַרפן די גאולה", — האָט זרובבל אויסגעפירט זיינע רייד.

„אין דעם גייט עס טאַקע", — האָט זיך געהערט דאָס כאַרכלדיקע קול פון מנשהן פון די בני־שלום. — „ווער זאָגט דאָס, אַז דאָס פאַרלאָזן בבל און דאָס אומקערן זיך קיין יהודה וועט זיין א גאולה פאַר אונז. עס וועט זיין א שרעקלעכע גזירה, חזר איך איבער, וואָס דער נביא צווינגט איצט אַרויף אויף אונז מיט זיינע פאַלשע חזיונות, אַזוי ווי די שונאי־ישראל ווילן דאָס. קיינמאָל, קיינמאָל, זאָג איך, וועלן די בני־הגולה זיך נישט אומקערן קיין יהודה, וואָס האָט אונז מער גאַרנישט צו געבן ווי נאַר אָרעמ־קייט, קאַרג ברויט און קנאַפּ וואַסער, מלחמות און נגיפות פון אונזערע שכנים די שונאים. איך קען מיין פאָלק. איך בין איינער פון זיי, און איך בין מיט זיי. די בני־ישראל וועלן נישט ווערן קיין אור־לגויים. די גויים האָבן זיך זייערע געטער און מיר האָבן זיך אונזער גאָט. זיי שטערן אונז נישט צו דינען צו אונזער גאָט, באַדאַרפן מיר זיך נישט אַריינמישן אין זייער אמונה. איטלעך פאָלק מיט זיין גאָט.

די בני־ישראל ווילן זיין ווי אלע אנדערע פעלקער. זיי ווילן לעבן אין שלווה, אין מנוחה, אויף דעם אָרט, וואָס גאָט האָט זיי אהין געבראַכט, אונטער דעם חסד פון מלך כורש. און טאָמער וועט איר זיי בייטן צו גיין קיין יהודה, כדי צו ווערן אן אור־לגויים, וועט איר מיט דעם באַר גורם זיין, אז זיי זאָלן איינגאַנצן זיך אָפּזאָגן פון יהוהן און דערקענען זיך צו די געטער פון בבל. זיי טוען דאָס שוין היינט, און טאַקע צוליב דעם נביא מיט זיינע פאַלשע נבואות. די זאַך, וואָס איר ווילט, וועט קיינמאָל נישט געשען".

„עס וועט קיינמאָל נישט געשען!" — האָט אויסגעשריגן מיט א לייבן־קול דער שוואַכער אלטער אליקום בן־נחום, דער עלטסטער פון יחזקאלס תלמידים, און עס איז א ווונדער געווען, ווי אזוי עס איז דורך דעם דינעם, מיט אָדערן פאַרקניפּטן האַלדז אדורכגעגאַנגען דער דונער. זיינע אויגן האָבן געברענט ווי פייער, און ער האָט זיין שטעקלדיקן אָרעם מיט אן ארויסגעשטעקטן לאַנגן פינגער אויסגעצויגן ווי א שפּיז אנטקעגן דער חבר־רותא פאַלשע נביאים, וואָס האָבן ארומגערינגלט זייער וואָרטזאָגער, מנשה פון די בני־שלום. — „אויך אייערע עלטערן האָבן דאָס געזאָגט. און איך זע איצט מיין האָר, די קרוין פון מיין קאָפּ, די אויגן און די אויערן פון ישראל, אונזער רבין יחזקאל, ווי ער שטייט צווישן די בני־הגולה און ער דונערט מיט זיין קול:

„אזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אויב נישט מיט א שטאַרקער האַנט,
און מיט אן אויסגעשטרעקטן אָרעם,
און מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן,
וועל איך קיניגן אויף אייך!
און איך וועל אייך ארויסציען פון די פעלקער,
און וועל אייך איינזאַמלען פון די לענדער,
וואָס איר זענט צעשפּרייט אין זיי,
מיט א שטאַרקער האַנט,
און מיט אן אויסגעשטרעקטן אָרעם,
און מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן.
און איך וועל אייך ברענגען צום מדבר פון די פעלקער,
און וועל זיך משפּטן מיט אייך, פּנים אל פּנים.
אזוי ווי איך האָב זיך געמשפּט מיט אייערע עלטערן
אין מדבר פון לאַנד מצרים,
אזוי וועל איך זיך משפּטן מיט אייך".

„דאָס האָט יחזקאל געזאָגט צו אייערע עלטערן. מיר ווילן זיין ווי די אומות, ווי די משפּחות פון די לענדער צו דינען צו האָלץ און שטיין, אזוי זאָגט איר אונז. ניין, נישט די קנאה פון גאָט רעדט פון אייער מויל, ווי איר האָט אונז פאַלש געלאָזט הערן, נאָר די קנאה פון געץ, פון אייער ווילטאָג, פון אייערע ברויטגעבער, די שונאי־ציון, וואָס איר זענט פאַר־

קויפט צו זיי, שרייט פון אייך ארויס. און דאָס בלוט, וואָס איר האָט פאַר־גאָסן פון צדיק, פון דעם קנעכט פון גאָט, וואָס ברענגט צו אונז זיין נחמה און זיין ישועה, שרייט ארונטער פון אייערע הענט".

און דער אלטער אליקום איז צוגעגאנגען צום נביא, וואָס איז ביז איצט געשטאנען איינער אליין, מיט נריה בן־שריה הינטער אים, אנטקעגן זיינע באשולדיקער, האָט אים ארומגענומען און געזאָגט צו אים:

„קום און פאַרנעם דיין פלאַץ צווישן די בני־הנביאים, וואָרום א ברודער ביסטו צו אונז. דער גאָט פון צבאות האָט זיך באוויזן צו דיר, און ער האָט דיך געזעצט פאַר א הייליקן קנעכט צו אים, אז דו זאָלסט ברענגען די בשורה פון דער גאולה צו די בני־ישראל. ווייל איז צו דיר, וואָס דיר איז באשערט געווען אונטערצושטעלן דיין לייב אונטער שמיץ און שלעק פאַר דעם שליחות פון דעם גאָט פון ישראל. צו ישעיהון וועסטו געגליכן זיין און מיט ירמיהון און יחזקאלן וועט מען דיך גלייכשטעלן. און דיין חלק וועט זיין מיט זייער חלק".

און דער עלטסטער תלמיד פון יחזקאל האָט דעם נביא ארויפגעפירט צו זיין פלאַץ אין דער בי־כנישתא, און ער האָט אים אוועקגעזעצט אויבן־אָן צווישן די בני־הנביאים.

און די בני־הנביאים האָבן זיך אויפגעהויבן איינער נאָכן אנדערן, און זיי האָבן געזאָגט צו אים:

„א ברודער ביסטו צו אונז, און מיר שטעלן זיך ביי דיין זייט צו העלפן דיר אין דיין הייליקער שליחות פאַר דעם גאָט פון ישראל".

און א גרויסע פרייד איז געקומען אויף די בני־הנביאים צוליב דער נאָענטקייט פון דער גאולה, וואָס זיי האָבן זי איצט געזען באשיינפּערלעך, און פאַר פרייד איז געקומען איבער זיי דער רוח־הקודש, און איטלעכער פון זיי איז אריינגעפאלן אין א הייליקן ציטער און ער האָט געזען חזיונות און אָנגעהויבן נביאות זאָגן, איטלעכער אין דעם נוסח און נאָך דעם שטייגער פון דעם נביא, וואָס ער איז געווען זיין תלמיד.

און עס האָט זיך אויפגעהויבן דער בלייכער, דינער חגי. נאָך זייער א יונגער איז ער געווען, כמעט א יינגל. און ער האָט געזאָגט אין נאָמען פון זיין רבין:

„האָרכט־אויס, בני־הנביאים, איר אלע ווייסט, אז אראָפּגענומען איז אראָפּגענומען געוואָרן די קרוין פון אונזער קאָפּ. אונזער פאָטער דניאל איז צוגענומען געוואָרן פון אונז. נאָר איידער ער איז אוועקגעגאנגען פון אונז אין די פאַרהוילענישן פון הימל, האָט ער אונז גערופן צו זיך און האָט אונז געזאָגט: „איך גיי־אָפּ פון אייך צו מיין פאָטער אין הימל, און איר גייט און שטעלט זיך ביי דער זייט פון דעם נביא, וואָס איז פאַר־אכט און אויסגעמיטן פון מענטשן, דערשראָקן און צעטומלט איבער די חזיונות, וואָס ער זעט, און זאָגט צו אים: ווייט איז דער וועג, וואָס דו האָסט באטראָטן. גאָט האָט אים אָנגעצייכנט מיט עקידות. זיין עק איז פאַר־הוילן, נאָר ער פירט צו אחרית־הימים, און ישראל גייט אויף אים. א וואקל־

דיקער און א ווידערשפעניקער, נאָר ער גייט אויף אים. איין טריט פאָר־אויס, צוויי טריט אויף צוריק, נאָר ער גייט אויף אים. זאָל דיין הארץ זיין שטארק און דיין געמיט אויפגעריכט, וואָרום אָנקומען וועט ישראל אָנקומען צו זיין ציל, וואָס גאָט האָט אים געשטעלט. — מיר האָבן געהאט אונזער רבינס געבאָט, און מיר זענען געקומען צום נביא און האָבן זיך געשטעלט ביי זיין זייט".

און זכריה האָט זיך אויפגעהויבן נאָך חגין. אן איידעלער און א פאר־טראָגענער, האָט ער אָנגעהויבן מאָלן א חזיון:

„אין דער נאכט, וואָס אונזער ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן, האָב איך געזען א חזיון. אין מיין חזיון האָב איך זיך געפונען ביים עק פון א טונקעלן שווארצן וואלד. עס איז געווען פרימאָרגן, עס האָט נאָרוואָס אָנ־געהויבן זיך אויסבלייכן, און דער טוי איז נאָך געלעגן שווער אויף די גראָזן און ביימער. אין דעם אָרט, ווו איך האָב זיך געפונען, איז געווען א גרין־גראָזיקע לאָנקע. די לאָנקע איז נאָך געווען האלב פארוויקלט אין דעם טוי־נעפל פון פרימאָרגן. די זון איז ארויסגעקומען, א ליכטיקע און האָט געטריקנט בוים און ערד. און אויפן עק הימל האָט זיך באוויזן א זילבערנע, א ווייסע שטאָט, באהעלט מיט דעם ליכט, וואָס האָט געפלייצט פון דער זון. און פון דאָרט, פון דער ווייסער שטאָט, איז אויפגעגאנגען א געזאנג און פון דעם עק פון שווארצן נאכט־וואלד איז ארויסגעטראָטן א יונגער הירש, און אויף זיין קאָפּ צווישן די הערנער איז געשטאנען א לייכ־טנדיקע מנורה, און דער הירש איז געגאנגען מיט פאמעלעכע טריט, נישט־געאיילט און נישט־געיאָגט, און ער האָט זיך פארנומען אויף דעם ווייטן וועג, וואָס גאָט האָט אויסגעלייגט פאַר אים. אדורכגעשניטן די גרינע לאָנקע, א געפלעקטע מיט ווייסע בלומען, איז דער הירש געגאנגען אזוי מיט מנוחהדיקע טריט צו דער ווייס־שיינענדיקער שטאָט, און די מנורה האָט געלויכטן אויף זיין קאָפּ".

און דער נביא האָט געוווּסט, אז דאָס גייט ישראל ארויס פון דער שווארצער נאכט, לויז געלאָזט פון די לאַפּעס און די קרעלן פון די חיות־רעות, וואָס האָבן אים געהאלטן געפאנגען, צו דער נייער ירושלים, וואָס גאָט האָט אויפגעשטעלט פאַר אים אונטער דער זון.

און דער נביא האָט זיך בארואיקט און איז געטרייסט געוואָרן.

# קאפיטל פינף

מיט אן אויסגעפליקטער באָרד איז ער געלאָפן אין די בתי־כנסיות, אויף די מארק־פּלעצער, אין די אָפּגעלאָזענע הויפן, אומעטום, ווו עס איז געווען צו געפינען די בני־הגולה, — און ער האָט זיי געוועקט, געמאָנט פון זיי, דערמאָנט זיי, ווער זיי זענען.

פארגעסן איז געוואָרן דער צער און דער ווייטיק. דאָס שפייעכץ, וואָס זיי האָבן געשפּיגן אים אין פּנים אריין, איז געוואָרן א טריפן פון פרישע טוי־טראָפּנס, און די שמיץ, וואָס זיי האָבן געשמיסן אויף זיין לייב, א דער־וועקונג פון פרייד, א שאלנדיקער טריאומף־רוף פאר דעם גאָט פון ציון.

אין אים האָט געברענט א פאסיע, א קנאה פאר דעם גאָט פון צבאות, דעם איינציקן, אליינבאשטייענדיקן יוצר און הערשער פון גאנצן באשאף.

דער אָפּגאָט בל־מרודך, זאָגן זיי, האָט געשפּאָלטן הימל און ערד, ווען ער איז ארויסגעגאנגען אין מלחמה מיט זיין מוטער טיאמאט, וועלכע האָט זיך פארמאָסטן צו ברענגען צוריק דעם תהו־ובהו איבער דער וועלט. ווער איז בל־מרודך, וואָס זאָל זיך גלייכן צו דעם יוצר פון דער יצירה? א גולם איז ער, אמאָל געגאָסן פון גאָלד, אמאָל געהאקט פון שטיין, שטענדיק אין דער געשטאלט פון זיין מאכער, דעם בשר־ודם. ניין, ניין, נישט דאָס שטיק חומר איז דער יוצר פון מעשה־בראשית, ווי די בבל׳ער און די פּערסיער האַלטן און וואָס די בני־הגולה, פיל פון זיי, פלאפלען זיי איצט נאָך. דער איינציקער יוצר פון מעשה־בראשית איז דער גאָט פון ישראל.

דער גאָט פון ישראל איז נישט ארויסגעגאנגען מיט שפּיז און בעץ צו פאנגען די שלאנג זיין מוטער. ער באדארף נישט מלחמה האלטן מיט קיינעם, ווייל אלץ איז אונטער זיין רשות, דאָס גוטע ווי דאָס שלעכטע. ער באדארף נישט אָנהייבן, ווייל עס איז נישטאָ ביי אים קיין אָנהייב. עס איז נישט געווען קיין פריער פאר אים. ווען דער באשאף איז אפילו נאָך געווען אין מצב פון תהו־ובהו, איז ער שוין געווען אונטער גאָטס רשות, אונטער זיין חסד. גאָטס גייסט האָט געשוועבט איבער אים, ווייל עס איז נישטאָ קיין זיין מחוץ אים.

און גלייך ווי גאָט וואָלט אויפגעעפנט פאר אים א שפּאלט אין דעם פארחתמעטן בראשית, האָט ער געזען גאָר די וועלט ווי איין שטיק פינצ־טערניש. די פינצטערניש איז איין שווארצער ים, וואָס דריגגט־אדורך און פילט־אָן דעם גאנצן תהו־ובהו אין אלע זיינע אָנסופיקע און אָנבאָדנדיקע ווייטן און טיפן. און דאָס אלץ, דער גאנצער סך־הכל, ליגט ווי א ווערפל אין דער האנט־פלאך פון גאָט, — ער זעט נישט גאָט, ער זעט נאָר אן אויסגעשטרעקטע האנטפלאך.

און ער הערט דאָס קול פון גאָט, וואָס שאַלט־אָפּ פון איין עק תחום ביז צום אַנדערן און גייט־אַדורך, ווי מיטן רעש פון דונער, דורך די טיפע־נישן פון דעם ים פינצטערניש: „זאָל ווערן ליכט!“ און ער זעט ווי עס קו־מען־אויף פון דער פינצטערניש ווייטע לייכטנדיקע האָריזאָנטן. דער ים־פינצטערניש ליגט איצט איינגעבעט אין הימל־בלויע פליגל, און פון די פליגל הייבן זיך ארויס וואָלקנס ליכט, וואָליקע געקרייזלטע שאָף, וואָס נעמען, באַפליגלטע, שוועבן איבער די הימל־פעלדער, און שוועבנדיק, וויקלען זיי ארויס פון זיך שטערן און זונען און לבנות, וואָס נעמען אליין שוועבן ארויף, צו די ריינע וואַסער־אויסשפּרייטן. און א ליכט פאַלט און באַלייכט מיטן ליכט פון טאָג דעם ים פינצטערניש, וואָס ליגט, ווי א ווערפל, אויף דער פלאַך פון גאָטס האַנט.

ערשט איצט דערזעט ער די מעכטיקע שטורעמס, וואָס ווירבלען זיך איבער דעם ים פינצטערניש, די הוראַגאַנישע ווינטן וואָס שטורעמען אין אים. עס זידט אין דעם ים, ווי אין א זיד־קעסל פון א מכשף. טורעמדיקע כוואַליעס הייבן זיך ארויס פון אים אין דער פאָרעם פון דראַקאָנען, שלאַנגען, אַנדערע משונהדיקע ברואים, ווי אַלע רוחות פון דער אונטערוועלט וואָלטן געוווינט אין אים. דער תהו־ובהו, געפאַנגען אינעווייניק, רייסט זיך מיט פוריע ארויס צו קומען פון דער תפיסה. און ווידער הערט ער דאָס קול פון גאָט, וואָס שאַלט־אָפּ מיט דעם שטורעם פון דונער, שניידט זיך אַדורך, ווי מיט דער שאַרף פון א מעסער, דורך די ווענט דראַקאָנען און שלאַנגען: „זאָל ווערן אַן אויסשפּרייט אין מיטן פון די וואַסערן, און ער זאָל פונאַנ־דערשיידן צווישן וואַסערן און וואַסערן“. און ער זעט: די שלאַנגען־קעפּ לייגן זיך ווי אונטערטעניקע הינט, טוקן זיך אונטער. איין טייל ים פאַלט אריין אין א טיפן תהום, דער אַנדערער טייל שוועבט ווי אויף פליגל אין דער לופטן, הייבט זיך העכער, העכער, און וואָס העכער ער הייבט זיך, אַלץ ליכטיקער ווערט ער, און ער מישט זיך אויס און גיסט זיך צונויף מיט די שוועבעדיקע הימלדיקע יריעות.

שפּעטער האָט ער געבראַכט דעם חזיון פאַר די בני־הנביאים און די זקנים. ער האָט מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט דעם אָפּגאָט בל־מרודך, זיין נאָמען גאָרנישט געבראַכט אויף די ליפּן, נאָר די, וואָס האָבן אים אויסגעהערט, האָבן געוווּסט וועמען ער האָט געמיינט. האָבן נישט, זינט דעם יום־טוב פון בל־מרודך, אזוי פיל פון די בני־ישראל אָנגעהויבן גלויבן, אַז בל־מרודך איז דער גאָט פון דער יצירה?

אָפּגעמאָלט דעם חזיון פון מעשה־בראשית פאַר די זקנים און די בני־הנביאים, האָט ער אויפגעהויבן די הענט צום הימל און מיט די געשליפענע פסוקים, וואָס ער האָט געהאַט פון פריער אויסגעפורעמט, — אינספּירירטע וואָרט־באַהעפטן, ווי איידלשטיינער, איינגעזעצטע אין גאָלד, — האָט ער זיך געווענדעט אין געבעט צום גאָט פון ישראל, צו יהוהן:

„דערוועק דיך, דערוועק דיך,
באַקלייד דיך מיט שטאַרקייט,

דו אָרעם פון גאָט.
דערוועק דיך ווי אין די טעג פון אמאָל,
אין די דורות פון פאַרצייטן.
ביסטו נישט דער, וואָס האָט צעהאַקט רהב (תהום פון
פינצטערניש),
וואָס האָט דערשטאָכן די שלאַנג (תהו־ובהו)?
ביסטו נישט דער, וואָס האָט אויסגעטריקנט דעם ים,
די וואַסערן פון דעם תהום דעם גרויסן,
וואָס האָט געמאַכט די טיפענישן פון ים פאַר א וועג,
פאַר די אויסגעלייזטע אַריבערצוגיין?
און די דערלייזטע פון גאָט וועלן זיך אומקערן,
און קומען קיין ציון מיט געזאַנג,
און אייביקע פרייד וועט זיין אויף זייער קאָפּ.
ששון־ושמחה וועט זיי גרייכן,
אַנטלויפן וועלן טרויער און זיפצעניש".

און אַזוי איז ער געגאַנגען פון בית־הכנסת צו בית־הכנסת, פון מאַרק־פּלאַץ צו מאַרק־פּלאַץ; ער איז געגאַנגען פון שכנות צו שכנות, ווו די בני־הגולה האָבן זיך געפונען ביי זייער טעגלעכער אַרבעט, ביי די ווערקשטעלן, אין די געוועלבער, און ער האָט געהאַלטן אין איין וועקן און דערמאָנען. ער האָט נישט געקוקט אויף די זידלערייען, אויף דער פאַרשעמונג, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין, אַפילו נישט אויף די אָפּשרעקנדיקע פּויסטן, וואָס האָבן זיך געשטרעקט צו אים. וואָרום די בני־הגולה זענען נאָך אַלץ געווען פאַרביטערט, אַנטוישט. זיי האָבן געלעבט אין הוילער אימה, אַז די שכנים וועלן זיי פאַרטרייבן פון בבל, ווייל זיי זאָגן זיך אָפּ אָנצונעמען בל־מרודך, וואָס די נייע הערשער פון בבל האָבן אַזוי פייערלעך פּראָקלאַמירט פאַר דעם גאָט פון גאַנץ בבל. זיי האָבן דערפאַר זיך געשראָקן פאַר דעם נביא'ס טאָוונגען, געציטערט, טאָמער וועט ער באַליידיקן דעם גרויסן גאָט פון בבל, ווי זיין שטייגער איז, און אַזוי אַרום ברענגען אַן אומגליק אויף זייערע קעפּ. ווי נאָר ער האָט זיך געוויזן פאַר זיי, האָבן זיי זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל זיי פאַרלאָזן:

„אַן אומגליק, אַן אומגליק וועסטו נאָר ברענגען אויף אונזערע קעפּ. די שכנים ווייסן שוין, אַז דו באַליידיקסט דעם גרויסן בל־מרודך און מיר זענען די אייבציקע אין גאַנץ בבל, וואָס זאָגן זיך אָפּ אים צו דינען".

„פאַראַכט און פאַרשעמט זענען מיר איינע אַליין אין גאַנץ בבל צווישן אונזערע שכנים".

„פרעמדע רופן זיי אונז. מיר געהערן נישט צו בבל, ווייל מיר נעמען נישט אָן זייערע געטער. זיי טרייבן אונז פון די מאַרק־פּלעצער, פון די באַזאַרן".

„דעם ביסן ברויט נעמט ער אוועק ביי אונז פון מויל. באַלד וועלן

זיי אונז פאַרטרייבן פון אונזערע היימען, און מיר וועלן מיט אונזערע ווייבער און קינדער בלייבן בלויז און הויל אונטער דעם אָפענעם הימל".

„וואָס ווילסטו פון אונז? זעסט דאָך, אז יהוה האָט אונז פאַר־לאָזט, אונז איבערגעגעבן אין די לאַפּעס פון חיות־רעות. וואָס רייצסטו דיך מיט זיי? פאַרוואָס זאָלסטו זיי דערצערענען קעגן אונז".

„פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל. פאַריאָגט אים פון דאַנען. איר זעט דאָך, א פּלאָג איבער אונזערע קעפּ איז ער".

ער האָט געזען פאַר זיך פּנימער צעשראָקענע הענט, וואָס האָבן זיך געטרייסלט פאַר מורא, אין א געבראָכענעם געמיט, מיט שטאַמלדיקע ליפּן האָבן זיי זיך אַלץ געבעטן ביי אים, ער זאָל רחמנות האָבן אויף זייערע ווייבער און קינדער און זיי לאָזן געמאַך.

און דער נביא איז געשטאַנען צווישן די איינגעקנייטשטע, געזונקענע און פאַרלוירענע מענטשן, און אין זיינע אויגן האָט אָפּגעפינקלט דאָס פייער פון צאָרן, וואָס האָט געברענט אין אים פאַר זייער פּחדנות, א צאָרן, וואָס האָט זיך געלאָשן אין די טרערן פון רחמנות, וואָס ער האָט צוגלייך געהאַט פאַר זיי. שוין נישט די פּראָוואָקאַציע פון די מוראשוס, נאָר דער אומווילן און די פאַראַכטונג, וואָס האָבן זיך געטראָגן צו זיי פון די בבלער, האָבן דאָסמאָל געבראַכט די בני הגולה צו דעם פּאָגישן מצב אין וועלכן דער נביא האָט זיי געטראָפן. איצט ערשט, ווען זייערע געטער, דער עיקר, דער גאָט מרודך, זענען עולה־לגדולה געוואָרן, האָבן די בבלער זיך ארומגעזען, אז די בני־ישראל זענען די איינציקע אין דער מדינה, וואָס בייגן נישט די קני פאַר זייערע געטער, נאָר האַלטן זיך מיט עקשנות אָן דעם פרעמדן גאָט, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך פון זייער אַמאָליקער היים. אויב אזוי, זענען זיי דאָך פרעמדע אין בבל. און פון כורשעס הבטחה, וואָס דער נביא האָט אזוי הויך אויסגערופן, הערט מען דערווייל גאָרנישט. כורש אליין קומט נישט קיין בבל, און זיין זון, דער יורש־עצר, וואָס טראָגט די קרוין פון בבל, שווייגט. די גויים אָבער שווייגן נישט. זיי מאַכן פון זיי חוזק, רייצן זיך מיט זיי, אז זייער גאָט האָט זיי פאַרלאָזט און די געטער פון בבל ווילן זיי נישט אָננעמען. בבל איז נישט זייער היים, פרעמדע זע־נען זיי אין לאַנד, זיי געהערן נישט אהער. די באַאמטע אין דער מלוכה נעמען אויך ביסלעכווייז אוועק פון זיי די זכויות, וואָס זענען זיי באַוויליקט געוועזן פון די פריערדיקע הערשער. די באַאמטע דריקן זיי, די שופטים זע־נען הארט צו זיי, דער ווילדער המון מאַכט אָנפאַלן אויף זיי, יאָגט זיי פון זייערע געשטעלן אין מאַרק. ווו נאָר זיי קערן און ווענדן זיך, הערן זיי נאָר אָפּשפּאָט און אָפּלאַכעניש, ווי זיי וואָלטן געוועזן דאָס מיסט פון דער ערד, פאַרוואָרפן פון גאָט און לייט.

און דאָס אַלץ האָט דער נביא געבראַכט אויף זיי. אומזיסט איז געוועזן דאָס שלאָגן, דאָס אויסרייסן די באָרד, דאָס שפּייען אים אין פּנים אריין, דאָס יאָגן אים פון זיך. קיין זאַך האָט נישט געהאַט קיין פּעולה, ווייל ער האָט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט און איצט, זינט די זקנים האָבן

אים דערקלערט פאר אן אמתן נביא, האָט ער צוגעקראָגן פיל חברים פון צווישן די בני־הנביאים, וואָס שטייען ביי זיין זייט, גרייט אים צו העלפן.

ווי לאנג וועט עס זיין דער שיעור? ווי לאנג וועלן זיי באַך העגגען אזוי און דער לופטן? פון בבל וועלן זיי אויסגעיעט ווי ווילדגראָז, צו זייער אייגענער ערד ברענגט מען זיי נישט. ארויסגעשטויסענע, פארשעמטע, פאראכטע זענען זיי.

און דער נביא פארבלייבט אלץ אין זייער מיט. מען האָט אים ווידער געשלאָגן, נאָר ער קוקט נישט אויף קיין שלעק. ער שטייט פאר זיי מיט אויסגעשטרעקטע הענט און בעט זיך, ווי א פאָטער בעט זיך ביי זיין קינד, מיט דעם געפיל פון רחמנות, וואָס א פאָטער האָט פאר זיין קינד:

„איך, איך בין אייער טרייסטער (זאָגט גאָט).
ווער ביסטו, זאָלסט מורא האָבן
פאר א מענטשן, וואָס שטארבט,
און פאר א מענטשנקינד, וואָס ווערט ווי גראָז פארוועלקט?
און האָסט פארגעסן אָן גאָט דיין באַשעפער,
וואָס האָט אויסגעשפרייט די הימלען
און געגרונטפעסט די ערד;
און האָסט געאנגסט נאָכאנאנד א גאנצן טאָג
פארן גרימצאָרן פון דעם דריקער — —
— — — — — — — — — — — — — — —
און איך האָב אריינגעטון מיינע ווערטער אין דיין מויל,
און מיטן שאָטן פון דיין האנט האָב איך דיך צוגעדעקט,
כדי צו פלאנצן די הימלען און גרונטפעסטן די ערד,
און צו זאָגן צו ציון: מיין פאָלק ביסטו".

פון וואנען נעמט ער די זיכערקייט? פון וואנען? פון וואנען? — האָבן זיי זיך געפרעגט, ווען זיי האָבן געקוקט אויף דעם אויסגעטריקנטן, פון זיין אייגענעם פייער פארצערטן יונגן מענטשן, וואָס לויפט ארום צווישן זיי. א צעווייטיקטער, א באַנומענער פון זיין אייגענעם גייסט, האלט ער דאָך אין איין זינגען געזאנגען פון בטחון און נחמה. אליין דעפּאָרמירט אין אויסזען דורך זיין אָפּגעצערטקייט, אליין א פארשעמטער, אן אָפּגעטנאַרטער אין זיין האָפענונג, אויסגעלאכט אין זיין אויסוואַרטונג, — און דאָך איז ער ווי א חתן צווישן אבלים, זינגענדיק דאָס געזאנג פון לעבן אויף א בית־עולם. מען געוווינט זיך צו צו אים, צו דעם איינזאַמען פארלאָזענעם יונגמאן, וואָס בלאָנדזשעט ארום, מיט זיין באַגלייטער, נריה בן שריה, וואָס גייט אים שטענדיק נאָך און גיט אכטונג אויף אים, ווי א פאָטער גיט אכטונג אויף א קראַנק קינד. און א קראנק קינד איז ער, דער נביא, וואָס א רוח איז אריינגעקומען אין אים. רוח אַ גוטער אָדער אַ בייזער, וואָס שרייט אַרויס פון אים. מען שלאָגט אים נישט מער, מען רייסט אים נישט מער די באָרד. מען לאָזט אים פלאפלען און מען לייגט נישט מער קיין

אכט אויף זיינע רייד. פון די געטער פון בבל רעדט ער מער נישט, כור־
רשעס נאָמען דערמאָנט ער נישט. ער האלט נאָר אין איין ארויסשרייען
פון זיך חזיונות, וואָס ער האָט געזען. טיילמאָל האָט ער גערעדט צו זיך,
און אפשר צו גייסטער, וואָס קיינער, א חוץ אים, האָט זיי נישט געזען.

ער האָט געהויבן די הענט צום הימל און געווענדעט זיך צו גאָט, אמאָל
צו ציון, צו ירושלים, וואָס ער האָט זי געזען, ווי ירמיהו, אין געשטאלט
פון א פרוי, אן אלמנה אין איר טרויער. ער האָט גערעדט צו איר, ווי זי
וואָלט געווען א לעבעדיקער מענטש, זיין אייגענע מוטער אין אלמנהשאפט.
און ער האָט גערעדט צו איר, געבראכט איר — מיט פרייד און געזאנג —
די נחמה פון גאָט.

אָט שטייט ער אין מיטן א רעדל מענטשן אין דעם הויף פון די בית־
לחמער. זיי האָבן זיך געקליבן ארום אים, ווייל זיינע ווערטער ציען זיי
צו. זיי פילן אין די ווערטער דעם טעם פון די קאַפּיטלעך תהילים, די שיר־
המעלותן, וואָס די לוויים האָבן געזונגען אין בית־המקדש. קיין אנדער
נביא, וואָס איז געקומען צו זיי אין גלות אריין ביז איצט, האָט נישט גע־
רעדט צו זיי אזעלכע גוטע באהארצטע רייד, נישט געגוסט אזא מין לשון
און אזא מין געזאנג, וואָס פליסן אריין טיף אין דיר, ווי פרישער קילנדיקער
טוי, און שטילן דעם צער, און פארקערן טרויער אין פרייד. זיי פארפירן,
דעם נביאס ווערטער, ווי מיט א כישוף, אויף די גרינע פעלדער ביי די
רואיקע וואסערן, וואָס דוד־המלך האָט זיי אזוי שיין באזונגען. זיי זענען
געווען מבינים אויף לשון, די בבלער גולים. א סך פון זיי האָבן זיך נאָך
געקוויקט מיט די חזיונות, וואָס דער נביא יחזקאל האָט פאַרגעטראָגן פאר
זיי מיט נביאישן ברען, און זיי האָבן אים גערופן פאר דעם מטיף, בעל־
לשון. וואָס איז דער חילוק, צי דעם נביאס רייד וועלן מקוים ווערן אָדער
נישט. גאָט אליין לייגט אים די רייד אין מויל אריין, ווי דער נביא אליין
זאָגט עדות אויף זיך, אָדער עס שרייט אַרויס פון אים א רוח, וואָס האָט
זיך באזעצט אין אים. עס איז ליב און אָנגענעם זיך צוצוהערן צו די שיינע
רייד. דווקא דאָ, אין בבל, ווו זייערע קינדער האָבן פלינק זיך אויסגעלערנט
דאָס לשון פון דער מדינה, אראמייאיש, וואָס איז זיי, מחמת דער קרובה־
שאפט מיט זייער אייגענעם לשון, נישט שווער אָנגעקומען, האָט ביי די
עלטערן זיך אויפגעוועקט א בענקשאפט נאָך דער ריינקייט און איידלקייט
פון דעם לשון פון די נביאים, וואָס זיי האָבן זייער טייער געהאלטן אין
זייערע תפילות, אין די קאַפּיטלעך תהלים, וואָס זענען געשאפן געוואָרן אין
בבל. דעם נביאס רייד האָבן געוועקט אין זיי א בענקשאפט נאָך ירושלים,
סיי זיי האָבן געוואָלט צוריקגיין אהין, סיי נישט: שוין דאָס בענקען אליין
איז אזוי זיס געווען.

און צו זיי אויף דער גאס ארויס, צו די שוועלן פון זייערע געווערק־
שטעלן, ווו זיי האָבן געטאָן זייער מלאכה פאר א פרעמד פאָלק אין א
פרעמד לאנד, האָט ער געבראכט דעם חזיון פון ירושלים, וואָס ער האָט גע־
זען אין די לעצטע טעג. ירושלים די געבונדענע, די פארשעמטע, די פאַר־

לאָזטע פון גאָט און פון אירע קינדער, שטייט אויף פון אש און ערד, פון דער וויסטעניש, ווו זי איז געזעסן אין טרויער. ירושלים, זיין מוטער און זייער מוטער, די אויסדערוויילטע פון גאָט, וואָס האָט אויסגעטרונקען דעם כוס פון גאָטס גרימצאָרן, וואָס איז שיכור, אָבער נישט פון וויין, נאָר פון ביטערקייט, און האלט זיך קוים אויף די פיס, ווערט געטרייסט. גאָט אליין ווישט אָפּ אירע טרערן און טרייסט זי, ווי ער טרייסט די מוטער רחל. זי האָט אויסגעטרונקען דעם כוס פון פארטומלעניש צוליב ישראל. פון וועגן ישראלס זינד איז זי פארוואָרפן פון גאָט. און דער נביא האָט זי געזען אין איר געפאלנקייט, ווי זי ליגט, א צעשטערטע, א צעבראָכענע, און צווישן אירע חורבות קריכט ארום דאָס שארית פון אירע קינדער, ווי משוגעים, ווי באַזעסענע, קריכן זיי ארום פארהונגערטע, פארחלשטע. און די פון אירע קינדער, וואָס זענען פארטריבן געוואָרן פון איר, האָבן זי באלד פארגעסן. זיי באארבעטן פרעמדע פעלדער, זיי באוווינען פרעמדע הייזער. איבער בבלס שטעט און דערפער זענען זיי פארשפרייט, און זיי וועלן זי נישט קענען מער". און מיט א קול, געשטאַרקט פון בטחון און נחמה, ווען אפילו פארטרערט, זינגט ער אויס זיין מוטערס פרייד און טרויער, איר געפאלנ־קייט און דערהייבונג, איר בראָך און איר נחמה, אין ווערטער, וואָס נאָר גאָט אליין האָט געלייגט אין זיין מויל:

„דערוועק דיך, דערוועק דיך,
שטיי אויף, ירושלים,
דו, וואָס דו האָסט געטרונקען פון גאָטס האנט
דעם כוס פון זיין גרימצאָרן,
דעם בעכער, דעם כוס פון פארטומלעניש,
געטרונקען און אויסגעזויגן.
נישטאָ ווער זאָל זי פירן,
פון אלע זין, וואָס זי האָט געבוירן,
און נישטאָ ווער עס זאָל האלטן איר האנט,
פון אלע זין, וואָס זי האָט אויפגעצויגן.
די ביידע האָבן דיך געטראָפן —
ווער קאָן דיך באקלאָגן?
פארוויסטונג און בראָך, און הונגער און שווערד —
ווי קאָן איך דיך טרייסטן?
דיינע זין ליגן געחלשטע אין אלע עקן גאסן,
ווי א ווילדהציג אין נעץ,
פול מיט דעם גרימצאָרן פון יהוה,
מיט דעם אָנגעשריי פון דיין גאָט.
דערום הער נאָר צו דאָס דאָזיקע, דו אָרעמע (ווענדעט ער זיך
צו זיין מוטער, וואָס ער זעט זי שטיין פאר זיך מיט זיינע
חומרדיקע אויגן),

און פארשיכורטע, אָבער נישט פון ווייַן.
אזוי האָט געזאָגט דייַן האר יהוה (שאלט ער אויס אויף א געהויבן קול, וואָס באַוועלטיקט אלע ארום אים, וואָס זענען ארויסגעקומען ווי אויף א בייז־ווונדער צו הערן די רייד),
און דיין גאָט, וואָס נעמט זיך אָן פאר זיין פאָלק:
זע, איך האָב אוועקגענומען פון דיין האנט
דעם כוס פון פארטומלעניש,
דעם בעכער, דעם כוס פון מיין גרימצאָרן,
וועסט אים מער ווידער נישט טרינקען.
און איך וועל אים ארייַנטון אין דער האנט פון דייַנע פייניקער,
וואָס האָבן געזאָגט צו דייַן נפש:
בייג זיך אייַן, מיר זאָלן אריבערגיין.
און דו האָסט געמאכט ווי די ערד דייַן רוקן,
און ווי די גאס פאר אריבערגייער".

ארויסגעקומען זענען זיי צו אים, ווי אויף א בייז־ווונדער, צו באַוווּנדערן זיין שיין לשון, ווי מען באַוווּנדערט א קונצנמאכער, וואָס ציט ארויס פארביקע בענדער און פייער־צונגען פון זיין מויל. ארויסגעקומען זענען זיי אָפּצוחוזקן פון אים, צו באליידיקן אים און אים מבייש־זיין, און זיי האָבן אייַנגעזאפּט זייַנע ווערטער טיף אין זיך, ווי די מים־מרים מאררים, וואָס דער כהן פּרווט מיט דעם די סוטה. און דאָס פייער פון זייַנע ווערטער האָט אויסגעשרפעט איטלעכן מין טומאה און פסולת, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין זייער אינגעווייד אין די אלע יאָרן קנעכטשאפט אין גלות בבל. ווי מיט א ברען־אייַזן האָבן די ווערטער אויסגעברענט די שקלאַפישע אימה, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער פאר זייערע שכנים. דאָס בלוט פון די אָבות האָט זיך דענסטמאָל אָפּגערופן אין זיי. דער נעשה־ונשמע פון בארג סיני איז נאָכאמאָל אדורכגעגאנגען ווי א שטורעם־ווינט דורך זייערע געמיטער און זיי אויפגעהויבן ווי אויף פליגל פון אן אָדלער הויך, הויך, און זיי אוועקגעטראָגן צוריק צו זייער היים. און זיי האָבן געזען זייער מוטער ירושלים: ווי א כלה שטייט זי פאר זיי, א געטרייסטע און א געלייטערטע, געצירט און באהאַרציקט פון גאָטס נחמה, און זי שפּרייט אויס אירע הענט צו זיי מיט גענאָד און ליבשאפט.
טרערן פון פרייד האָבן אָנגעקוואָלן אין זייערע מידע אויגן. אין זייער נאַקעטקייט, אין זייערע טראַנטעס פון עבדות ביי זייערע געווערקשטעלן, אין אָנגעזיכט פון זייערע שונאים און פייניקער, די בבלער, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף דער ערד, און מיט די הענט געהויבן צום הימל, האָבן זיי געזונגען מיט נקמה־דורשטיקע שטימען:
„ע ל נ ה ר ו ת ב ב ל ש ם י ש ב נ ו . . ."

# קאפּיטל זעקס

לסוף, צו האַרבסט־צו פון דעם אייגענעם יאָר, וואָס ער האָט איינ־גענומען בבל, אין חודש מרחשון, איז כורש אריינגעקומען אין בבל דער שטאָט איבערצונעמען דאָס מלכות פון דער מדינה און דאָס מלכות פון דער וועלט.

קיינמאָל פריער האָט בבל נישט געזען אזא מין טריאומף־צוג. קיין מלך, וואָס האָט באַטראָטן די שטאָט, איז נישט געווען ארומגערינגלט מיט אזוי פיל מלכים, שרים און פּחות פון אזוי פיל מדינות, באַגלייט מיט לייב־גוואַרדיעס, קאָרטעזשן פון אזוי פיל פעלקער, ווי מלך כורש. פון זיין אַקסל און ארויף העכער פון גאנצן פאָלק, אין זיין פּערסישער טראַכט אונ־טער דעם גאָלד־געהאָפטענעם מאַנטל פון די מלכים פון בבל, ארויפגעוואָרפן אויף דעם אַקסל, מיט א גאָלדענער טיארע אויפן קאָפּ, האָט ער געפירט זיין אַרמיי פון דעם אישתר־טויער אויף דער פּראָצעסיע־גאַס צו נבוכדנאצרס פּאַלאַץ, וואָס וועט פון היינט־אָן און ווייטער זיין די רעזידענץ פון די פּערסישע מלכים. אָבער די אַרמיי מיט איר בונטפאַרביקייט פון טראַכטן, מיט איר פאַרשיידנקייט פון פעלקערשאַפטן, מיט אירע קעמלען, העלפאַנטן און לעמפּערטן, האָט נישט אזוי אימפּאָנירט דאָס פאָלק פון בבל, ווי די דרייפאַכיקע לייב־גוואַרדיע, וועלכע האָט עדות געזאָגט, אַז די מאַכט פון די דריי שטאַרקסטע מלוכות, וועלכע האָבן פאַר דורות און דורות געהאַלטן פעלקער און לענדער אונטער זייער ממשלה, איז איצט קאָנצענטרירט אין איין ווילן, אין דעם ווילן פון איין אומבאַשרענקטן הערשער. ביים מלכס רעכטער האַנט איז געגאַנגען די וואַך פון זיין אייגענער פּערסישער לייב־גוואַרדיע. אין קורצע טוניקעס, מיט פיילן־טאַשן אויפן רוקן, מיט קורצע געקרייזלטע בערד, האָבן זיי געטראָטן מיט יונגער גבורה אין שפּאַן מיט זייער מלך. די צווייטע לייב־וואַך ביי זיין לינקער האַנט איז געווען פון דער אסירישער לייב־גוואַרדיע. אין אַלטע טראַכטן, מיט מוראדיקע גע־פּאָלדעוועטע בערד און לאָקן, מיט הויכע שפּיציקע העלמען, מיט קופּער־באַשלאָגענע שטעקלעך אין די הענט, שטעקלעך, וואָס האָבן געשפּאָלטן קעפּ פון מלכים און אריינגעטריבן לענדער אין קנעכטשאַפט, טרעטן זיי מיט דעם שטייפן טראָט, וואָס האָט געבראַכט פּחד אין די הערצער פון פאַריאָכטע פעלקער. און הינטער דעם מלך — די בבלער וואַך, די לייב־וואַך פון חייל־פירער און עלטסטע, וואָס האָבן געדינט די מלכים פון בבל און זענען מיט זייערע חיילות אריבערגעגאַנגען צום גרויסן מלך. די דריי קאָרטעזשן פון הויכע חיילס לייט מיטן מלך פון פּרס, אויפן אָרט פון שורות געפאַנגענע, געבונדענע חיילס־פירער פון שונא, וואָס די

מלכים פון אשור און בבל פלעגן מיטשלעפן אין זייערע טריאומף־מארשן, האבן געלאזט וויסן, אז א גרויסער שינוי איז געקומען אין דער וועלט: איין סדר איז אפגעשטארבן, א נייער סדר הייבט זיך אן.

קיין מלך פאר אים, — נישט קיין פרעה, נישט קיין תגלת־פלסר, נישט קיין סנחריב און נישט קיין נבוכדנאצר, — איז נישט אזוי זיכער געזעסן אויף זיין טראן ווי דער מלך פון פרס און מדי איז געזעסן אויף דעם טראן פון בבל, אין נבוכדנאצרס פאלאץ מיט די הענגענדיקע גערטנער, אין דעם טראן־זאל, ווו עס האבן פון די ווענט אראפגעקוקט די רעליעפן, די בילדער־עפיזאדן פון נבוכדנאצרס אפגעהאלטענע נצחונות אויפן מלחמה־פעלד. דער הימלשער גרעאנגל צווישן בל־מרודך און זיין מוטער טיאמאט איז געשניצט אין העלפאנט־ביין און געגאסן אין גאלד אויף דעם טראן־שטול, וואס כורש זיצט אויף אים, איינגעהילט אין דעם מלכות־קלייד פון אשורס מלכים, וואס נבוכדנאצר האט, ווי דעם טראן־שטול, געבראכט פון נינוה ווי א מלחמה־טראפעי. דער טראן־שטול טראגט אויף זיך נאך א געשניץ פון בל־מרודך, ווי ער גיט איבער אין נבוכדנאצרס הענט די קרוין און דעם צעפטער פון בבל. די קרוין זיצט איצט אויף דעם הויכן געלאקטן קאפ פון כורשן דעם פערסער, און אזוי רוט אויך דער צעפטער, וואס סימבאליזירט די ממשלה איבער די פעלקער און די לענדער פון הער ערד, אין דער האנט פון דעם פרעמדן מלך. און ארום דעם מלך שטייען די גרויסע און די מעכטיקע פון אשור און בבל, שטייען ווי א לייב־וואך; און איבער זיי זענען אויסגעשטעלט אין דריי שורות די סאטראפן־גובערנאטארן, די ממונים איבער די פיל פראווינצן, איטלעכער מיט דער געהעריקער קייט, רינג און גאלדענער אינסיגניע פון זיין הויכן אמט. רעכטס און לינקס פון טראן שטייען די צוויי הערשער פון בבל: קאמביז, דער יורש־עצר, און דער קלוגער אלטער גאבריאס, סאטראפ פון גאנץ בבל, וואס האט מיט זיין חכמה און חריפות אריבערגעוווּנען די כהנים פון על־סעגילא אויף דעם צד פון גרויסן מלך.

דער גרויסער מלך האט באוויליקט דעם טאג אויפצונעמען אין אוידיענץ א שליחות פון די עברים אין בבל. אין דער שליחות איז געווען שאלתיאל פחה פון יהודה, זיין זון זרובבל, יוצדק, זון פון שריה, דעם לעצטן כהן־גדול פון בית־המקדש, וואס נבוזראדן האט געבראכט קיין רבלה און נבוכדנאצר האט אים געטויט, דער זון פון יוצדק, ישוע, און פארשטייער פון משפחות און געגנטן, ווו די בני־הגולה זענען געזעסן. דער מלך האט זיי געלאזט רופן צו לאזן זיי הערן וועגן דעם רשות, וואס ער האט באוויליקט צו געבן די בני־יהודה זיך אומצוקערן צו זייער מולדת און ווידער־צובויען דעם בית־המקדש אין ירושלים, ווי ער האט דאס געהאט צוגעזאגט, ווען ער איז געקומען איבערצונעמען דאס קיניגרייך אין בבל.

„אייער גאט, וואס איז דער גאט פון די הימלען, איז גוט געווען צו מיר. אין זיין אראקל, וואס ער האט געשיקט צו מיר דורך איינעם פון זיינע נביאים, האט ער מיר באצייטנס מודיע געווען וועגן דעם נצחון, וואס

איך וועל אָפּהאַלטן איבער בבל, און איך וועל רופן אַ פריי־לאָזונג פאַר זיין פאָלק, זאָל זיי לאָזן זיך אומקערן קיין יהודה, אַז זיי זאָלן בויען פאַר אים צוריק זיין בית־המקדש אין ירושלים, וואָס איז אין יהודה. איך האָב אייך צוזאַמענגערופן צו לאָזן אייך וויסן מיין ווילן".

און אויף דעם מלכס אַ ווונק איז מיט גרויס צערעמאָניע, מיט אַן אויפשאַל פון טראָמפּייטן מיט אַן אויסרוף פון העראָלדן, אויפגעטראָטן דער סאַטראַפּ פון בבל, גאַבריאַס. פון אַ ליים־טאָוול, וואָס צוויי סופרים האָבן אונטערגעהאַלטן פאַר אים, האָט ער פאָרגעלייענט:

„אַזוי האָט געזאָגט כורש, דער מלך פון פּרס. אַלע קיניגרייכן פון דער וועלט האָט מיר געגעבן יהוה, דער גאָט פון די הימלען, און ער האָט מיר באַפוילן אים צו בויען אַ הויז אין ירושלים, וואָס אין יהודה. ווער עס איז דאָ צווישן אייך פון זיין גאַנצן פאָלק, זאָל זיין גאָט מיט אים, און זאָל ער אַרויפגיין קיין ירושלים, וואָס אין יהודה, און בויען דאָס הויז פון יהוה, דעם גאָט פון ישראל, דאָס איז דער גאָט, וואָס אין ירושלים".

נאָך שטייען די פאָרשטייער פון די בני־הגולה מיט אָפענע מיילער, פאַרצוקטע פון שרעק און פון פרייד צוגלייך, ווען דער מלך לאָזט ווידער הערן זיין קול:

„און דאָס זאָלן זיין אייערע גרענעצן", — רופט אויס דער מלך.

ווידער האָבן צוויי סופרים, אויפן ווונק פון מלך, אַריינגעבראַכט אַ גרויסן ליים־טאָוול, וואָס עס איז געווען אויסגעקריצט אויף אים דער צייכן, אָדער דאָס בילד, ווי עס האָט געהייסן, פון ירושלים, אַרומגערינגלט מיט די בערג. דער סאַטראַפּ פון בבל האָט מיט אַ טייטל אָנגעוויזן אויף די גרענעצן. אָפּגעשניטן פון דער השפלה און דעם ברעג ים, מיט שומרון, שכם און דעם גאַנצן גליל אויסגעלאָזט, איז אויף דעם טאָוול געשטאַנען אויסגעקריצט נישט מער ווי ירושלים, אַרומגערינגלט מיט די בערג, וואָס זענען קוים דערגאַנגען ביז צו חברון.

בלייך זענען געוואָרן די פאָרשטייער פון די בני־הגולה, און דער מלך האָט זיך אָנגערופן:

„דאָס מלכות פון בית־דוד באַניי איך נישט. איך בין אייער מלך און אונטער מיין שוץ און מאַכט שטעל איך אייך. איך האָב אייך גענומען אונטער מיין חסד און געשטעלט איבער אייך מיין סאַטראַפּ, ששבצר".

פאַר דעם מלך האָט זיך געשטעלט אַ הויכער מאַן, איינער אין פאַרסישער טראַכט און פון פּערסישן אויסזען.

„דאָס איז אייער סאַטראַפּ, וואָס וועט טראָגן דעם טיטל „נשיא פון יהודה". ער וועט אייך פירן קיין יהודה, און אונטער זיין מאַכט שטעל איך אייך. ווער פון די פּרינצן פון יהודה וויל מיטגיין מיט מיין סאַטראַפּ און אים העלפן בויען דאָס הויז פון יהוה, קאָן ער דאָס טאָן. נאָר דאָס מלכות פון בית־דוד באַניי איך נישט". — דער מלך האָט זיך געווענדעט צום מאַן, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים: „נשיא פון יהודה, ששבצר!".

דער מאַן האָט זיך אויסגעצויגן מיטן פּנים צו דער ערד פאַר די פיס פון מלך.

„אונטער דיין האַנט שטעל איך יהודה. פיר די עברים, די, וואָס ווילן אויפגיין קיין ירושלים און העלפן בויען דאָס הויז פון זייער גאָט. און די, וואָס בלייבן דאָ, זאָלן די מענטשן פון זייערע ערטער, וואָס זיי וווינען דאָרט, זיי העלפן מיט זילבער און מיט גאָלד, און מיט גוטס, און מיט בהמות, און מיט טייערע זאכן, אינאיינעם מיט א נדבה פאַר גאָטס הויז, וואָס אין ירושלים. און מיין ווילן פאַר דער אומקערונג פון די עברים קיין יהודה זאָל ווערן באוווסט איבערן גאנצן לאנד".

באַלד האָט דער מלך אויסגערופן :

„שאַצמייסטער מתרדת !".

פאַרן מלך האָט זיך געוואָרפן מיטן פּנים דער שאַצמייסטער פון די מלכי־בבל.

„מתרדת", — האָט דער מלך אָנגעהויבן, — „נעם אַרויס די כלים פון גאָטס הויז, וואָס נבוכדנאצר האָט אַרויסגעפירט פון ירושלים און זיי אריינגעשטעלט אין דעם הויז פון זיינע געטער, צייל זיי אויס און גיב זיי איבער ששבצרן, דעם סאַטראַפּ פון יהודה !".

מיט דעם באַפעל, וואָס האָט מער פון אַלץ געריִרט די הערצער פון די פאַרשטייער פון די עברים, האָט די אוידיענץ זיך אָפּגעשלאָסן.

— * —

עס איז געווען צוגלייך אַ פרייד, אַ שרעק. מער ווירוואַר און צע־טומלעניש, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גולי־בבל, באַזונדער זייערע עלטסטע און אָנפירער. אין אַלע געווערקשטעלן און געוועלבער אויפן גרויסן באַ־זאַר, אין די הויפן, אין די בתי־כנסיות, אין אַלע מושבים פון די בני־הגולה, ווי תל־אביב, תל־מלח, האָט מען געשמועסט, זיך מתווכח געווען איבער דער גרויסער געשעעניש. און אַזוי אויך צווישן די פירער אין דעם הויף פון די פרינצן, אין דער סביבה פון די בני־הנביאים, די זקנים, די כהנים. די שמחה איז געווען אָן לשער, אָבער אַזוי אויך דער פּחד פאַר דעם אומבאַוווסטן.

„פון סדום און מואב זענען זיי געקומען צו פליִיצן ווי אַן אויסגעגאָ־סענער ריִנשטאָק, און זיי האָבן פאַרשוועכט דאָס גאַנצע לאַנד. די אדו־מער, אונזערע נעכטיקע ציִנהוז־קנעכט, זענען הייִנט די האַרן פון לאַנד. זיי זענען געקומען פון נגב, זיי זענען געקומען פון יענער זייט ירדן, פון די בערג אַרונטער, פון די ברעגן ים זענען זיי געקומען און האָבן פאַר־כאַפּט אַלצדינג, וואָס עס איז געווען צו פאַרכאַפּן. און אונזערע לייב־קרובים, די שומרונים, האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט פון די שכמישע בערג און באַזעצט זיך אין ירושלים. און אונז האָט ער אויסגעטיילט די פאָר קנאַפּע בערג, וואָס זענען אַרום ירושלים, ביז צו יריחו, ביז צו חברון. ווו וועלן מיר זיך אַהינטאָן ? און אויף די צעגריבלטע און צעקאַרבטע בערג, וואָס דער מלקוש און דער יורה האָבן שוין אַרונטערגעשווענקט זייערע

אָפּהאַנגען, זאָלן מיר אויסבייטן די שוואַרצע פּעטע ערד, וואָס ווערט ווי פֿון א מוטערס ברוסט אָנגעזויגן און געגעבן טאָג און נאַכט פֿון די פֿרישע קאַנאַל־וואַסערן ? פֿון וואַנען וועלן מיר נעמען אונזער טעגלעך ברויט, די פּאַשע פֿאַר אונזער פֿי, די חיונה פֿאַר אונזערע קינדער ?".

אַזוי האָבן געטענהעט די גוט־געגערטע האַרעפּאַשניקעס פֿון תּל־אביב, פֿון אַנדערע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע ישובֿים אַרום דער נעץ קאַנאַלן, וואָס ציען זיך פֿון טייך כּבֿר.

„איך וועל זיי געבן מיין נדבה, צוויי מויל־אייזלען און א פֿערד, און וועל צוטראָגן א שטיק זילבער, וואָס איך האָב געהאַלטן צו מאַכן דערפֿון א בראַסלעט פֿאַר מיין נייער ווייב. נאָר אליין ריר איך זיך נישט פֿון אָרט. א פּאָר יונגע לאַסט־אָקסלעך קאָנען זיי אויך באַקומען פֿון מיר, — און שוין. מיר איז גוט אין בבֿל אויך", — זאָגט דער רייכער גדל פֿון די בני־ברכה, וואָס האָט זיך ערשט איינגעשאַפֿט א ניי שטיק קאָרנפֿעלד, וואָס ער האָט צוגענומען פֿאַר א הלוואה פֿון א פֿאַראָרעמטן ערד־אַרבעטער.

אויפֿן אייגענעם אופֿן זענען געגאַנגען די טענות פֿון די בעלי־מלאָכות אויף די באַזאַרן און אין די הויפֿן.

„וועמען וועלן מיר פֿאַרקויפֿן אונזערע סחורות ? די קרעציקע עמור־נים, וואָס לויפֿן אַרום האַלב־נאַקעטע איבער די חורבֿות פֿון ירושלים, באַדאַרפֿן אונזער געפֿאַרבטע וואָלנס, אָדער אפֿשר אונזערע אויסגעהאַפּטענע ווייבערשע סאַנדאַלן, אָדער אונזערע זילבערנע גאַרטלען פֿאַר זייערע אָפּ־געריסענע און אָפּגעשליסענע ווייבער ?".

„אָדער אונזערע בשמים און אונזערע איידעלע איילן, וואָס א העלפֿט פֿון אונזער פֿאָלק פֿאַרדינט זיין ברויט פֿון דעם, צו באַהאַלטן דעם עיפּוש פֿון זייערע לייבער ?".

ערנסטער און מער פֿאַרזאָרגט זענען געווען די וויכּוחים אין דער סבֿיבֿה פֿון די פּחות פֿון יהודה, פֿון די זקנים, די כּהנים און די בני־הנבֿיאים. מען האָט דאָרט גערעדט אין דער שטיל, אויף א נידעריק קול מען האָט זיך מיישבֿ־געווען, מען האָט זיך אָפּגעגעבן דין־וחשבון, מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין קליינע גרופּעס, מען האָט צונויפֿגערופֿן די הויפּטן פֿון די פֿאָטער־הייזער, די אָנגעזעענע כּהנים.

„און א נשׂיא האָט ער באַשטימט פֿאַר אונז א פּרעמדן, זיינעם א סאַט־ראַפּ, און אים געקרוינט מיט דעם טיטל „נשׂיא פֿון יהודה", נישט איינעם פֿון דודס גזע. אינגאַנצן פֿאַרזען די רעכטלעכע פֿאָרשטייער פֿון בית־דוד, וואָס זענען דאָ מיט אונז, און אויסגעקליבן איינעם, וואָס קיינער האָט ביז איצט נישט געקענט", — האָט איינער פֿון פּרינצן־פּאַלאַץ זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ.

„און דאָך האָט דער גרויסער מלך מקדיש־השם געווען. אין פּנים פֿון אַלע זיינע פּירשטן און חייל־פּירער, אין פּנים פֿון אַלע פֿעלקער פֿון זיין מלוכה האָט ער אָנגערופֿן אונזער גאָט „דער גאָט פֿון די הימלען" און גע־זאָגט בפּירוש, אַז יהוה, דער גאָט פֿון די הימלען, האָט אים איבערגעגעבן

דאָס מלכות פון דער וועלט. דאָס חשיבות פון די עברים איז פיל געהויבן געוואָרן אין די אויגן פון די גויים. עס זענען מקוים געוואָרן דעם נביאס ווערטער", — האָט זרובבל געפּרווט אויפמוטיקן די געמיטער".

„און די כלים פון בית־המקדש האָט ער באַפוילן אַרויסצונעמען פון דעם אוצר פון מלכות און זיי איבערגעבן דעם נשיא פון יהודה אין האַנט אַריין", — האָט זיך אָנגערופן ענטוזיאַסטיש דער יונגער ענערגישער כהן ישוע.

„וועמען איבערגעבן ? א פרעמדן. נישט דעם רעכטלעכן פאָרשטייער פון אונזער כהן־גדול, נאָר א נישט־באַשניטענעם, און אומריינעם, ער זאָל זיי טמא מאַכן מיט זיין אָנרירן־זיך אָן זיי", — האָט אויסגערופן א קנאה־דיקער כהן.

„און דאָס מיט דעם קידוש־השם, מעגן מיר א ביסל אָפּוואַרטן. כורש האָט א סך געטער. ער פירט נישט קיין מלחמה מיט געטער, נאָר מיט פעלקער און לענדער. און די פעלקער, וואָס גיבן זיך אים אונטער, דער־קענט ער זייערע געטער פאַר זיינע און באַטראַכט זיי פאַר זיינע שותפים. היינט וועט ער זאָגן, אַז יהוה האָט אים איבערגעגעבן דאָס מלכות פון דער וועלט ; מאָרגן וועט ער דאָס אייגענע זאָגן אויף א גאָט פון אן אַנ־דער פאָלק, אויף בל־מרודכן אָדער אן אַנדער שוואַרץ־יאָר. עס קומט אים אָן גרינג דאָס צו זאָגן".

אלע אויגן זענען געווען געווענדעט צו דעם יונגן אומבאַקאַנטן נביא. ערשט נעכטן איז ער געווען פאַרלאָזט, אויסגעלאַכט פון אַלעמען. היינט איז טייל פון זיין נביאות מקוים געוואָרן, זענען זיי אלע געהאָנגען אויף זיינע ליפּן. ווען אפילו זיין נביאות וועגן א גאולה־שלימה איז נישט מקוים געוואָרן, דאָך האָבן אלע געזען באַשיינפּערלעך, אַז גאָט רעדט פון זיין מויל און זיין נביאות וועט ביסלעכווייז פאַרט מקוים ווערן. זיי זענען גע־קומען צו אים אין זיין עליה, — זרובבל, דער כהן ישוע, פון די זקנים, פון די בני־הנביאים, פון די כהנים. זיי האָבן געוואָלט וויסן, צי ער האָט נישט פאַר זיי א וואָרט פון גאָט. ער האָט געוווסט פון זייער צערודערונג, געזען די אימה, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע אויגן, האָט ער פאַר־שטאַנען אויף וויפיל זייער פרייד איז געמישט מיט שרעק און טרויער. עס איז אים דאָך געווען קשה, פאַרוואָס זיי זאָלן זיך אַזוי שרעקן, פאַרוואָס זיי זאָלן גאָר הענגען אויף די ליפּן פון מלך כורש. איז דען כורש זייער באַפרייער, צי הענגט פון אים אָפּ די גאולה ? ווער איז כורש, וואָס זיי שרעקן זיך אַזוי פאַר אים ?

און ער האָט זיי געזאָגט :

„סנחריב ביי לכיש, ווען ער האָט מיט די פיס געטראָטן אויף די נאַקנס פון די בני־ישראל, וואָס זענען געלעגן אויסגעשפּרייט ביי זיינע פיס, האָט געמיינט, אַז ער איז דער מושל פון דער וועלט, דער געביטער פון אַלע צייטן, וואָס האַלט אין זיין האַנט די מזלות פון די פעלקער. נבוכד־נאצר, ווען ער איז געזעסן אין משפּט ביי רבלה, ווען דער שר־הטבחים

האָט אָפּגעהאַקט די קעפּ פון די פירשטן פון יהודה, פון דעם כהן־גדול שריה, פון אַלע גרויסע לייט, און געציילט די קעפּ פאַרן גרויסן מלך, האָט ער, נבוכדנאצר, געמיינט, אַז ער פאַרזיגלט דעם גורל פון יהודה אויף אַלע צייטן. ווו זענען זיי היינט, די אַלמעכטיקע מלכים? דאָס איי־געגע איז מיט כורשן. אַ פליג איז ער, וואָס אָט פליט זי פאַרביי און מאָרגן איז זי נישטאָ מער. האָט אייך כורש פאַרטריבן פון אייער לאַנד און געשיקט אייך אין גלות, אַז איר זאָלט זיך פאַרלאָזן אויף אים מיט דער גאולה? ווי אשור און בבל זענען געווען די רוט פון גאָטס צאָרן אויף אייך, אַזוי איז כורש דער טראָפּן אייל אויף צו היילן אייער ווונד, וואָס גאָט האָט אים פאַר דעם באַשטימט. גאָט האָט אייך פאַרטריבן אין גלות, און גאָט וועט אייך אויסלייזן. ער האָט אייך נישט פאַרקויפט פאַר קיין געלט. ער האָט נישט גענומען דעם פולן פרייז פאַר דער קניה, אַז ער זאָל באַצאָלן כורשן דעם פולן פרייז פאַר דער גאולה". נישט כורש האָט צו באַשטימען אייערע גרענעצן און נישט ער האָט צו פאַרטיילן די ממשלה איבער אייך. גאָט אַליין וועט עס טאָן. און דאָס, וואָס כורש שרייבט היינט אויף אויף ציגל און טאָוולען, איז עס אַ שריפט, געשריבן אויף זאַמד, וואָס מאָרגן וועט דאָס דער רעגן אָפּוואַשן און עס וועט זיין ווי נישט געווען. שרעקט אייך נישט און האָט נישט קיין מורא. גאָט וועט אייך אויסלייזן, נישט קיין אַנדערער".

ער האָט געוואָרט אויף אַ צייכן, אויף אַ חזיון, וואָס ער זאָל זען, אַז ער זאָל זיין ביכולת צו ברענגען זיי אַ וואָרט פון שטאַרקונג. און איין נאַכט האָט ער אים געזען. ער האָט געזען, וואָס ער האָט געזען, און ער האָט גערופן נריה בן־שריה און האָט אים פאַרגעזאָגט דעם חזיון, אַז ער זאָל אים פאַרשרייבן. עס איז געווען זיין ענטפער אויף זייער שרעק און צעטומלעניש. און ער האָט געבראַכט דעם חזיון צו די גולי־בבל, די זקנים, די כהנים, די בני־הנביאים, די אַלע הויפּטן פון די פאָטער־הייזער. וואָרום אַלע האָבן אויסגעוואַרט אויף זיין וואָרט. ער האָט געבראַכט זיי זיין וואָרט פון טרייסט שבת אין דער בי־כנישתא פון די זקנים. און אַזוי איז געווען גאָטס ענטפער צו זיי דורכן נביאס מויל:

„דערוועק דיך, דערוועק דיך,
טו־אָן דיין שטאַרקייט, ציון,
טו־אָן דיינע פּראַכטיקע בגדים,
ירושלים, דו הייליקע שטאָט.
וואָרום מער ווידער וועט נישט קומען אין דיר
אַן אומבאַשניטענער און אומרייַנער.
שאָקל דיך אָפּ פון שטויב,
הייב דיך אויף, זעץ דיך, ירושלים.
מאַך דיר לויז די בינד־שטריק פון דיין האַלדז,
געפאַנגענע טאָכטער ציון.

וואָרום אזוי האָט גאָט געזאָגט:
אומזיסט זענט איר פארקויפט געוואָרן,
און נישט פאר געלט וועט איר אויסגעלייזט ווערן.
וואָרום אזוי האָט געזאָגט גאָט דער האר:
קיין מצרים האָט געניידערט מיין פאָלק צוערשט,
דאָרטן צו וווינען,
און אשור האָט אים פאר גאָרנישט געדריקט.
און אצינד, וואָס האָב איך דאָ, זאָגט גאָט,
ווען מיין פאָלק איז אוועקגענומען געוואָרן פאר אומזיסט?
זיינע געוועלטיקער רימען זיך, זאָגט גאָט,
און תמיד א גאנצן טאָג ווערט מיין נאָמען געלעסטערט.
דערום וועט מיין פאָלק געוואויר ווערן מיין נאָמען,
פאַרוואָר, אין יענעם טאָג —
אז איך בין דער, וואָס רעדט. דאָ בין איך".

ער, דער גאָט פון ישראל, האָט זיי געשיקט אין גלות און ער וועט זיי אויסלייזן. נישט קיין פרעמדער, נישט קיין בשר־ודם. און אזוי קאָן קיינער נישט באשטימען די גרענעץ פון זייער לאנד און זעצן איבער זיי נשיאים. ניין, נישט קיין אומבאאשניטענער, נישט קיין פרעמדער וועט זיין זייער מושל, זייער סאטראפ, נאָר אייגענער פון זיי. א נייער גייסט איז אריינגעקומען אין די געמיטער פון די גולי־בבל. עס איז געווען ווי דאָס אלטע בלוט פון די אָבות האָט זיך אָפגערופן אין זיי.

— * —

אין דעם הויז פון די פרינצן זענען אויסגעשטעלט אויף טישן די כלים פון בית־המקדש, וואָס ששבצר האָט איבערגענומען פון דעם שאצ־מייסטער מתרדת. כהנים אין ווייסע טוניקעס שטייען ארום די טישן אויס־צוהיטן, אז קיינער זאָל די כלים נישט אָנרירן. טויערלייט און בני־עבדי־שלמה האלטן וואך ביי די טירן. פינף טויזנט און פיר הונדערט איז געווען די צאָל פון אלע כלים אויף די טישן: גאָלדענע בעקנס און זילבערנע בע־קנס, גאָלדענע בעכערס און זילבערנע בעכערס.

דאָס פאָלק שטראָמט אריין צו זעטיקן דאָס אויג אויף די הייליקע כלים. זיי זענען ווידער דאָ, זיי לעבן. שלמה־המלך, וואָס האָט די כלים אריינגעבראכט אין בית־המקדש, איז נישט טויט; טויט איז נבוכדנאצר, וואָס האָט זיי ארויסגענומען צו פארניכטן. ער איז טויט און די כלים לעבן. זיי זענען אויפגעשטאנען תחית־המתים, און דאָס פאָלק איז אויפ־געשטאנען תחית־המתים מיט זיי.

די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָפגערופן, ווען דער רוף פון מלך כורש איז פארשפרייט געוואָרן איבער דער מדינה, זענען געווען די כהנים. דער רוף האָט נישט גערעדט וועגן דעם אויפבוי פון א מדינה, נאָר וועגן ווי־דער־בויען דעם חרובן בית־המקדש און צוריקשטעלן די עבודת־כהנים,

איז געווען באַטירלעך, אַז די כהנים, גיכער ווי אַלע אַנדערע שיכטן פון די בני־הגולה, זאָלן זיך אָנכאַפּן אָן דעם שיבת־ציון, וואָס דער רוף פון מלכות האָט אָנגעבאָטן. דער גלות האָט אין אַ גרויסער מאָס געהויבן דעם אָנזען און די זכויות פון די כהנים. טייל פון זיי, דער עיקר די געלערנטע, די באַהאַווונטע אין די כתבי־קודש, האָבן נאָך אָנגעהאַלטן זייער השפּעה אויפן פאָלק אין דעם משך פון גאַנצן גלות, ווו דאָס לייענען אין די שבתים און די ימים־טובים פון דער תורה האָט פאַרנומען אין די בתי־כנסיות דעם אָרט פון דער עבודת־כהנים אין בית־המקדש. דאָס פאָלק איז אויך געקומען צו די כהנים נאָך אויפקלערונג און באַלערנונג אין ענינים פון אמונה. און פיל ערטער, ווו דאָס פאָלק האָט זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, האָט דער כהן, ווי אַ יחיד, אַפילו באַקומען מעשׂר פון די איינגעזאַמלטע תבואות, וואָס עס איז געטאָן געוואָרן מער על־פּי מנהג ווי על־פּי חוב. דאָס פאָלק האָט אַרויסגעקוקט נאָך פירערשאַפט גיכער צו די כהנים ווי צו די פּרינצן פון דער מלוכה. ווייל מיטן אונטערגיין פון דער מלוכה איז שטאַרק געפאַלן דער פּרעסטיזש פון די פּרינצן, בשעת די כהנים האָבן דווקא געווונען אין חשיבות, ווי טרעגער פון דער אמונה, וועלכע האָט איצט פאַרנומען ביים פאָלק דעם פּלאַץ פון דער מלוכה.

זייער אָנפירער איז געווען דער זון פון אַלטן כהן יוצדק, ישוע, וואָס האָט געלעבט מיט די פּרינצן פון יהודה אין זייער פּאַלאַץ.

ווי נאָר כורש האָט אַרויסגעלאָזט זיין רוף, האָט דער יונגער פּרינץ פון יהודה, זרובבל, באַגלייט פון דעם כהן ישוע, זיך געמעלדן צום סאַט־ראַפּ ששבצר מיטן בייעם טיטל „נשׂיא פון יהודה", וואָס כורש האָט אים איבערגעגעבן די השגחה איבער דעם יציאת־בבל.

מלך כורש האָט, אמת טאַקע, נישט צוגעלאָזט די רעכטלעכע פאַר־שטייער פון דער דוד־דינאַסטיע צו דער פירערשאַפט און האָט דעם טיטל, וואָס זיי האָבן געטראָגן, איבערגעגעבן אַ פרעמדן, דאָך האָט זרובבל זיך געווויזן גרייט און ווויליק צו דינען דעם סאַטראַפּ און אים העלפן אין זיין שווערער עובדה. ער איז אומגעגאַנגען הכנעהדיק מיטן סאַטראַפּ און אים אָפּגעגעבן דעם כבוד, וואָס איז אים געקומען ווי אַ נשׂיא אין ישׂראל. ער איז אַפילו געגאַנגען קעגן דעם ווילן פון זיין אַלטן פאָטער, שאַלתיאל, דעם רעכטלעכן פּרעטענדענט אויף דודס קרוין, וואָס האָט נישט געקאָנט מוחל זיין כורשן די עוולה, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן דעם בית־דוד. ער איז געגאַנגען קעגן דער שטעלונג פון די רייכע סוחרים און די הויפּטן פון די פאָטער־הייזער, וואָס זיי האָבן אַלע געהאַלטן, אַז כורשעס גאולה איז נישט קיין ריכטיקע, ווייל עס פעלט אין איר דער מלוכהשער עלעמענט. זרובבל האָט געהאַלטן מיטן נביא, אַז די גאולה קומט נישט פון כורשן, נאָר פון גאָט פון ישׂראל; כורש איז נאָר אַ שליח פון גאָט. און ווען ער, כורש, וועט האָבן אויסגעפירט דאָס שליחות, וואָס איז געלייגט אויף אים, וועט אים גאָט פאַרבייטן אויף אַן אַנדער שליח, וואָס וועט ברענגען די

גאולה־שלימה. און ווי זרובבל, אזוי האָט אויך געהאַנדלט דער כהן ישוע בן־יוצדק.

דער אַלטער יוצדק איז געווען דער זון פון שריהן, דעם לעצטן כהן־גדול אין ירושלים, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט מלך צדקיהו און געבראַכט אין קייטן קיין רבלה פאַר נבוכדנאצרס משפט. יוצדק איז בייגעווען ביים משפט. אינאיינעם מיט די אַנדערע קינדער פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע, איז ער געבראַכט געוואָרן קיין רבלה, אז ער זאָל צוזען דעם פאָטערס עקזעקוציע. דאָס בילד איז פאַרגליווערט געוואָרן אין זיינע אויגן אויף זיין גאַנצן לעבן לאַנג, און ער זעט עס איצט אין זיינע אַלטע יאָרן. נבוכדנאצר זיצט אויף זיין פעלד־טראָן אויף רעדלעך. פאַר אים שטייט נבוזראדן, דער שר־הטבחים, וועלכער גיט אַרויס זיינע חיילס־לייט די קאָמאַנדע צו קעפּן די געבונדענע יידישע פירשטן און שרים. מען פירט־צו איין פירשט אָדער שר נאָכן אַנדערן, מען האַקט זיי אָפּ די קעפּ, איין קאָפּ נאָכן אַנדערן. א חיילס־מאַן נעמט איטלעכן קאָפּ, וואָס פאַלט אַוועק פון גוף, טראָגט אים צו און האַלט אים הויך פאַרן גרויסן מלכס אויגן. דערנאָך וואַרפט ער דעם קאָפּ צו דער קופּע אַנדערע קעפּ, וואָס וואַלגערן זיך אויף דער ערד. יוצדק דערקענט די פּנימער אין דער קופּע קעפּ, פּנימער פון פּרינצן און שרים פון יהודה, וואָס קוקן מיט אָפענע, פאַרגלייזטע אויגן צו אים. אָט פירט מען זיין אייגענעם פאָטער, דעם כהן־גדול אין זיינע בגדי־כהונה, מיט די הענט געבונדן אהינטער. דער פאָטער וואַרפט אים צו זיין לעצטן בליק, איידער דער קאָפּ זיינער פאַלט אויף דעם בערגל אַנדערע קעפּ, און אויך פון צווישן די אָפּגעהאַקטע קעפּ האַלט ער אַלץ אין איין קוקן צו אים, ווי ער וואָלט אים עפּעס געוואָלט זאָגן. און ער ווייסט, וואָס ער וויל אים זאָגן, זיין פאָטער. ער וויל אים זאָגן, אז אין דעם טאָג פון דער גאולה, ווען גאָט וועט אומקערן זיין פאָלק צוריק קיין ציון און ירושלים און וועט צוריק אויפשטעלן דעם בית־המקדש, זאָל ער, יוצדק, זיך האַלטן הייליק און גרייט פאַר דעם טאָג, כדי ער זאָל זיין ראוי איבערצונעמען די כהונה אין דעם בית־המקדש, וואָס נבוכדנאצר רייסט זי אַרויס פון זיינע, דעם כהן־גדולס הענט.

זאָל דאָס זיין דער טאָג פון דער גאולה, וואָס זיין פאָטערס אויגן אין דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ האָבן אים געהייסן אויסוואַרטן און אויף אים אין קדושה און אין טהרה? זאָל דאָס זיין דער טאָג פון נקמה און נצחון, דער שכר פאַר אַלע צרות און פורעניות, — אָט די ישועה, וואָס קומט פון א פרעמדער האַנט, קאַרג, בצמצום, נישט־פאַרגינעריש, אָן מלכות בית־דוד, אָן מלוכה, מיט א פרעמדן סאַטראַפּ פאַר א מושל און א נשיא אין ישראל?

אָבער יוצדקס זון, דער יונגער ישוע, האָט אַנדערש געטראַכט. זאָל נאָר אויפגעבויט ווערן די נעסט... דער בית־המקדש איז די נעסט פון ישראל, ירושלים איז דאָס אָרט, דער בוים, וווּ די נעסט וועט איינגעשטעלט ווערן. זאָל נאָר די פויגל־מוטער פאַרנעמען די נעסט, די עופהלעך וועלן זיך שוין אויסבריען. כורש איז דער אָנהויב פון דער גאולה, דער סוף

איז דער אחרית־הימים און צווישן די צוויי פונקטן וועלן נאָך פיל וואַסערן אַפּלויפן.

און אויך דער יונגער כהן ישוע האָט מיט האַרץ, מיט געטריישאַפט, מיט הכנעה זיך געשטעלט גרייט צו דינען און העלפן דעם סאַטראַפּ ששבצר אין זיין עובֿדה.

ששבצר האָט פאַרמאָגט די צורה און די האַלטונג פון אַן אַלטן אַסירישן אַריסטאָקראַט, וואָס האָט כל־ימיו באַקליידט א הויכן אַמט אין דער מלוכה. אָבער אויפגעפירט האָט ער זיך לגבי די יידן ווי ער וואָלט געווען אייבער פון זיי. מיט זעלטענער איבערגעגעבנקייט האָט ער זיך גענומען אויסצופירן די מיסיע, וואָס איז געלייגט געוואָרן אויף אים. ער האָט געשווינט די געפילן פון די יידן בנוגע די כלים פון בית־המקדש. ער האָט זיך אליין נישט צוגערירט צו זיי און אוודאי נישט צוגעלאָזט צו זיי קיינעם פון זיינע מענטשן. ער האָט געלאָזט די כלים אויסציילן אין די הענט פון די כהנים און געהייסן זיי אריבערפירן אין דעם פּאַלאַץ פון די פירשטן אונטער דער השגחה פון די כהנים.

עס האָבן באַלד גענומען אומגיין אין פאָלק אַלערליי שמועות וועגן ששבצרס יחוס. מען האָט דערציילט, אז ער שטאַמט פון א יידישער משפחה פון גרויס יחוס, וועלכע האָט מיט דער צייט זיך אסימילירט צווישן די אַסיריער, — אפשר טאַקע פון די מלכי־ישראל, וואָס סנחריב האָט פאַרטריבן קיין אשור. הויף־לייט ביים מלך פון אשור, האָבן טייל מיט־גלידער פון דער משפחה געהאַלטן הויכע שטעלן אין אשור. זיי זענען דערנאָך געקומען מיט נבוכדנאצרן קיין בבל. ששבצר אליין האָט געדינט ווי א פּאַזש אין דעם הויף פון די מלכי־בבל. ער האָט געדינט בבל דאָס גאַנצע לעבן לאַנג. לויט דעם אָפּמאַך מיט די כהנים פון בל־מרודך, איז ער, אינאיינעם מיט די אַנדערע גרויסע לייט אין בבל, איבערגעגאַנגען צו כורשן, ווען דער מלך פון פרס און מדי האָט איינגענומען בבל. אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דעם סאַטראַפּ פון בבל, גאַבריאַס, וועלכער האָט געוווּסט פון ששבצרס יידישן יחוס און פון זיין געטריישאַפט צו די פּערסיער, האָט אים כורש באַשטימט פאַר דעם „נשיא פון יהודה". צי דאָס איז געווען אזוי ווי מען האָט זיך דערציילט אין פאָלק, אָדער נישט, — ששבצר אליין האָט געהאַלטן זיין יחוס בסוד, נאָר זיין אויפפירונג און זיינע נטיות האָבן אים אַרויסגעגעבן.

שליחים זענען געשיקט געוואָרן אין די מושבים פון די גולי־בבל, אין אַלע קאָלאָניעס, אין אַלע שטעט, צו די הויפּטן פון די פּאַטער־הייזער מיט דער בשורה פון דער גאולה. נישט אומעטום איז די בשורה אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד און ענטוזיאַזם. אין די אַלט־געזעסענע קאָלאָניעס ווי, למשל, תל־אביב, וווּ די יידן האָבן געלעבט בהרחבה פון דער גוטער ערד, האָט די בשורה אַרויסגערופן נישט קיין פרייד, נאָר פאַרקערט, טרויער און צעטומלעניש. ווי אזוי קאָן מען פאַרלאָזן סאָליד־איינגעאָרדנטע היימען, די רייכע פעטע ערד, וועלכע ברענגט אַרויס צוויי־

דריי גערעטעענישן א יאָר די געקליבענע סטאַדעס שאָף און רינדער, וואָס מערן און פּרוכפּערן זיך בשפע, צו גיין אין אן אומבאַקאַנט לאַנד, וואָס זיי האָבן נאָר געהערט דערפון פון זייערע עלטערן? זיי וועלן געבן זייערע נדבות מיט אן אָפענער האַנט צו העלפן אויפבויען דעם בית־המקדש. זאָלן דערווייל אַנדערע אויפגיין אהין, די, וואָס האָבן נישט דאָס גליק צו זיצן אויף אזא רייכער ערד, די, וואָס זענען נישט געבענטשט מיט קיין שפע, די משפחות, וואָס זיצן אין די שטעט.

און אזוי איז עס געווען. די משפחות, וואָס האָבן געוווינט אין די שטעט, דערצויגן די אַלע יאָרן פון גלות אויף די מוסר־רייד פון די נביאים און אויף דער תורה, וואָס די כהנים האָבן שבת און יום־טוב געלערנט אין די בתי־כנסיות, האָבן אויפגענומען דעם רוף פון מלך כורש און זיך צוגעהערט צו פירשט זרובבל און דעם כהן ישוע, ווען זיי זענען געקומען רעדן צו זיי אין דעם נאָמען פון נשיא ששבצר. די עלטסטע פון די משפחות זענען געקומען צו דער גרויסער אסיפה, וואָס ששבצר האָט פאַררופן אין בבל צו פאַרהאַנדלען דעם ענין פון דער עליה.

די משפחות פון די בני־הגולה האָבן טייער געהאַלטן זייער משפחה־נאָמען און יחוס, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין גלות אריין פון דער היים, ווייל זיי האָבן געזען אין דעם משפחה־בונד די איינציקע סגולה און באַוואָרעניש קעגן דעם שטראָם פון התבוללות, פון אויסמישונג מיט די בבלער, וואָס האָט געדראָט צו פאַרפלייצן די אַלט־געזעסענע יידישע קהילות. די אויטאָריטעט פון דעם עלטסטן אין דער משפחה איז געווען אבסאָלוט, נישט אָפּצופרעגן, וואָס איטלעכער מיטגליד אין דער משפחה האָט זיך איר אונטערגעוואָרפן מיטן פרייען ווילן. דער עלטסטער איז געווען דער כוח, וואָס האָט געהאַלטן די משפחה גאַנץ, צוזאַמענגעבונדן, שטאָלץ מיט איר יחוס און אירע טראַדיציעס. און די אייגענע שטרענגע משפחהדיקע דיסציפּלין, וואָס האָט געשיצט די בני־הגולה קעגן אסימילאַציע, איז איצט, ביי דער פאַרשטייענדיקער עליה, געווען א גאָר וויכטיקער פאַקטאָר אין העלפן ברענגען די עליה לפועל.

צוועלף פאָרשטייער, לויט דער צאָל שבטים, זענען אויסגעקליבן געוואָרן פון אַלע משפחות צו העלפן דעם נשיא איינאָרדענען די עליה. די צוועלף האָבן זייערע מסקנות איבערגעגעבן צו די עלטסטע פון די משפחות, און די עלטסטע האָבן געהאַט דאָס לעצטע וואָרט אין באַשטימען וויפיל און וועד פון זייערע משפחה־מיטגלידער זאָלן אויפגיין קיין יהודה. אויף די אַלט־געזעסענע, סיי סוחרים, סיי ערד־אַרבעטער אָדער בעלי־מלאכות, וואָס האָבן נישט געקאָנט פאַרלאָזן זייער האָב און גוטס, איז געלייגט געוואָרן א באַזונדער שטייער לטובת דער עליה.

די משפחות האָבן זיך גערופן אויפן נאָמען פון זייערע עלטסטע: די קינדער פון שפטיה, די קינדער פון אָרח. עטלעכע משפחות צוזאַמען, וואָס האָבן געשטאַמט פון איין שטאָט אָדער געגנט אין דער היים, האָבן אויך אין גלות זיך געהאַלטן צוזאַמען אין לאַנדסמאַנשאַפטן, רופנדיק זיך אויפן

נאָמען פון דעם אָרט פון זייער אָפּשטאַם. דער אַלטער היימישער נאָמען פון זייער שטאָט אָדער דאָרף אין דער מולדת, ווי בית־לחם, ענתות, קרית־יערים, וואָס האָט געוועקט זיסע זכרונות און א בענקעניש נאָך דער גאולה, איז געווען זייער באַליבט ביי די לאַנדסלייט, אָפּטמאָל אפילו נאָך מער ווי דער משפחה־נאָמען. און די שטעט פון דער מולדת, „שטעט און מו־טערס אין ישראל”, האָבן, ווי מוטערס, גערופן די קינדער צוריק אַהיים.

— * —

דער נביא האָט נישט געקאָנט איינזיצן אין זיין עליה ביי נריה בן־שריה. עס האָט אים געטראָגן אויף די פליגל פון שירה, פון דעם געזאַנג, וואָס האָט געזונגען אין אים. אין אלע הויפן, באַזארן, מארק־פלעצער, געווערקשטעלן, גאַרקיכן, אייל־מילן, אומעטום אין דער גרויסער שטאָט, ווו די קינדער פון ישראל, די מענער פון יהודה, די זרע פון אברהם האָבן זיך ארומגעוואַלגערט, פאַרהאַוועט אין זייערע טעגלעכע באַדערפע־נישן, אומעטום אין בבל דער שטאָט האָט ער געבראַכט די בשורה פון דער גאולה. דאָס געזאַנג פון גאָטס נחמה. און נישט נאָר אין בבל. אויך צו די קינדער פון ישראל, וואָס זיצן אויפן לאַנד, מחוץ דער גרויסער שטאָט בבל, איז ער געקומען מיט דער בשורה פון דער גאולה. איין טאָג האָט אים נריה געבראַכט מיט זיין שיפל דורכן קאַנאַל צו דעם ברעג פון דעם טייך כבר, ווו עס ליגט די גרויסע רייכע קאָלאָניע תל־אביב. אין דעם בית־הכנסת, וואָס האָט זיך גערופן אויפן נאָמען פון דעם נביא יחזקאל, האָט ער גערעדט צו די פאַרזאַמלטע תל־אביבער:

„ווי אזוי קאָנט איר באַארבעטן פרעמדע ערד בשעת אייער אייגענע ערד ווערט באַצוואונגען פון פרעמדע אומבאַשניטענע מואבער, סדומער און טמאדיקע עמלקים? צי הערט איר נישט בייַנאַכט אויף אייערע גע־לעגערס דאָס געוויין פון אייער מוטער, וואָס דער ווינט ברענגט אויף זיינע פליגל דורך די פּליינען פון מדבר, איר רופן צו קומען איר צוהילף? די היענע מואב קומט אַריבער איר גרענעץ צו קוויקן זיך מיט די רעשט־לעך פון דעם ציקעלע, וואָס דער לייב בבל האָט איבערגעלאָזט; און דער שאקאל עמון לאָזט נאָך זיך שפּורן פון זיינע פאַרבלוטיקטע קרעלן אויף דעם פעלד. און קיינער איז נישטאָ פון אלע אירע זין, וואָס זי האָט אויס־געהאָדעוועט, צו קומען פאַרטרייבן די חיות־רעות פון לאַנד”, — האָט דער נביא געקלאָגט פאַר די בני־הגולה אין תל־אביב.

א גרויסע קנאה האָט זיך אין אים אָנגעצונדן פאַר יהודה און ציון, ווען ער איז געקומען קיין תל־אביב און האָט געזען די שפע, אין וועלכער זיי זיצן.

ווי ווייט זיין אויג האָט געקאָנט גרייכן האָט ער געזען פעלדער, באַ־דעקטע מיט גאָלד־אָפּגלאַנצנדיקע ריטלעך־זאַנגען פון צייטיק־געוואָרענע גערשטן, גאָלדענע שלייערן, וואָס כוואַליען זיך אין ווינט. און באַהאַלטן פון אויג אין דער געדיכטעניש פון די גאָלדיקע ריטלעך, האָט זיך גע־שפּרייט א געוועב קאַנאַלן, וואָס נאָר די ווינט־אָנגעבלאָזענע קאָלירטע

זעגלען, וואָס האָבן זיך געשאַרט ווי אין דער לופטן, האָבן געלאָזט וויסן פון זיי. דאָרט, ווו די פעלדער זענען ליידיק געווען נאָכן שניט, האָבן זיך געפּיטערט סטאַדעס שאָף, באַלאָדענע מיט א גערדיכטן אָנוווקס פון וואָל, פול־אייטערדיקע פּי און רינדער.

און אין אייבקלאַנג מיט דער שפּע אינדרויסן זענען געווען די פּול־בלוטיקע פּנימער, די באַלייבטקייט פון די תל־אביבער איגעווייניק אין דעם בית־הכנסת אויף דעם נאָמען פון נביא יחזקאל, ווו דער נייער נביא האָט גערעדט פאַר זיי. ברייט־ביינערדיקע, מוסקלדיקע, מיט כּוח געפּאַנ־צערטע, ארויסשפּאַרנדיקע האַריקע בריסט, מיט אָפּגעברענטע צעוויבטיקטע רויע פּנימער, זענען זיי געשטאַנען פאַר אים ווי פרעמדע.

כּהרף־עין האָט ער זיך געפונען אַריבערגעטראָגן קיין יהודה. און ער האָט געזען דאָס חרוב־געוואָרענע לאַנד, די צעגריבלטע בערג, וואָס די רעגנס האָבן אוועקגעריסן זייערע אָפּהאַנגען, אַרונטערגעוואַשן די פּרוכטיקע שיכט ערד, וועלכע האָט זיך אַזוי שווער געהאַלטן אויף די שפּועים. ער האָט געזען די חורבות פון די הייזער, צעבראָכענע דעכער, אומגעפּאַלענע ווענט. דער רעשט דלת־העם, וואָס נבוכדנאצרס מענטשן האָבן דאָרט איבערגעלאָזט, מיט קראַנקע אויגן, דערשראָקענע, פאַרצ־טערטע, בלאָנדזשען־אַרום ווי באַנומענע, אין הוילער מורא פאַר איטלעכן מואבער אָדער עמונער, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ און פאַר־כאַפּט פאַר זיך יידיש האָב און גוטס, אַן עלטסטער און א באַפעלער איבער ישראל אין זיין אייגן לאַנד. ער האָט געזען מוטערס מיט אויסגעדאַרטע בריסטן, אראָפּהענגענדיק פון זיי ווי ליידיקע לאָגלען, מיט פאַרהונגערטע סקעלעטן־דאַרע קינדער אויף די הענט און ביי זייערע פיס. ער האָט גע־זען דעם פּלאַץ, ווו דער בית־המקדש איז געשטאַנען. פון שטיינערדיקע מזבחות גייען־אויף רויך־וואָלקנדלעך. ער ווייסט, וואָס דאָס איז. דאָס האָבן זיך פאַרקליבן אַהין די אומבאַשניטענע און ריכטן דאָרט אָפּ זייער עבודה־זרה, פאַרברענען זייערע קינדער צו מולך, טרייבן זנות, זענען זיך מטמא מיט אַלערליי מינים טומאה פאַר זייער געטין אישתר. און דאָס אַלץ אויף דעם אָרט, וואָס גאָט האָט אויסגעקליבן פאַר א וווינונג פאַר זיך... דער שטיין פון מוריה, עקידת־יצחק, ישעיה הנביא... דאָס הויז פון גאָט איז חרוב, און די גויים טוען דאָרט וואָס זיי ווילן.

און די בני־ישראל דאָ, אין בבל, באַארבעטן פרעמדע פעלדער, פלאַנ־צן פרעמדע גערטנער.

טרערן האָבן אים געשטיקט אין האַלדז, און זיין קול איז געווען ווי דאָס וואָרקען פון א טערקלטויב, ווען ער האָט איבערגעחזרט דעם חזיון, וואָס ער האָט געזען, דעם חזיון פון דער געבונדענער מוטער ציון:

ניטאָ ווער זאָל זי פירן,
פון אַלע זין, וואָס זי האָט געבוירן,
און ניטאָ ווער עס זאָל האַלטן איר האַנט.

פון אלע זײַן, וואָס זי האָט אויפגעצויגן.

דײַנע זין ליגן געחלשטע אין אלע עקן גאסן,
ווי א ווילדציג אין נעץ,
פול מיט דעם גרימצאָרן פון יהוה,
מיט דעם אָנגעשריי פון דײַן גאָט".

ווי מגושמדיק זײַ זענען נישט געווען, ווי פאַרטאָן און פאַרטרודעט אין זייער אייגענעם ווילטאָג, איז אַן אלט געדעכעניש אויפגעשטאַנען אין הארצן ביי זיי תחית־המתים. די אלטע לײַט האָבן עס נאָך געדענקט פון זען מיט די אייגענע אויגן, די יונגע — פון הערן דערציילן. אלטע וויינ־גערטנער אויף שפועים פון בערג. זון־אויפגאנגען און זון־פארגאנגען. שופרות בלאָזן, רופן זיך איבער איבער די בערג. לאַנדשאַפטן האָבן זיך אנטפּלעקט פאַר זייערע אויגן. ווייס־געקאלכטע הייזלעך, אויסבאהאלטענע אין שפּאלטן פון פעלדזנבערג, פאַרשאָטנט מיטן שאָטן פון ציפּרוסן־ביי־מער. שאָף, ווייס־געוואשענע, גייען־אויף פון בארג, קריכן איבער בערג־לעך. כהנים אין ווייסער הלבשה, מיט שטעקלעך אין די הענט, פירן עולי־רגל איבער גיי־וועגן אין די בערג. אָט שטייען זיי אויף אַ שפּיץ בארג, און עס עפנט זיך פאַר זייערע אויגן א ליכטיקער האָריזאָנט, וואָס באגיסט מיט גאָלדיק ליכט א ווייסע זילבער־פאַרשטויבטע שטאָט. די שטאָט שפּרינגט ווי א באָק איבער בערג, לאָזט זיך אין טאָלן אַרונטער. אָט ווערט זי פאַרהוילן, פאַרשלייערט מיט שאָטנס פון געדיכטע ציפּרוסן און אייל־בירט־ביימער. און דאָרט ווײַט, ביים האָריזאָנט, פלאַקערן אין א גאָלדענעם פייער, פון הימל אַרונטערגעשיקט, די שפּיצן און די קופּאָלן פון די בית־המקדש־בנינים. און עס הערט זיך א שאלן פון זילבערנע טראָמפּייטן, וואָס זאָגן־אָן, אז די טויערן פון רחמים האָבן זיך אויפגעעפנט און שטייען גרייט אַרייַנצונעמען די, וואָס זענען עולה־רגל צום הויז פון גאָט. אין אל־טע אויגן האָבן טרערן אָנגעקוואָלן, אין יונגע אויגן האָבן זיך פייערלעך געצונדן.

די פאַרבענקטע בליקן פון עולם האָבן געפונען א סטרוגע־ציטערדיקן אָפּקלאַנג אין דעם נביאס הארץ. די אויגן האָבן זיך פאַרמאכט ביי אים, און אויסגעלייטערטקייט איז געקומען איבער זײַן ווייס פּנים. דער הויכער שטערן האָט ביי אים אָפּגעשיינט ווי דעם כהן־גדולס ציץ־הזהב, און זײַן מאיעסטעטישע האקנבאָז האָט געצוקט אין אויפרעגונג. ער איז געשטאַ־נען, פאַרכאַפּט אין עקסטאַז, די אויערן שאַרף אָנגעשטעלט אויפצוכאַפּן די קולות, וואָס קומען צו אים פון א פאַרבאָרגענער וועלט. און מיטאמאָל האָט זײַן דינער קערפּער אין דעם ווייסן היליע־מאַנטל א שטארקן ציטער געגעבן.

ער האָט זיי געזען מיט זײַנע אויגן פון חזיון. ער האָט נישט געזען זייערע פּנימער, ער האָט געזען זייערע פיס, וואָס שפּרינגען איבער די

בערג ווי סארנעס, ווי אנטילאָפּן, פון איין באַרג צום אנדערן. גאָט האָט ארויסגעשיקט שאַרן מלאכים. איבער אלע בערג און אלע טאָלן, איבער דער גאַנצער גרויסער ערד, ווו זי האָט נאָר אן עק, איבער אלע לענדער, ווו זיי געפינען זיך אונטער דער זון, איבער אלע וואסערן און ימים, וואָס שפרייטן זיך אויס פון איין עק וועלט צום אנדערן. גאָט האָט זיי ארויסגע־שיקט, אז זיי זאָלן דערגרייכן די אינדזלען און די ברעגן, און דאָרט אויס־זינגען דאָס געזאנג פון דער בשורה". און ער הערט דאָס געזאנג, וואָס שאלט־ארונטער פון באַרג און טאָל און פון טאָל צו באַרג. נישט מיט דעם געוויש פון פאלנדיקע וואסערן, נישט מיט דעם געברום פון לייב, נאָר מיטן קלאנג פון האַרפן־שפּיל, מיטן געזאנג פון מאַרגנשטערן, ווען ער באווייזט זיך דורך די שלייערן פון די נאכט־וואָלקנס, מיט דעם ריזל־געמורמל פון שטילע ריטשקעס, ווען זיי גיסן זיך אין זייערע גראָז־באַ־זוימטע קאַרעטעס.

און דער נביא האָט אויפגעהויבן זיין רעכטע האנט און ער האָט אויסגעזונגען מיט פרייד און טרערן דאָס געזאנג פון זיין חזיון:

„ווי שיין זענען אויף די בערג
די פיס פון דעם אָנזאָגער,
וואָס לאָזט הערן שלום,
וואָס זאָגט־אָן גוטס,
וואָס לאָזט הערן הילף,
וואָס זאָגט צו ציון:
דיין גאָט טוט קיניגן.
האָרך! דיינע וועכטער הייבן־אויף זייער קול,
זיי זינגען אינאיינעם,
וואָרום אויג אין אויג זעען זיי
ווי גאָט קערט זיך אום קיין ציון".

און מיט אומגעצוימטער פרייד, ווי ער וואָלט מיטאמאָל לויז געלאָזט די אלע שטריק, וואָס האָבן אים געהאלטן געפּענטעט ווי די מוטער ציון, הייבט דער נביא אויף זיין קול:

„ברעכט אויס, זינגט אינאיינעם,
איר חורבות פון ירושלים,
וואָרום גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק,
ער האָט אויסגעלייזט ירושלים.
גאָט האָט אנטבלויזט זיין הייליקן אָרעם
פאַר די אויגן פון אלע פעלקער,
און אלע עקן פון דער וועלט וועלן זען
די ישועה פון אונזער גאָט".

און ווי ער וואָלט געוואָלט זיין פאָלק צוריקברענגען צו דער ריינער

באפרייטער ירושלים, וואָס איז פון גאָט אויסגעלייזט געוואָרן מער נישט באַריִרט פון איר פאַרגוואַלטיקער, ווענדט ער זיך צו די מענטשן אַרום אים, וואָס זענען אַזוי טיף פאַרוואָרצלט אין בבל:

„טוט אייך אָפּ, טוט אייך אָפּ, גייט אַרויס פון דאָרטן,
אומריינס זאָלט איר נישט אָנרירן.
גייט אַרויס פון איר מיט, רייניקט אייך,
איר טרעגער פון די כלים פון גאָט!"

און ווי ער וואָלט זיי געוואָלט באַרואיקן, אַז זיי וועלן נישט באַדאַרפן אויפגעבן מיטאַמאָל זייער האָב און גוטס, וואָס עס שרעקט זיי אַזוי דאָס האַרץ פאַר דעם, נאָר זיי וועלן האָבן גענוג צייט צו ברענגען אַ סדר אין זייערע עסקים, רעדט ער צו זיי און שטילט זיי איין:

„פאַרוואָר, נישט אין איילעניש וועט איר אַרויס,
און נישט אין געלאָף וועט איר גיין.
וואָרום אייך פאַראויס גייט יהוה,
און אייער איינזאַמלער דער גאָט פון ישראל".

זיי האָבן אים אַרומגערינגלט מיט טרערן פון פרייד און חרטה אין זייערע אויגן. זיי האָבן אים געקושט די הענט און אויף די באַקן. זיי זענען גרייט געווען אַלץ איבערצולאָזן, זייער גאַנץ האָב און גוטס, און אויפגיין קיין יהודה, ווי אַ נייער גייסט וואָלט אין זיי אַריינגעקומען מיטן נביאס ווערטער, דער גייסט פון דער גאולה, וואָס האָט זיך אויפגעוועקט אין גאַנצן פאָלק.

ווען ער איז געקומען צוריק קיין בבל, האָט ער געהערט וועגן דעם ענטפער, וואָס דאָס פאָלק האָט געגעבן אויף דעם רוף פון נשיא און די זקנים, ווי פון אַלע ווינקלען פון גרויסן בבל קומען זיי צו גיין מיט זייערע ווייבער און קינדער, מיט זייער פי. איבערגעלאָזט זייער האָב און גוטס הינטער זיך, זענען זיי וויליק צו לאָזן זיך אויף גאָטס באַראָט אין וועג אַריין. יעטוועדער קעגנשטעלונג איז פאַרשוויגן געוואָרן. די מוראשוס מיט זייערע מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די ווינקלען. טייל פון זיי שליסן זיך אָן אָן די עולים. עס ווערט מקוים גאָט'ס וואָרט, זיין חזיון ווערט וואָר: גאָט ברענגט זיין פאָלק צוריק צו זיין נחלה.

ער דערזעט איצט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין גאָר אַן אַנדער ליכט. געלייטערט פון זייערע זינד, באַצאָלט דאָס גאַנצע אָפּקומעניש פאַר זייער שולדיקייט, די שטריק פון דער קללה אויפגעבונדן, פריי געלאָזט, ווי ירדי שלים, פון זיין געפענגטקייט, וועט ישראל ווערן אַ פאָן און אַ ליכט פאַר אַלע פעלקער. גאָט אַליין ווערט דערהויבן אין די אויגן פון די גוים מיט דעם, וואָס ער האָט זיין פאָלק געבראַכט צוריק צום לעבן נאָך אַזוי פיל יאָרן פאַרקנעכטונג. און ישראל, דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך געקלאַמערט אָן זיין גאָט, וואָס איז אים געבליבן געטריי, האָט געגלויבט אין זיין באַשערט־

קייט און אויסגעוואָרט אויף זיין באפרייאונג, — ישראל איז ראוי, אַז אלע פעלקער זאָלן בייגן די קעפּ פאר אים. אָן אָקסן־ריזן פאר געטער, אָן חיילות צו גיין מיט זיי אין מלחמה, אזוי פיל יאָרן דערבײַדערריקט, פאַר־שעמט און פאראכט איבער זיין שוואכקייט און געפאלנקייט, הייבט זיך ישראל אויף ווי א ריז און גייט צוריק צו זיין לאנד און צו זיין באַ־שערטקייט. און דער נביא האָט אָנגעהויבן דאָס געזאנג פון ישראלס צוקונפט און פון זיין טריאומף:

„זע, באגליקן וועט מיין קנעכט,
ער וועט דערהויכט און דערהויבן ווערן און זיין זייער הויך
אזוי ווי פיל האָבן געגאפט אויף דיר —
אזוי פארקריפּלט, נישט פון א מענטשן איז געווען זיין אויסזען
און זיין געשטאלט נישט פון מענטשן־קינדער,
אזוי וועט ער מאכן אויפשפרינגען פיל פעלקער,
מלכים וועלן צומאכן זייער מויל פאר אים.
וואָרום וואָס זיי איז נישט דערציילט געוואָרן,
וועלן זיי זען,
און וואָס זיי האָבן נישט געהערט,
וועלן זיי אָנקוקן".

און דאָס גאנצע פאָלק האָט מיטגעזונגען מיטן נביא דאָס געזאנג פון טריאומף, וואָס דער נביא האָט זיי מיט דעם אָנגעשטעקט:

„בשוב יהוה את שיבת ציון היינו כחולמים..."
וואָרום ווי אין חלום זענען זיי געווען.

# קאפיטל זיבן

נאָך האָט נישט אויסגעטריקנט דער ליים־צילינדער מיטן מאַניפעסט פון מלכות, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי פייערלעך: „אַזוי האָט געזאָגט כורש, דער מלך פון פרס: אַלע קיניגרייכן פון דער ערד האָט מיר געגעבן יהוה, דער גאָט פון די הימלען", — ערשט דער מלך כורש איז געקומען צו וואַרפן זיך אויף די קני פאַר דעם גאָט בל־מרודך.

אויף אַ במה, איינגערינגלט איןביימער און באַלייגט מיט קרענץ בלומען, שטייט די גאָלדענע סטאַטוע פון בל־מרודך אויף דער פּראָצעסיע־גאַס, וואָס די כהנים פון על־סעגילא האָבן מיט גרויס פּאָמפּע געהאַט אַרויסגעטראָגן אויף די אַקסל פון דעם טורעם פון בבל. דער כהן־גדול שראַצר־בל, רעכטס פון דער סטאַטוע, און גמילי, דאָס ווייב פון גאָט, אויף דער לינקער זייט, זענען מקבל־פּנים דעם מלך כורש, ווען ער קומט־אָן מיט זיין יורש־עצר קאַמביז, מיט דעם סאַטראַפּ פון בבל גאַבריאַס און זיין קאָרטעזש פון די גרויסע לייט פון בבל, די גובערנאַטאָרן און די חייל־פירער. דער מלך, אין זיין גאָלד־געשטריקטן מלכות־קלייד, מיט דער קרוין אויפן קאָפּ און דעם צעפּטער פון בבל אין דער האַנט, קניט־אַניִדער און בוקט זיך פאַר דער גאָלדענער סטאַטוע אויף דער במה.

ווען דער מלך שטעלט זיך אויף פון זיין קניען, דערהערט זיך אַ שאַלן פון זילבערנע טראָמפּייטן. העראָלדן אין אַלע פיר ווינקלען פון דער פּראָצעסיע־גאַס שאַלן־אויס דעם סיגנאַל פאַר שטילקייט. עס ווערט שטיל, און צוויי סופרים קומען־אָן, טראָגנדיק אַ גרויסן ליים־צילינדער. דער אויסרופער פון מלך הייבט תיכף אָן לייענען אויף אַ הויך קול די שריפט־צייכנס, וואָס זענען אויסגעקריצט געדיכט אַרום און אַרום דעם צילינדער.

עס איז אַ לאַנגע מגילה, און נישט אַלץ, וואָס דער אויסרופער לייענט, דערגייט מיט קלאָרקייט צו די אויערן פון די באַטאַבלען, וואָס פילן־אָן די פּראָצעסיע־גאַס. די מענטשן האַלטן זיך דאָך זייער שטיל, ווי פאַרשטיינערט אויף די ערטער, מיען זיך אויפצוכאַפּן די ווערטער ווי זיי טראָגן זיך אין דער לופט.

אין דעם מאַניפעסט דערקלערט כורש: „מרודך האָט געזוכט אַ גערעכטן הערשער, וואָס זאָל אים זיין צום האַרצן. אים, כורשן, דעם מלך פון אַנשאַ, האָט ער גערופןביים נאָמען, ער זאָל הערשן איבער דער גאַנצער וועלט. בל־מרודך, דער גרויסער הערשער, דער באַשיצער פון זיינע מענטשן, האָט מיט פרייד צוגעזען כורשעס געבענטשטע מעשים און זיין גערעכטע האַרץ, און האָט אים באַפוילן צו גיין אין זיין שטאָט בבל, און

ער האָט אים באַגלייט ווי אַ פּריינט. דאָס חייל און צאַל, און גרענעץ, ווי די וואַסערן פון ים, איז געגאַנגען באַוואָפנט ביי זיין זייט. און קאַמף האָט בל־מרודך אים געלאָזט אַריינקומען קיין בבל, און ער האָט אָפּגעהיט זיין שטאָט פון באַדריקונג. דעם מלך נאַבוניד, וואָס האָט מרודכן נישט געערט, האָט ער איבערגעענטפערט אין כורשעס הענט. און דאָס גאַנצע פאָלק פון בבל, מיט אירע גובערנאַטאָרן, האָבן זיך געבוקט פאַר כורשן און אים גע־קושט די הענט".

דער מלך רעכנט־אויס די פיל מדינות, וואָס ער האָט צוריק אויפ־געריכט, די פעלקער, וואָס ער האָט באַפרייט און זיי צוריקגעשיקט מיט זייערע געטער אין זייערע שטעט, און ער פאַרענדיקט מיט דעם, אַז זיי זאָלן טעגלעך בעטן ביי בל־מרודך און ביי נבון פאַר אַ לאַנג לעבן פאַר אים: „איר מעגט זאָגן אַ האַרציק וואָרט פאַר מיר און בעטן צו בל־מרודך, מיין האַר און מיין גאָט, אַז כורש, דער מלך, וועלכער דינט צו אים, און זיין זון קאַמביז זאָלן לאַנג לעבן און הערשן אין שלום".

לויפערס צופוס און רייטער אויף פלינקע רייטוועגן שטייען שוין, גרייט צו יאָגן און ברענגען צו די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון דער מדינה, צו די ווייטסטע שטעט און אינדזלען דעם מלכס אויסרופן בל־מרודכן, דעם היטער און באַשיצער פון אַלע מענטשן, פאַר דעם גאָט פון דער וועלט, וואָס האָט אים, כורשן, באַוויליקט די ממשלה איבער בבל, און דעם מלכס ווונטש און ווילן, אַז אַלע פעלקער זאָלן בייגן זייערע קני און איטלעך מויל זאָל לויבן און פּרייזן דעם גאָט און בעטן צו אים פאַרן געזונט און דעם שלום פון דעם מלך און זיין זון.

ווידער זענען די הייזער פון בבל דעקאָרירט מיט גירלאַנדן בלומען, און פון אַלע פענצטער פלאַטערן אין ווינט קאָלירטע טיכער. ווידער זע־נען אויף די באַזאַרן און די מאַרק־פּלעצער, ווו נאָר אַ ליידיק שטיק לאַנד, אויפגעשטעלט אָן אַ שיעור סטאַטועס פון בל־מרודך, אַרומגענומען מיטביימער, וואָס מען האָט זיי אַריבערגעפירט גאַנצע, מיט זייערע צווייגן און בלעטער־קרוינען, פון די גערטנער, אַז דאָס פאָלק, ווו עס זאָל זיך נישט געפינען, זאָל קאָנען אויפן אָרט גאָט דינען און זיך משמח־זיין מיט אים.

די שטאָט האָט געפינקלט מיט אַ שפּריי־רעגן פון ליכטער, וואָס האָט געגאָסן פון די פּאַלאַצן־טורעמס, פון די הייזער, פון די שטורקאַצן־פלאַמען אין די מערק, פון די שטורקאַצן אויף די רעשיק־יומטובדיקע שיפלעך אי־בער דער לענג פון די קאַנאַלן אין בבל, וואָס האָבן געטריפט מיט פייער־פונקען און געפאַרבט רויט די שפּיגל־אָפּגלאַנצנדיקע וואַסערן. און דער חלל, טונקל־בלוי פון דעם פּערל־ליכט, וואָס האָט זיך געגאָסן פון דעם אויסגעשטערנטן הימל, איז, ווי תמיד אין אַ פייערטאָג אין בבל, געווען אַדורכגעזאַפּט מיט סוואָנד־רויכן, מיט וואָלקנס דאַמף, מיט שאַרפע ריחות, וואָס האָבן פאַרצויגן די קעל, אויפגייענדיק פון די קרבנות, וואָס דאָס פאָלק האָט מקריב געווען פאַר בל־מרודך, פון געבראָטענע פליישן, פון

געדעמפטן פעטס, פון בלוט־פארלאָפענע קעלבערנע העלדזער, פון ווייראַך־רויכן.

איצט איז שוין קלאָר געווען נישט נאָר פאר די בבל'ער, נאָר אויך פאר די עברים פון בבל, אז נישט צום גאָט פון ישראל וועט כורש ברענגען די פעלקער, וואָס זענען אונטער זיין ממשלה, נאָר צו בל־מרודכן, דעם גאָט פון אלע מענטשן אויף דער וועלט. און ווי ער, כורש, האָט צוריקגעשיקט אהיים אנדערע פעלקער מיט זייערע געטער, וואָס די מלכים פון בבל האָבן גענומען געפאנגען און זיי געבראכט קיין בבל, אזוי שיקט ער אויך צוריק די יידן, מיט די כלים פון זייער בית־המקדש, צו זייער אייגענעם לאנד, וואָס נבוכדנאצר האָט זיי פון דאָרט פארטריבן. מיט דעם גאָט פון ישראל האָט דאָס גאָרנישט צו טאָן, נאָר די חוצפהדיקע יידן רעדן זיך איין, אז דאָס איז אלץ געטאָן געוואָרן פון זייערס וועגן און אויפן באַפעל פון זייער גאָט, כדי אלע פעלקער זאָלן ארונטערגעבראכט ווערן אונטער זייער ממשלה. אזוי האָט זיי געזאָגט איינער א באנומענער זעער, וואָס זעט משוגעדיקע חזיונות, און זיי האָבן אים געגלויבט.

און אזוי האָבן איצט געטענהעט אויף יידן, וואָס ערשט נעכטן, נאָך כורשעס מאניפעסט צו די יידן, האָבן זיי געמיינט, אז כורש דערקלערט דעם גאָט פון ישראל פאר דעם גאָט פון אלע פעלקער, ווי דער נביא האָט זיי וועגן דעם נביאות געזאָגט, און זיי האָבן זיך א ווייל א שאָקל געגעבן, פאַרשוויגן זייער עקשנותדיק ווערן־זיך קעגן שיבת־ציון און זענען שוין גרייט געווען צו זען אין כורשן דעם אויסלייזער נישט נאָר פון די יידן אליין, נאָר דעם באפרייער פון דער גאנצער וועלט, אין דעם נביא — דעם אמתן נביא פון דער גאולה, וואָס גאָט האָט אים געשיקט מבשר צו זיין די גרויסע בשורה:

„האָט דען כורש באפרייט נאָר די יידן אליין?" — האָבן זיך איצט געהערט פיל קולות פון די עברים — „ער האָט באפרייט אשור און סוזא, אקאד, אשינאק, זאמבאן דאָס גאנצע גוטיא, אזוי פיל שטעט אויף יענער זייט חדקל, און ער האָט צוריקגעשיקט אלע געטער אין יענע שטעט. נאַבוניד האָט געבראכט די פרעמדע געטער קיין בבל, צו דער ערגערניש פון בל־מרודך, האָט כורש, אויפן באפעל פון בל־מרודך, דעם האר פון אלע געטער, זיי צוריקגעשיקט אהיים. אזוי האָט כורש געלאָזט אויסרופן פאר דער גאנצער וועלט. און אזוי טוט ער איצט אויך מיט די יידן און מיט די כלים פון בית־המקדש. מיט יהוהן האָט דאָס גאָרנישט צו טאָן. יהוה האָט פארגעסן אין אונז. ער באהאלט זיך אויס אין די פארבאָרגענע הימלען און וויל אונז נישט קענען. ער האָט אונז פארוואָרפן. אויב אזוי, פארוואָס זאָלן מיר פארלאָזן בבל און צוריקגיין אין אַ לאַנד, וואָס יהוה האָט אָפגעקערט זיין פנים דערפון? מיר וועלן ליבערשט איבערבלייבן אויף אונזערע ערטער אין בבל און דינען צו בל־מרודך, וואָס אלע פעלקער בייגן זייערע קני פאר אים און זיין לויב איז אין איטלעך מויל".

„נישט אנדערש, נאָר עס האָט געמוזט פאָרקומען א גרויסער שטרייט

צווישן מרודכן, דעם גאָט פון בבל, און יהוהן, דעם גאָט פון די הימלען, פאַר דער ממשלה איבער די פעלקער פון דער וועלט, וואָס כורש האָט צו־זאַמענגעבראַכט. און ווי מרודך האָט אַמאָל מנצח געווען זיין מוטער טיאַ־מאַט, די געטין פון תהו־ובהו, אַזוי האָט ער אויך מנצח געווען יהוהן, דעם גאָט פון הימל. ער האָט געוווּנען כורשן אויף זיין זייט, פאַרטריבן יהוהן צוריק אין הימל אַריין און איבערגענומען די ממשלה איבער דער וועלט", — האָבן געזאָגט די געבילדעטע בבלער, און נאָך זיי האָבן נאָכגעזאָגט די געבילדעטע יידן.

עס האָבן ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ די שונאים פון שיבת־ציון, די מוראשוס און די פאַלשע נביאים אַרום זיי. מען האָט זיך אָפּגעזאָגט פון יעטוועדער חלק און נחלה אין ישראל אָדער אין יהודה. מען האָט אָפּן דערקענט די געטער פון בבל, מיט מרודכן בראש. און זייער פיל פון די אָנגעזעענע יידן, באַזונדער פון די, וואָס האָבן געהאַלטן הויכע שטעלעס אין דער מלוכה, אָדער געהאַט גרויסע פאַרמעגנס אין בבל, האָבן בפרהסיה, אינאיינעם מיט די מאַכטהאָבער אין לאַנד, מיט די הויכע חייל־פירער, די אַמט־האַלטער, די פאַרנעמלעכע אזרחים אין בבל, זיך באַטייליקט אין דער צערעמאָניע פון שווערן געטריישאַפט כורשן, דעם מלך פון בבל, און מרודכן, דעם גאָט פון בבל, און זיי האָבן געדעמפט בשמים אויף דעם מזבח פאַר מרודכס סטאַטוע־פיגור אויף דער פּראַצעסיע־גאַס.

און נישט דווקא די גרויסע און די רייכע יידן אַליין זענען צוריקגע־פאַלן צו די אָפּגעטער פון בבל. ספקות און צעטומלעניש האָבן געטראָפן אויך דאָס פשוטע פאָלק. באַדריקטע פון שרעק און אַנגסט פאַר דער צו־קונפט, אויסשטייענדיק בושת־פנים פון דעם שפּאָט פון די שכנים די בבלער, אָפּגענאַרטע אין זייערע הייליקסטע געפילן, — וועמען זאָלן זיי האַלטן שולדיק פאַר זייער פאַרשעמונג? יהוהן, וואָס די עבודה־זרה האָט אים, חלילה, מנצח געווען, ווי די גויים רייצן זיך מיט זיי און טייל פון זייערע אייגענע ברידער זאָגן זיי דאָס נאָך? אָדער דעם נביא, וואָס האָט זיי געבראַכט פאַר נבואות זיינע פוסטע חלומות און אויסגעהוילטע חזיונות, אויסגעשפּיגן, ווי אַ בהמה אַ מעלה־גרה, פון זיין אייגענעם אינגעווייד? זיי האָבן באַשולדיקט דעם נביא און אים ווידער צוגעגליכן צו אַ קעמל, וואָס ברעכט לאָגלען, אָנגעפּילטע מיט ווינט אויפן אָרט פון וויין.

„גאָט האָט קיינמאָל נישט גערעדט צו דיר די רייד, פון דיין אייגע־נעם האַרץ האָסטו דאָס אויסגעטראַכט".

און ווידער איז זיין אויסגעצערטער גוף אויסגעשטאַנען שמיץ און שלעק, ווידער איז זיין פּנים געווען אָפן פאַר די שפּייער, זיין קוים־צוריק־געוואַקסענע באָרד הפקר אין די הענט פון די פליקער, און ווידער האָט זיך געהערט דער רוף:

„אַוועק פון אונז, דו בויך, פול מיט מזרח־ווינט!".

אין דער פאַרבאָרגעניש פון זיין האַרץ האָט דער נביא, נישט געקוקט אויף כורשעס וואַקלענישן, אויף זיין נישט־וויסן און נישט־פאַרשטיין די

מיסיע, זיך דאָך געקלאָמערט אין דער האָפענונג, אז ווען דער מאָמענט פון דער גאולה וועט קומען, וועט כורש זיך דערהייבן צו דער הייך פון דער שליחות, וואָס גאָט האָט געלייגט אויף אים, און וועט זי אויספירן, אזוי ווי דער נביא האָט דאָס געזען אין זיין חזיון. דער איין־איינציקער גאָט פון ישראל וועט אויסגערופן ווערן דער גאָט פאר דער גאנצער וועלט, „כדי ווי גאָט האָט געזאָגט צום נביא, מען זאָל וויסן פון אויפגאנג פון זון און פון איר אונטערגאנג, אז נישטאָ קיינער אויסער מיר; איך בין יהוה, און מער איז נישטאָ". און ווען כורש האָט „ארויסגעלאָזט אן אויסרוף אין זיין גאנצן קיניגרייך", ווו ער האָט געזאָגט: „אלע קיניגרייכן פון דער ערד האָט מיר געגעבן יהוה, דער גאָט פון די הימלען", האָט ער מיט דעם דערפילט די הבטחה, וואָס דער נביא האָט פאָראויסגעזאָגט. דער נביא האָט געזען אין דעם אן אָנהייב פון כורשעס אויספירן גאָטס וואָרט, און היינט־מאָרגן וועט מלך כורש אויסרופן די ממשלה פון דעם גאָט פון ישראל „פון אויפגאנג פון זון ביז איר אונטערגאנג" — פאר אלע לענדער און פעלקער.

„צי איז ער א מענטש, און ער וועט חרטה קריגן?" — און ער ענטפערט זיך מיט זיינע אייגענע ווערטער: „הייבט־אויף צו די הימלען אייערע אויגן, און קוקט אויף דער ערד אונטן, וואָרום די הימלען ווערן ווי רויך צעקראָכן און די ערד ווערט ווי א בגד צעפאלן... אָבער מיין הילף וועט זיין אייביק, און מיין גערעכטיקייט וועט נישט אָפּגעבראָכן ווערן".

עס איז זיין וועלט, און אלץ, וואָס עס געפינט זיך אין איר, האָט ער באשאפן. און נישט פאר א וויסטעניש האָט ער זי געשאפן, נאָר אז זיין מידה פון יושר, חסד און רחמים זאָל הערשן אין איר צווישן מענטש און מענטש און אפילו צווישן חיה און חיה, — און איטלעכע קני זאָל זיך בייגן פאר אים, און זיין נאָמען זאָל זיין אין איטלעך מויל.

ווער שטערט אים? ווער לאָזט אים נישט צו? דאָס האָט אים געזאָגט דאָס קול פון גאָט, וואָס האָט גערעדט אין זיין הארץ: „און ער מאכט איר מדבר ווי עדן, און איר וויסטע ווי דער גאָרטן פון גאָט; ששון־ושמחה וועט זיך געפינען אין איר... א תורה וועט ארויסגיין פון מיר, און מיין משפט וועל איך צום ליכט פון די פעלקער ארויסלאָזן". דאָס קול, וואָס ער האָט געהערט אין זיין הארץ, רעדט צו אים ביז צום איצטיקן מאָמענט, זינגט אין אים: „נאָענט איז מיין גערעכטיקייט, ארויס איז מיין הילף, און מיינע אָרעמס וועלן משפטן די פעלקער; די אינדזלען וועלן האָפן אויף מיר, און אויף מיין אָרעם וועלן זיי הארן". ווער קאָן אים ווערן און ווער קאָן אים פארמיידן אויסצופירן זיין וואָרט? איז דען פאראן א רשות אן זיין רשות? איז דען פאראן א ווינקל, א לאָך, א נאָרע, א שפאלט אין חלל, א ווינק פון אויג אין צייט, וואָס זאָל נישט שטיין אונטער זיין רשות? זיין כבוד דעקט־צו די הימלען, ווי א קלייד, און פילט־אויס די ערד, ווי דאָס וואסער דעם בעקן. איז דען דאָ א הויך פון א חיה אין די פארבאָרגנסטע וועלטן, וואָס זאָל נישט זיין אונטערגעוואָרפן זיין ווילן? צו ווען גלייכן

זי אים — האָט דער נביא אויסגעשריגן, ווי א פאַרווונדעטער לייב אין זיין נאָרע, ווי ער איז געלעגן אין בריהס עליה, — צו מרודכן ? ער פירט נישט קיין מלחמה מיט דעם שטן, ער באַפעלט אים. צי איז דען דאָ א מאכט, צי גוט אָדער שלעכט, וואָס זאָל נישט שטיין אונטער זיין רשות ? ער באַשאַפט ליכט און באַשאַפט פינצטערניש. ער מאַכט שלום און ברענגט דאָס שלעכטס אויף דער וועלט. „איך בין גאָט, און קיין אַנדערער איז נישטאָ".

ער באַדאַרף נישט אַרויסגיין באַוואָפנט מיט זיבן ווינטן און מיט א נעץ צו האַלטן מלחמה מיט טיאַמאַט, דער געטין פון כאַאָס, ווי מרודך.

דער נביא זעט נאָכאַמאָל מיט זיין בליק פון חזיון, ריכטיקער, הערט דאָס קול פון גאָט, וואָס שפּאַלט דעם רחב, דעם מאָנסטער, וואָס איז תהו־ובהו, וואָס פּילט־אויס דעם גאַנצן תהום פון דער נאַכט, וואָס הערשט אין־בזר גאָר דער וועלט. דאָס קול פון גאָט דונערט און גרייכט ביז צו אַלע טיפענישן, אַלע ברייטן און לענגען, באַקאַנטע און נישט־באַקאַנטע אויס־שטרייטן, וואָס זענען איינגעקנאָטן אין די סודי־סודותדיקע חדרי־חדרים פון דער אַלוועלט. און דער אומגעהויער פון תהו־ובהו שפּאַלט זיך אין צווייען, — איין העלפט הויבט זיך אין די הויכן, ווי געטראָגן אויף פליגל פון מלאכים; די אַנדערע העלפט זינקט אין די טיפסטע אונטערגרונטן. און עס אַנטפּלעקט זיך דער חלל פון ליכט און סדר, דער חלל אויף אויס־צופילן מיט אים דאָס ווערק פון גאָטס הענט. דער שטן איז זיין קנעכט, ער האָט נישט קיין אייגענעם ווילן. גאָט באַדינט זיך מיט אים, ווי ער באַדינט זיך מיטן האָגל, מיט דעם שטורעם אויפן ים און אויף דער יבשה. און דערוועגט זיך דער נחש־הקדמוני אָנצורעדן חוהן צו שלעכטס, להכעיס גאָטס געבאָט, באַשטראָפט אים גאָט ווי זיין יעטוועדער אַנדער באַשעפעניש, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט, מאַכט אים קריכן אויפן בויך, גיט אים שטויב צו עסן און דעם מענטשנס פוס אויף צו צעטרעטן אים דעם קאָפּ. נאָך דעם בחיר־היצירה, דעם מענטשן, האָט ער געגעבן א פרייען ווילן, ווייל ער וויל אים אויפהייבן צו זיך — צו מאַכן אים פאַר א שותף אין דער יצירה פון ששת ימי־בראשית, ער זאָל זיך איינשאַפן זיינע אייגענע זכויות, ער זאָל קומען צו אים מיט זיין אייגענעם ווילן. צוליב דעם האָט גאָט אין אים אַריינגעגעבן דעם דורשט, די בענקשאַפט, די תשוקה נאָך גאָט, דאָס אייביקע זוכן גאָט. און קאָן דער מענטש נישט געפינען גאָט, שאַפט ער זיך אָפּגעטער, זיי זאָלן שטילן זיין דורשט נאָך דער געטלעכקייט, ביז וואַנען גאָט וועט אים נישט עפענען די אויגן צו זען דעם גאָט פון ישראל.

און אפילו דעם מענטשנס אָפּגעטער, ווי שלעכט און ווי מיאוס זיי זאָלן נישט זיין, זענען זיי אויך גאָטס יצירה. מרודך איז די ליאַלקע, וואָס גאָט האָט געשאַפן צו פאַרנעמען דעם אָרט פון געטלעכקייט פאַר די גויים, ביז זייער צייט וועט קומען און זיי וועלן האָבן די זכיה צוצוקומען צו אים.

אויב אזוי, ווי קאָן א בל־מרודך, וואָס איז געגאָסן פון א טויט שטיק גאָלד, מיט ווינציקער לעבן אין זיך ווי אין דעם קלענסטן בריאהלע, מיט

אלע זיינע סגולות, רשותן און זכיות, וואָס די גויים האָבן אים אָנגעהאָנגען, אויסגעבאַגט פון דער געטלעכקייט פון דעם גאָט פון ישראל, — ווי אזוי קאָן בל־מרודך זיין א מגיעה פאר גאָטס ווילן און זיינע כוונות?

עס קאָן אַנדערש נישט זיין, נאָר אז די שולד זאָל זיין זיינע, דעם נביאס. ער האָט שלעכט געזען און פאלש געהערט. די תשוקה נאָך דער גאולה האָט אים פארבלענדט, פארפירט, אריינגעטריבן אין א לעטארגישן מצב, ווו ער האָט געהערט ווערטער, וואָס גאָט האָט נישט גערעדט צו אים, אזוי ווי דער נביא דניאל האָט אים געוואָרנט. ער האָט געזען א קרויטמאָל קריכן אויף א בלעטל קרויט, האָט ער דאָס בלעטל אָנגענומען פאר דער אלוועלט און דעם קרויטמאָל — פאר דעם משיח פון גאָט. אויב אזוי, איז ער דאָך געקומען צו די בני־ישראל ווי א פאלשער נביא, פאר זייערע אויגן אוועקגעשטעלט א גאָלדענעם קאלב אין געשטאלט פון דעם מלך פון פרס, אים אָנגעטאָן די קרוין פון משיח, אים באקליידט מיט דער טראַכט פון גואל און אים געגעבן דעם טיטל עבד־יהוה און געזאָגט צו די בני־ישראל: „אלה אלהיך, ישראל!”.

אויב אזוי, איז ער א מסית־ומדיח, א מכשול פאר די בני־ישראל, א נביא פון פאלשע געטער, און ער איז חייב מיתה.

דער נביא האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאנצער לענג אויפן דיל פון דער עליה, מיטן פנים אראָפּ, און ער האָט מתפלל געווען:

„די שולד איז מיינע, די שולד איז מיינע. איך האָב זיי פארפירט. מיינע אויגן זענען געשלאָסן געווען פאר דיין חזיון, מיינע ליפּן זענען טמאדיק געווען און איך האָב זיי געבראַכט רייד, אויסגעטראכט פון מיין אייגן הארץ. דיין פאָלק איז ריין, אומשולדיק. איך האָב זיי פארפירט. טו מיר מיין רעכט פון א מסית־ומדיח, נאָר דיין פאָלק זאָלסטו שוינען און אָפּהיטן. פארטיליק מיך אין דיין כעס, נאָר די בני־ישראל זאָלסטו ברענגען צוריק צו זייער נחלה”.

נאָך לאנג איז ער געלעגן אזוי אויפן נאקעטן דיל אין דער עליה, מיטן פנים פארגראָבן אין די הענט. קיין ברויט האָט ער נישט געגעסן און קיין וואסער האָט ער נישט געטרונקען, און ער האָט געבעטן דעם טויט אויף זיך.

עס שטייט איבער דעם נביא און בייגט דעם קאָפּ צו אים נריה בן־שריה. מיט א קול, געבראָכן פון צער און רחמנות, פארטרערט און ציטערדיק, בעט ער זיך ביים נביא:

„עס שטייען היגטער דער טיר זרובבל דער פרינץ און ישוע דער כהן. זיי זענען געקומען פאָרשן פון דיר גאָטס וואָרט”.

און עס רייסט זיך טאַקע באלד אריין אינעווייניק אין דער עליה זרובבל מיט זיין באַגלייטער ישוע.

„די האָבערין איז געקומען ביז צום בראָכשטול און האָט נישט קיין כוח צו געווינען. איצט, ווען דאָס פאָלק נויטיקט זיך מער ווי ווען־עס־איז אין דיין וואָרט פון נחמה, ווען אלע גארן און לעכצן דיך צו זען און הערן,

באהאלטסטו דיך אויס פון אונז?״.

„דאָס וואָרט פון גאָט האָט זיך אָפּגעטאָן פון מיר. גאָט האָט מיך פאַרוואָרפן פון זיך ווי א כלי, וואָס איז געגאַנגען אין ניוועץ. חגי און זכריה וועלן שטיין ביי אייער זייט. זיי וועלן אויפגיין מיט אייך קיין ציון, זיי וועלן שטארקן אייערע הענט. מיך האָט גאָט פארשטויסן פון זיך״.

„וואָס איז געשען?״ — רופט־אויס זרובבל אין כעס — „איז דאָס אלץ צוליב דעם, וואָס כורש האָט דערקלערט פאַר זיין גאָט דעם גאָט פון בבל, נישט דעם גאָט פון ישראל? האָסט דאָך מיר אזוי פיל מאָל געזאָגט: ווער איז כורש, אז מיר זאָלן לייגן אכט אויף אים? א שטעקן אין גאָטס האַנט, ווי אשור און בבל. היינט איז ער דאָ, און מאָרגן ווערט ער נעלם. א מאָל, וואָס קריכט אויף א בלעטל קרויט און מיינט, אז דאָס איז די וועלט. צי דערפאַר ווייל כורש האָט דערקענט דעם אָפּגאָט מרודך, זאָלסטו דיך צוריקציען פון דעם שליחות, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן צו טאָן? היינט דינט כורש צו מרודכן, מאָרגן צו שמש, אָדער צו נבו, אָדער צו אן אנדער שטיק האָלץ און שטיין, — און דער גאָט פון ישראל לעבט אייביק״.

„כורש האָט דאָך פאַרט געטאָן גאָטס געבאָט״, — לייגט־צו דער כהן ישוע. — „ישראל וועט צוריקגעבראַכט ווערן אויף זיין ערד, די שבטים פון ישראל וועלן ווידער אויפגעריכט ווערן, ירושלים וועט צוריק אויפגעבויט ווערן, דער בית־המקדש אויפסניי גרונטפעסטיקט. פון אלע ישובים קומען זיי, די בני־ישראל, קומען מיט געזאַנג, ברענגען מתנות, און זיי זענען גרייט אויפצוגיין קיין יהודה און צו בויען גאָטס הויז. נאָר דו, דער שליח פון גאָט, דער נביא, וואָס האָט געבראַכט די בשורה, דו באהאלטסט דיך אויס״.

„גאָט האָט מיר געזאָגט דורך א קול אין מיין האַרץ: „קנאפּ איז, ווייל דו ביסט מיין קנעכט, אויפצוריכטן די שטאַמען פון יעקב און די צווייגן פון ישראל אומצוקערן, נאָר איך וועל דיך מאכן פאַר א ליכט פון די פעלקער, אז מיין הילף זאָל זיין ביז צום עק פון דער ערד״. נישט פאַר זיך אליין גייט ישראל צוריק אין זיין לאנד אריין, נאָר כדי ער זאָל ווערן דאָס ליכט פון די פעלקער און גאָטס הילף זאָל קומען פאַר אלע מענטשן ביז צום עק פון דער ערד. כורש האָט געפעלשט אין דעם שליחות פון גאָט: נישט יהוה איז ביי אים דער גאָט פון דער וועלט, נאָר דער אָפּגאָט מרודך, און נישט ישראל איז געשטעלט צו זיין א ליכט פאַר די פעלקער, נאָר בבל. ישראל שטייט פארשעמט, און גאָטס נאָמען ווערט געלעסטערט. כורש האָט געפעלשט אין זיין שליחות, און איך אין מיין נביאות. מיינע ליפּן זענען טמא, איז ווי אזוי קאָן איך נעמען גאָטס וואָרט אין מיין מויל?״.

און עס איז געווען, זרובבל און ישוע האָבן אים פאַרלאָזט און ער איז איבערגעבליבן אליין, האָט דער נביא דערהערט א קול אין זיין האַרץ:

„נישט פאַרוואָרפן האָב איך דיך, נישט טמא זענען דיינע ליפּן, נאָר א ווי־

דערשפעניקער קנעכט ביסטו, א כהן, וואָס אנטלויפט פון דעם מזבח פון גאָט".

ער האָט זיך נישט דערשראָקן פארן קול און איז נישט צוריקגעטראָטן, נאָר ווי א פארוווּנדעטער לייב האָט ער זיך אויפגעכאפט פון זיין לעטארגיע און האָט אויסגעשריגן:

„דו האָסט אויפגעעפנט מיין אויער, און איך האָב געהערט; האָסט פארזייט אין מיין הארץ די נחמה און דעם בטחון פון ישראל, און איך האָב זיי טייער געהאלטן; האָסט מיך געשיקט צו זיי, און איך בין געגאנגען. דיין וואָרט, וואָס דו האָסט אריינגעטאָן אין מיין מויל, האָב איך גערעדט. דיין וואָרט, דיין נחמה האָב איך זיי געבראכט. צו די העכסטע הויכן האָסטו זיי אויפגעהויבן, פאר א ליכט פון די גויים האָסטו זיי באשטימט. פון די הויכן פון ציון האָסטו געלאָזט ארונטערדונערן דיין קול און דו האָסט געזאָגט: „עבדי אתה, ישראל, אשר בך אתפאר" — „מיין קנעכט ביסטו, ישראל, וואָס איך רים זיך מיט דיר". אונטער דיין האנט האָסטו זיי ארונטערגענומען, מיט דיין קלייד האָסטו זיי באקליידט, און זיי צירן זיך אין דעם. אויף דיין נאָמען וועלן זיי אָנגערופן. קוק דיך ארום און זע ווי ישראל זעט־אויס צווישן די פעלקער. פון דיין כבוד וועגן ווערן זיי פארשעמט א גאנצן טאָג". פארמיאוסט און פאראכט, ווי א מענטש, וואָס האָט קיין פנים נישט, וואָס ווערט צווישן מענטשן נישט גערעכנט, ווערט ישראל באטראכט צווישן די פעלקער. נישט א ליכט פאר די פעלקער איז ישראל, נאָר א בלינדער קנעכט איז ער, געשפאנט פון זיין האר צו א ראָד פון מיל צו דרייען זיך ארום זיך. קוק דיך ארום און זע, נישט פאר דיר בייגט זיך איטלעכע קני, נאָר פארן אָפּגאָט, פארן גאָלדענעם גולם, בל־מרודך. נישט צו דיר האָט כורש, וואָס דו האָסט אים גערופן דיין קנעכט, די פעלקער געבראכט, נאָר צום גאָט פון האָלץ און שטיין. נישט דיין תורה ווערט צווישן די אינדזלען פארשפרייט און נישט דיין משפט ווערט פאר א ליכט פון די פעלקער אָנגעצונדן, נאָר די תורה און דער משפט פון בבלס אָפּגאָט. דיין כבוד ווערט געטראָטן מיט די פיס, און דיינע קינדער, וואָס רופן זיך אויף דיר, ווערן אויסגעלאכט פון איטלעכן אוממענטש. מיט זייערע לייבער דעקן זיי צו דעם שאָטן פון דיין כבוד, אז די פיס פון די רשעים זאָלן טרעטן אויף זיי. דו ווערסט פארשעמט אין זיי, ווערסט געלעסטערט און אויסגעלאכט אין זיי. ווי לאנג נאָך? ווי לאנג נאָך? פארוואָס מוז יעקב אליין באצאָלן דעם פולן אָפּצאָל פאר זיינע זינד? גיב מיר א צייכן, גיב מיר א באווייז. וואָס איז דער טעם פאר ישראלס יסורים? פארוואָס באַצאָלסטו דעם גערעכטן מיט שלעכטס און דעם זינדיקן לאָזסטו געדייען אין זיין זינד? קוק דיך ארום, זע ווי בבל שאלט אין איר נצחון. א שיכורע זונה, פלאצט זי פאר גדלות, און ישראל שטייט פארשעמט און אויסגעלאכט, ווייל אין דיר האָט ישראל אָנגעהאָנגען זיין בטחון און זיין גלויבן. דו האָסט דאָך גערעדט דורך מיין מויל, דיין קול האָב איך געהערט אין מיין הארץ, דו האָסט אויפגעעפנט מיינע אויגן צו זען, וואָס דו האָסט מיר געוויזן. נישט

פון מיינעט וועגן, נישט פון מיינעט וועגן, נאָר פון וועגן דיינע קינדער, וואָס איך האָב זיי געבראַכט דיין וואָרט און דיין טרייסט. זיי האָבן אַלע זייערע האָפענונגען אָנגעהאָנגען אויף דיר, און זיי האָבן מער קיינעם נישט ווי נאָר דיך אַליין".

אויסגעמוטשעט פון אַליין־פייניקונג, איז ער אַוועקגעפאַלן אין אַ האַלב־שלאָף, ווי אין דעם מעמד פון אַ גוסס. דאָך איז ער וואַך געווען אין דעם טיפן דרימל, וואַך אין אַלע זיינע חושים. און ער האָט געזען און ער האָט געהערט: גאָט פירט די שבטים פון ישראל צוריק צו זייערע אייגענער ערד.

ווידער געפינט ער זיך אויף דעם וועג קיין ציון, און ער זעט נאָך אַמאָל יענעם חזיון, וואָס האָט זיך אַזוי אָפט צו אים געוויזן. די בני־ישראל גייען איבער דעם מדבר, ווי געטראָגן אויף פליגל פון מלאכים. זיי שוועבן אין דער לופטן, און ערד און הימל זינגען זיי אַנטקעגן. און זיי פאַראויס, זעט ער ווידער, שוועבט אין די וואָלקנס די געשטאַלט פון אברהם־אבינו, ווי ער פירט זיין זון יצחק צו דער עקידה.

און ווי זיין האַרץ איז נישט באַטריבט פון דעם, וואָס ער זעט אַרום זיך, און ער בעט ביי גאָט אַ באַשייד פון דעם חזיון, געפינט ער זיך אָפּגעטיילט פון דער עדה. ער געפינט זיך איינער אַליין אין אַן אָרט, וואָס ער קען נישט. עס איז נישט קיין מדבר, און עס איז נישט קיין באַזעצט לאַנד. עס איז ליידיק און לער פון מענטשן און פון ווינט־ערטער. אַ מוראדיקע שטילקייט הענגט אין חלל, און דאָס ליכט, וואָס באַלייכט דעם חלל, איז נישט דאָס ליכט פון טאָג און נישט דאָס ליכט פון נאַכט. עס איז אַ ליכט, וואָס גאָט האָט אויסבאַהאַלטן ביי זיך אין די הימלען. און ווי ער טראַכט פון דער פאַרכטיקייט פון דעם אָרט, זעט ער ווי עס וואַקסט פאַר זיינע אויגן פון דער ערד אַרויס פּלוצלונג אַ שפּראָץ, אַ פאַרקניפּטער, פאַרקנאָדערטער וואָרצל, ווי דער וואָרצל פון אַן אַלטן אייל־בירט־בוים. און כהרף־עין וואַקסט דער וואָרצל אַרויף העכער, העכער, און ווערט באַלד פאַרקערט אין אַ מענטשלעך באַשעפעניש, וואָס איז אָבער אַזוי צעשעדיקט, צעשלאָגן, אַז עס האָט שוין פאַרלוירן דעם מענטשלעכן אָנבליק: די הויט צעריסן אין פאַסן, צעקאַטעוועט, מיט ריטשקעלעך בלוט טריפנדיק פון די אָפענע וווּנדן; די פיס, אָן פלייש אויף זיי, לויטער הויט און ביין, צעקרימט און געפּענטעט, האָבן זיך געבראָכן אונטער דעם לייב, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט אויפהאַלטן; די אָרעמס, אומנאַטירלעך אין זייער אויסגעצויגענער לענג, זענען אַראָפּגעהאָנגען ווי אָפּגעשטאָרבענע אברים; און דאָס פנים, צעביילט, צעהאַקט, מיט פאַרגליווערטן בלוט, וואָס האָט פאַרקאָלטנט די באָרד, ווי די האָר אויפן קאָפּ, איז געפאַלן אָן כוח אויף דער ברוסט. און ווי טויטלעך פאַרפייניקט דער מענטש איז נישט געווען, האָט ער דאָך זיך געהאַלטן ווי־עס־איז אויף די פיס, און זיין ווייס־הויטיקער ביינערדיקער ברוסט־קאַסטן האָט געריעדט און געשריגן מיטן געשריי פון דעם בלוט, וואָס האָט געטריפט פון זיינע וווּנדן. ער האָט אויפגעהויבן מיט

מי דעם קאָפּ פון דער ברוסט, און די אויגן, אדוויסקוקנדיק פון דער פאַר־בלוטיקטער מאַסקע, האָבן געקוקט אויפן נביא — געמישט מיט אַ בליק פון ווייטיק, געמישט רחמנותדיק, נאָר מיט אַ בליק פון שלווה, פון געטרייסטקייט. און די הכנעה, וואָס עס איז געווען אין די אויגן, און דאָס עניוות האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך אַ ליכט איבער דעם גאַנצן געפּייניקטן קערפּער און פאַרוואַנדלט דעם בלוטיקן געוועב פון זיינע וואונדן אין אַ קלייד פון גלאָריע און נצחון, דעם גאַנצן אויסגעמוטשעטן קערפּער אין אַ קרבן, ווי אַ געוואַשענער שעפּס, וואָס מען פירט צום מזבח.

נאָך שטייט דער נביא, צוגעבונדן צום אָרט מיט די שטריק פון פּחד פאַר דעם געזעענעם, ווען ער דערהערט אַ קול פון אַ פרוי, וואָס גייט פון ערגעץ אויף. קיין פרוי זעט ער נישט, ער הערט נאָר דאָס קול, וואָס דערגייט צו אים פון אונטער דעם באַרג מיט אַ וויינענדיק געזאַנג:

„ער איז געווען פאַראַכט און אויסגעמיטן פון מענטשן,
אַ מענטש מיט ווייטיקן און צו קראַנקשאַפט געוווינט,
און ווי איינער, וואָס מען פאַרבאָרגט דעם פּנים פון אים.
פאַראַכט, און מיר האָבן אים גערעכנט פאַר גאָרנישט,
אָבער דאָס האָט ער אונזער קראַנקשאַפט געליטן,
און אונזערע ווייטיקן, זיי האָט ער געטראָגן,
בעת מיר האָבן אים גערעכנט פאַר אַ געפּלאָגטן,
פאַר אַ געשלאָגענעם פון גאָט און געפּייניקטן".

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען זיך שטיין אויף דעם שפּיץ פון דער וועלט. באַרג אַרויף און טאָל אַראָנטער, באַרג און טאָל, באַדעקט מיט אַן אומבאַריירטן ווייכן מאָך־גרין, פון ששת ימי־בראשית איינגעבעט אין דעם גאַנצן ווייט־ליגנדיקן אומקרייז פון האָריזאָנט. אַ וועלט, ליידיק און לער פון מענטשלעכן ישוב, ווי דער מענטש וואָלט נאָך נישט געקומען אויף איר; אַ וועלט, וואָס ווערט ערשט געשאַפן פון גאָטס האַנט, נאָר שוין גרייט דעם מענטשן אויפצונעמען. פון דעם נעפּל־איינגעוויקלטן האָריזאָנט, דורך שיטערע ריסן, באַלויכטן פון זיילן זון־ליכט, הייבן זיך אַרויס באַרג־שפּיצן, ערטערווייז פאַנטאַסטישע פעלדזבערג אין גיגאַנטישע פאָרעמס, אַנ־דערע געדעקט מיט ריזיקע געוויקסן, און פון אַלע האָריזאָנט־גרענעצן, פון אַלע הייכן און נידערן, איבער די לאַנגע אויסגעשטרעקטע שטחים טראָגן זיך צו אים מענטשלעכע קולות, וואָס קומען נעענטער, נעענטער, און ער הערט ווי זיי רופן און זאָגן:

„ער איז פאַרוווּנדעט געווען איבער אונזערע פאַרברעכנס,
צעדריקט איבער אונזערע זינד.
די אָפּקומעניש פאַר אונזער גליק איז געווען אויף אים,
און דורך זיינע ביילן זענען מיר געהיילט געוואָרן".

פון אַן אַנדער פונקט אין דעם אומקרייז פון האָריזאָנט האָבן קולות

אָפּגעענטפערט:

„מיר אַלע האָבן ווי שאָף געבלאָנדזשעט,
איטלעכער צו זיין וועג זיך געקערט.
און גאָט האָט אויסגעלאָזט אויף אים
די זינד פון אונז אַלעמען".

עס איז שטיל געוואָרן אויף א ווייל. דערנאָך האָט זיך ווידער דער־הערט דאָס יללהדיקע קול פון דער פרוי, וואָס האָט געוויינט פאַר זיך:

„ער איז געדריקט געוואָרן,
אָבער ער האָט זיך געבויגן,
און פלעגט זיין מויל נישט עפענען,
ווי א לאַם, וואָס ווערט צו דער שחיטה געפירט,
און ווי א שעפּס, וואָס איז שטום פאַר אירע שערער.
יאָ, ער פלעגט זיין מויל נישט עפענען".

די פרוי איז אנטשוויגן געוואָרן, און עס האָט זיך באַלד דערהערט דאָס איינציקע קול, וואָס האָט אָפּגעקלונגען מיט דער שטאַרקייט פון א וואסערפאַל, וואָס נידערט אַרונטער אין א שטיינערנעם אָפּגרונט אריין. דאָס קול איז געקומען פון נאָענט, אזוי ווי פון איינעם, וואָס וואָלט גע־שטאַנען באַלד נעבן דעם געפּייניקטן מענטשן און געטייט מיטן פינגער אויף אים. דער נביא האָט אָבער קיינעם נישט געזען, נאָר געהערט דאָס קול אויסשאַלן אין די טאָלן אַרונטער:

„דורך דריקונג און שטראָף איז ער אוועקגענומען געוואָרן,
און מיט זיין דור ווער האָט זיך מתווכח געווען?
וואָרום ער איז פאַרשניטן געוואָרן פון לאַנד פון די לעבעדיקע,
פאַר דעם פאַרברעך פון מיין פאָלק,
וואָס די פּלאָג איז זיי געקומען".

און ווידער האָט זיך געהערט דאָס טרערן־געוויינטע קול פון דער פרוי:

„און מען האָט געמאַכט מיט רשעים זיין קבר,
און מיטן רייכן זיין בערגל,
הגם ער האָט קיין אומרעכט נישט געטאָן,
און קיין באַטרוג איז נישט געווען אין זיין מויל".

און דאָס הויך־שאַלנדיקע קול האָט איר אָפּגעענטפערט:

„אָבער גאָט האָט אים געוואָלט צעדריקן מיט זיין קראַנקשאַפט,
צו זען אויב זיין נפש וועט זיך מאַכן פאַר א קרבן;
כדי ער זאָל זען זאָמען, דערלענגערן זיינע טעג,
און דער רצון פון גאָט דורך זיין האַנט זאָל געלינגען".

**און דאָס קול פון דער פרוי האָט אויסגעקרעכצט אַזוי ווי אין פּיין:**

„מאַטערניש פון זיין נפש וועט ער זיך אָנזען צו זאַט".

דערויף איז געקומען אַ שטילקייט איבער דער וועלט, אַ שטילקייט, מעוברת מיט פחד און אימה. אָבער נישט אויף לאַנג. באַלד ברעכט ווידער אויס דאָס קול, וואָס קומט אַזוי ווי פון דעם סאַמע אָרט, וווּ דער געפּיי־ניקטער איז געשטאַנען. עס פאַלט דאָס קול מיטן רעש פון דונער אין דער נידער און פילט־אָן דעם גאַנצן אומקרייז פון האָריזאָנט:

„מיט זיין דערקענונג וועט מיין קנעכט דער גערעכטער
גערעכט מאַכן פיל,
און זייערע זינד וועט ער טראָגן.
דערום וועל איך אים איינטיילן צווישן די גרויסע,
און מיט מאַכטיקע וועט ער טיילן רויב;
דערפאַר וואָס ער האָט אַנטבלויזט צום טויט זיין נפש,
און איז מיט פאַרברעכער געציילט געוואָרן,
בעת דעם חטא פון פיל האָט ער געטראָגן
און פאַר פאַרברעכער זיך איינגעשטעלט".

דער נביא האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין האַלב־שלאָף, און ער האָט געזען, אַז גאָט האָט אים אָנגעוויזן אויף עפּעס אַ חזיון. וואָס איז אָבער דער באַשייד דערפון?

ער האָט געוווּסט, אַז גאָט האָט אים געוויזן ישראל, ישראל אין זיין פּיין, גערודפט און געיאָגט ווי אַ הונט פון די מענטשן־חיות, די גויים, אַזוי ווי גאָט האָט געזאָגט, „דער אויסלייזער פון ישראל און זיין הייליקער, צו דעם פאַראַכטן פון מענטשן, צו דעם פאַראומווירדיקטן פון פעלקער, צו דעם קנעכט פון געוועלטיקער: מלכים וועלן זען און וועלן אויפשטיין, שׂררות וועלן זיך בוקן, פון וועגן גאָט, וואָס איז געטריי, דעם הייליקן פון ישראל, וואָס האָט דיך אויסדערוויילט". וועלכן ישראל האָט אים גאָט געוויזן? ישראל פון נעכטן, וואָס האָט געזינדיקט, און גאָט האָט אים דערפאַר געצאָלט מיט דער פולער מאָס? און טאָמער, חלילה, איז עס יש־ראל פון מאָרגן, ישראל פון דער גאולה, וואָס גאָט וועט אים פאַרגעבן די זינד און וועט אים ברענגען צוריק צו זיין לאַנד, וואָס ער איז פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן? עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז דער פאַרפּייניקטער מאַן, וואָס ער האָט געזען, זאָל זיין דער צייכן פון זינדיקן ישראל? ער האָט בפירוש געהערט די קולות, וואָס האָבן גערופן און עדות געזאָגט אויף אים, אַז „ער איז צעדריקט איבער אונזערע זינד... הגם ער האָט קיין אומרעכט נישט געטאָן, און קיין באַטרוג איז נישט געווען אין זיין מויל, האָט אים גאָט געוואָלט צעדריקן מיט קראַנקשאַפט — צו זען אויב זיין נפש וועט זיך מאַכן פאַר אַ קרבן". פאַר אַ קרבן האָט אים גאָט געהייליקט, ער זאָל נעמען

אויף זיך די זינד פון אנדערע, „כדי דער רצון פון גאָט זאָל דורך זיין האנט געלינגען".

וואָס זאָל דאָס באַדייטן ? גאָט ברענגט ישראל צוריק אהיים, אין זיין לאנד אריין, כדי ער זאָל ווערן דער קרבן אויף דער עקידה, ווי ער האָט דאָס געזען אזויפיל מאָל איבערגעחזרט אין זיין חזיון, — נישט פאר זיינע אייגענע זינד, נאָר א קרבן, א כפרה פאר די זינד פון אנדערע, וואָס ער האָט זיי גענומען אויף זיך ? אָבער פון ווען אָן פאָדערט גאָט עונש פון איין מענטשן פאר די זינד פון אן אנדערן ? האָט נישט גאָט געזאָגט דורך זיינע נביאים, אז דער נפש, וואָס זינדיקט, ער זאָל שטאַרבן : א זון זאָל נישט ליידן פאר דער זינד פון דעם פאָטער, און א פאָטער זאָל נישט ליידן פאר דער זינד פון דעם זון ; די גערעכטיקייט פון דעם גערעכטן זאָל זיין אויף אים, און די שלעכטיקייט פון דעם שלעכטן זאָל זיין אויף אים. זאָל דאָס הייסן, אז תמיד, תמיד וועט ישראל גערודפט ווערן, געפּלאָגט ווערן מיט יסורים פאר די זינד פון אנדערע ? איז דאָס דער טעם פאר די יסורים פון ישראל, ווי עס איז אויך דער טעם פאר די יסורים פון צדיק ?

ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט צום הימל און אויסגערופן מיט א וויינענדיק קול :

„לאָז מיך נישט אומקומען אין מיין נישט־וויסן, לאָז מיך נישט פאר־לוירן גיין אין מיין קורצזיכט. עפן מיר אויף די אויגן, אז איך זאָל זען דעם וועג, וואָס דו האָסט אָנגעצייכנט פאר ישראל, און מיין הארץ, אז איך זאָל פארשטיין דעם באדייט פון די צייכנס, וואָס דו גיסט מיר. און לאָז מיך ברענגען דיין וואָרט פון נחמה און בטחון צו דיין פאָלק, וואָס גייט־ארום פארלוירן, ווי בלאָנדזשענדיקע שאָף".

און ער האָט דערהערט א קול אין זיין הארץ, וואָס האָט געזאָגט צו אים :

„נישט פאר דיר איז צו וויסן און נישט פאר דיר צו פארשטיין מיינע וועגן, נישט דיר און נישט קיין שום ילוד־אשה איז געגעבן צו אנטפּלעקן מיינע פארבאָרגנקייטן. דו האָסט צו זען און צו הערן, און וואָס דו זעסט און וואָס דו הערסט, זאָלסטו דאָס ברענגען צו מיין פאָלק, וואָס איך שיק דיך צו אים".

מיט הכנעה, ווי א קנעכט פאר זיין הער, האָט ער אריינגערופן נריהן און אים געהייסן אויפשרייבן דעם חזיון, וואָס ער האָט געזען, די ווערטער, וואָס ער האָט געהערט. נישט צו קאָנען באשיידן דעם פתרון פון דער זאך, האָט ער דאך דעם חזיון אויסגעזונגען אין א געזאנג וועגן דעם פארפייניקטן עבד־יהוה, ווי ער האָט אים געזען און געהערט.

ער האָט צו וויסן געגעבן זרובבל'ען און ישוע'ן דעם כהן מיט די זקנים, וואָס האָבן פאָרגעברייט די עליה פון די גולי־בבל, אז גאָט האָט אים געוויזן א חזיון. ביי אלעמען איז גרויס געווען דער באַגער צו פאר־נעמען גאָטס וואָרט, וואָס דער נביא האָט זיי צוגעזאָגט צו ברענגען, וואָרום זיי האָבן באדארפט די טרייסט זייער נויטיק.

און דער נביא האָט מיט זײַנע לעצטע כּוחות זיך געשטעלט פֿאַר דער חשובֿער קהילה. מיט אַ שוואַך קול, ווי אַ טויבּ, וואָס וואָרקעט איר קלאָג־ליד פֿאַר זיך, האָט ער פֿאַרגעלייענט פֿאַר זיי דעם חזון, אָנהויבנדיק מיט די ווערטער: „מי האמין לשמועתנו?" — „ווער וואָלט געגלויבט אונזער הערונג?"

און עס איז געווען, ווען דער נביא האָט געענדיקט לייענען וועגן דעם פֿאַרפּייניקטן קנעכט פֿון גאָט, האָט אַ טיפֿע שטילקייט זיך אײַנגעשטעלט אין דער פֿאַרזאַמלונג. אַ טרויער איז אַלעמען באַפֿאַלן, האָבן זיי געשאָקלט מיט די קעפּ אין שטילשווײַגן און אָנגעקוקט אײנער דעם אַנדערן ווי זיי וואָלטן אײבער צום אַנדערן געזאָגט: „ווער וואָלט געגלויבט אונזער הערונג?"

ביז לסוף האָט זיך אויפֿגעשטעלט אײנער אין דער פֿאַרזאַמלונג און האָט געפֿרעגט דעם נביא:

„וואָס מיינסטו מיט דײַנע רייד? צי ווילסטו אונדז זאָגן, אַז ישׂראל גייט צוריק אין זײַן לאַנד אַרײַן, כּדי מיר זאָלן דאָרט ווערן אַ קרבן פֿאַר די זינד פֿון אַנדערע? ווילסטו אונדז זאָגן, אַז גאָט ברענגט אונדז צוריק קיין ציון און יהודה, כּדי מיר זאָלן דאָרט לײַדן און שטאַרבן — און מיט רשעים באַגראָבן ווערן? אויב אַזוי, האָבן דאָך רעכט די, וואָס זאָגן, אַז מיר זאָלן דאָ בלײַבן".

„ווײ צו אונדז, נישט קיין וואָרט פֿון טרייסט און אויפֿריכטונג ברענגט ער אונדז, נאָר אַ קלאָגליד, אַ קינה איבער ישׂראל!" — האָבן אַנדערע מיטגעהאָלפֿן.

און אײנער פֿון די געלערנטע כּהנים האָט דעם נביא געשטעלט די פֿראַגע:

„משה רבינו האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר זאָלן צוהערן גאָט'ס קול און מקיים־זײַן אַלע זײַנע געבאָטן, כּדי מיר זאָלן לאַנג לעבן אויף דער ערד, וואָס גאָט גיט אונדז; און אויב מיר וועלן נישט צוהערן גאָט'ס קול און וועלן נישט מקיים־זײַן זײַנע געבאָטן, וועלן קומען אויף אונדז אַלע פּלאָגע־נישן, וואָס ער האָט געשלאָגן מיט זיי מצרים. און דו זאָגסט פֿאַרקערט: אַז גאָט וועט שלאָגן דעם גערעכטן — פֿאַר זינד, וואָס ער איז נישט באַגאַנגען, כּדי ער זאָל זײַן אַ כּפּרה פֿאַר אַנדערע. פֿון ווען אָן שלאָגט גאָט אײן נפֿש פֿאַר די זינד פֿון אַן אַנדערן? האָבן אונדז נישט די נביאים פֿאַר דיר געזאָגט, אין נאָמען פֿון גאָט, דו זאָלסט נישט שטראָפֿן דעם פֿאָטער פֿאַר די זינד פֿון זון און נישט דעם זון פֿאַר די זינד פֿון פֿאָטער?"

און אײנער נאָכן אַנדערן האָבן זיך אויפֿגעשטעלט די זקנים און די כּהנים און געפֿרעגט דעם נביא מיט וווּנדער:

„קומט דער געפּלאָגטער, דער געשלאָגענער פֿון גאָט נישט אָפּ פֿאַר די זינד, וואָס ער אַליין איז באַגאַנגען? פֿון ווען־אָן שטראָפֿט גאָט אײן נפֿש פֿאַר די זינד פֿון אַן אַנדערן?

„מיר ווייסן, אַז נאָר די, וואָס זינדיקן, פּלאָגט גאָט מיט מכּות. דעם

גערעכטן היט ער אויס און לייטזעליקט אים מיט ברכות. און דו מאכסט דעם געשלאָגענעם פאר דעם געלייטזעליקטן פון גאָט".

„דו מאכסט גאָט אומגערעכט, און מיר זאָלן דאָס פארנעמען פאר רייד פון גאָט אליין ?"

„נישט אנדערש, נאָר א בייזער רוח איז אריין אין אים".

„גאָטס וואָרט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים".

„נישט קיין טרייסט און נישט קיין ברכות ברענגט ער אונז, נאָר קלאָג און קללות !"

„אוועק מיט אים ! פארוואָרפן איז ער פון גאָט. הערט זיך נישט צו צו זיינע רייד".

דער נביא האָט נישט געענטפערט אויף די טענות און מענות, וואָס די פארזאמלונג האָט געוואָרפן אויף אים. זיינע ליפּן זענען געבליבן פאר־חתמ׳עט אין שטילשווייגעניש. ער האָט געזונקען דעם קאָפּ ארונטער און געלאָזט, ווי א שטומער שעפּס, פאלן אויף זיך די גדופים און חרמות, וויפל זיי זענען נישט געקומען.

זרובבל האָט אריינגעטאָן דעם פּנים אין זיין מאַנטל צו פארשטעלן די טרערן, וואָס זענען אָנגעקוואָלן אין זיינע אויגן.

„נעכטן האָסטו געזאָגט אויף ישראל : ,נישט פון א מענטשן איז געווען זיין אויסזען, און זיין געשטאַלט נישט פון מענטשנקינדער, און אזוי וועט ער מאכן אויפשפּרינגען פיל פעלקער׳, — און היינט זאָגסטו, אז ,פאַרשניטן איז ער געוואָרן פון לאנד פון די לעבעדיקע, און מען האָט געמאכט מיט רשעים זיין קבר׳. איז דאָס דער סוף פון ישראל, וואָס וועט מאכן אויפ־שפּרינגען פיל פעלקער און מלכים וועלן צומאכן זייער מויל פאר אים, וואָרום וואָס זיי איז נישט דערציילט געוואָרן, וועלן זיי זען ? ווי אונזערע שונאים רעדסטו אויף אונז".

„ווער קאָן הערן אזעלכע רייד ?" — האָבן קולות אויסגעשריען פאר־צווייפלט, מלא־רוגזה.

נאָך א מינוט, און דער נביא וואָלט אפשר צעטראָטן געוואָרן מיט די פיס, נאָר עס האָט זיך דערהערט א הויך קול :

„לאָזט אים אָפּ, איר זעט דאָך, אז ער איז משוגע ?"

„נישט אַנדערש, נאָר ער איז חסר־דעה".

# קאַפּיטל אַכט

נריה בן־שריה האָט אָנגענומען דעם נביא ביי דער האַנט און אים אהיימגעבראַכט צו זיך אין שטיבל ביים טייך פּרת. ער האָט אים אוועקגעלייגט אויף זיין געלעגער אין דער עליה און אוועקגעזעצט זיך לעבן אים צו וואַכן איבער אים און אים צוזען אין זיין קראַנקשאַפט. דער נביא איז געווען קראַנק. די הויט, דין און צאַרט און דורכזיכטיק, פון אַ ווייסער מילכעדיקער בלייכקייט, העננגענדיק שלאַבעריק אויף זיין פּנים, די אויגן ביי אים טיף פאַרזונקען אין קאָפּ, די ליפּן פאַרשלאָסן ווי אין פּיין, האָט זיך געדאַכט, אַז דער נביא איז שוין נישט מער אויף ד ע ר וועלט, נאָר באַלד, באַלד וועט זיין אויסגעמאַטערטער דינער גוף אַרויסלאָזן דעם לעצטן אָטעם און נאָכגיין אַהין, וווּ זיי גייסט געפינט זיך שוין.

אַלע האָבן אים ווידער פאַרלאָזט. קיינער פון די מנהיגים אין דער עליה־באַוועגונג האָט זיך מער נישט נאָכגעפרעגט אויף אים, קיינער איז מער נישט געקומען פאָרשן זיין נביאות ווי נאָר איינער, זרובבל.

זרובבל איז געקומען, האָט זיך אוועקגעזעצט ביי זיין זייט אויף דעם שטרויענעם אויסגעבעטענעם געלעגער. ער האָט גענומען דעם נביא׳ס האַנט אין זיינע און געפּרווט אויפמונטערן זיין געמיט:

„נישט אַנדערש, נאָר דער גאָט פון אונזערע אבות האָט אַריינגעגעבן אַ נייעם גייסט אין זיין פאָלק. וואָס אַ טאָג קומען־צו נייע עולים. פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען קומען זיי, מיט זייערע משפּחות, מיט זייערע פּי און ריגדער. זיי קומען מיט געזאַנג און פרייד. דיינע ווערטער, נביא, בליען ביי זיי אין האַרצן, און זיי וועלן ברענגען פרוכט. זיי ווערן אַלע מקויים, ריכטיק ווי דו האָסט געזאָגט. עפן־אויף דיינע אויגן און זע: אַלע קלייבן זיי זיך צונויף, קומען צו דיר, אָנגעקליידט, ווי אַ כלה, אין זייער צירונג״.

דער נביא האָט זיך איינגעהערט מיט פאַרמאַכטע אויגן, און אַליין קיין וואָרט נישט געזאָגט.

„אַזוי ליגט ער, קיין ברויט עסט ער נישט, קיין וואַסער טרינקט ער נישט, און רעדן רעדט ער גאָרנישט״, — האָט נריה בן־שריה זיך אָנגערופן באַזאָרגט פון זיין ווינקל.

„הערסטו נישט דאָס געזאַנג פון דער גאולה, וואָס שאַלט אַרום דיר? שטיי־אויף, נביא, וועק זיך אויף און ברענג זיי דיין וואָרט פון נחמה און שטאַרקונג״.

דער נביא האָט געהערט און געשוויגן.

געוויס האָט ער געהערט דאָס געזאַנג פון דער גאולה. מיט איטלעכן

טײלכל פון זײן לײב, מיט איטלעכער פּאָרע אין זײן הויט האָט ער געהערט דאָס געזאַנג. עס איז אָנגעקומען פון נאָענט און פון װײַט. א װײטער עכאָ פון מאַסן מענטשן, װאָס ציען, ציען — אונטער א פרײדיק קלאַפּן פון פּויקן און טאצן, מיט יובלדיק־שאַלנדיקע לידער. „בשוב יהוה את שיבת ציון היינו כחולמים...”

נאָר פאַרקלאַפּט און פאַרהאַקט האָט גאָט פאַר אים טיר און טויער, פאַרשטעלט פון זײן אױג די געביטן אַריבער דעם האָריזאָנט, װוּ עס שפּילן זיך אָפּ די חזיונות, װאָס ער האָט געזען. פינצטער איז ארום אים מיט דער פינצטערניש פון אַן ענגן קבר. דורך די װענט פון קבר דערגײט צו אים דאָס געזאַנג פון דער גאולה. ער פאַרנעמט דאָס יובלען פון די עולים, און ער קאָן נישט מיטיובלען. בײם אױסגאַנג פון מדבר, בײ דער שװעל פון ציון, האָט ער אָנגעטראָפן דעם בעל־יסורים, און ער האָט פאַרשטאַנען, אז נאָר דורך דער עקידת־יצחק, װאָס גײט זײ שטענדיק פאָרױס אין דעם חזיון, װאָס ער האָט אַזױ פיל מאָל געזען, פירט דער װעג צו דער גאולה. אין זײן הארץ האָט זיך צעפלאַקערט די קנאה פאַר ישראל אַזױ װי עס האָט געברענט אין אים די קנאה פאַר גאָט. צװישן די צװײ פײַערן האָט גע׳שו׳פ׳עט זײן הארץ. פאַרװאָס מוז ישראל װערן דער קרבן פאַר דער גאולה פון די גױים? פאַרװאָס מוז ער טראָגן אויף זיך, װי דער שעיר לעזאזל, די זינד פון די גױים? גאָט האָט אױפגעעפנט פאַר זײנע אױגן א שפּאַלט צו זען דורך אים, אז ישראל װערט געפירט אויפן װעג צו דער גאולה װי א לאם צו דער שחיטה. איז װי אַזױ קאָן ער זינגען דאָס געזאַנג פון נחמה און בטחון, װאָס גאָט טוט צוגלײך אַרײַן אין זײַן מױל?

ער װעט פאַרשליסן, פאַרשטאָקן די קװאלן פון פרײד און נחמה, װאָס גאָט האָט אױפגעעפנט אין זײן הארץ. איז ער געװאָרן דער פאַר׳עקשנ׳טער אײזל, װאָס גאָט האָט פאַרװאָרפן? האָט טאקע גאָט אָפּגעטאָן זײן גײסט פון אים און געלײטזעליקט מיט דעם אנדערע? ער װעט אַזױ לאַנג טראָגן אין זיך דעם צער פון ישראל, ביז װאַנען גאָט װעט זיך דערבאַרעמען אויף אים און װעט אױפעפענען פאַר אים א שפּאַרע צו װײַזן אים דאָס ליכט, װאָס װאַרט אויף ישראל בײם עק פון זײן גאַנג. דענסמאָל װעט ער קאָנען מיט מער כּוח און מער פײַער אױסזינגען די גלאָריע פון ישראל, דעם שכר, װאָס װעט אים געגעבן װערן באחרית־הימים. ישראל איז דער טרעגער פון דער האָפענונג פון דער װעלט, און אויב עס איז דאָ א תכלית, אַן ענדציל פאַר ישראל׳ס יסורים, איז אויך דאָ אַן ענדציל, א תכלית פאַר דער גאַנצער יצירה.

ער האָט זיך געװאָרפן מיטן פּנים צו דער ערד און געבעטן בײ גאָט:

„דו, װאָס דו האָסט מיר געװיזן דעם פּרײַז, װאָס ישראל האָט צו צאָלן פאַר זײן אױסדערװײלטקײט צו זײן דײן קנעכט, אַנטפּלעק פאַר מיר דעם שכר, װאָס װעט אים געגעבן װערן באחרית־הימים. טו עס, גאָט, טו עס נישט פון מײנעט װעגן, נאָר כּדי איך זאָל קאָנען ברענגען דאָס געזאַנג פון ישועה פאַר דער גאַנצער יצירה, װאָס מײַן הארץ איז פול מיט דעם”.

און עס איז געווען ווי גאָט וואָלט דערהערט זיין געוויין. ווארום א קול האָט גערופן אין זיין הארץ: „דו, וואָס דו ביסט געשיקט געוואָרן צו ברענגען דאָס וואָרט פון ישועה צו דיין דור, ווענד זיך צו דיין פאָטער נאָך באשייד, ווארום זיין נביאות לעבט אין דיר".

און דער נביא, אין יאוש פון א מענטשן, וואָס טרינקט זיך, האָט אויפגעהויבן די הענט און אויסגערופן:

„אויגן פון ישראל, קום און שטרעק מיר אויס דיין האנט, און נעם מיך ארויס פון דעם זומפּ פון שרעק און צעטומלעניש, וואָס איך בין געזונקען אין אים ביז צום האלדז".

און א שלאָף איז געפאלן אויפן נביא, יענער מעמד פון וואכיקייט אין שלאָף, וואָס דער נביא האָט געוווּסט פון דעם. ער געפינט זיך אין דעם הויף פון בית־המקדש. דער בית־המקדש שטייט חרוב, די בנינים איינגעפאלן, די שטיינער ווייט צעוואָרפן. און צווישן די חורבות דרייען זיך אַרום דאָ און דאָרט איינציקע מענטשן, באַרוועסע, אָפּגעריסענע, בעלי־מומים, מיט משוגעת אַרויסקוקנדיק פון די אויגן ווי דער פחד וואָלט זיי ארויסגעיאָגט פון זייערע באַרעס און לעכער, ווו זיי האָבן זיך געהאט אויסבאהאלטן.

פון אונטער די האַלב־איינגעפאַלענע היכל־בנינים שלענגלען זיך אַרויף צום הימל דינע רויך־וואָלקנדלעך. ער ווייסט, וואָס דאָס איז. די גויים, וואָס האָבן מטמא־געווען דאָס אָרט, האָבן דאָרט אויפגעשטעלט מזבחות און זענען מקריב קרבנות צו זייערע אָפּגעטער. א קינדעריש יאָמער־געוויין טראָגט זיך איבער די חורבות, נאָר עס ווערט באלד פאַרטרונקען אין אן אויסברוך פון באַנומענע קולות פון א יובלדיקן המון. עס באווייזט זיך א כהן פון אן אָפּגאָט, באגלייט מיט קדשות, וואָס טאנצן אונטער פליייטן־צושפּיל.

דער נביא פארמאכט די אויגן. ער וויל נישט זען און וויל נישט הערן. זיין האַרץ קלאָגט: „באו גויים בנחלתך..." ער לויפט, לויפט, ביז ער קומט־אָן צו אן אָפּגעלייגטן אָרט, א ווינקל, וואָס איז נאָך אין דעם תחום פון בית־המקדש־הויף, באהאלטן אין אן איינגעפאַלענער מויער־וואַנט. דאָס ווינקל קומט אים פאָר אזוי פרעמד. עס איז ליידיק פון מזבחות און פון מענטשן. ער זעט דאָס ווינקל צום ערשטן מאָל. ער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, אז עס געפינט זיך אין הויף פון בית־המקדש אן אָרט, וואָס זאָל זיין אויסגעהיט פון דער טומאה, פון דער פארווילדקייט, ווי ער האָט דאָס ערשט געזען דאָרט, טיפער אין הויף. און ווען אפילו די בנינים ליגן דאָ אויך אין חורבות, הערשט דאָ אזא ריינקייט, אזא פאַרכטיקע שטילקייט, ווי גאָט אליין וואָלט דאָס אָרט אָפּגעראַמט און אויסגעהיט פון יעטוועדער אומווירדיקייט, א לעצטער מקום־מקלט אין זיין חרוב'דיק הויז, וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן, אויסבאַהאַלטן אפשר פאַר עפּעס זייער גרויס און זייער וויכטיק, וואָס דאַרף דאָ פאָרקומען. א ציטערדיקייט פון קדושה פאַלט אויפן נביא, און ער רופט־אויס אין זיין האַרץ: „מה נורא המקום הזה!"

און ווי דער נביא שטייט אזוי, פארכאפט אין יראת־הכבוד פאר דער שטילקייט אַרום, דערזעט ער פאר זיך, זיצנדיק איינער אליין אויף א שטיין אין די חורבות, אן אלטן גרייזגרויען מאַן. מיטן פינגער, וואָס ער שטעלט־צו צו די ליפּן, גיט דער זקן דעם נביא א צייכן, אז ער זאָל שווייגן. דער נביא באטראַכט אים אין אימה. ער קען אים. ער האָט זיין פּנים אָפט געזען אין חזיון. דער מאַן איז זייער אלט, דין און אָפּגעצערט, הויך־געוואקסן, וואָס עס איז קענטיק אפילו אין זיין זיצן. די ווייסע, דינע און שיטערע האָר פון קאָפּ פאלן ביי אים אויפן רוקן און איבער די אַקסל, די ווייסע באָרד זיינע ציטערט איבער דעם זילבער־בלויען וואָלקן־מאַנטל, וואָס ער זיצט איינגעהילט אין אים. די פיס ביי אים זענען באָרוועס.

דאָס פּנים פון דעם זקן, גרויס און בלייך, איז באלויכטן מיט א הייליקן שיין, ווי דער נביא האָט אים געזען אין חזיון. מיט זיינע גרויסע קלאָרע וואסערדיקע אויגן קוקט ער אויפן פארלוירענעם נביא, און זיין בליק לייכט זיך מיט חסד און גוטסקייט. דער נביא וואַרט אויף א וואָרט פון זקן, אָבער דעם זקנ׳ס ליפּן, מיט א שמייכל פון רחמים, וואָס שוועבט איבער זיי, בלייבן פארשלאָסן. דער נביא האָט זיך נישט געקאָנט לאנג איינהאלטן, און ער האָט געפרעגט מיט א שטיל קול:

„זאָג מיר, וואָס איז דאָס פאר אן אָרט, וואָס איך שטיי דערויף?"

„טו אויס דיינע שיך פון דיינע פיס, וואָרום דאָס אָרט, וואָס דו שטייסט אויף אים, דאָס איז הייליקע ערד. דאָס איז דער בארג פון גאָטס הויז, וואָס וועט אין סוף פון די טעג דערהויבן ווערן איבער די הויכן און אלע פעלקער וועלן שטראָמען צום אים".

„און ווער ביסט דו?"

„איך בין דער נביא, וואָס גאָט האָט אים געוויזן דעם סוף פון די טעג, ווען פיל אומות וועלן קומען צו דעם בארג און וועלן זאָגן: ,קומט, לאָמיר ארויפגיין צום בארג פון יהוה, צום הויז פון דעם גאָט יעקב; און ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגן, און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן; וואָרום פון ציון וועט ארויסגיין א תורה, און גאָטס וואָרט פון ירושלים׳".

דער נביא האָט זיך געוואָרפן צו דעם זקנ׳ס פיס און אויסגערופן:

„אָ, מיין פאָטער, אויף דיין נאָמען רוף איך זיך און דיין וואָרט האָט גאָט אריינגעטאָן אין מיין מויל. גאָט האָט דיך געשיקט, דו זאָלסט זיין מיין וועגווייזער, זאָלסט קלוג מאכן מיין האַרץ, אז איך זאָל קאָנען פארשטיין גאָטס דרכים. לערן מיך, קלער מיר אויף די צייכנס, וואָס איך זע און איך ווייס נישט זייער באַשייד".

„הייב דיך אויף, מיין זון, און זעץ דיך ביי מיין זייט, וואָרום דיין נביאות און מיין נביאות זענען איינס".

„לערן מיך, פאָטער, ווען וועלן דערפילט ווערן די ווערטער, וואָס דו האָסט געזאָגט אין גאָט׳ס נאָמען? ווען וועט קומען דער אחרית־הימים, וואָס דו האָסט דערויף נביאות געזאָגט?"

„דאָס קאָן איך דיר נישט זאָגן, דאָס איז פארבאָרגן ביי גאָט. איך זיץ

דאָ און וואַרט־אויס איטלעכן טאָג און איטלעכע רגע, עס זאָל זיך באַווייזן די שפּראָצונג פון דער ישועה, עס זאָל קומען דער האַר פון שלום און איין פאָלק זאָל מער נישט אויפהויבן קיין שווערד אויף אַן אַנדער פאָלק, נאָר די ערד זאָל ווערן אָנגעפילט מיט דעם וויסן פון גאָט. נישט איך אליין וואַרט דאָ אויס. דאָס איז דאָס אָרט, וווּ אַלע תפילות פאַר דער גאולה קומען זיך צונויף, וווּ אַלע טרערן, וואָס ווערן פאַרגאָסן פאַר דער גאולה, ווערן געזאַמלט און אַלע יסורים, וואָס ווערן אויסגעשטאַנען פאַר דער גאולה, ווערן געציילט. קום זעץ דיך אַוועק לעבן מיר, נאָר וואָס דו וועסט זען און וואָס דו וועסט הערן, מוזטו דאָס פאַרשווייגן פון די לעבעדיקע ביז די צייט וועט קומען".

און דער אַלטער נביא האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, האָט דעם יונגן נביא אויפגעהויבן פון דער ערד און געזעצט אים לעבן זיך.

דער הימל איבערן בערגל איז געווען בלוי מיט דער בלויקייט פון שטערן, וואָס שווימען אַרום אין בלויע נאַכטלעכע וואָלקנס, ביז דער אומקרייז פון הימל אויפן ווייטן האָריזאָנט האָט זיך אָנגעצונדן מיט גאָלדיקע פייערן, און דאָס ליכט אויפן האָריזאָנט, צעשמאָלצן גאָלד, האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער בלויקייט פון הימל אין אַ צאַרטן בלוי־גאָלדיקן געמיש פון קאָלירן.

צוערשט האָט דער נביא גאָרנישט געהערט ווי נאָר דעם אָטעם פון דער שטילקייט, וועלכע האָט, ווי אַ לעבעדיקער לייב, געהויערט אין די וואָלקנס. מיטאַמאָל האָט מיטן רעש פון אַ דונער אויסגעבראָכן אַ קול, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער באַרג און טאָל, אָפּהילכנדיק ווי אַ דונער, מיט קוילערדיקע עכאָס, ביז עס האָט געגרייכט דאָס בערגל:

„וואָרום אַ הייליק פאָלק ביסטו ביי יהוה דיין גאָט. דיך האָט יהוה דיין גאָט אויסדערוויילט אים צו זיין פאַר אַן אייגן פאָלק, פון אַלע פעלקער, וואָס אויפן געזיכט פון דער ערד".

„דאָס קול איז משה'ס קול. עס שאַלט איבער אַלע לענדער אונטערן הימל, טאָג־איין, טאָג־אויס, צו דערמאָנען די בני־ישראל אין דעם עול און דעם חוב, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך", — זאָגט דער אַלטער נביא.

באַלד נאָך דעם האָט זיך דערהערט אַן אַנדער קול, וואָס האָט אָפּגעשאַלט ווי אַ ווייטער עכאָ:

„נאָר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע משפחות פון דער ערד, דעריבער וועל איך זיך רעכענען מיט אייך פאַר אַלע אייערע זינד".

„דאָס רופט עמוס און וואָרנט ישראל איטלעך מאָל, ווען משה דערמאָנט זיי אין דעם עול פון דער תורה, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך ביים באַרג סיני", — זאָגט דער אַלטער נביא.

עס האָט זיך צוריק איינגעשטעלט די שטילקייט, די שטילקייט פון צווישן טאָג און נאַכט. און פון דעם בין־השמשות'דיקן גלימער, וואָס האָט אויסגעשטראַלט פון זיך אַן אָרעאָל, — אַ רעפלעקסיע פון אַ שטראַלנקרוין, לייכטנדיק מיט אַ ליכט, וואָס איז געהאַלטן געווען אין גניזה פון קדמונים,

— אין דעם גלימער האָט אַדורכגעשוועבט א שאָטן פון א פרויען־געשטאַלט, אדורכגעשוועבט מיטן פלאַטער פון פליגל פון א פויגל אין דער לופט. דער שוואַרצער שלייער, וואָס האָט איינגעהילט די פרוי, א פלאַטערדיקער פאַרהאַנג, האָט באַהאַלטן איר פיגור, אז קיין אויג זאָל זי נישט באַרירן, און ווי א פויגל, וואָס א פייל האָט געטראָפן אין זיין פליען, איז דער שאָטן פון דער פרוי געפאַלן מיטן פנים אויף דעם באָדן, אויסשטרעקנדיק די אָרעמס פון דעם הייליק־שלייער צו דעם אָרעאָל, וואָס האָט געלויכטן מיטן ליכט פון דעם זיו־השכינה. און עס האָט זיך געהערט א קול ווי דאָס וואָרקען פון א טויב.

„אָ, פאָטער פון רחמים, דו, וואָס דו האָסט דיין רחמים אויסגעשפּרייט אויף אלע דיינע באשעפענישן; דו, וואָס דו האָסט אין איטלעכער מוטערס האַרץ אריינגעגעבן דיין מידה פון רחמים פאַר אירע קינדער, — קום איך צו דיר צו בעטן ביי דיר רחמים פאַר מיין קינד. אויך אַנדערע פעלקער זענען דאָס ווערק פון דיינע הענט, און דו לאָזט זיי געדייען אויף דער ערד, וואָס דו האָסט זיי געגעבן; נאָר די קינדער פון דיין פריינט אברהם האָסטו פאַרטריבן פון זייער לאַנד און לאָזט זיי נע־ונד איבער דער ערד — צום שפּאָט, צו דער שאַנד פאַר אלע פעלקער. ווי לאַנג וועלן זיי זיין געשטעלט פאַר א ציל צו די פיילן פון די גויים? און ווען וועסטו געבן אָפּרו פאַר זייערע פיס? דערבאַרעם דיך אויף די קינדער פון דיין פריינט אברהם, דערפיל די הבטחה, וואָס דו האָסט אים געגעבן. דיין נחלה זענען זיי, אויף דיין נאָמען ווערן זיי גערופן. איך פאָדער פון דיר גערעכטיקייט, אויב דו האָסט פאַרשלאָסן די טויערן פון רחמים פאַר מיין קינד".

און דאָס וואָרקעדיקע געוויין האָט געמאַכט וויברירן דעם חלל מיטן כוח פון א שטילן דונער.

און דערויף האָט זיך געהערט א קול פון דעם ליכטקרייז איבער דער פרויס קאָפּ, וואָס האָט זיך אָנגערופן און געזאָגט:

„פאַרמייד דיין קול פון געוויין, און דיינע אויגן פון טרערן, וואָרום פאַראַן א לוין פאַר דיין מי, זאָגט גאָט; און זיי וועלן זיך אומקערן פון לאַנד פון דעם פיינט".

און נאָך דער געשטאַלט פון דער מוטער רחל האָט זיך באוויזן א צווייטע געשטאַלט פון א פרוי, וואָס איז אָנגעקומען פון אן אַנדער פונקט אויפן האָריזאָנט. איינגעהילט, ווי רחל, אין שוואַרצן, דער קאָפּ געבויגן צו דער ערד, איז זי געגאַנגען איינע אליין, אן איינזאַמע פיגור.

ווי רחל, האָט זי זיך אויך געוואָרפן מיטן פנים צו דער ערד און אויפגעהויבן די הענט צום אָרעאָל, וואָס האָט געשיינט ליכטיק פון דער הויך, און מיט א וויינענדיק קול האָט זי זיך אָנגערופן און געזאָגט:

„אָ, פאָטער פון אלע באשעפענישן, צוויי אומות זענען געווען אין מיין לייב, צוויי פעלקער האָבן זיך פון מיין טראַכט צעשיידט, פון איין ברוסט האָבן זיי יניקה געזויגן, און דאָך האָסטו אן אייביקע שנאה פאַרזייט צווישן זיי. אויך איך האָב געגומען טייל אין דעם קריג. יעקבן האָב איך

ליב געהאַט, און פון זיינעטוועגן האָב איך דעם עלטערן אָפּגענאַרט. עשו איז אויך מיין קינד, און אויב דו האָסט אים פאַרוואָרפן, בין איך מיט אים אינאיינעם פאַרוואָרפן. מיין בלוט רינט אין עשו׳ס אַדערן אַזוי ווי אין יעקב׳ס; ווי יעקב, איז אויך עשו א טייל פון מיר. איך טראָג די לייד און איך טראָג די פּיין פון ביידן. מיט יעקב׳ן בין איך אויפן מזבח געבונדן און מיט עשו׳ן ברענג איך אום דעם קרבן. איך בין אי דער קרבן, אי דער אומברענגער. מיין רחמנות אויף עשו׳ן איז אזוי גרויס ווי מיין ליבע פאַר יעקב׳ן, און מיין האַרץ ווערט געשפּאָלטן צווישן זיי ביידן. אָ, גאָט, צי וועט עס שוין אזוי אייביק זיין? ווער וועט היילן דעם געוואַלט־ריס, ווער וועט גאַנץ מאַכן מיין געשפּאָלטן הארץ? אָ, פאָטער פון אלע באַשעפעניש, דו, וואָס דו האָסט מיך אויסדערוויילט צו זיין די מוטער פון זיי ביידן, האָב רחמנות אויף מיין קינד עשו. עפן אים אויף די אויגן, ער זאָל דערזען דיין ליכט, גיב דיין לערנונג אין זיין הארץ, ער זאָל וויסן און דערקענען דיינע דרכים. נעם אים ארונטער אונטער דיין חסד, נעם אים אריין אין דעם בונד מיט דיר, ווי דו האָסט אריינגענומען זיין ברודער יעקב, — וואָרום ביידע קומען זיי פון איין זאָמען, פון דעם זאָמען פון אברהם, דיין פריינט, — כדי זיי זאָלן ווערן ברידער אין גייסט אזוי ווי זיי זענען ברידער אין לייב״.

„דאָס איז רבקה׳ס תפילה. איטלעכן טאָג שטייט זי אויף פון איר קבר און קומט אהער צו די טויערן פון רחמים מתפלל צו זיין פאַר איר קינד עשו, ווי רחל איז מתפלל פאַר איר קינד, דעם פאָלק ישראל״, — רוימט דער אלטער נביא איין דעם יונגן אויפן אויער.

„איך הער נישט קיין קול, וואָס זאָל ענטפערן אויף איר תפילה. ווען וועט גאָט זיך צוהערן צו איר?״

„ווען ער וועט דערפילן די הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן דער מוטער רחל, וואָרום ביידע תפילות זענען איין תפילה, די תפילה פון דער מוטער פון ישראל פאַר דעם הייליקן פון ישראל. און גאָט האָט געשטעלט א תנאי, אז איינער זאָל נישט אויסגעלייזט ווערן אָן דעם אנדערן, וואָרום עס איז נישטאָ קיין גאולה־שלמה פאַר נאָר איינעם פון זיי: די גאולה פון איינעם הענגט־אָן אָן דער גאולה פון אנדערן, און זי קאָן נאָר קומען פאַר ביידן צוגלייך. און דאָס וועט זיין באחרית־הימים, ווען עס וועט מקויים ווערן גאָט׳ס וואָרט צו מיר: ,און א ריטל וועט ארויס פון דעם שטאָם פון ישי... און ער וועט משפּטן מיט גערעכטיקייט די אָרעמע... און גערעכטיקייט וועט זיין דער אָנגורט פון זיינע לענדן... און א וואָלף וועט הויזן מיט א שעפּס, און א לעמפּערט מיט א ציקעלע וועט הויערן... און א זויגקינד וועט זיך שפּילן ביי דער נאָרע פון א שלאַנג... זיי וועלן נישט בייז טאָן און נישט פאַר־דאַרבן אויף מיין גאַנצן הייליקן באַרג. וואָרום די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט, ווי די וואַסערן וועלן באַדעקן דעם ים׳״.

„אויך צו מיר האָט גאָט געזאָגט אויף אים: ,איך האָב ארויפגעטאָן מיין גייסט אויף אים, א משפּט צו די פעלקער וועט ער ארויסלאָזן... ער וועט נישט מאַט ווערן און נישט געבראָכן ווערן, ביז ער וועט טאָן אויף

דער ערד גערעכטיקייט; און אינדזלען וועלן ווארטן אויף זיין תורה... איך, גאָט, האָב דיך גערופן אין גערעכטיקייט, און איך וועל דיין האַנט און דיך היטן, און דיך מאַכן פאַר א בונד מיט די פעלקער, פאַר א ליכט מיט די אומות; צו עפענען בלינדע אויגן, ארויסצוציען פון געפענגעניש דעם געפאַנגענעם, פון תפיסה די, וואָס זיצן אין פינצטערניש״.

„מיין נביאות און דיין נביאות זענען איין נבואה״.

„אָבער ביז יענער צייט, ביז דעם אחרית־הימים, וואָס וועט געשען?״

„עס וועלן געשען קליינע גאולות, וואָס וועלן געדויערן א צייט לאַנג. ווי דער בליץ וועלן זיי א לייכט געבן איבער דער ערד און זיך אויסלעשן. און ווידער וועלן זיך זאמלען די כוחות פון גייסט צו ברענגען א נייע גאולה. עס וועלן אלץ זיין קליינע גאולות, נאָר איטלעכע פון זיי וועט זיין א טרעפּ העכער ארויף צו דער גרויסער גאולה. און איטלעכע גאולה האָט איר פּרייז, און זי קאָן אנדערש נישט געקויפט ווערן ווי נאָר דורך צער און פּיין״.

„ריכטצייכנס, מעטעס האָט ער אויסגעשטעלט אויף דעם לאַנגן וועג צו דער גאולה, און ביי איטלעכן וועגצייכן, ביי איטלעכער מעטע האָט ער אויך געשטעלט אן עקידה. דאָס זענען די עקידות, וואָס איך האָב זיי געזען גיין פאָרויס די בני־ישראל אויף זייער וועג קיין ציון. צו וואָס אָבער די עקידות? זאָג מיר, פּאָטער, אויגן פון ישראל, דו, וואָס דו האָסט מיט דיין בליק אריינגעדרונגען אין די טיפסטע נסתרות, ביז דו האָסט דערלאַנגט צום אחרית־הימים, ווו עס וואַרט אויף אונז — ביים אויסגאַנג פון אונזער פינצטערן וועג — די ישועה, די גרויסע גאולה; און דו האָסט פון דאָרט געבראַכט דעם תכלית פון ישראל׳ס ליידן און די האָפענונג פאַר דער וועלט, דעם שר פון אייביקן שלום, וואָס וועט פירן אלע גויים צום באַרג פון ציון, — קלער מיר אויף דעם באַשייד פון די צייכנס און די חזיונות, וואָס מיין געמיט ווערט באַטריבט פון זיי און מיין אויג פאַרטונקלט. נאָר דו אליין קאָנסט מיר באַשייד געבן פון דער זאַך. אלע אנדערע וועגן האָט גאָט אָפּגעשניטן פון מיר״, — האָט דער יונגער נביא אויפגעהויבן די הענט צום עלטערן אין געבעט.

„וואָס ווילסטו וויסן, מיין זון? וואָס אַזוינס באַטריבט אזוי דיין האַרץ?״

„מאַך מיר קלאָר דעם טעם פון די יסורים, וואָס מיר באַדאַרפן צאָלן מיט זיי פאַר דער גאולה? און פאַרוואָס קומט נאָר ישראל אליין צו טראָגן, ווי א שעיר־לעזאזל, די זינד פון די גויים און אָפּקומען די שטראָף פאַר זייערע פאַרברעכן? און וואָס איז דער באַדייט פון דעם מאַן פון יסורים, וואָס גאָט האָט מיר געלאָזט זען ווי ער שטייט און וואַרט־אויס ביי די טויערן פון ירושלים, וואָס איר גאולה האלט אין קומען? און וואָס איז דער באַשייד פון די קולות, וואָס איך האָב דאָ געהערט אויסרופן אויף אים? איך האָב געזען דאָס בילד און געהערט די קולות, אָבער דער באַשייד דערפון איז פאַרמיטן פון מיר. נאָר דו אליין קאָנסט לויטערן מיין האַרץ און אויפריכטן מיין געמיט, פּאָטער נביא״.

„אויך אונז, נביאים, זענען נישט געגעבן געוואָרן אַלע סגולות. די סגולה צו פאַרשטיין גאָט׳ס דרכים איז געגעבן געוואָרן נאָר דעם, וואָס גאָט׳ס גייסט רוט אויף אים; דעם, וואָס וועט ברענגען די אייביקע גערעכטיקייט. אונז איז נאָר געגעבן געוואָרן אַן אויג, וואָס זעט, און אַן אויער, וואָס הערט, — און וואָס מיר זעען און וואָס מיר הערן, ברענגען מיר דאָס צו די, וואָס גאָט שיקט אונז צו זיי. מיר זענען גאָט׳ס קנעכט, און מיר מוזן טאָן אונזער שליחות בליינדערהייט. דאָך טייל זאַכן זענען מיר אַנטפּלעקט געוואָרן, און דאָס, וואָס איך ווייס, זאָלסטו אויך וויסן. ווייל מיין גייסט ביסט דו, און דו טראָגסט מיין וואָרט ווייטער. איך וועל דיר דערפאַר ענטפערן אויף דיין איטלעכער פראַגע באַזונדער, אויף וויפל מיר איז געגעבן געוואָרן צו פאַרשטיין און רשות צו ענטפערן.

„מיין תלמיד און נביא, ווי זיס איז דער שמייך פון דער רוט און ווי ליב איז דער שטאָך פון דער שפּיז פון גאָט׳ס כבוד וועגן! ווי גאָלד ווערט צעשמאָלצן אין דעם גלי פון פייער, אַזוי ווערט אויך דאָס האַרץ ווייך און נאָכגיביק אין דעם בראַנדפייער פון יסורים. יעטוועדער פּיין און יעטוועדער צער פון גאָט׳ס וועגן איז אַ שריט נעענטער צו אים. און ער וועט דיך איינהילן אין דעם קלייד פון חסד, און ער וועט דיך היילן מיט די זאַלבן פון ליבע. נאָר די אויסדערוויילטע זענען מסוגל צו פילן אין דעם בראַנד פון יסורים דאָס ליכט, וואָס שטראַלט־אויס פון אים. און דאָס ליכט וועט שטילן דיין ווייטיק, ווי די ליבע פון אַ מוטער, וואָס שיצט איר קינד אונטער אירע פליגל. און אויך דו האָסט שוין טועם געווען דעם האָניק פון גאָט׳ס ליבע, וואָס קומט מיט דער ביטערקייט פון צער. דיין באָרד אויסגעפּליקט מיט דער הויט פון די באַקן, דיין פּנים באַשפּיגן מיט שפּייעכץ פון די שטאָלצע, — וואָס האָסטו געפילט דערביי?"

„איטלעכער שפּיי אין מיין פּנים האָט מיך געזויבערט ווי איך וואָלט געוואַשן געוואָרן מיט די וואַסערן פון גן־עדן, און איטלעכער ברי פון צער האָט מיך באַקליידט מיט אַ קלייד פון כבוד און מיין קאָפּ באַקראַנצט מיט אַ קראַנץ פון אויסדערוויילטקייט", — ענטפערט דער יונגער נביא.

„אַזוי וועלן אַלע, וואָס ליידן פון גאָט׳ס וועגן, פון וועגן גאָט׳ס כבוד, באַקליידט ווערן מיט אַ קלייד פון כבוד און באַקרוינט ווערן מיט אַ קראַנץ פון אויסדערוויילטקייט. אויך איך האָב געפילט די זיסקייט פון פּיין אויף מיין לייב. און איך דאַנק דיר, גאָט, וואָס דו האָסט מיך מזכה געווען צו ליידן פון דיינעט וועגן. דריי יאָר בין איך, גאָט׳ס קנעכט, געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס איבער די שטיינער פון ירושלים; זומער האָט מיך געברענט די היץ, ווינטער האָט מיך געגעסן די קעלט. ווען מיין צייט איז געקומען צו גיין פון דער וועלט, האָט מנשה מיין לייב אַדורכגעזעגט מיטן בוים — פאַר מיין וואָרענען אים קעגן דעם פּסל, וואָס ער האָט געשטעלט אין גאָט׳ס הויז. פון אַ וואָלקן־שלייער האָט גאָט געוועבט מיר אַ קלייד". — דער נביא האָט אויפגעהילט זיין קלייד און געוויזן דעם שפּאַלט פון דער זעג אין זיין לעבעדיקן לייב. — „אין יסורים בין איך געלייטערט און גאַנץ

געוואָרן. אַנדערע שליחים אָן א שיעור וועט גאָט שיקן צו די מענטשן נאָך אונז, און איטלעכער פון זיי וועט טיילן אונזער גורל, וואָרום א גרויסע מלחמה פאַר גאָט וועט דער מענטש אָנפירן, א מלחמה פאַר דעם נצחון פון גוטס איבער שלעכטס, פון סדר איבער תהו־ובהו. קום און זע אליין די מלחמה, וואָס דער מענטש פירט־אָן און וועט אָנפירן פון גאָט׳ס וועגן".

דער אַלטער נביא האָט אָנגענומען דעם יונגן ביי דער האַנט און אים צוגעפירט צו א פאַרשלאָסענעם טויער אין א וואַנט, וואָס דערלאַנגט ביז צום הימל. עס איז געווען ווי זיי וואָלטן ביידע אָנגעקומען צו דעם עק וועלט.

„דו שטייסט, מיין זון, ביים טויער, וואָס שליסט־אָפּ דעם עתיד פון מענטשנס אויג. מיט דעם כוח פון נביאישן חזיון, וואָס איז דיר געגעבן, זאָלסטו אַדורכדרינגען מיט דיין בליק די פאַרשליסונג. מאַך א שפּאַלט אין טויער — און קוק אַריין און זע, וואָס עס טוט זיך דאָרט".

דער יונגער נביא האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויפן טויער, און זיין פּנים איז בלייך געוואָרן, דערשראָקן.

„וואָס זעסטו, מיין זון?"

„איך זע א תהום, אָנגעפילט מיט דעמפּיקן רויך. איין זייט תהום איז פינצטער מיט אן אָפּשרעקנדיקער פינצטערניש, די צווייטע זייט איז ליכטיק מיט א ליכט, וואָס גיסט זיך אַרויס פון א פאַרהוילענעם עק הימל. דאָס ליכט רייסט זיך אַדורכצודרינגען די פינצטערניש, ווייל זי באַוועלטיקן. אָבער פון דער זייט פון דער נאַכט ציען זיך דעמפּיקע רויכן, ווי הענט און פינגער פון שדים און רוחות, וואָס טרייבן דאָס ליכט צוריק צום פאַרהוילענעם עק הימל. איצט זע איך מענטשן... פאַרשלונגען אין דעם תהום פינצטערניש און דעמפּיקן רויך, רייסן זיי זיך אַרויסצוקומען פון דאָרט, פרייצומאַכן זיך פון די שטריק פון דער נאַכט, וואָס האַלטן זיי געבונדן. איך זע, געשטאַלטן פון מענטשן וויקלען זיך אַרויס פון די קנוילן רויך, איך זע זייערע גלידער, זייערע קעפּ אַרויסהויבן זיך פון דעם תהום פינצטערניש... אַנדערע געשטאַלטן פאַרמירן זיך פון דעם רויך, געשטאַלטן פון חיות־רעות, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געזען. די חיות־רעות פאַרשלינגען די מענטשן, שלעפּן זיי צוריק אין דעם פינצטערן תהום אַריין. עס זעט מיר אויס ווי א מלחמה וואָלט אָנגעגאַנגען צווישן ליכט און פינצטערניש, צווישן גוטס און שלעכטס. דאָס זע איך אין דעם מויל פון עתיד".

„האָסט גוט געזען, מיין זון", — זאָגט דער אַלטער נביא. — „זאָלסט וויסן זיין, אַז דו האָסט אַריינגעקוקט אין דעם מויל פון תנין, וואָס האָט געהאַלטן דעם עתיד. גאָט האָט געשפּאָלטן דעם תנין און געמאַכט א צווישנשייד צווישן די וואַסערן פון אויבן און די וואַסערן פון אונטן, און דאָרט, צווישן די וואַסערן, אויסגעשפּרייט זיין באַשאַף. עס שטעקט נאָך דער עתיד אין דעם מויל פון תנין, — דער תנין איז אין אונז. זיינע דעמפּיקע רויכן וויקלען אַרום אונזערע הערצער, פאַרנעפּלען אונזערע אויגן. וואָרום די וועלט איז ערשט א טאָג אַלט, דער מענטש — א הרף־עין. ער

שטעקט נאָך, דער מענטש, אין דעם תהום פון תנינ׳ס מויל, פארזונקען אין א תהו־ובהו פון דעמפיקן רויך. ער מיט זיך דאַרף זיך פרייצומאכן, זיך אויסצוּוויקלען פון די קנוילן רויך. און דערפאר האָט גאָט אוועקגעשטעלט מעטעס, ריכטצייכנס אויף דעם מענטשנס לאַנגן וועג צו שלמות״.

„גאָט האָט אזוי ליב געהאט דעם מענטשן, אז ער האָט אים אויסגעטיילט פון זיין גאנצער יצירה און אים געגעבן די ברירה אויסצוקלייבן צווישן גוטס און שלעכטס, כדי דער מענטש זאָל ווערן א שותף מיט גאָט אין ברענגען סדר אין דעם תהו־ובהו. ער לאָזט אים אליין ארויסהויבן זיין אייגענעם הימל און ערד פון דעם מויל פון תנין, ווי גאָט האָט ארויסגעהויבן דעם הימל און די ערד אין דער וועלט און געמאכט דאָס פאר זיין באַשאַף. דאָס איז דער טעם פאר די יסורים, וואָס עס שטייט־אויס דער גערעכטער. דער גערעכטער פירט די מלחמה מיט דעם תנין נישט פאר זיך, נאָר פאר זיין ברודער־מענטש, און צאָלט מיט בלוט און אַנגסטן פאר איטלעכן שפּאַן סדר, וואָס ער רייסט־ארויס פון די ציין און קרעלן פון דער חיה תהו־ובהו, — און איטלעכער שפּאַן סדר איז א שפּאַן אויפן וועג צו שלמות, א טרעפּ העכער צו דער גרויסער גאולה״.

„מיין פאָטער און וועגווייזער, האָסט מיר געעפנט די אויגן צו זען און פארשטיין די יסורים פון צדיק. פארוואָס אָבער קומט ישראל גאנצע ניין מאָס פון דעם צער, וואָס גאָט האָט געשיקט אויף דער וועלט ? פאַרוואָס זאָל יעקב אליין מוזן צאָלן דעם פולן אָפּצאָל פאר די זינד פון זיין ברודער עשו ?״

„וויסן זאָלסטו וויסן זיין, אז וואָס דער צדיק איז צווישן מענטשן, איז ישראל צווישן די אומות. מיטן אייגענעם ווילן האָט יעקב איבערגענומען די בכורה, וואָס עשו האָט זי אים אוועקגעגעבן פאר א טאָפּ לינדזן, און מיט דעם האָט ער אויך איבערגענומען דאָס אחריות פאר עשו׳ן. ער, יעקב, איז געוואָרן דער טרעגער פון די זכויות, וואָס זענען געגעבן געוואָרן די אבות, און עשו איז געבליבן אין דרויסן. אָן זכויות, איז עשו אויך אויסגעלאָשן פון דעם בונד, וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיט אברהמ׳ען. און אזוי ווי דאָס גאַנצע אחריות און דער גאנצער עול פון די חוקים און משפטים פאלן אויף יעקב׳ן אליין, קאָן, בכן, זיין גאולה קומען ערשט דענסמאָל, ווען עשו וועט אריינגענומען ווערן אין גאָטס בונד מיט אברהמ׳ען, נישט פריער. פאר עשו׳ס זינד וועט יעקב געפייניקט ווערן ביז דער גאולה, פארשעמט און פאראכט וועט ער זיין צווישן די פעלקער, — און די פעלקער וועלן מיינען, אז אייביק וועט ער בלאָנדזשען אין דער פינצטער און נישט זען קיין ליכט״. — און דער אלטער נביא האָט אויפגעהויבן דאָס קול און אויסגערופן : „דאָס פאָלק, וואָס איז געגאנגען אין פינצטערניש, האָט דערזען א גרויס ליכטיקייט ; די, וואָס זענען געזעסן אין לאנד פון טויטשאָטן, אויף זיי האָט א ליכטיקייט געשיינט״.

„ווי אזוי אָבער וועט ישראל זיין בכוח אריבערצוטראָגן די יסורים ? ער איז דאָך נישט מער ווי א בשר־ודם״.

„דער איינציקער זון פון ישראל איז א בשר־ודם, דאָס גאנצע פאָלק איז א טייל פון גאָט׳ס גייסט. הונדערט מאָל וועט ער שטארבן מיט אלע מיניִם טויטן, און הונדערט מאָל וועט ער אויפשטיין תחיית־המתים. וואָרום ישראל קאָן קיינמאָל נישט אונטערגיין. און ווען די גויים וועלן מיינען, אז זיי האָבן שוין אונטערגעהאקט דעם גאנצן בוים, וועט פון דעם לעצטן וואָרצל־ריטל אויסוואַקסן א מעכטיקער בוים, וואָס וועט זיך פארוואָרצלען טיף אין דער ערד פון גאָט, און זיינע צווייגן וועלן זיך אויסשפרייטן און זיך אויסברייטערן, און אונטער זיין שאָטן וועלן זיך פעלקער פארזאמלען און געניסן פון זיינע פירות. וואָרום גאָט האָט אויפגעהויבן זיין רעכטע האַנט און געשווירן: ,ישראל וועט קיינמאָל נישט אונטערגיין. אנדערע פעלקער וועל איך פארניכטן, דיך וועל איך שטראָפן, אָבער פארניכטן וועל איך דיך קיינמאָל נישט פארניכטן׳. וואָרום ישראל איז דער וואָרצל פון גאולה, וואָס גאָט האָט פארפלאנצט פאר דער דער האָפענונג פון דער וועלט״.

„אָ, פאָטער פון די נביאים, זיי געלויבט און זיי געבענטשט פאר די ווערטער פון נחמה, וואָס היילן מיין ווייטיקדיק הארץ. וואָס איז אָבער דער באשייד פון דעם מאַן פון יסורים, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן ביים אויסגאנג פון מדבר, פאר די טויערן פון ציון, וואָס זיין אָנבליק איז נישט פון קיין מענטשן, נאָר פון א פאַרוואָרפענעם שפראָץ, וואָס מענטשן פאר־אַכטן ?״

„אָ, מיין זון, גאָט האָט אויפגעעפנט דיינע אויגן און האָט דיר געוויזן דעם שפּראָץ, וואָס וועט ארויסוואקסן פון דעם וואָרצל. דו האָסט געזען דעם צווייג פון ישי״.

„דעם מאַן פון יסורים, אויסגעמיטן פון מענטשן״.

„דאָס ליידנדיקע הארץ פון ישראל, און די האָפענונג פון דער וועלט, וואָס גייט זיי פאַרויס, קיין ציון צוריק״.

„דער מאַן פון יסורים ?״

„דער פרייז פון דער גאולה, דער שוואָם, וואָס זאַפּט אין זיך איין דאָס ליידן פון ישראל און פון דער וועלט״.

„ווער איז ער ?״

„דער, וואָס דו און איך האָבן אים געבראכט, א טרייסט און א שכר פאר ישראל, און א ישועה פאר דער וועלט״.

„וואָס איז דער טעם פון זיין ליידן ?״

„ער איז דאָס הארץ פון אלע צדיקים, וואָרום ער איז דאָס הארץ פון דער גערעכטיקייט. ער איז דאָס הארץ פון אלע, וואָס בענקען און שטרעבן נאָך דער גאולה, ווייל ער איז דאָס הארץ פון דער גאולה. און ווי אלע אָדערן אין דעם מענטשן ציען זיך און קומען צום הארץ, וואָס פון אים זויגן זיי זייער יניקה, אזוי גייען דורך אים, דורך דעם מאַן פון יסורים, אָדורך אלע ווייטיקן און אלע יסורים פון די, וואָס ליידן פאר גערעכטיקייט, און פון אלע, וואָס ליידן פאר דער גאולה. וואָרום נישט ישראל אליין וועט צאָלן דעם פולן אָפּצאָל פאר דעם אויסלייז, נאָר פיל אנדערע פון די פעל־

קער, וואָס וועלן בענקען און דאָרשטן נאָך דער גאולה. אַלע ווייטיקן פון די אַלע, וואָס לעכצן נאָך דער גאולה, וועלן אדורכגיין דורך די אָדערן פון זיין האַרץ און אויף זיין לייב געשלאָגן ווערן. קום און זע און הער דאָס געוויין, וואָס די וועלט וועט צאַלן מיט דעם פאַר איר אויסלייז".

דער אַלטער נביא האָט אָנגענומען דעם יונגן ביי דער האַנט און אים צוגעפירט צו אַ שטילן טייך. שטיל און בנעימות'דיק האָט געריזלט דער טייך צווישן שורות טרויער־ווערבעס אויף זיינע ברעגן, פאַרלירנדיק זיך אין דער ווייט אין אַ פלאַמיקן וואַלד, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט אויף דעם הינטערגרונט פון גאָלד־באַגאָסענעם האָריזאָנט, מיט אַ רויטן שימער אָפּגעוואָרפן פון די פלאַמען פון וואַלד אויף זיין וואַסער־פלאַך.

„הער דיך צו צו דעם שטילן רוישן פון די וואַסער־וועלן און זאָג מיר וואָס עס פאַרנעמען דיינע אויערן".

„איך הער אַ קרעכצן, וואָס צעברעכט דאָס האַרץ. עס איז אַ קרעכצן ווי פון אַלטע לייט, וואָס וואָלטן געזעסן געבונדענע אויפן ברעג טייך. איך הער אַ יללה'דיק געוויין ווי פון מוטערס און אַ שטיל מיד וויינען פון געפּייניקטע קינדער".

„האָסט גוט געהערט, מיין זון. דו שטייסט ביים טייך, וואָס עס ווערן אין אים אויפגעזאַמלט די טרערן פון די אַלע, וואָס טרויערן אויף ציון, פון די אַלע, וואָס ליידן און וויינען פאַר דער גאולה, טרערן סיי פון יידן, סיי פון אַנדערע פעלקער. אַלע טרערן פון די געפּייניקטע ווערן געזאַמלט, ווי פּערל, אין דעם טייך, אַלע קרעכצן זינקען אַריין אין אים. דער טייך גיסט זיך אדורך דעם ברענענדיקן וואַלד, לויפט פאַרביי דעם כסא־הכבוד, און אויך גאָט'ס טרערן איבער די לייד פון זיינע הייליקע פאַלן אין אים אַריין. איצט קוק דיך טיף אין דעם וואַסער איין און זאָג מיר, וואָס זעסטו דאָרט".

דער נביא האָט זיך איינגעקבערט מיטן בליק אין דעם וואַסער. ער האָט אָבער באַלד אָוועקגעכאַפּט פון דאָרט די אויגן און זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיטן מאַנטל.

„פאָטער, מיינע אויגן קאָנען דאָס נישט זען", — וויינט דער נביא אין זיין מאַנטל.

„קוק און זע ביז צום גרונט. דערגרונטעוועון מוזטו מיטן בליק דעם טרערן־טייך, אַז דו זאָלסט קאָנען פאַרנעמען און פאַרשטיין דעם גאַנצן באַדייט פון די ווערטער, וואָס גאָט טוט אין דיין מויל אַריין, אויב דו ווילסט זיין אַ נביא אין ישראל", — האָט דער אַלטער נביא באַפוילן.

דער יונגער נביא האָט זיך ווידער איינגעקבערט אין טייך אַריין. דאָס פּנים איז אים באַלד פאַרגאָסן געוואָרן מיט קאַלטע אַנגסטן און דאָס גאַנצע לייב זיינס האָט געציטערט און געפּיבערט פאַר דער שרעקלעכקייט, וואָס ער האָט געזען. דאָך האָט ער דאָסמאָל נישט אָוועקגענומען די אויגן.

„וואָס זעסטו, מיין זון?"

„עס איז אַ טייך פון בלוט, רויט און קאָכעדיק. איך זע בלוט ריבען

פון טויזנטער לייבער, וואָס גיסט זיך אין טייך אריין. דאָס בלוט פון קינ־דערשע העלדזער און דאָס בלוט פון פאַרפייניקטע זקנים, דאָס בלוט פון מוטערס און דאָס בלוט פון קינדער אויסגעמישט אינאיינעם. איך זע לייבער אָן א שיעור, פאַרפייניקטע, אין קאַנוווּלסיע צאַפּלדיקע אויף שתי־וערב׳ס. זייערע אָדערן פּלאַצן פון אָנגעשפּאַנטקייט, און זייערע קרעכצן ווערן פאַר־שריגן אין געלעכטער. איך זע לייבער, געבונדענע אָן קלעצער, מיט פלאַמען, וואָס גייען־אויף פון שייטערפייערן, און זייערע תפילות ווערן דערשטיקט אין פאַלשע פרומע געזאַנגען. עס איז א טייך פון טרערן, עס איז א טייך פון פלאַקערדיקן בלוט, וואָס גיסט זיך פון טויזנטער ווונדן און פילט אים אָן איבער אלע זיינע ברעגן״.

„דאָס איז דער טייך פון דעם בלוט און די טרערן, וואָס עס ווערט פאַרגאָסן פאַר דער גאולה. איטלעכער טראָפּן ווערט פון גאָט געזאַמלט. ווי טיף דאָס רשעות, אזוי טיף די גאולה. ווי גרויס דער פאַרברעך, אזוי גרויס דער קרבן. אלע אָדערן פון די קדושים ציען זיך דורך דעם הארץ פון ישראל. יעטוועדער צער, יעטוועדער פּיין גייט דורך אים אדורך. יעטוועדער פאַרברעך שלאָגט א בייל און יעטוועדער עוולה עפנט־אויף א ריץ אין זיין לייב. דורך די אָפענע ווונדן גיסט זיך דאָס בלוט פון די קדושים ארויס, און עס שרייט ארויס דאָס געשריי פון דער גאולה, וואָרום ער איז דאָס הארץ פון דער גאולה, וואָס אלע לייד און ווייטיקן קומען זיך דאָרט צונויף. און ער שטאַרבט איטלעכן טאָג דורך די הענט פון די רשעים, און ער שטייט־אויף תחית־המתים, וואָרום ווי יצחק ליגט ער געבונדן אויף דער עקידה, גרייט צום טויט, נאָר גאָט וועט אים קיינמאָל נישט באַוויליקן; ער איז ישראל, וואָס גאָט האָט געוויזן משה׳ן אין דעם ברענענדיקן דאָרן, אין דעם סנה, וואָס ברענט און ברענט און וועט קיינמאָל נישט פאַרלענדט ווערן. ער איז דער אייביקער ישראל, וואָס גאָט היט אים אָפּ און באַהאלט אים אויס פאַר דער רעטונג פון דער וועלט״.

„אָ, נביא, ווען וועט דאָך נעמען א סוף צו זיין ליידן? ווען וועט דאָס פייער פון דעם סנה דאָך אויפהערן?״

„דאָס ליידן פון ישראל און פון אלע צדיקים וועט אויפהערן, ווען עס וועט אויפהערן דאָס שלעכטס, ווען דאָס רשעות וועט שטאַרבן, און גאָט אליין וועט קיניגן איבער דער וועלט, און אלע מענטשן וועלן ברידער זיין. אזוי ווי גאָט האָט געזאָגט צו מיר: ער וועט פאַרטיליקן דעם טויט אויף אייביק, און גאָט דער האַר וועט אָפּווישן די טרער פון איטלעכן פנים, און די שאַנד פון זיין פאָלק וועט ער אָפּטאָן פון דער גאַנצער ערד, וואָרום גאָט האָט גערעדט״.

„אָ, פאָטער נביא, דו האָסט מיר געוויזן דעם בלוטיקן וועג צו דער גאולה, לאָז מיך איצט זען איין שימער, איין גלי פון דעם ליכט פון דער גאולה״.

„גיי נאָך דעם שטראָם פון טייך. בויער זיך איין מיט דיין זעעדישן אויג אין זיין לויף און זע וווהין עס פירט זיין וועג״.

און דער נביא האָט נאָכגעפאָלגט דעם לויף פון טייך, און זיין זעעריש אויג האָט אים געפירט צום פייערדיקן האָריזאָנט, וווּ דער טייך שפּאַלט אַדורך דעם ברענענדיקן וואַלד און ווערט אין אים פאַרלוירן. און ער איז אריינגעדרונגען מיטן בליק אויף יענער זייט וואַלד, און ער האָט געזען ווי די קאַריטע פון טייך שפּרייט זיך צווישן גרינגראָזיקע לאַנקעס, און דאָס וואַסער פון טייך ווערט לויטער, דורכזיכטיק קלאָר. און די חיות פון מדבר קומען צו גיין צו זיין ברעג און הויערן צוזאַמען אין שלום און טרינקען פון זיינע וואַסערן. און מיטאַמאָל האָט דער נביא אים דערקענט: דער זעלבער טייך, וואָס שניידט זיך אַדורך דורך דעם מדבר, דער טייך, וואָס גאָט האָט אים געוויזן אַזוי פיל מאָל אין זיין חזיון פון שיבת־ציון. און ביי די ברעגן פון טייך, זעט ער איצט, גייען־אויף די גולי־בבל, און מיט זיי זענען אַנדערע גולים פון אַלע גלות׳ן. נישט צו ציילן זענען די מחנות גולים, וואָס ציען, ציען אויף ביידע זייטן טייך. און דער טייך הויבט זיך, הויבט זיך צו די וואָלקנס פון הימל. און מיטאַמאָל דערזעט ער, דער טייך מיט די עולים גרייכן צו די הויכן. ער קומט־אָן צום העכסטן באַרג, ער איז אויף דעם שפּיץ פון דער וועלט, און פון דעם באַרג זעט ער אין דער נידער גרינע טאָלן, וואָס פאַרלירן זיך ווייט אויפן האָריזאָנט. און איבער די פלאַכן און די שפּועים פון די בערג גייען מענטשן. זיי דעקן־צו די אויסשפּרייטן פון די טאָלן, גרייכן ביז צום שפּיץ באַרג. און כּהרף־עין דערזעט ער, אין די הימלען איבער דעם באַרג פלאַקערן זיילן פון א בית־המקדש. און אָפּענער, אָן א קאָפּדעק שטייט דער בית־המקדש, — דער הימל, וואָס ברענט מיט א ווייסן חשמל־ליכט, דינט אים פאַר א קופּאָל. די גאַנצע ערד אונטער אים הענגט אין דער לופטן.

און דער נביא האָט געזען ווי די אַלע פלאַכן און שפּועים פון די בערג זענען באַדעקט מיט מחנות מענטשן, וועלכע קומען אַרויס פון דעם אומקרייז פון האָריזאָנט און גייען אויף מיט געזאַנג צום שפּיץ באַרג, צום חשמל־ברענענדיקן בית־המקדש, און זיי זינגען און זיי זאָגן:

„קומט, און לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון יהוה,
צו דעם הויז פון דעם גאָט פון יעקב.
און ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגן,
און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן.
וואָרום פון ציון וועט אַרויסגיין א תורה,
און גאָט׳ס וואָרט פון ירושלים״.

דאָס האָט געדויערט א הרף־עין. באַלד האָבן די פאָרהאַנגען זיך צונויפגערוקט, און דער יונגער ישעיה איז געבליבן מיט דעם אַלטן ישעיה׳ן שטיין ביי דעם דרויסנדיקן טויער, וואָס האָט דעם עתיד אָפּגעשלאָסן פון זיי.

„אָ, פאָטער, איך האָב געזען דיין חזיון!״ — רופט אויס דער יונגער נביא.

„און אויך דיין חזיון, מיין זון, האָסטו געזען, וואָרום מיין חזיון און דיין חזיון זענען איין חזיון. עס איז דער חזיון פון די אַלע, וואָס טרויערן

אויף ציון און ווייטיקן פאַר דער גאולה און האָפן אויף דער ישועה. אין איטלעכן דור וועט ער גע'חלומ'ט ווערן. איין דור וועט אים איבערגעבן דעם אנדערן, ביז עס וועט לסוף מקויים ווערן די הבטחה, וואָס גאָט האָט געגעבן דעם פאָלק ישראל, און די האָפענונג פון דער וועלט, אז אלע שווערדן וועלן געשמידט ווערן אויף אקעראייזנס, די שפּיזן — אויף צווייג־מעסערס, און א פאָלק קעגן א פאָלק וועט נישט הויבן א שווערד, און מען וועט נישט מער לערנען מלחמה; זיי וועלן נישט בייז טאָן און נישט פאַר־חאַרבן אויף מיין גאנצן הייליקן בארג, וואָרום די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט, ווי די וואסערן באדעקן דעם ים".

# קאַפּיטל ניין

און דאָך, גלייך א מעכטיקע האַנט וואָלט זיי אָנגענומען ביי די האָר פון קאָפּ און זיי עוקר־געווען פון די איינגעזעסענע ישובים, זענען זיי געקומען אָנצוציען פון אלע פיר עקן פון מדינת בבל, פון אלע עקן און ווינקלען, ווו זיי זענען נאָר געווען פאַרוואָרפן. זיי זענען געקומען מיט זייערע ווייבער, קינדער, קנעכט און דינסטן, מיט זייער ביסל האָב און גוטס, פי און בהמות, צו דעם פּאַלאַץ פון די פּרינצן פון יהודה, וואָס די גולי־בבל האָבן זיך געקליבן אויפצוגיין פון דאָרט מיטן נשיא ששבצר קיין יהודה, צוריק צו זייער מולדת. זיי האָבן זיך גאַרנישט געמאכט הערויס, וואָס כורש האָט דערקלערט בל־מרודכ׳ן, נישט יהוה׳ן, פאַר דעם גאָט, וואָס האָט אים געבראכט קיין בבל צו באפרייען די פעלקער. זיי האָבן איגנאָ־ רירט אינגאנצן די דערקלערונג. זיי האָבן געגלויבט באמונה־שלמה דעם נביא׳ס רייד אז דאָס האָט יהוה געבראכט כורש׳ן קיין בבל צו באפרייען זיין פאָלק — און נישט קיין אנדערער. דאָס איז דער אמת, און דאָס איז דער עיקר.

עס איז געווען ווי די ווערטער פון נביא וואָלטן אריינגעגאנגען אין זייערע הערצער אריין ווי א זאָמען פון טרייסט, האָבן דאָרט אויפגעשפּראָצט און צייטיק געוואָרן אין א פרוכט פון אמונה און בטחון אין דעם גאָט פון ישראל, אין א בייעם בונד מיט גאָט, וואָס האָט אויסגעפּלאַסטערט פאַר זיי דעם וועג צוריק מיט וויזיעס פון א הערלעכן עתיד. און זיי זענען אויפ־ געגאנגען מיט געזאנג און פרייד.

עס האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּוואנדערן די בבל׳ער צו זען טאָג נאָך טאָג גרויסע פּאַרטיעס עברים, ווי זיי קומען אָן פון אלע וועגן און שטעגן ארום דער שטאָט, לאנדן פון שיפלעך אויף די ברעגן פון די קאַנאַלן, שפּרייטן זיך אויס און גיסן זיך אריין אין די גאסן, אין די מאַרקפּלעצער, אין די באזארן פון בבל. מען האָט זיי געזען אדורכציען מיט די רעשטן פון זייער האָב און גוטס, מיט פּעק קליידער, כלים, קערב און קרוגן, אָנגעלאָדן אויף די רוקנס פון זייערע אייזלען, מוילאייזלען, קעמלען, ווי אויך אויף די אייגענע פּלייצעס. טייל משפחות האָבן געפירט מיט זיך שקלאַפן און שקלאַפינס, באלאָדענע ווי לאַסט־חיות. אנדערע משפחות און גרופּן לאנדסלייט האָבן אריינגעצויגן קיין בבל אין א פּאַראַד־מאַרש, מיט געזאנג און שפּיל פון אייגענע זינגער און שפּילער אויף פייפלעך. אזא אָנגעלויף פון א המון עברים, זייער אויפשלאָגן געצעלטן אין דעם הויף פון דעם פּרינצן־פּאַלאַץ אויף דער פּראָצעסיע־גאַס, ווי זייער לאַגערן אין די אלע געסלעך און ליידיקע פּלעצער ארום דעם פּאַלאַץ, האָט געמוזט ארויס־

רופאן גרויס נייגיר ביי דער בבל'ער באפעלקערונג. מען האָט געוווּסט, אַז די עולי־ציון לאָזן איבער נאָך זיך אלטגעזעסענע נחלאות, קולטיווירטע פעלדער און גערטנער. נישט ווייניק פון זיי האָבן געמוזט מצליח־זיין אין גלות, וואָס עס איז געווען צו זען פון די שקלאפן, וואָס זיי האָבן געפירט מיט זיך, פון דער שווערער לאָדונג פון זילבערנע און גאָלדענע כלים, פון די בערג געפאַרבטע שטאָפן, פעק לייוונט, באַלן וואָל, פון די קערב אָן א צאָל, פול געפאַקט מיט שטוב־זאַכן; פון די אייזלען, באַלאָדענע מיט קרוגן גוטע איילן. מען האָט געוווּסט, אז צווישן די עולים זענען פאַראַן לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן פאַרלאָזט ישובים פון שטעטלעך און דערפער, קאָלאָניעס, רייך מיט דער שפע פון פרוכטיקער ערד, און זיי לאָזן זיך אויף גאָט'ס באַראָט אין דעם ווייטן וועג אריין, דורך דעם לאַנגן מדבר, צוריק צו זייער חרוב'דיק לאַנד, וואָס איז ארומגערינגלט און אפילו טיילווייז באַזעצט פון פייַנטלעכע שכנישע פעלקער. מען האָט געוווּסט פון דעם קאַמף, וואָס עס שטייט זיי פאָר צו פירן סיי מיט זייער אייגענער ערד, וועלכע איז באַרגיק, שטיינערדיק און אָרעם אין וואַסער, וואָס זיי קליַיבן זי פונדעסטוועגן בעסער אויס איידער די פרוכטיקע פעלדער, אַדורכגעשניטענע מיט באַכן קוועלעדיק וואַסער; סיי מיט זייערע נישט־פאַרגינעדישע שכנים, וועלכע האָבן זיך אריבערגעכאַפּט אריבער דער גרענעץ און פאַרכאַפּט פאַר זיך די נחלאות, ווען זייערע בעלי־בתים זענען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות. און דאָך, זעט די פרייד, זעט די באַגייסטערונג, זעט דאָס ציטערן און פלאַטערן פון די עולים אין זייער אייפער אויפצווייזן זייער שטאַם, זייער שלשלת־היוחסין. וואָרום נישט אַלע ווערן צוגעלאָזט צו דער עליה. א שטרענגע קאָנטראָל איז איינגעפירט ביים נשיא. עס איז געלייגט אויף די זקנים און די כהנים, אויף די עלטסטע אין דער קהילה אונטערצוזוכן איטלעכע משפחה און איטלעכע לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע מעלדעט זיך פאַר דער עליה, צי שטאַמען זיי ריכטיק אָפּ פון די בני־ישראל און צו וועלכן שבט זיי געהערן. און נאָר די, וואָס זענען ביכולת צו באַשטעטיקן זייער שטאַם דורך א יחוס־בריוו, ווערן צוגעלאָזט צו דער עליה.

וואָס איז דער כוח, וואָס טרייבט זיי צו ברענגען יעטווידן קרבן, פאַרבלענדט זיי פון צו זען יעטווידע שטרויכלונג, וואָס זיי טרעפן־אָן אויף זייער וועג, מאַכט גרינג פאַר זיי יעטווידן פרייז, וואָס זיי האָבן צו צאָלן פאַר דער עליה? נישט אנדערש, נאָר די ווערטער פון נביא, וואָס ער האָט פאַרזייט אין זייער הארץ, האָבן געשאַפן אין זיי אזא גייסט, וואָס פאַרוואַנדלט זיי אין קנעכט פון גאָט, גרייטע צו טאָן דאָס שליחות, וואָס גאָט האָט באַשטימט, צי מיט אָדער אָן זייער אייגענעם ווילן. און דער דראַנג נאָך דעם שליחות איז דער דאָרשט נאָך דער גאולה, וואָס פאַרקערט דעם מדבר, וואָס זיי וועלן דאַרפן אַדורכגיין, אין א גן־עדן און דאָס לאַנד — אין דעם באַרג פון גאָט.

—*—

דער נביא, אָבער, וואָס האָט געטראָגן אין זיך און איבערגעגעבן אין

זיינע נביאישע ווערטער דעם חזיון פון דער גאולה, ער איז געשטאַנען אין דרויסן.

דער נביא איז ארויסגעקומען פון זיין חלום, אזוי ווי ער אליין וואָלט געווען דער מאן פון יסורים, וואָס ער האָט געזען, און ער איז צוריק געהיילט געוואָרן. אויך פאַר אים, אזוי ווי פאַר זיין פאָטער, דעם נביא ישעיה, האָט גאָט געוועבט א קלייד פון א לייכטנדיקן וואָלקן־שלייער און האָט איינגע־הילט אין דעם זיין צעביילט לייב. אָבער הינטער דעם וואָלקן־קלייד איז זיין לייב געבליבן צעזעגט אויף צוויי. דער גורל פון ישראל'ס באשטימט־קייט, דער בלוטיקער וועג, וואָס שטייט אים פאַר פאַר זיין שליחות, האָט אים אליין נישט געגעבן קיין מנוחה. ער האָט נישט געקאָנט שלום מאכן מיט דעם געדאַנק, אז ישראל גייט צוריק קיין יהודה צו זיין דער קרבן אויף דער עקידה, וועלכע גייט אים פאַרויס, ווי ער, דער נביא, האָט דאָס אזוי פיל מאָל געזען אין זיינע חזיונות.

דענסמאָל איז געקומען צו אים זרובבל, וועלכער האָט נישט אָפּגעטאָן זיין אויג פון דעם נביא, און האָט אויסגערופן צו אים:

„שטיי־אויף און קום ארויס און זע, וואָס גאָט האָט געטאָן צו זיין פאָלק. עס זענען מקויים געוואָרן דיינע רייד! נישט אנדערש, נאָר מלאכים פון הימל קומען און ברענגען זיי אויף זייערע פליגל און זאמלען זיי איין צו גיין צוריק אין זייער לאנד אריין".

דער נביא האָט זיך אויפגעהויבן און איז ארויסגעגאנגען צו זיי, און ער האָט זיי געזען לאגערן ארום דעם הויף פון דעם פּרינצן־פּאַלאַץ. און ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און ער האָט געזוכט דעם צייכן, וואָס ער האָט געזען תמיד פאַרויסגיין פאַר זיי, דעם צייכן פון דער עקידה. נאָר דער צייכן פון דער עקידה איז שוין מער נישט געווען, אויך קיין שום אנדער צייכן, וואָס זאָל אָנזאָגן אויף דעםליידנס־וועג, וואָס שטייט זיי פאָר, איז נישט געווען צו זען. אין דער זייט פון מערב, וווּ עס ליגט דער וועג קיין ציון און ירושלים, איז געווען צו זען דעם פלאַמפייער פון דער אונטערגייענדיקער זון. דער גאנצער מערבדיקער הימל איז פארפלייצט געוואָרן מיט א ים חשמל־ליכט, און אין דעם ים איז געשווומען א פייער־דיקער בית־המקדש, וואָס איז באשטאנען פון פיר מעכטיקע בליציקע זיילן, און דער קאָפּבאַדעק פון בית־המקדש איז געווען א קופּאָל פון פייערדיקן חשמל. עס איז געווען דאָס אייגענע בילד ווי אין דעם חזיון, וואָס דער אלטער נביא האָט אים געוויזן. און איבער דעם פאנטאסטישן בית־המקדש איז געהאָנגען דער צייכן פון נח'ס וואסערן, דער זיבן־קאָליר־עדיקער רעגנבויגן, דער צייכן פון סליחה און מחילה. און פון דעם פייערדיקן חשמל־ים, וואָס האָט פארפלייצט דעם מערבדיקן האָריזאָנט, האָבן זיך געטראָגן צו אים קולות פון געזאנג, וואָס זענען אויפגעגאנגען פון פיל פעלקער, ווי דאָס רוישן פון פיל וואסערן. און ער האָט געקאָנט דייטלעך הערן זייערע ווערטער, ווי זיי זינגען און רופן, די אייגענע ווערטער, וואָס ער האָט געהאט אין זיין פריערדיקן חזיון:

„קומט, און לאָמיר ארויפגיין צום בארג פון יהוה,
צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב.
און ער וועט אונדז לערנען פון זיינע וועגן,
און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן.
וואָרום פון ציון וועט ארויסגיין א תורה,
און גאָט׳ס וואָרט פון ירושלים״.

און עס איז געקומען איבער אים דאָס נביאות. עס איז געווען ווי א מעכטיקע האנט וואָלט אים באפאלן און מיט געוואלט אָנגעטאָן אויף זיין גייסט און אויף זיין מויל דעם געשפּאַן פון נביא, און ער האָט אויסגערופן: „איך זע, איך זע!״ —

„אייך פּאָרויס גייט יהוה,
און אייך נאָכבאַגלייט דער גאָט פון ישראל״.

און א נייער גייסט איז ארייגעקומען אין נביא. און ווידער האָבן זיך אויפגעעפנט ביי אים די אויגן, און ער האָט געזען:

ער געפינט זיך ווידער אויף דעם אָרט פאר די טויערן פון ירושלים, ביים אויסגאנג פון מדבר, אויף דעם הוילן מדבר׳דיקן בארג, ווו ער האָט פריער געזען ארויסשפּראָצן פון דער ערד דאָס ריטל, וואָס עס איז אויפגעשטאַנען דערפון דער מאן פון יסורים. נאָר דאָסמאָל איז דער בארג אין מדבר נישט געווען נאקעט ווי אן אויסגעקראָכענער קאָפּ, נאָר א שפּריי־רעגן האָט נאָרוואָס געהאט באדעקט מיט טויאיקער פרישקייט דאָס פּנים פון דער ערד, האָט אָפּגעוואשן דאָס שטיינערדיקע מדבר־פּנים פון דעם בארג, די גאנצע ערד ארום. א געשפּרייט פון יונג־גראָז האָט צוגעדעקט דעם בארג און די גאנצע הוילע שטיינערדיקע וועלט ארום. נאָך ברענען אין חשמל־פייער די הרי־מואב ביים דעם עק וועלט, ווי זיי וואָלטן געווען די טויערן צום הימל, אָבער די וועלט, צופוסנס פון די בערג, איז באקליידט מיט א טלית פון גרינס, ווי מיט א קלייד פון חסד און רחמים. א באפרייאונג איז געקומען איבער דער וועלט, ווי א פריילאָזונג פון א שווערער קללה, וואָס האָט געדריקט אויף איר פאר א שווערער זינד. א טרייסטונג אין דער לופט, ווי גאָט וואָלט אָפּגעווישט נישט נאָר די טרערן פון איטלעכן פּנים, נאָר אויך די טרערן פון דער ערד. ווי א קינד, וואָס איז נאָרוואָס איינגעשטילט און געטרייסט געוואָרן פון דעם צארטן אָנריר פון דער מוטערס האנט, און ווי א קינד, וואָס איז ערשט געבוירן געוואָרן — אומבאפלעקט, באדעקט מיט דעם טוי פון הימל, האָט דער גאנצער ארום גערוט פאר אים אין טיפער שלווה.

דער ריינער גראָזיקער בארג, מוכן־ומזומן אויפצונעמען די שאָף און די בייזע חיות, וואָס וועלן הויערן אויף אים באַנאַנד, איז פארקערט געוואָרן אין יענעם הייליקן בארג, וואָס „זיי וועלן נישט בייז טאָן און נישט פאַרדאַרבן אויף אים, וואָרום די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט,

ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים״, אַזוי ווי ישעיה־הנביא האָט געזען אין זיין חזיון. ער שטייט, דער באַרג, און וואַרט אויף דעם ריטל, וואָס וועט אַרויס פון ישי׳ס גזע, אויף דעם צווייג, וואָס וועט שפּראָצן פון זיינע וואָרצלען. דער באַרג איז אַרונטערגעקומען פון הימל און האָט זיך אויסגעשפּרייט ביי די טויערן פון ירושלים, ביים אויסגאַנג פון מדבר, גרייט אויפצונעמען די עברים, וואָס קערן זיך אום צוריק פון בבל. אָט זעט ער זיי גיין. פון אַלע עקן וועלט קומען זיי אָן, ווי שטראָמען פריש קוועלנדיק וואַסער. זיי קומען אַרויס פון די טאָלן און גייען־אויף אויף אים מחנות נאָך מחנות, ווי די וועלן פון ים. נישט נאָר די יוצאי־בבל אַליין קומען קיין ציון, נאָר אַלע דורות, וואָס וועלן אַרויסקומען פון זיי, קומען־מיט מיט זיי, און אַלע דורות, וואָס וועלן זיך באַהעפטן צו זיי. דער גאַנצער אַחרית־הימים קומט־מיט מיט זיי, אַלע פעלקער און אַלע אומות. און אַ גרויס געזאַנג גייט־אויף פון די עולים, וואָס פאַרהערלעכט די הימלען און שאַלט איבער דער ערד מיט גוטער בשורה. גאָט האָט אָפּגעווישט די טרערן פון איטלעכן פנים, גאָט האָט געטרייסט זיין פאָלק.

און דער הימל, איין פייערדיקער רעגנבויגן, פלאַטערט ווי אַ פאָן איבער די קעפּ פון די עולים.

און דעם נביא׳ס האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ גאולה־געזאַנג, ווי דער האָניק פילט־אָן די קעמערלעך פון אַ מילגרוים. און ער איז אַרויס מיט אַ נבואה פון נחמה:

„זינג, דו עקרה,
וואָס האָט נישט געבוירן,
ברעך אויס אין געזאַנג און שריי אויס,
דו, וואָס דו האָסט נישט געווייטיקט:
וואָרום מער זענען די קינדער פון דער ווּסטער,
ווי די קינדער פון דער באַמאַנטער, זאָגט גאָט.
ברייט אויס דאָס אָרט פון דיין געצעלט,
און די יריעות פון דיינע וווינונגען זאָל מען אויסשטרעקן;
נישט שפּאָר, מאַך לאַנג דיינע שטריק,
און דיינע פלעקלעך באַפעסטיק״.

ווי איינער, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען אַ ביטערע קראַנקייט און איז אויסגעהיילט געוואָרן; ווי איינער, אַ געפּייניקטער און געפּלאָגטער, וואָס ווערט געטרייסט און געהיילט פון אַ צאַרטער מוטערלעכער האַנט, באַקומט דאָס געפיל פון ריינקייט און אויסדערוויילטקייט, — אַזוי האָט דער נביא דערפילט דעם חסד פון טרייסט, וואָס האָט געהייליקט און געאיידלט נישט נאָר אים אַליין, נאָר דעם גאַנצן באַשאַף מיט אים. ער האָט געזען די וועלט ווי אַן אומבאַפלעקטע הימ פאַר דעם ניי־געבוירענעם מענטשן: איטלעכע שנאה פאַרשוונדן, איטלעכע זינד אָפּגעמעקט, איטלעך שלעכטס פאַרטיליקט

פון דעם מענטשנס הארץ. ניי־געבוירן איז ישראל. ישראל איז צוריק די יונגפרוי געוואָרן, אַן אומבאַפלעקטע בתולה, וועלכע איז ראוי צו ווערן מקודש צו גאָט, ווי א כלה אנשפּויזט צו איר חתן.

און אז ער האָט דערזען די אומבאַפלעקטקייט פון ישראל, האָט גאָט אים אויפגעעפנט די אויגן, אז ער זאָל דערזען דעם נצח־ישראל.

ישראל גייט צווישן די אומות־העולם. א כלה, וואָס טראָגט אלמנה־קליידער. נאָר אונטער איר קלייד פון אלמנה׳שאַפט פינקלען די תכשיטין פון דער אייביקער אומבאַפלעקטער בתולה׳שאַפט. ישראל גייט־אדורך דורך אלע פייערן, ער טרינקט זיך אין אלע ימים. גאָט האָט אויפגעעפנט פאַר דעם נביא דעם ליידנס־וועג פון ישראל, ווו די חיות־רעות לויערן אויף אים ביי די וועגן, — פון אלע היילן און לעכער קריכן זיי ארויס, שטאַרן אויף אים מיט די גרינע אויגן פון רשעות; קרעלן, ווי פייערדיקע צוואַנגען, דראַפּען זיך אריין אין זיין לעבעדיק לייב, מיילער, ווי אָפענע קברים, עסן זיך איין אין זיין פלייש. די האָר אויסגעפליקט, די נעגל אויפ־געריסן, דאָס גאנצע לייב צעקיילט און צעביילט, — נאָר פון אלע ענויים־קשים, מאַטער־קאַמערן, פון אלע קאַלכאויוונס קומט ישראל ארויס, א באַנייטער, אַן אומבאַפלעקטער, ווי א כלה, וואָס איז געפאַנגען געוואָרן פון גזלנים, איז אויסגעשטאַנען אלע ענויים־קשים, נאָר דערהאַלטן איר אומבאַפלעקטקייט.

און ווידער האָט ער דערזען דעם אייביקן צייכן פון ישראל, דעם דאָרן, וואָס משה האָט געזען אין מדבר און וואָס ער אליין האָט אָנגעטראָפן ביי די טויערן פון ירושלים, — דער דאָרן, וואָס ברענט און ברענט און ווערט קיינמאָל נישט פאַרצערט, ווייל קיין שלעכטס קאָן איבער אים נישט שולט זיין.

אין דער בי־כנישתא, פאַר די נשיאים פון בית־דוד, פאַר די כהנים און פאַר די זקני־ישראל האָט ער פאַרגעבראַכט זיין טריאומף־ליד פון דער גאולה, דעם חזיון פון ישראל׳ס אייביקער באנייאונג, פון ישראל׳ס איי־ביקייט.

ער איז געוועזן ביי זיינע לעצטע כוחות, ווען זיין באַגלייטער נריה בן־שריה האָט אים אריינגעפירט אין דער בי־כנישתא. ווי א געוויקס, וואָס האָט שוין ארויסגעגעבן פון זיך איר בליאונג, איז ער געווען: אויסגעזאָגט פון זיינע חזיונות, אויסגעצערט פון זיין אייגענעם פייער, איז ער איינגע־בויגן געווען. בלייך, די טיף־איינגעגראָבענע אויגן פאַרשלאָסן, מיט אויטלעכן טראָפּן חיות אַנטרונען פון זיין פנים, האָט ער זיך געוואַקלט אויף די פיס, ווי אַן אויסגעטריקנט איינגעבראָכן צווייגל אין די ווינטן פון מדבר.

מיט זיין בלייך יונג פנים אויסגעשטרעקט צום באַלקן, ווי א קרבן פון גאָט, האָט ער ארויסגעזאָגט די ווערטער מיט א קלאָר קול, מיט אַזא פרישקייט און הייליקייט, ווי די ווערטער וואָלטן אין זיין לאַנגן אויסגע־צויגענעם האַלדז אדורכגעגאַנגען דורך קאַסקאַדן פרישע וואַסערן, איידער זיי זענען ארויסגעקומען פון זיין מויל:

„אויף א קליינער רגע האָב איך דיך פאַרלאָזן,
אָבער מיט גרויס דערבאַרעמונג וועל איך דיך איינזאַמלען.
אין אויסגוס פון כעס
האָב איך א רגע פאַרבאָרגן מיין פנים פון דיר,
אָבער מיט אייביקער גענאָד
טו איך דיך דערבאַרעמען,
זאָגט דיין אויסלייזער, גאָט.

— — — — — — — — —

וואָרום די בערג מעגן זיך אָפּטאָן,
און די הויכן מעגן זיך וואַקלען,
אָבער מיין גענאָד וועט זיך פון דיר נישט אָפּטאָן,
און מיין בונד פון שלום וועט זיך נישט וואַקלען,
זאָגט דיין דערבאַרעמער, גאָט.

— — — — — — — — —

„און אפשר האָסטו מורא, אז א כוח, וואָס שטייט מחוץ מיין רשות, וועט דיר שלעכטס טאָן, אפשר שרעקסטו זיך, טאָמער וועסטו אריינפאלן צווישן רשעות׳דיקע אומות, חיות־רעות, וואָס וועלן שיקן אין דיר זייערע כלי־משחית, וועלן זיך אריינרייסן און זיך איינבייסן אין דיר מיט זייערע קרעלן און שטויסציין, זאָג איך דיר, אין נאָמען פון גאָט, אז עס איז נישטאָ קיין כוח אויסער מיר און עס איז נישטאָ קיין רשות אויסער מיר.

„זע, איך האָב באַשאַפן דעם מייסטער,
וואָס בלאָזט אין דעם קוילפייער,
און ברענגט אַרויס א געצייג פאַר זיין אַרבעט,
און איך האָב באַשאַפן דעם פאַרוויסטער צו צעשטערן.
איטלעך געצייג, וואָס וועט געפורעמט ווערן קעגן דיר,
וועט נישט געלינגען,
און איטלעכע צונג, וואָס וועט זיך שטעלן אין משפט מיט דיר,
וועסטו שולדיק מאכן.
דאָס איז דער אַרב פון די קנעכט פון גאָט,
און זייער גערעכטער לוין פון מיר, זאָגט גאָט״.

# קאַפּיטל צען

אין דער עליה פון די בית־לחמ׳ער, ווו נריה האָט אים געהאַלטן די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט זיך געפונען אין בבל, איז דער נביא געלעגן אויף זיין געלעגער. עס איז שוין געווען נישט מער ווי א בינטל ביינער, איינגעוויקלט אין א ווייס קלייד, וואָס איז געלעגן אויף דעם אויסבעט פון שטרוי און פּאַלמען־בלעטער. דאָס בינטל ביינער האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן, ווי עס וואָלט אין זיך מער קיין לעבן נישט געהאַט. דאָס בלייכע פּנים געווענדעט צום הימל, וואָס האָט אריינגעקוקט דורך די פּאַלמען־צווייגן, מיט וועלכע די עליה איז געווען געדעקט. די אויגן פאַרמאַכט, נאָר די שיטערע דינע שווארצע באָרד־קרויזן האָבן זיך באַוועגט ביי אים מיטן הייבן־זיך און פאַלן פון זיין ברוסטקאַסטן. דאָס איז געווען דער איינציקער סימן פון לעבן, וואָס דער נביא האָט ארויסגעוויזן.

אויף א באַנק ביים געלעגער האָט דער נביא געהאַלטן זיינע שרייב־מכשירים: ליים־טאָוועלעך, שערבלעך, קריץ־שטיפטן, פאַרב־פענדזלען. און ווי תמיד איז נעבן אים געזעסן נריה, גרייט אים צו באַדינען און צו פאַר־צייכענען די ווערטער, וואָס וועלן ארויסקומען פון זיין מויל. דער נביא האָט אָבער איצט געשוויגן. די ליפּן זענען ביי אים געווען פאַרשלאָסן, אזוי ווי די אויגן. מער נישט, דאָס האַרץ זיינס האָט געקלאַפּט הויך, און די דינע דעליקאַטע פליגל פון זיין לאַנגער נאָז האָבן געצוקט, געשעפּט שווער די נישט־באַוועגלעכע לופט. דאָס גיין אויף־און־אָפּ פון זיין ברוסט־קאַסטן און דאָס נערוועזע צוקעניש פון די נאָזפליגל האָבן געגעבן נריה׳ן צו וויסן, אז דער נביא איז פאַרטראָגן אין זיינע חזיונות. ער איז דערפאַר געבליבן זיצן מיט אן איינגעהאַלטענעם אָטעם, ער זאָל נישט שטערן דעם נביא אין זיינע זעאונגען, וואָס קומען איבער אים און האַלטן אים געפאַנגען אין די אַנדערע וועלטן ביז צו זיין לעצטן אָטעם.

אין זיין חזיון האָט דער נביא זיך געפונען אויף דעם הר־הזיתים. קעגנאיבער אים איז געווען דער הר־המוריה, וואָס ער האָט צו אים ארײ־בערגעקוקט. ער האָט געזען ווי די שובי־ציון רוימען־אויס דאָס אָרט פון יעטוועדער טומאה, ער האָט זיי געזען צעשטויסן די מזבחות פון די אָפּגעט־טער, לייגן דעם פונדאַמענט פאַרן נייעם בית־המקדש. זרובבל און ישוע דער כהן זענען זייערע אָנפירער. א גרויס האַוועניש גייט־אָן אויפן אָרט. מען טראָגט־אָן שטיינער, מען שלעפּט געהילץ, שטאַמען פון צעדערביימער. די כהנים זענען פאַרנומען מיט רייניקן די כלים פון בית־המקדש, מיט שטויסן און לויטערן אייל, צורעכט מאַכן די פרוכת׳ער. ער זעט באַשיינ־פערלעך ווי גאָט היילט ווידער די וווּנדן פון ישראל. איבער ירושלים האָט

גאָט ווידער אָנגעצונדן די זון און האָט איר צוריקגעגעבן דאָס ליכט פון ששת ימי־בראשית, וואָס זי באַגיסט מיט אַ שטראָם פון חסד די חורבות פון ירושלים. און די חורבות פון ירושלים ווערן אין דעם חשמל־ליכט פאַר־וואַנדלט אין פאַנטאַסטישע שלעסער און געמאַכן, געבויטע פון צוזאַמענ־געפּרעסטע שטראַלן זון. איטלעכער שטיין פון ירושלים באַקומט צוריק זיין פּנים, ווערט מגולגל אין אַ גליאיקן, בליצעדיקן ליכט־אויסשטראַלנדיקן איידלשטיין.

צווישן אים און דעם באַנייטן בית־המקדש ליגט דער נחל קדרון. ער קאָן אַהין נישט דערגרייכן. דער נחל קדרון לויפט אַריין אין דעם גיי־הנום, וועלכער שלענגלט זיך אַרום דעם הר־ציון. דער גי־הנום איז אַ מקום מוכן לפורעניות פון קדמונים. אַהין פלייצט אַריין די גאַנצע טומאה פון ירושלים. אין דעם טאָל פון הנום ליגן די צעבראָכענע געטער, די צעשטערטע מזבחות פון די אָפּגעטער, וואָס מען שליידערט אַרונטער פון באַרג מוריה. דאָרט געפינען זיך נאָך בראָכשטיקער פון מזבחות, וואָס די מלכי־ישראל אַליין האָבן אויפגעשטעלט אין זייער דינען צו פרעמדע געטער. צעבראָכענע, צעשעדיקטע אָפּגוסן פון מולך, פון עשתרת, און צוזאַמען מיט זיי — סקעלעטן־ביינער פון כומרים, וואָס וואַלגערן זיך אַרום אין די בערג מיסט און אָפּפאַל. דער נביא זעט אין זיין חזיון דעם גי־הנום, איבערגעפילט, ווי אַן איבערגעפלייצטער טייך, איבער זיינע ברעגן מיט סקעלעטן־ביינער פון געטער און מענטשן, אַלע צוזאַמענגעוואָרפן אין קופּעס אַש און מיסט, נאָר אויך איבער דעם טאָל הענגט ווי אַ שלייער־באַנד דער אות פון מי־נוח, דער זיבן־קאָליריקער רעגנבויגן.

און פּלוצלונג דערהערט ער ווי פון גי־הנום גייט־אויף אַ געזאַנג און מישט זיך אויס מיט די זינגענדיקע קולות, וואָס גיסן זיך אַרונטער פון די בערג פון ירושלים, — אַ תהלה־ותשבחה צו גאָט. אויך דער גי־הנום, פון זיין נידער פון אַש און מיסט, גיט־אָפּ זיין שבח צו גאָט. נישט אַנדערש, נאָר עס איז דער טאָג פון דער גרויסער סליחה־ומחילה: גאָט אַליין רייניקט די טומאה און הויבט זי אויף צו זיך. ער פאַרטיליקט דאָס שלעכטס, און ער לאָזט די רשעים לעבן. ער ווישט־אָפּ די טרערן פון איטלעכן פּנים. ער צעפירט אַלע גרענעצן און גלייכט־אויס אַלע קרימענישן. ער נעמט אַרונטער אונטער די פליגל פון זיין חסד דעם גערעכטן ווי דעם אומגערעכטן, און ער טרינקט־אָן אַלע דאָרשטיקע מיט זיין וואַסער — אָן געלט און אָן געצאָלט.

און דער נביא רופט־אויס אין דעם האַלב־שלאָף פון זיין חזיון מיט אַ פריידיק קול:

„העי, אַלע דאָרשטיקע, קומט נאָך וואַסער,
צומאָל דער, וואָס האָט נישט קיין געלט;
קומט שאַפט אייך איין און עסט״.

„קומט אַלע הונגעריקע און עסט גאָט׳ס ברויט. וואָרום עס איז אַ טאָג פון סליחה און מחילה, און דער טיש פון גאָט שטייט פאַר אַלעמען גרייט״.

און מיטאַמאָל דערזעט ער, פון דעם הר־מוריה הויבט זיך אויף א פייערדיקע קרוין. אזוי ווי געטראָגן אויף פליגל, שטייגט זי, א לבנה מיט שטערן באזוימט, העכער, העכער, ביז זי שוועבט אריין אין די חשמל־וואָלקנדלעך, וואָס שאַרן זיך ווי שווימענדיקע אינדזלען אין דעם הימל־ים, טוקט זיך אונטער און פאַרשווינדט.

נישט אַנדערש, נאָר עס איז דוד׳ס קרוין, וואָס גאָט נעמט זי צו זיך אין הימל אריין.

ער האָט זיך אויפגעוועקט פון זיין חזיון.

מיט די לעצטע כוחות האָט ער באפוילן נריה׳ן צו נעמען זיין שרייב־געצייג און פארצייכענען זיין לעצטע צוואה, דעם אָנזאָג, וואָס די עולים זאָלן מיטנעמען מיט זיך קיין יהודה ווי א חיזוק און אן אָנלען, וואָס זיי זאָלן פון דעם ציען טרייסט און שטאַרקונג פאַר אלע צייטן, אין אלע פייערן, וואָס זיי וועלן אדורכגייען, ביי אלע אבני־נגף, וואָס זיי וועלן אָנטרעפן אויף זייער וועג, וואָס הויבט זיך איצט אָן און וועט זיך אויס־לענגערן ביז צום אחרית־הימים.

גאָט האָט צוגענומען דוד׳ס קרוין פון דער ערד און האָט זי ארויפ־גענומען צו זיך אין הימל, ווו ער האַלט זי גרייט פאַר דעם, וואָס וועט קומען באחרית־הימים. דאָס מלכות פון בית־דוד איז נישט מער א מלכות פון דער ערד, נאָר עס איז א מלכות־שמים, און גאָט שליסט אַן אייביקן בונד מיט ישראל דורך דוד׳ן, דורך דעם חסד, וואָס ער האָט צוגעזאָגט דוד׳ן, דורך דעם משיח, וואָס וועט קומען פון דוד׳ס הויז.

און דער נביא זאָגט צו די בני־ישראל:

„בייגט אייער אויער, און קומט צו מיר,
הערט, און אייער זעל וועט לעבן.
און איך וועל שליסן מיט אייך אַן אייביקן בונד,
ווי די געטרייע חסדים צו דוד׳ן".

„און נישט פאַר אייך אליין שליס איך דעם אייביקן בונד — דורך דעם חסד צו דוד׳ן:

„זע, אַן עדות צו די פעלקער האָב איך אים געמאכט,
א פירשט און באַפעלער צו די אומות.
זע, א פאָלק, וואָס דו קענסט נישט, וועסטו רופן,
און אַ פאָלק, וואָס קען דיך נישט, וועט לויפן צו דיר —
פון וועגן יהוה דיין גאָט,
און צוליב דעם הייליקן פון ישראל,
ווייל ער האָט דיך באַשיינט".

דאָס איז די משיחישע האָפענונג, וואָס דער נביא וויל מיטגעבן ישראל אין זיין וועג אריין. דאָס איז ישראל׳ס ענדציל, זיין תכלית, און צוליב דעם גייט ישראל צוריק אין זיין לאַנד אריין.

און גאָט איז נאָענט צו יעטוועדן מענטשן, — און ווער עס זוכט אים, וועט אים געפינען, — אפילו צום רשע. וואָרום זאָל דער רשע פאַרלאָזן

זיין שלעכטן וועג און דער זינדיקער זיינע שלעכטע טראַכטונגען און צוריקקערן צו גאָט, וועט זיך גאָט אויף אים דערבאַרעמען, ווארום גאָט איז א קוואל פון אייביקער סליחה.

„ווארום נישט מיינע טראַכטונגען זענען אייערע טראַכטונגען,
און נישט אייערע וועגן זענען מיינע וועגן, זאָגט גאָט.
— — — — — — — — — — — — — — — —
ווארום אזוי ווי עס נידערט פון הימל
דער רעגן און דער שניי,
און באַפרוכט די ערד און באַשפּראָצט זי,
און גיט זריעה צו דעם זייער,
און ברויט צו דעם עסער, —
אַזוי וועט זיין מיין וואָרט, וואָס גייט אַרויס פון מיין מויל:
עס וועט זיך נישט אומקערן צו מיר ליידיק,
נייערט עס וועט טאָן וואָס איך האָב געוואָלט
און באגליקן אין וואָס איך האָב עס געשיקט.
ווארום מיט שמחה וועט איר אַרויסגיין,
און בשלום וועט איר געפירט ווערן;
די בערג און די הויכן
וועלן אויסברעכן פאר אייך אין געזאַנג,
און אַלעביימער פון פעלד
וועלן קלאַפּן די הענט.
אויפן אָרט פון דאָרן וועט אויפגיין א ציפּרעס,
און אויפן אָרט פון ווילדגעוויקס וועט אויפגיין א מירט.
און עס וועט זיין פאר א נאָמען צו גאָט,
פאַר אן אייביקן צייכן, וואָס וועט נישט פאַרשניטן ווערן”.

און עס איז געווען, ווען דער נביא האָט מיט זיינע לעצטע כוחות ארויסגעבראכט פון זיך די לעצטע ווערטער פון נחמה פאר זיין שרייבער נריה'ס אויערן, האָט ער געהייסן נריה'ן גיין אויפזוכן זרובבל'ען און אים ברענגען אין דער עליה, ווארום איידער זרובבל גייט־אויף מיט די עולים קיין יהודה, האָט דער נביא צו אנטפלעקן פאר אים א וואָרט פון גאָט.

נריה האָט אָנגעטראָפן זרובבל'ען ביי די מחנות פון יהודה, ווו ער און דער כהן ישוע בן־יוצדק האָבן געמאכט די לעצטע הכנות פאר פאַרלאָזן בבל און אויפגיין מיט די עולים קיין יהודה. נריה האָט געבראכט זרובבל'ען צום נביא'ס געלעגער אין דער עליה.

זרובבל איז געשטאַנען געבויגן איבער דעם קראַנקן נביא. ער האָט אַריינגעקוקט אין דעם נביא'ס אויגן און געזאָגט:

„אויגן פון ישראל, הויב דיך אויף און קום מיט אונז. זע, די מחנות פון יהודה שטייען גרייט צו פארלאָזן בבל. מאָרגן־איבערמאָרגן ציען מיר אָפּ. דיינע נביאות איז מקויים געוואָרן. פאַרלאָז אונז נישט. קום און זיי

אונזער וועגווייזער דאָרט, ווי דו ביסט געווען דער וועגווייזער דאָ".

„נישט איך", — האָט דער נביא געשאָקלט מיטן קאָפּ און גערעדט מיט א שוואַך קול. — „גאָט האָט אָנגעצייכנט מיין וועג. ער האָט געשטעלט א מעטע ווי ווייט איך זאָל גיין. אַנדערע וועלן קומען אויף מיין אָרט און וועלן זיין די וועגווייזערס פון ישראל".

„זאָג אונז, ווער".

„דו", — האָט דער נביא געזאָגט און זיך געמיט ביי דעם צו קוקן זרובבל'ען אין די אויגן אריין.

„איך, דער לעצטער אין ישראל? דו ווייסט וויל, א פרעמדער איז דער נשיא פון יהודה".

„נישט א פרעמדער וועט זיין דער נשיא פון יהודה, נאָר דו. און דער כהן ישוע וועט זיין צו דיין רעכטער האנט, און חגי דער נביא — צו דיין לינקער האנט, און זיי וועלן שטאַרקן דיינע הענט צו בויען דאָס הויז פון גאָט".

זרובבל איז בלייך געוואָרן. דער נביא האָט פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט געשעפּט מיט א שווערן אָטעם די לופט. די אויגן פארמאכט, האָט ער מיט די בלייכע שלאַבעריקע פינגער געזוכט זרובבל'ס האנט ביז ער האָט זי געפונען. ער האָט איינגעקלאַמערט די פינגער אין זרובבל'ס האנט און געזאָגט:

„געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס וועלן בויען דאָס הויז פון גאָט, נאָר דאָס מלכות פון דוד וועט ווערן פאַרמיטן פון דיר".

„פון מיר נאָר אליין?" — פרעגט זרובבל מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

„פון דיר און פון די אלע, וואָס וועלן קומען נאָך דיר", — זאָגט דער נביא, די אויגן אלץ פאַרמאַכט, אַרויסברענגענדיק די ווערטער שווערלעך פון זיין מויל. — „פון אלע דורות ביז..."

„וועט דאָס מלכות פון בית־דוד פאַרשניטן ווערן פון דעם פנים פון דער ערד?" — פרעגט זרובבל מיט א דערשראָקן פנים און א דערשראָקן קול.

„חלילה. גאָט האָט געשלאָסן אן אייביקן בונד צוליב דעם חסד, וואָס ער האָט צוגעזאָגט דוד'ן. עס איז געווען, ווען גאָט האָט מיר געוויזן אין חזיון ווי דיינע געבענטשטע הענט בויען דעם בית־המקדש, האָט ער מיר אויך געוויזן ווי דוד'ס קרוין הויבט זיך ווי אויף פליגל און פליט־אָפּ פון דער וועלט — צו גאָט אין הימל אריין. מיט דעם האָט גאָט מיר צו וויסן געגעבן, אז דאָס מלכות פון דוד ווערט צוגענומען פון דער ערד און פון דער וועלט און ווערט באהאלטן מיט גאָט אין הימל פאר דעם, וואָס וועט קומען באחרית־הימים, פאר דעם, וואָס גאָט האָט מיר געזאָגט אויף אים: ,זע, אָן עדות צו די פעלקער האָב איך אים געמאכט, א פירשט און באפעלער צו די פעלקער'".

„ווער איז ער?" — פרעגט זרובבל.

„ער איז דער, וואָס דער נביא האָט אויף אים נביאות געזאָגט: ,און

א ריטל וועט ארויס פון דעם שטאַם פון ישי... און רוען וועט אויף אים דער גייסט פון גאָט, און ער וועט ברענגען דעם אייביקן שלום, און דער שורש פון ישי וועט ווערן א פאָן פאַר די פעלקער".

„ווו איז ער? ווו געפינט ער זיך?"

„זיין נאָמען איז געווען מיט גאָט אין הימל איידער ער האָט נאָך באַשאַפן די וועלט. גאָט האָט אָנגעברייט די גאולה איידער ער האָט געבראַכט דאָס עבדות, די מחילה־וסליחה איידער די זינד איז געבוירן געוואָרן, דער שלום פאַר דעם קריג. גאָט'ס גייסט האָט געשוועבט איבער דעם תהו־ובהו איידער ער האָט אַריינגעבלאָזן סדר אין אים. פון זיינעט וועגן גייסטו צוריק קיין יהודה, פון זיינעט וועגן וועסטו אויפבויען דעם בית־המקדש, כדי פאַרצובערייטן די וועלט פאַר זיין קומען מיט דעם, וואָס דו וועסט ברענגען ישראל צו ווערן א נס־לגויים".

„אָ, פאָטער, ליכט פון ישראל, עפן־אויף א קליינעם שפּאַלט אין די פאַרבאָרגענע וועלטן, וואָס זענען אַנטפּלעקט פאַר דיר. לאָז מיך אים זען, אים, וואָס וועט טראָגן דוד'ס קרוין אויף זיין קאָפּ".

„עס איז נישט אין מיין רשות דאָס צו טאָן. נאָר אויב דו וועסט זוכה זיין דערצו אין א שעה פון חסד, ווען עס וועט קומען איבער דיר דער גייסט פון גאָט, וועסטו וויסן און פאַרשטיין, פאַרוואָס גאָט האָט אַרויסגע־נומען זיין פאָלק פון דעם קאַלכאויוון פון בבל און האָט זיי געבראַכט צוריק אויף זיין הייליקן באַרג. מיט דעם וויסן וועסטו אים זען; און ווען דו וועסט אים זען, וועט דיר קלאָר ווערן, פאַרוואָס ישראל צאָלט א טייערן פּרייז פאַר דער סגולה און בכורה".

„אָ, זאָג מיר, פאָטער, ווען וועט ער קומען, אָט דער וואָס וועט ברענ־גען א סוף צו אונזערע יסורים; דער, וואָס וועט לויז מאכן פון מענטש און וועלט די בינדשטריק פון רשעות און שלעכטס און וועט ברענגען דעם אייביקן שלום צווישן מענטש און מענטש און חיה, ווי דו און דער נביא פאַר דיר האָט אים געזען און נביאות געזאָגט אויף אים".

„דאָס קאָן איך דיר נישט זאָגן. דער סוד פון קץ איז פאַרהוילן פון יעטוועדער ילוד־אשה. אונז איז נאָר געגעבן דאָס וואַרטן און די תשוקה נאָך דער גאולה, וואָס עס איז שוין דער אָנהויב פון דער גאולה. עס איז אונז אויך געגעבן די אמונה, וואָס פאַרבינדט אונז מיט גאָט. די אמונה איז דער לייטער, וואָס מיר שטייגן דורך אים צו גאָט אין הימל. נעם־צו דעם לייטער, פאַלן מיר צוריק אין כף־הקלע אַריין. גיי, זרובבל, פיר דעם שארית־ישראל צוריק קיין יהודה און נעם־מיט אין וועג־אַריין די אמונה אין גאָט און די תשוקה נאָך דער גאולה. זיי וועלן זיין דיינע שטיצער, וועלן פאַרוואַנדלען פאַר אייך דעם מדבר אין א גן־עדן און איטלעכע שטרויכלונג אויפן וועג אין א מדרגה נענטער צו דער גאולה. זע, גאָט האָט אַריינגעגעבן דעם רעשט פון זיינע שאָף אין דיינע הענט אַריין. איך האָב דיך אויסגעקליבן צו פאַרטרויען דיר די לעצטע ווערטער פון מיין חזיון. די לעצטע ווערטער פון גאָט צו מיר פאַר די יוצאי־בבל זענען געווען:

„מיט שמחה וועט איר ארויסגיין,
און בשלום וועט איר געפירט ווערן ;
די בערג און די הויכן
וועלן אויסברעכן פאַר אייך אין געזאַנג,
און אַלע ביימער אין פעלד
וועלן קלאַפּן די הענט״.

„מיט אייער גיין צוריק קיין יהודה פרייט זיך דער גאנצער באַשאַף, הימל און ערד. וואָרום נישט פאַר זיך אליין גייט איר צוריק קיין יהודה, נאָר פאַר דער גאולה פון גאנצן באשאף״.

און מיט די ווערטער האָט דער נביא גענומען אָפּשייד פון זרובבל׳ען.

—*—

אין דעם חלל פון דער עליה האָט פון דעם הויף פון די בית־לחמ׳ער אריינגעשאַלט דאָס געזאַנג און די פרייד פון די עולי־ציון. אזוי ווי די ליכטיקע שטערן, הימל׳שע געצוואָגענע שפּעלעך, וואָס וואשן זיך אין די וואָלקן־וואַסערלעך פון די בית־לחמ׳ער הימלען, וואָלטן זיי אנקעגנגעשיינט און זיי אָנגעטרונקען מיט קוועליקן ליכט פון שירה, האָבן זיי נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן דאָס געזאנג פון די שובי־ציון:

„בשוב יהוה את שיבת ציון היינו כחולמים...״

און אינעווייניק אין דער עליה איז געלעגן דער נביא אויף זיין געלעגער פון פּאַלמען־בלעטער, געמישט מיט שטרוי, און האָט אויסגעאָטעמט זיין לעצטן אָטעם. ביים געלעגער איז געזעסן אויף דער ערד זיין באגלייטער און באשיצער, דער געטרייער נריה, און האָט באטראכט דעם נביא. פאַר אים איז געלעגן א ביינטל ביינער: די פיס און די הענט דינע שטעקלעך, דער גוף איינגעשרומפּן, אן איידעלע הויט פון עלפאַנטביינערנער ווייסקייט איבערגעצויגן איבער א סקעלעט. פאַרצערט פון זיין אייגענעם פייער, איז ער געווען ווי א ריטל פון א דאָרנצווייג, וואָס איז פאַרטריקנט געוואָרן פון מדבר־ווינטן, אין דער מדבר־זון, און וואלגערט זיך אין די מדבר־זאמדן. נאָר דאָס ריטל פון דעם צווייג האָט געהאַט א מענטשלעך פּנים. א פּנים פון א קינד, וואָס נישט געקוקט אויף דער צעוואַקסענער באָרד און פּיאות, איז עס געווען אזוי אומשולדיק, אזוי קינדיש־אומבאַהאָלפן, אז עס האָט זיך געדאכט, אז עס טראָגט נאָך סימנים פון דער מוטערס האנט, וואָס האָט נאָרוואָס אָפּגעווישט די טרערן פון זיינע אויגן און אים געטרייסט. דער קוש פון דער מוטערס ליפּן האָט אוועקגעוואשן יעטוועדער צער און יעטוועדער פּיין און איבערגעלאָזט סליחה און מחילה איינגעקנאָטן אין זיינע אויגן. פון זיינע געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָט א לייכטער שאָטן ווייך געשוועבט איבער זיינע פאַרגלייזטע טיף־אריינגעזונקענע אויגן. אויף זיינע דינע פאַרשלאָסענע ליפּן האָט געשוועבט א שמייכל פון פרייד ווי זיי וואָלטן אָפּגעשפּיגלט דעם לעצטן חזיון, וואָס זיינע פאַרשלאָסענע

אויגן מוזן איצט זען איך די פֿאַרהוילענע וועלטן, אין וועלכע ער געפֿינט זיך. דאָס פּנים פֿון נביא איז געוועזן איין גענזאנג פֿון נחמה, פֿון טיפֿער שלווה.

און ווען גריה האָט צוגעגייגט דעם אויער צום נביא׳ס מויל צו פֿאַר־נעמען, צי עס איז נאָך דאָ אָטעם אין אים, האָט ער דערהערט די לעצטע ווערטער ווי זיי האָבן אַראָפּגעשוועבט פֿון דעם נביא׳ס ליפּן אינאיינעם מיט זיין לעצטן אָטעם:

„נקל מהיותך לי עבד, להקים את שבטי יעקב ונצורי ישראל להשיב: ונתתיך לאור גוים, להיות ישועתי עד קצה הארץ...״

— סוף —